# דאָס בּרוינע בּוך

## וועגן רייכסטאָג-אונטערצינדונג
## און היטלער-טעראָר

ארויסגעגעבן דורכן אינטערנאַציאָנאַלן הילפס-קאָמיטעט
פאַר די קרבנות פון דייטשן פאַשיזם.
מיט אַ פאָררעדע פון לאָרד **מאַרליי**

**אויטאָריזירטע יידישע אויסגאַבע**

(מיט 20 בּילדער)

## העפט 1


פאַרלאַג „גראָשן-בּיבּליאָטעק"

1933 וואַרשע

איין פאַל איז נישט קיין אויסנאַם, וואָס צייכנט זיך אויס מיט אַ באַזונדערער אַכזריות.

דער ציל פון דאָזיקן בוך איז אויפצוהאַלטן אין אונזער זכּרון די פאַרברעכנס פון דער נאַצי־רעגירונג. ס'איז אַ בייטראַג צום קאַמף קעגן היטלער־פאַשיזם. דער דאָזיקער קאַמף איז נישט געווענדעט קעגן דייטשלאַנד; ס'איז אַ קאַמף פאַרן אמתן דייטשלאַנד.

מ א ר ל י י,

פאַרזיצער פון אינטערנאַציאָנאַלן הילפס־קאָמיטעט
פאַר די קרבנות פון דייטשן פאַשיזם.

ג'אָרדן־הויז, לאָנדאָן.

קאַפּיטל I:

## דער וועג צו דער מאַכט

די „דייטשע אַרבעטער-פּאַרטיי” איז געגרינדעט גע-וואָרן אין מינכען אין יאַנואַר 1919. אין חודש יולי פון זעלבן יאָר האָט זיך אַדאָלף היטלער, וועלכער איז דאַמאָלס געווען „בילדונגס-אָפיציר” אין דער רייכסווער, אָנגעשלאָסן אין דער פּאַרטיי. ער איז געווען דער זיבעטער מיטגליד פון דעם, וואָס האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלט אָלס „נאַציאָ-נאַל-סאָציאַליסטישע דייטשע אַרבעטער-פּאַרטיי”.

ווער זענען געווען די גרינדער און די ערשטע מיט-גלידער פון דער פּאַרטיי? פון וועלכע שיכטן פון דער באַ-פעלקערונג זענען זיי געקומען און וועמענס אינטערעסן האָבן זיי רעפּרעזענטירט? זיי זענען באַשטאַנען קודם כל פון זעל-נער און אָפיצירן, וועלכע זענען צוריקגעקומען פון דער מלחמה אינגאַנצן אַנטוישט. מיט פיר יאָר צוריק האָבן זיי ערלעך געגלויבט אין די שאָוויניסטישע לאָזונגען, מיט וועל-כע מ'האָט זיי געשפּייזט. זיי האָבן איינגעשטעלט זייערע לעבנס אין קאַמף פאַר אַ גרעסער דייטשלאַנד. זיי האָבן גע-גלויבט אין דער לעגענדע, אַז די פּאַציפיסטישע און סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטייער האָבן אַריינגעזעצט אַ מע-סער אין רוקן פון דער דייטשער אַרמיי און פאַראורזאַכט איר מפּלה. די דאָזיקע צוריקגעקומענע זענען געווען טיף פאַרביטערט פון דער שוואַכקייט פון די הערשנדע קלאַסן, פון דעם קייזערס פּעראַט און אַנטלויפן און פון דער אומ-

פעיקייט פון די גענעראַלן אָראָפּצוואָרפן די „נאָוועמבער פאַרברעכער".

די דאָזיקע טיף-אַנטוישטע זעלנער און אָפיצירן האָבן מער נישט געקאָנט געפינען פאַר זיך אַ פּלאַץ אין ציווילן לעבן. זייערע אַמאָליקע פּראָפעסיעס האָבן שוין מערסטנטיילס אויפגעהערט צו עקזיסטירן, באַזונדערס פון די פּראָפעסיאָנעלע סאָלדאַטן, שילער פון מיליטער-שולן און טייל באַאַמטע. צו זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן מיטגלידער פון אויסגעוואָרצלטן אַדל, סטודענטן, וואָס די מלחמה האָט זיי אַרויסגעריסן פון זייער שטודיום, ווי אויך דעקלאַסירטע און ראַדיקאַליזירטע מיטגלידער פון מיטלשטאַנד, וואָס האָבן איצט דערפילט, אַז זיי פאַרלירן דעם באָדן אונטער די פיס. די דאָזיקע אַלע עלעמענטן זענען געוואָרן די ערשטע באַזע פון דער יינגער פאַרטיי, פּונקט ווי זיי האָבן צו יענער צייט אָנגעפולט די פאַרשידענע מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס, ווי דער שטאַלהעלם, די ערהאַרדט-בריגאַדע א.א.וו.

אין צוויי יאָר אַרום נאָך זייער גרינדונג זענען די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטן נאָך אַלץ געווען אַן אומבאַדייטנדע גרופּע. די נאָוועמבער-רעוואָלוציע פון 1918 איז דערשטיקט געוואָרן און דעם קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם האָט ווידער אָנגעהויבן אויפצולעבן. דער סאָציאַל-דעמאָקראַט פרידריך עבערט איז געוואָרן דער ערשטער פּרעזידענט פון דער ווייאַמאַרער רעפּובליק. די אַלטע כוחות פון פינאַנץ-קאַפּיטאַל האָבן צוריק פאַרפעסטיקט זייער ממשלה. די פירער פון די פּראָפּ. פאַראייניגען האָבן געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט די אונטערנעמער, אויפן סמך פון די אונטערהאַנדלונגען צווישן הוגאָ שטינעס און דעם פאָרזיצער פון דעם צענטראַל-קאָמיטעט פון די פּראָפּ. פאַראייניגן, דעם ס. ד. קאַרל לעגינען.

וואָס וואָלט היטלער געקאָנט דאַמאָלס אויפטון פאַר די אָנ־פירנדע גרופן פון דייטשן קאַפּיטאַליזם? זיי האָבן זיך דאַמאָלס נישט געגוויטיקט אין די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן. דעריבער איז היטלערס פּאַרטיי געבליבן אָן שום באַדייטונג.

איינגיכן האָט די פּאָליטישע באַדייטונג פון זיין פּאַר־טיי אָנגעהויבן צו וואַקסן. די פּאָליטישע לאַגע אין דייטש־לאַנד האָט זיך אָנגעהויבן שנעל צו ענדערן אונטער דער ווירקונג פון ווערסיילער טראַקטאַט און די מלחמה־פאַרלוסטן. פאַר די רעפּאַראַציעס האָט מען געדאַרפט צאָלן מיליאַרדן מאַרק, וויכטיקע אינדוסטריעלע געביטן זענען פאַרלוירן געוואָרן: על־זאַס־לאָטרינגען, אויבער־שלעזיען, דער סאַאַר־געביט, פּויזן און דער אַזוי־גערופענער פּוילישער קאָרידאָר, דאַנציק און אויפּען־מאַלמעדי. דער דייטשער מאַרק איז נאָך פריער איינגעשרומפן געוואָרן דורכן פאַרלוסט פון באַדייטנ־דע איירָאָפּעאישע און אויסער־איירָאָפּעאישע פאַרבינדונגען, ווי אויך פון די דייטשע קאָלאָניעס. די קאָסטן פון דעמאָ־ביליזאַציע און פון איבערפירן די קריגס־אינדוסטריע צוריק אויף פרידלעכע רעלסן איז געווען אַ שרעקלעכע לאַסט פאַר די שטייערן־צאָלער, און די הערשנדע קרייזן פון דייטשן מאָנאָפּאָל־קאַפּיטאַל האָבן כסדר געזוכט אַלץ נייע מיטלען איבערצוואַרפן די דאָזיקע לאַסט אויף די פּלייצעס פון די אַרבעטער און פון די מיטעלע קלאַסן.

די דאָזיקע אַנטוויקלונג האָט דערגרייכט איר העכסטע מדרגה בעת דער אינפלאַציע, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן נאָך בעת דער מלחמה, וועלכע די באַפעלקערונג האָט אָבער אַמשטאַרקסטן געפילט אין די יאָרן 1921 און 1922. אין הערבסט פון 1923 איז דערגאַנגען צו אַ קאַטאַסטראָפאַלן צו־שטאַנד. די אינפלאַציע האָט געבראַכט אַ גרויסע פאַראָר־

מונג פון די אַרבעטער און האָט פאַרוואַנדלט אַ גרויסן טייל פון קליינבירגערטום אין פראָלעטאַריער. מיליאָנען פון די אָרי־מערע שיכטן פון מיטלשטאַנד זענען דורך דער אינפלאַציע באַרויבט געוואָרן פון זייער האָב און גוטס. די מלוכה האָט באַצאָלט די בענק און די שווער־אינדוסטריע קאָנצערנען 600 מיליאָן גאָלד־מאַרק אַלס פאַרגיטיקונג פאַר דער אָקופּאַציע פון רור־געביט דורך די פראַנצויזן און די דאָזיקע קאָנצערנען האָבן געהאַט ריזיקע רווחים.

דער עקאָנאָמישער כאַאָס האָט אַרויסגערופן ווייט־גיי־ענדיקע פּאָליטישע פאַרוויקלונגען. ערצבערגער און ראַטענוי זענען געפאַלן אַלס קרבנות אונטער די קוילן פון די נאַציאָ־נאַליסטישע מערדער. צווישן די אַרבעטער־מאַסן האָט זיך אָנגעהויבן אַ ראַדיקאַליזירונגס־פּראָצעס. נאָך די ספּאַרטאַקוס־קאַמפן אין בערלין אין יאַנואַר 1919 איז געקומען דער אַר־בעטער־אויפשטאַנד אין רור־געביט בעתן קאַפּ־פּוטש אין מערץ 1920 און דער אויפשטאַנד פון מערץ 1921. די אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן די ס. ד.־אָרגאַניזאַציעס, אַריבערגייענדיק פריער צו די אומאָפּהענגיקע ס. ד. און דאַן, נאָך הערבסט 1920, צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. די גרויסע אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס האָבן געפונען זייער העכסטן פּונקט אין האַמבורגער אויפשטאַנד אין אָקטאָבער 1923.

## די 25 פּונקטן פונם נאַצי־פּראָגראַם. אין 1920

האָט די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן צו באַקומען איינפלוס. אין פעברואַר האָט היטלער אויף אַ מיטינג אין מינכען פאָרמולירט דעם פּראָ־גראַם פון דער פּאַרטיי, די אַ. ג. 25 פּונקטן. דאָס איז אַ מישמאַש פון טעזן און פאָדערונגען, וואָס זענען טייל־

חייז אין אַ סתירה צו זיך אַליין. די פּאָליטישע פּראַקטיק פון דער נאַצי-פּאַרטיי האָט קיינמאָל נישט נאָכגעפאָלגט די 25 פונקטן. היטלער נעמט זיך ווייניק צום האַרצן דעם לעצטן זאַץ פונם פּראָגראַם, וואָס לויטעט:

„די פירער פון דער פּאַרטיי וועלן אומאויפהערלעך שטרעבן צו פאַרווירקלעכן די אויבן-אויסגערעכנטע פונקטן, איינשטעלנדיק – אויב נויטיק – זייערע אייגענע לעבנס".

ס'איז נישט געווען דער איינציקער צוזאָג, וואָס די נאַצי-פירער האָבן געגעבן און נישט געהאַלטן. אויפן פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר אין מאַי 1926 איז ווידער אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, וועלכע שטרייכט אונטער דעם „אומפאַרענ-דערלעכן כאַראַקטער" פונם פּאַרטייאישן פּראָגראַם.

די אַלע שיינע ווערטער קענען אָבער נישט פאַרהוילן דעם פאַקט, אַז די נאַצי-פירער האָבן כסדר פאַראַטן און פאַרלייקנט זייער קאָמפּראָמיספולן פּראָגראַם. זייער פאַראַט פון זייער אייגענעם פּראָגראַם הויבט זיך אָן שוין ביי די ערשטע צוויי פונקטן: פונקט 1 „די פאַראייניקונג פון אַלע דייטשן אויפן גרונט פון זעלבסט-באַשטימונג פון פעלקער, כדי צו שאַפן אַ גרויס-דייטשלאַנד"; פונקט 2 „גלייכע רעכט פאַרן דייטשן פאָלק מיט אַלע פעלקער צוגלייך און די אָפּ-שאַפונג פון ווערסיילער שלום-טראַקטאַט". קיין איינער פון די דאָזיקע פונקטן האָט נישט געשטערט שפּעטער היטלערן צו גיין אויף קאָמפּראָמיסן מיט די מלוכות, וועלכע האָבן אונטערגעשריבן דעם ווערסיילער טראַקטאַט און צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיטן פעלקער-בונד, פראַנקרייך, פּוילן, ענגלאַנד און איטאַליען.

קיין איינער פון די פונקטן האָט אים אויך נישט גע-שטערט צו פאַרשאַכערן דרום-טיראָל צו מוסאָליני. אין דער

ערשטער אויפלאַגע פונם אָפיציעלן קאָמענטאַר צום נאַצי-פּראָגראַם געפינען מיר פאָלגנדיקע ווערטער: „מיר וועלן נישט אָוועקגעבן קיין איין דייטש אין דרום-דייטשלאַנד, אין עלזאַס-לאָטרינגען, אין דרום-טיראָל, אין פּוילן, אין עסט-רייך, וועלכע איז אַ קאָלאָניע פון פעלקער-בונד א. א. וו.". אין דער צווייטער אויפלאַגע ווי אויך אין אַלע שפּעטערדיקע אויפלאַגעס זענען די ווערטער „אין דרום-טיראָל" אַדורכגעלאָזט.

דאָסזעלבע איז אויך מיט אַנדערע פּונקטן פון פּראָגראַם, באַזונדערס מיט די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פאָדערונגען, ווי „אָפּשאַפן די הכנסות, וואָס שטאַמען נישט פון אַרבעט און אָנשטרענגונג", „אָפּשאַפן די צינזן-קנעכטשאַפט" (פּונקט 11); „קאָנפיסקירן אַלע מלחמה-רווחים" (פּונקט 12); „די מלוכה נעמט-איבער אַלע קאָנצערנען, וואָס זענען טרעסטיפיצירט" (פּונקט 13); „באַטייליקונג אין די רווחים פון די גרויסע קאָנצערנען" (פּונקט 14); „באַדייטנדיק פאַרברייטערן די פאַרזאָרגונג אויף דער עלטער" (פּונקט 15); „שאַפן און אונטערשטיצן אַ געזונטן מיטלשטאַנד; תיכף איבערגעבן די שטאָט-פאַרוואַלטונגען די גרויסע וואַרן-הייזער און פאַנאַנדערטיילן זיי צו ביליקע פּרייזן די קליינהענדלער; איבערגעבן די קליינע סוחרים אַלע ליפערונגען פאַר דער מלוכה און די שטאָט-פאַרוואַלטונגען" (פּונקט 16); „אַגראַר-רעפאָרם, עקספּראָפּריאַציע פון ערד אָן פאַרגיטיקונג, אָפּשאַפן דעם פאַכט-צינז, אָננעמען מיטלען קעגן ערד-שפּעקולאַציעס" (פּונקט 17). ס'איז איבעריק גענוי צו באַטראַכטן יעדן פּונקט באַזונדער. צו אייניקע פון זיי וועלן מיר זיך נאָך אומקערן שפּעטער, ווי צום ביישפּיל די פּונקטן וואָס זענען נוגע די יידישע פראַגע (פּונקט 8, 4 און 23).

יאָ ווילן מיר נאָר אָנווייזן די גרונט־יסודות פון נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן פּראָגראַם און דעם אומפאַרשעמטן פאַראַט פון די נאַצי־פירערס לגבי זייער אייגענעם פּראָגראַם.

## דער וואוקס פון דער נאַצי־באַוועגונג.

היטלער איז אַרויסגעטרעטן מיטן דאָזיקן פּראָגראַם אויף די ערשטע גרויסע מיטינגען, וואָס זענען גערופן געוואָרן דורך די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן. אין יענעם פּעריאָד איז די שאַרף פון דער נאַצי־אַגיטאַציע געווען געווענדעט קעגן ווערסיילער שלום־טראַקטאַט. וואָס מער די מיטעלע קלאַסן האָבן געליטן פון דער אינפלאַציע, אַלץ פּאָפּולערער זענען געוואָרן די נאַצי־אַרויסטרעטונגען. די מיטעלע קלאַסן האָבן געליטן נישט נאָר צוליב מאַטעריעלע פאַרלוסטן, וואָס זענען אַרויסגערופן געוואָרן דורך די רעפּאַראַציעס, אינפלאַציע און רוהר־אָקופּאַציע; אויך זייערע נאַציאָנאַלע געפילן זענען שטאַרק אָנגערירט געוואָרן דורכן ווערסיילער שלום־אָפּמאַך און דורכן אַריינקומען פון פראַנצויזישן מיליטער אויף דער דייטשער טעריטאָריע.

אין פעברואַר 1921, קורץ נאָך די רעפּאַראַציעס־אונטערהאַנדלונגען, איז אין מינכען פאָרגעקומען אַ גרויסער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער מיטינג אונטערן לאָזונג: „דייטשלאַנדס צוקונפט אָדער אונטערגאַנג". צום ערשטן מאָל זענען איבער די מינכענער גאַסן אַרומגעפאָרן לאַסט־אויטאָס מיט האַקנקרייץ־פענער, רופנדיק אַלע צום מיטינג. אויף די אויטאָס האָבן זיך געפונען דעמאַגאָגישע טראַנספּאַרענטן:

„איבער זעכציק מיליאָן דייטשן, יונג און אַלט, וועלן דערקלערן זייער געמיינזאַמען באַשלוס: „מיר צאָלן נישט", ווען דער דאָזיקער ווילן פון מיליאָנען אַרויסרופן צו זיך

אזא אכטונג, וועלכע עס קאָנען נישט דערגרייכן די יעציקע וועלכע קושן דעם שטיוול, וואָס קאָפּעט זיי. מיר זענען מענטשן, נישט הינט. זעכציק מיליאָן דייטשן מוזן פעסט דערקלערן דער רעגירונג, זי זאָל איבעררייסן זיי אונטער-האַנדלונגען !"

דער דאָזיקער מיטינג האָט געבראַכט היטלערן גרויס דערפאָלג. די אַנדערע נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטייען און געזעל-שאַפטן, וועלכע האָבן זיך באַנוצט מיט אַלטע פאַר-מלחמה-דיקע פּראָפּאַגאַנדע־מעטאָדן, האָבן אויסגעלאַכט דעם יינגנמאַן, וועלכער איז צו זיי געקומען מיט אַ פאָרשלאָג צו אָרגאַני-זירן אַ ריזיקע דעמאָנסטראַציע קעגן דער פשרהדיקער רע־גירונגס־פּאָליטיק. נאָך מער האָבן זיי געלאַכט פון אים, ווען נאָך זייער אָפּזאָג האָט ער אַליין אָרגאַניזירט די דעמאָנ־סטראַציע מיט זיין קליינער פּאַרטיי. דער פּראָגראַם פון די נאַציאָנאַליסטן איז אָבער געווען דער פּראָגראַם פון די יונ-קערס און גרויס קאַפּיטאַליסטן און איז נישט געווען צוגע-פּאַסט צו די נויטן פון מיטלשטאַנד. דאַקעגן היטלערס גע-וויסנלאָזע אַגיטאַציע און די 25 דעמאַגאָגישע פּונקטן זענען יאָ געווען אימשטאַנד מיטצורייסן דאָס קליינבירגערטום.

די מפּלה פון קאַפּ-פּוטש האָט אַרויסגעוויזן די שוואַכ-קייט פון די יונקערס. דער פּוטש האָט זיך געשטיצט אויף די גרויסע ערד-באַזיצער, אַ טייל פון דער רייכסווער און פון הויכע באַאַמטע, ווי אויך אַביסל מיליטערישע גרופּן. ער האָט אָבער נישט געהאַט דעם מינדסטן קאָנטאַקט מיט די מיטעלע קלאַסן. דעריבער איז ער דורך די אַרבעטער דערשטיקט געוואָרן במשך פון פיר און צוואַנציק שעה.

אויך דער שטאַלהעלם איז נישט געווען אימשטאַנד צו געווינען אַ גרעסערן איינפלוס. צו אים האָט

געהערט הויפּטזעכלעך דאָרפישע און שטאָטישע יוגנט און די אָמערסטן-אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער, מיטגלידער פון די געלע פאַריינען. אַנדערש איז געווען מיט די נאַציס. זיי זע־נען אַרויס מיט זייער פאַנטאַסטישן קאַמף קעגן „אינטערנאַציאָ־נאַלן יידישן באַנק- און שפּעקולאַציע-קאַפּיטאַל" און מיט זיי־ער לאָזונג פון „נאַציאָנאַלער אחדות", אין וועלכער אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג זאָלן לעבן בשלום מיט זיך אונטער אַ שטאַרקער מלוכה-מאַכט. מיטן דאָזיקן פּראָג־ראַם האָבן זיי געקאָנט אַריינדרינגען אין פאַרשידנאַרטיקע גרופּן, אַריינגעמענדיק גרויסע שיכטן פון מיטלשטאַנד. אין 1921 יאָר איז זייער מיטגלידער-צאָל געוואַקסן פון 3000 אויף 6000. זייער איינפלוס האָט אָבער דאַמאָלס אַרומגענו־מען נאָר בייערן. אין צפון-דייטשלאַנד זענען אַנדערע נאַ־ציאָנאַליסטישע גרופּן געווען באַדייטנד שטאַרקער.

אין 1920 איז פאָרגעקומען דער ערשטער קאָנגרעס פון די נאַצ.-סאָצ. אין זאַלצבורג, דער צווייטער קאָנגרעס איז גערופן געוואָרן אין רייכענהאַל אין 1921. אינם דאָזיקן קאָנגרעס האָבן אָנטיילגענומען רוסישע און אוקראַינישע ווייסגוואַרדייאישע אָרגאַניזאַציעס. צווישן די רעדנער האָט זיך אויך געפונען העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי. צוזאַמען מיטן נאַציאָנאַל-סאָציאַליסט אַלפרעד - ראָזענבערג, וועלכער שטאַמט פון די באַלטישע פּראָווינצן און וועלכער איז שפּעטער גע־וואָרן דער אַרויסגעבער פון „פעלקישער באָאָבאַכטער" און דער נאַצי-מומחה אין אויסלענדישע ענינים — האָבן די ווייסע עמיגראַנטן אַנטוויקלט זייערע פּלענער פון אַן איג־טערווענץ קעגן דער ראַטן-מלוכה, וועלכע האָט נאָר וואָס האָט פאַרענדיקט מיט די לעצטע קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע לות. שוין דאַמאָלס האָט ראָזענבערג אָנגעקניפּט באַציונ־

נען מיטן באַרימטן ענגלישן נאַפט-אינדוסטריעלער דעטערדינג און דעם דייטשן אינדוסטריעלער רעכבערג, ביידע פאַרביסענע שונאים פון ראַטן-פאַרבאַנד.

אין אַן אויפרוף, אַרויסגעגעבן אין שייכות מיטן קאָנגרעס אין מינכען (1922) האָט היטלער, וועלכער איז נאָך דאַמאָלס נישט געווען דער אַליינהערשער אין דער פאַרטיי, געוואָרפן אַ לאָזונג אַדורכצופירן אַ ריייניקונג אין דער פאַרטיי. דאָס האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט פטור צו ווערן פון זיינע קאָנקורענטן, וועלכע האָבן געהערט צו די גרינדער פון דער פאַרטיי, קודם-כל אַ געוויסן אַנטאָן דרעקסלער און קערנער. די פאַרטיי האָבן אונטערגעשטיצט הויכע און איינפלוסרייכע אָפיצירן, היטלערס חברים פון 1919, און מיט זייער הילף האָט היטלער אָרגאַניזירט זיינע באַרימטע „שטורם-אָפטיילונגען". די פאַרטיי איז איצט באַשטאַנען פון דריי טיילן: די אייגנטלעכע פאַרטיי, די פרעסע און פראָפאַגאַנדע אָפטיילונג, און די באַוואָפנטע באָיוווקעס. היטלער האָט אָרגאַניזירט זיינע באָיוווקעס אונטערן תירוץ צו פאַרטיידיקן זיינע מיטינגען קעגן די אָנפאַלן פון די „רויטע", און אין אָנהויב זענען דאָס געווען נישט מער ווי אָרדנערגרופן. שפעטער האָבן זיי זיך אַנטוויקלט אין די בלוטיקע טרעגער פון היטלער-טעראָר און זענען געשטעלט געוואָרן אונטער היטלערס פערזענלעכער לייטונג.

ווער האָט געגעבן היטלערן געלט? קורץ נאָכדעם האָט אַ גרופּע קאַפּיטאַליסטן פון דרום-דייטשלאַנד זיך פאַראינטערעסירט מיט היטלערן און זיין פאַרטיי, מיטן ציל איינצושפּאַנען אים אין וואָגן פון זייער אייגענער רעאַקציאָנערער פּאָליטיק. זיי האָבן ריכטיק אָפּגעשאַצט דעם

זערס פון דער נאַצי-באַוועגונג אַלס ... וואָפן קעגן דעם קאָמפּעריש טייל פון אַרבעטער-קלאַס און דעריבער זענען זיי גרייט געווען אונטערצושטיצן די נאַציס מיט געלט.

בעתן היטלער־לודענדאָרף פּראָצעס אין 1924 איז באַוויזן געוואָרן, אַז היטלער האָט באַקומען באַדייטנדיקע געלט-סומעס פון אַאוסט, פּרעזעס פון בייערישן פאַבריקאַנטן־פאַרבאַנד; בעכשטיין, דער באַקאַנטער פּיאַנאָ-פאַבריקאַנט; מאַפּיי, אַ מינכענער אינדוסטריעלער, און אַ ריי אַנדערע אינדוסטריעלער. היטלער האָט אויך געהאַלטן רעפעראַטן וועגן זיינע צילן אין פאַרמאַכטע קלובן פון באַנקירן, ערד־באַזיצער און גרויסע אינדוסטריעלער. אַלס באַלוינונג פלעגט ער באַקומען אונטערשטיצונג פון זיי. אויך פון באָרזיגן, אַ בערלינער גרויס-אינדוסטריעלער און פאָרזיצער פון אַלדייטשן פאַבריקאַנטן־פאַרבאַנד, האָט היטלער באַקומען סובסידיעס. ס'זענען אויך פאַראַן השערות, אַז דורך זיין אַגענט אין דער שווייץ, דעם ד״ר גאָוסער, האָט היטלער באַקומען געלט פון הענרי פאָרד, ווי אויך פון אַ גרופּע פראַנצויזישע קאַפּיטאַליסטן.

וועגן אַלע געלט־קוועלן היטלערס וועט מען וואַרשיינלעך געוואָר ווערן ערשט דאַמאָלס, ווען די אַרכיוון וועלן אַריינפאַלן אין די הענט פון די דייטשע אַרבעטער. אָבער די פּאָליטישע ריכטונג פון זיינע געלט־קוועלן איז שוין איצט קלאָר. היטלערס גאַנצע פּאָליטיק און די סימפּאַטיע־דערקלערונגען פאַר אים מצד אָנגעזעענע קאַפּיטאַליסטישע פירער, ווי טיסען און שאַכט, זענען אַ באַווייז פונם גרעסטן אינטערעס, וואָס די באַזיצנדיקע קלאַסן ווייזן אַרויס צו דער היטלער־באַוועגונג. היטלערס חובות און די ריזיקע הוצאות אויף פּראָפּאַגאַנדע און אויף אויסצוהאַלטן די שטורעם־אָפּטיילונגען האָבן געשפּילט אַ געוויסע ראָל אין זיין אַנטוויקלונג.

**דער פוטש פון נאָוועמבער 1923.** דער מינכענער פוטש פון 9־טן נאָוועמבער 1923 איז געווען דער העכסטער פונקט און גלייכצייטיק דער סוף פון ערשטן עטאַפּ פון דער נאַצי־באַוועגונג. במשך פון גאַנצן יאָר 1923 האָט היטלער געהאַלטן אין איין אויפמונטערן זיינע פריינט פון דער ביי־ערישער רעגירונג און פון דער רייכסווער צו טאָטן. אין די ערשטע טעג פון נאָוועמבער האָט ער מאָביליזירט זיינע קאַמף־אָפּטיילונגען און אויף אַ גרויסן מיטינג פון פּאַטריאָטישע פאַריינען אין מינכען פּראָקלאַמירט אַ „נאַציאָנאַלע רעפּובּ־ליק". ער האָט דערקלערט, אַז צבערט איז אָראָפּגעזעצט, ער גופא ווערט קאַנצלער, קאַר (בייערישער פּרעמיער) — זיין פּאַרטרעטער, פּעהנער (מינכענער פּאָליציי־פּרעזידענט) — פּרעמיער, און לודענדאָרף — רייכסווער־מיניסטער. די ביי־ערישע מיניסטאָרן זענען אַרעסטירט געוואָרן, אָבער אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט זיי לודענדאָרף באַפרייט אויף אַן ערן־וואָרט. אין אָנהויב האָט קאַר אונטערגעשטיצט היטלערן, שפּעטער אָבער האָט ער זיך מיישב געווען און ביינאַכט געקומען מיטן גענעראַל פאָן לאָסאָוו און פּולק. זייסער אין די קאַזאַרמעס פון 19־טן פּולק און דורכן ראַדיאָ אַרויסגע־לאָזט אַן אויפרוף קעגן היטלערס פּוטש. קאַר האָט דערקלערט, אַז זיין פריערדיקע הסכמה צו היטלערס פּלענער איז געווען אויסגעפּרעסט דורך דראָאונגען און האָט פאַנאַנדערגעלאָזט די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציעס.

היטלער מיט לודענדאָרפן האָבן געמאַכט אַ פאַרצווייפלטן פּרווו איינצוהאַלטן די מאַכט, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס מיט אַ פּאָר חדשים פריער האָט היטלער געגעבן דעם ביי־

פרישן אינערן-מיניסטער זיין ערן־וואָרט, אַז ער וועט נישט מאַכן קיין פּרווו פון אַן איבערקערעניש. זיי האָבן אונטער-גענומען מיט זייערע קאַמפּס־אָפּטיילונגען אַ מאַרש איבער די גאַסן. די רייכסווער האָט זיך פאַרהאַלטן נייטראַל און נישט געהאַט קיין חשק צו שיסן אויף די מאַרשירנדיקע. די בייערישע פּאָליציי האָט אָפּגעוואַרט היטלערן אין אַן ענגער־לעכער געביידע און געגעבן אַ זאַלפּ צו די אויפשטענדער: פופצן היטלער־לייט זענען געפאַלן טויט. היטלער גופא איז אַנטלאָפן און איז אַרעסטירט געוואָרן אין אַ ווילע פון אַ פירשטין נישט ווייט פון דער עסטרייכישער גרענעץ. גערינג איז אַנטלאָפן קיין איטאַליען און שפּעטער קיין שוועדן. לו-דענדאָרפן האָט מען נישט אַרעסטירט.

דער פּראָצעס פון די פוטשיסטן איז פאָרגעקומען אין פרילינג 1924. די ריכטער זענען געווען זייער העפלעך און סימפּאַטיש: די באַשולדיקטע זענען דאָך געווען „נאַציאָנאַל געזאָנען" און האָבן געהאַנדלט „מיט די בעסטע כוונות". אויף דער באַשולדיקונגס-באַנק זענען געזעסן: היטלער, פעלדמאַרשאַל לודענדאָרף, פריק, אַ פּאָליציי-באַאַמטער, וועל-כער איז אין 1933 געוואָרן אינערן-מיניסטער, און אַנדערע. היטלערישע היסטאָריקער באַריכטן, אַז די באַשולדיקטע זע-נען געווען אין אַ פריילעכער שטימונג, געשמייכלט און גע-וויצלט זיך. היטלער איז פאַרמשפּט געוואָרן צו פינף יאָר פעסטונג. מיט אַ פּאָר מאָנאַטן שפּעטער אין דעצעמבער 1924 איז ער אָבער באַפרייט געוואָרן פון דער פעסטונג לאַנדס-בערג. אַנדערע דריי באַשולדיקטע זענען באַשטראָפט געוואָרן נאָר מיט דריי חדשים תפיסה. לודענדאָרף איז פרייגעשפּראָכן געוואָרן, ווייל ער האָט געהאַנדלט אין צושטאַנד פון אויפ-רעגונג. היטלער, וועלכער איז נאָך דאַמאָלס געווען עסטריי-

כּישער אונטערטאַן, איז נישט אַריסגעשיקט געוואָרן פון דייטשלאַנד און מ׳האָט אים דערלויבט דאָרט ווייטער צו בלייבן.

## די נאַציס פאַרשווינדן פון דער אויבערפלאַך.

דער דורכפאַל פונם פוטש האָט פאַרענדיקט דעם „אויפשטעג-דישן״ פעריאָד פון דער היטלער-באַוועגונג. די צייט פון באַוואָפנטע אויפשטאַנדן קעגן דער „יידישער רעגירונג פון בערלין״ איז אַריבער. די עקאָנאָמישע לאַגע אין דייטשלאַנד האָט דערגרייכט אַ געוויסע גלייכגעוויכט און דער מצב פונם מיטלשטאַנד האָט זיך פאַרבעסערט. אויף אַ פאָר יאָר צייט איז די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישע פאַרטיי פּאַקטיש פאַרשוואונדן געוואָרן פון דער אויבערפלאַך.

די ווייטערדיקע יאָרן זענען געווען יאָרן פון אינערלעכע קאַמפן אין די נאַציאָנאַליסטישע און נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. זומער 1925 האָט זיך די דייטשע פאָלקס-פּאַרטיי געשפּאָלטן און אַ גרויסע טייל פון אירע מיטגלידער זענען אַריבער צו היטלערן. דערווייל האָבן די פאַבריקאַנטן געהאַלטן אין איין צונעמען ביי די אַרבעטער די הנחות, וואָס מ׳האָט זיי געגעבן אין 1918. אין יאַנואַר 1925 האָט זיך געבילדעט אַ רעאַקציאָנערע רעגירונג אונטער דער אָנפירונג פון די דייטש-נאַציאָנאַלע. מיט דריי חדשים שפּעטער איז הינדענבורג געווילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט אויף עבערטס אָרט מיט בשותּפותדיקע כּוחות פון די רעכטע פּאַרטייען. די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטן, וועלכע האָבן אין דער ערשטער אָפּשטימונג געשטימט פאַר דער אויסזיכטסלאָזער קאַנדידאַטור פון לודענדאָרפן, האָבן אין דער צווייטער אָפּ-

שטימונג אוועקגעגעבן זייערע שטימען הינדענבורגן. זינט דאמאָלס האָט זיך אָנגעהויבן די ענדערונג פון דער נאַצי־באוועגונג.

**די נאַציס שטיצן די פירשטן.** אין 1926, בעת דעם פאָלקס־פלעביסציט וועגן צונעמען די מאַיאָנטקעס ביי די דייטשע פירשטן, האָבן זיך די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן אָנגעשלאָסן אינם כאָר פון אַלע רעאַקציאָנערע פאַרטייען, וועלכע האָבן געטענהט: „די עקספּראָפּריאַציע פון די פירשטן איז א רויב פון ערלעך־פאַרדינטן פאַרמעגן!“ די נאַציס האָבן קיינמאָל נישט געענדערט זייער שטעלונג אין דערדאָזיקער פראַגע. ווען די קאָמוניסטן האָבן אַריינגעטראָגן אין רייכס־טאַג אַ פאָרשלאַג וועגן צונעמען די פאַרמעגנס ביי די פירשטן, האָט דער אָנפירער פון דער נאַצי־פראַקציע דערקלערט:

„דאָס געפיל פון גערעכטיקייט צווינגט אונז אָפּצוואַרפן דעם קאָמוניסטישן פאָרשלאַג. דער דייטשער סאָציאַליזם מוז אויך אָנערקענען די רעכט פון די האָהענצאָלערנס.“

די דייטשע פירשטן און אדל־לייט האָבן אָפּגעדאַנקט די נאַציס פאַר זייער שטעלונג מיט מיליאָנען־אונטערשטי־צונגען. באַזונדערס האָבן זיך אויסגעצייכנט: פרינץ אויגוסט ווילהעלם, דעם געוו. קייזערס א זון; פירשט קאַרל עדואַרד פאָן זאַקסן־קאָבורג־גאָטאַ; פירשט ווילהעלם פאָן העסען, וועמען גערינג האָט אין יאָר 1933 באַשטימט אַלס פּרעזי־דענט פון העסען־נאַסאַו; און לעצטנס האָט זיך אויך דער געוועזענער קרוינפּרינץ אָנגעשלאָסן אָן די נאַציס. די נאַ־ציאָנאַל־סאָציאַליסטן האָבן אויך נישט געקאָנט אָפּלייקענען,

אַז דער געוו. קייזער ווילהעלם II האָט געשטיצט מיט געלט
די שטורם-אָפּטיילונגען.

היטלער האָט דאַן אָנגעהויבן צו פירן אַ פּאָליטיק פון
ענגער צוזאַמענאַרבעט מיט די רעאַקציאָנערע פּאַרטייען, כדי
אַזוי אַרום צו געווינען דעם צוטרוי פון די קאַפּיטאַליסטן,
וועלכן ער האָט פאַרלוירן נאָכן מינכענער פּוטש. ער האָט
זיך געווידמעט צו לעגאַלער אַרבעט, ווייל אויף דעם אופן
האָט ער געהאָפט צו געפינען חן אין די אויגן פון די
הערשנדיקע קלאַסן. ער האָט ווידער אָנגעהויבן צו האַלטן
פאַרלעזונגען אין די קלובן פון די אונטערנעמער, כדי צו
איבערצייגן די גרויס-קאַפּיטאַליסטן, אַז ער איז גאָרנישט אַזוי
געפערלעך און אַז ס'איז פאַר זיי אַ סך גלייכער מיטצואַר-
בעטן מיט די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטן איידער מיט די נישט-
פּאַטריאָטישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן. איצט האָט שוין דער
„פירער" נישט באַגרענעצט זיין אַרבעט בלויז אויף דרום-
דייטשלאַנד. ער האָט אויך אַריינגעדרונגען אין די מערב-
געביטן, כדי צו געפינען די אינדוסטריע-מאַגנאַטן אין זייערע
פעסטונגען. אין 1926 האָט ער צוויי מאָל געהאַלטן רעדעס
אויף ספּעציעל איינגעאָרדנטע אוידיענצן אין עסען און קע-
ניגסווינטער; אין 1927 האָט ער ווידער גערעדט אין קרופּס
זאַל אין עסען. דער אָרגאַן פון דער שווער-אינדוסטרי האָט
דאַמאָלס שטאַרק געלויבט היטלערס אַרויסטרעטונגען.

## שטראַסער און געבעלס רעדן וועגן „סאָציאַליזם".

אין דערזעלבער צייט – און דאָס איז זייער כאַראַקטעריס-
טיש פאַר דער צוויי-פּנימדיקער און דעמאַגאָגישער פּראָפּאַ-
גאַנדע פון נאַציאָנאַל-סאָציאַליזם — האָט גרעגאָר שטראַסער,
איינער פון היטלערס געהילפן, אַרומגערייזט איבער גאַנץ

צפון· און מזרח·דייטשלאַנד מיט „סאָציאַליסטישע" לאָזונגען
ועגן דער „דייטשער רעוואָלוציע". דאַמאָלס איז אויך אַרויס·
געשווומען אויף דער אויבערפלאַך יאָזעף געבעלס, אַ יינגער
קאַטוילישער שרייבער אין ריינלאַנד. ער איז געוואָרן רע·
דאַקטאָר פונם „טעאָרעטישן" אָרגאַן פון די „לינקע" נאַציאַ·
נאַל·סאָציאַליסטן, וועלכן שטראַסער האָט אָנגעהויבן אַרויס·
צוגעבן אין 1925. שפּעטער איז געבעלס געקומען אין בער·
לין און דאָ אַרויסגעגעבן אַ וואָכנבלאַט „דער אָנגריף" מיט
דער בלומרשט·סאָציאַליסטישער אויפשריפט: „פאַר די אונ·
טערדריקטע! קעגן די עקספּלאָטאַטאָרן!". גרעגאָר שטראַסער
צוזאַמען מיט זיין ברודער אָטאָ, אַ געוועזענעם סאָציאַל·
דעמאָקראַט, האָבן אַרויסגעגעבן דריי טעגלעכע צייטונגען
און אַ גאַנצע רייע וואָכן·בלעטער און בראָשורן. אין יענער
צייט האָט גרעגאָר שטראַסער פּרובירט צו קאָנקורירן מיט
היטלערן אין צפון·דייטשלאַנד; ער האָט געפירט אַ זעלב·
שטענדיקע פּאָליטיק און צום סוף יאָר 1932 האָט אים היט·
לער באַפרייט פון זיין אַמט פאַר צו·ענגע באַציאונגען מיטן
גענעראַל שלייכער.

אין אַלע זיינע אויסגאַבן האָט שטראַסער אָנגענומען
זייער אַ „ראַדיקאַלן" טאָן, וועלכער האָט געדאַרפט איבער·
צייגן דעם לעזער, אַז ער האָט צו טון מיט אַן „אַרבעטער·
פריינט" און אפילו אַ „קלאַסן·קעמפער". אין אַ בראָשור
„נאַציאָנאַלער אָדער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליזם" האָט
דער מחבר דערקלערט, אַז „די נאַציאָנאַל·סאָציאַליסטישע
פּאַרטיי איז די קלאַסן·פּאַרטיי פון שאַפנדיקער אַרבעט".
גרעגאָר שטראַסערס מאָטאָ איז געווען „ברויט און פרייהייט"
און זיין צייכן איז אַ האַמער מיט אַ שווערד.

אויך געבעלס באַנוצט די זעלבע טאַקטיק אין זיין בראָשור „די נאַצי-סאָצי":

„ס'קען זיכער נישט זיין אַ מער צביעותדיק בילד, ווי אַ גראָבער אויסגעפּאַשעטער קאַפּיטאַליסט וואָס פּראָטעסטירט קעגן דער פּראָלעטאַרישער אידעע פון קלאַסן־קאַמף... ווער האָט אייך געגעבן דאָס רעכט אַרויסצוטרעטן קעגן קלאַסן-קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט? צי שעמט איר זיך נישט, איר אויסגע־פּאַשעטע מיטל־אייראָפּעער, צו פירן דעם קלאַסן־קאַמף קעגן די שלעכט-דערנערטע, הונגעריקע, אַרבעטלאָזע פּראָלעטאַריער מיט אייגעפּאַלענע אויגן? יאָ, מיר רופן זיך אַן אַרבעטער-מלוכה. דאָס איז דער ערשטער טריט. דער ערשטער טריט אַוועקצוגיין פון דער קאַפּיטאַליסטישער מלוכה. מיר רופן זיך אַן אַרבעטער־פּאַרטיי, ווייל מיר ווילן זען די אַרבעט פריי, ווייל פאַר אונז איז שאַפנדיקע אַרבעט דער פּראָגרעסיווער עלעמענט פון דער געשיכטע, ווייל אַרבעט באַדייט פאַר אונז מער ווי אייגנטום, בילדונג, ראַנגע און בורזשואַזע אָפּ-שטאַמונג. דעריבער רופן מיר זיך אַן אַרבעטער־פּאַרטיי...

„מיר רופן זיך אַן סאָציאַליסטן, אַלס פּ־אָטעסט קעגן דעם ליגן פון קאַפּיטאַליסטישן סאָציאַלן מיטגעפיל. מיר דאַרפן נישט קיין מיטגעפיל, מיר דאַרפן נישט קיין סאָציאַלע פאַר-זיכערונג. מיר האָבן פיינט אייער „סאָציאַלע געזעצגעבונג". זי איז צו ווייניק אויף צו לעבן און צו־פיל אויף צו שטאַרבן... מיר פאַרלאַנגען אין דער פולער מאָס דאָס, וואָס דער הימל האָט אונז געגעבן און וואָס מיר האָבן געשאַפן מיט אונזערע הענט און מיט אונזערע מוחות. דאָס איז סאָציאַליזם!.. מיר פּראָטעסטירן קעגן קלאַסן-קאַמף. אונזער גאַנצע באַוועגונג איז אַ גרויסער פּראָטעסט קעגן קלאַסן-קאַמף... אָבער איז דער זעלבער צייט רופן מיר אַן זאָגן

מיט ווייטערע אמתע נעמען: אויף פון איין זייט זענען 17 מיליאָן פּראָלעטאַריער זייער איינציקע רעטונג אינם קלאַסן-קאַמף, איז דאָס דערפאַר, ווייל פון דער רעכטער זייט האָט מען זיי דאָס געלערנט במשך פון 60 יאָר. ווי אַזוי קאָנען מיר געפינען אַ מאָראַלישע באַרעכטיקונג צו באַקעמפן דעם קלאַסן-קאַמף, ווי לאַנג די קאַפּיטאַליסטישע קלאַסן-מלוכה איז נישט צעשמעטערט און ליקווידירט דורך אַ נייער סאָציאַ-ליסטישער אָרגאַניזאַציע פונם דייטשן פאָלק?"

די דאָזיקע ווערטער זענען געשריבן געוואָרן נישט אַזוי לאַנג צוריק דורך דעם מענטש, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן מיניסטער פון אויפקלערונג און פּראָפּאַגאַנדע. ס'איז אַ לחלוטין אַנדערער טאָן פון די 25 פונקטן, אין וועלכע דאָס וואָרט „סאָציאַליזם" ווערט נישט דערמאָנט. לאָמיר נאָך פאַרגלייכן געבעלס פאָדערונג צו פאַרניכטן די קאַפּיטאַליסטישע קלאַסן-מלוכה מיטן אָפיציעלן פּראָגראַם פון דער נאַצי-פּאַרטיי, וועל-כער לויטעט אינם פונקט 25:

„כדי צו דערגרייכן דעם דאָזיקן פּראָגראַם פאָדערן מיר: צו שאַפן אַ שטאַרקע צענטראַלע מאַכט אינם רייך. די אַבסאָלוטע מאַכט פונם צענטראַלן פּאָליטישן פּאַרלאַמענט איבערן גאַנצן רייך און אַלע אָרגאַניזאַציעס. שאַפן אינדוסטריע- און פאַך-קאַמערן, כדי דורכצוזעצן אין אַלע באַזונדערע דיי-טשע מלוכות די אַלגעמיינע רייכס-געזעצן."

ווי בלייך, ווי באַנאַל, ווי קליינבירגערלעך און ליבע-ראַל זעט אויס היטלערס פּראָגראַם פונם יאָר 1920 לגבי געבעלס פּאָליטישע פּלענער! געבעלס מאַניפעסט קעגן די „גראָבע, אויסגעפּאַשעטע קאַפּיטאַליסטן" שטעלט מיט זיך פאָר אַ פאַשיסטישן פּראָגראַם, וואָס איז פיל בעסער צוגעפּאַסט צו אינדוסטריעלע געביטן, איידער היטלערס 25 פונקטן.

נייע מפּלות אין 1928. פונדעסטוועגן האָט נישט היטלער מיט זיינע רעפּרעזענטאַנטן פאַר די „אויסגעפּאַשעטע קאַפּיטאַליסטן" פון ריינלאַנד און רור, און נישט שטראַסער־געבעלס מיט זייער דעמאַגאָגיע, נישט באַוויזן צו פאַרברייטערן די השפּעה פון די נאַציס אויף די ברייטע מאַסן. אמת, במשך פון דער צייט איז געקומען צו אַ געוויסער אינערלעכער קאָנסאָלידאַציע פון דער פּאַרטיי. די מיטגלידער־צאָל איז געשטיגן פון 17.000 אין 1926 ביז 40.000 אין 1927. ס'זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן צוויי צוזאַמענפאָרן: אין ווייַמאַר (1926) און אין נירנבערג (1927). די שטורם-אָפּטיילונגען זענען צוריק אויפגעבויט געוואָרן. די פּאַרטיי האָט זיך באַפרייט פון די „נאַראָנים, וועלכע האָבן גוטע כוונות, אָבער טאַקע דערפאַר זענען זיי נאָך געפערלעכער"; כדי געפעלן צו ווערן אין די סאַלאָנען, האָט מען אַרויסגעוואָרפן פון דער פּאַרטיי דעם נידערטרעכטיקן מערדער היינעס. זיין בלוטיקע פאַרגאַנגענהייט האָט אָבער היטלערן נישט געשטערט אים שפּעטער צוריק אַריינגעמען און באַשטימען אים אַלס פּאָליציי-פּרעזידענט אין ברעסלוי און לייטער פון די שטורם-אָפּטיילונגען אין גאַנץ צפון־ און מזרח־דייטשלאַנד. אין מאַי 1928 האָט די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי ווידעראַמאָל געליטן אַ שווערע מפּלה ביי די וואַלן, באַקומענדיק סך־הכל 12 מאַנדאַטן אין רייכסטאַג. די אָביעקטיווע לאַגע פאַרן וואוקס פון דער פאַשיסטישער באַוועגונג איז נאָך נישט רייף געוואָרן. די יאָרן 1927–1924 האָבן געבראַכט אַ געוויסע אויפלעבונג אין דייטשלאַנדס עקאָנאָמישן לעבן און די לעבנס־באַדינגונגען פון מיטלשטאַנד און פון טייל אַרבעטער האָבן זיך פאַרבעסערט.

# דער עקאנאמישער קריזיס איז דייטשלאַנד.

דער אילוזאָרישער עקאָנאָמישער וואוילשטאַנד האָט אינגיכן דערגרייכט זיין העכסטן פּונקט. דייטשלאַנד איז געווען דאָס ערשטע אייראָפּעאישע לאַנד, וואָס איז אָנגעגריפן געוואָרן דורכן שטייגנדיקן וועלט-קריזיס. די פּראָדוקציע איז געפאַלן, די אַרבעטלאָזיקייט איז געשטיגן. ווינטער 1930 זענען שוין אין דייטשלאַנד געווען איבער 3 מיליאָן אַרבעטסלאָזע. די אונטערנעמער האָבן אָנגעהויבן אַ גענעראַל-אַטאַקע אויף די לוינען. דער וועכנטלעכער לוין פון אַן אינדוסטריע-אַרבעטער האָט אין זומער 1929 באַטראָפן 44,60 מאַרק; אין מערץ 1930 — 39,05 מאַרק. דער דורכשניטלעכער וועכנטלעכער לוין, וועלכער האָט באַטראָפן אין 1928 — 42 מאַרק און אין 1929 — 45 מאַרק, איז געפאַלן ביז 37 מאַרק אין 1930 און ביז 30 מאַרק אין 1931. אונטער דער פּאַפּען-שלייכער רעגירונג זענען די אַרבעטער-לוינען רעדוצירט געוואָרן אויף דער העלפט פון 1929 און אין אויגוסט 1932 זענען זיי געפאַלן ביז 20.80 מאַרק. זינט יענער צייט זענען זיי נאָך מער געפאַלן. די „פינאַנצפּאָליטישע קאָרעספּאָנדענץ" שאַצט אָפּ, אַז פון יולי 1929 ביז יולי 1932 האָט די רעדוקציע פון די אַרבעטער-לוינען אין דייטשלאַנד באַטראָפן 38 מיליאַרד מאַרק.

צוזאַמען מיט די לוין־רעדוקציעס איז אויך געקומען אַ שרעקלעכער וואוקס פון אַרבעטלאָזיקייט. לויט די אָפּיציעלע ציפערן פון דייטשן אַרבעטס־מיניסטעריום האָט די צאָל אַרבעטסלאָזע דערגרייכט איבער 6 מיליאָן. לויט אַנדערע אָפּיציעלע קוועלן איז די צאָל אַרבעטסלאָזע געווען נאָך גרעסער און איבערגעשטיגן 8 מיליאָן. אָבער אויך די דאַ־

ויקע ציפערן גיבן אונז נישט דאָס פולע בילד. זיי נעמען נישט אַרום די הונדערטער טויזנטער אַרבעטסלאָזע, וואָס האָבן פאַרפלייצט די גאַסן פון די שטעט אַלס בעטלער, אָדער זיך אַרומגעוואַלגערט איבער די וועגן פון דייטשלאַנד אַלס שלעפּער; זיי נעמען אויך נישט אַרום די פאַרוואָרלאָזטע קינדער און די יוגנטלעכע, וועלכע האָבן נישט געקאָנט באַקומען קיין אַרבעט נאָכן ענדיקן די שול. זיי נעמען נישט אַרום די הונדערטער טויזנטער קליינהענדלער און האַנטווערקער, וועלכע זענען אַמאָל געווען „זעלבשטענדיקע" און וועלכע האָבן געלעבט אויפן ראַנד פון נויט און זענען פאַקטיש געווען אַרבעטסלאָז. די אמתע צאָל אַרבעטסלאָזע צום סוף פון 1932 האָט געמוזט באַטרעפן איבער ניין מיליאָן מענטשן.

די לאַגע פון די מיטעלע קלאַסן האָט זיך אַלץ מער פאַרערגערט. די באַדייטונג פון די דאָזיקע באַפעלקערונגס־שיכטן אין דייטשלאַנד איז גאַנץ גרויס. לויט די סטאַטיסטישע פאָרשונגען פון טעאָדאָר גייגער קאָן מען די באַפעלקערונג פון דייטשלאַנד איינטיילן לויט איר קלאַסן־אָנגעהעריקייט אויף אַזאַ אופן: קאַפּיטאַליסטן 0,84 פּראָצענט; קליינע אייגנטימער 18,33 פּראָצענט; באַאַמטע, אָנגעשטעלטע א. אַ. וו. 16,04 פּראָצענט; האַרעפּאַשניקעס (האַנטווערקער א. אַ. וו.) 13,76 פּראָצענט; פּראָלעטאַריאַט 51,03 פּראָצענט.

דער קריזיס האָט געבראַכט ברייטע שיכטן פון קליינבירגערטום צו דער מדרגה פונם פּראָלעטאַריאַט. די צאָל באַנקראָטן איז געוואַקסן. ליציטאַציעס זענען געוואָרן אַן אָפטע דערשיינונג. באַזונדערס שווער זענען אָנגעגרירט געוואָרן די קליינע האַנטווערקער און די קליינע פּויערים. דער קריזיס האָט אָנגעגרירט אַזעלכע שיכטן, וועמענס לאַגע איז ביז דאַמאָלס געווען פאַרהעלטניסמעסיק סטאַבילירט. די אַרבעטס-

לאָזיקייט האָט זיך גענומען אריינשטופן אין די אָמערסטן פריווילעגירטע שיכטן פון די גייסטיקע אַרבעטער. דער לעבנס-ניוואָ פון לערער, אינזשעניערן, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, שרייבער, אַרטיסטן, איז געפאַלן אַלץ מער און מער. פון אַכט טויזנט סטודענטן, וועלכע האָבן אין יאָר 1931–32 געענדיקט די טעכנישע הויכשולן און אוניווערזיטעטן, האָבן נאָר 1000 באַקומען באַשעפטיקונג אין זייער ספּעציאַליטעט; 1500 האָבן „דערווייל" ווייטער שטודירט, ליידנדיק גרויסע נויט; 1500 האָבן געפונען באַשעפטיקונג אַלס גאַסן-פּאַרקויפערס, קעלנערס א. אַ. וו.; אָבער 4000 זענען געבליבן אינגאַנצן אַרבעטסלאָז. 70 פּראָצענט פון אַלע דייטשע דאָקטוירים האָבן אין 1932 פאַרדינט ווייניקער ווי 170 מאַרק אַ חודש. אַן ענלעכע לאַגע איז געווען ביי די אַדוואָקאַטן. פון 22 טויזנט לערערס, וועלכע האָבן געענדיקט זייער שטודיום אין די פריערדיקע יאָרן, האָבן נאָר 990 באַקומען פּאָסטנס און דאָס אויך צייטווייליקע הילפס-שטעלעס. און דאָס אַלץ באַציט זיך נאָר צו פּרייסן! די צאָל אַרבעטסלאָזע אינזשעניערן און כעמיקער איז פינפאַכיק געשטיגן פון אַפּריל 1930 ביז אַפּריל 1932. דערצו האָט מען נאָך פאַרקלענערט די אַרבעטס-צייט: אין אַ סך צווייגן האָט מען געאַרבעט נאָר 3 ביז 5 טעג אין דער וואָך.

די אומגעהויערע לאַסט פון די רעפּאַראַציעס האָט נאָך מער פאַרשאַרפט דעם קריזיס. די הבטחות און האָפענונגען פון דעם דאָוס-פּלאַן און פון לאָקאַרנאָ-אָפּמאַך זענען נישט דערפילט געוואָרן. דער יאָנג-פּלאַן פון 1929 האָט געמאַכט אַ נייע „רעגולאַציע פון חובות" און דאָס האָט געגעבן די דייטשע קאַפּיטאַליסטן אַ פרישע געלעגנהייט אַריבערצוּוואַרפן די לאַסט אויף די אַרבעטער. אַ נייע ראַדיקאַליזירונגס־כוואַ-

ליע האָט אַרומגענומען די אַרבעטער. נאָך די וואַל-נצחונות פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין מאַי 1928 האָט דער אַר· בעטער־קלאַס ווידער אָנגעהויבן זיך צו ווענדן צו דער קאָ· מוניסטישער פּאַרטיי. די שיכטן פון דייטשלאַנד, וועלכע זע· נען ביז איצט געווען אינגאַנצן גלייכגילטיק צו פּאָליטיק, האָבן איצט אָנגעהויבן צו ווערן אַקטיוו. די פּויערים האָבן זיך אַ ריר געטון. אין צפון-דייטשלאַנד האָבן זיך די פּויערים אין 1929 געפונען אין אַ צושטאַנד פון אויפברויז, שטעלנ· דיק אַ ווידערשטאַנד די עקזעקוטאָרן, וועלכע זענען געקומען צונעמען ביי זיי די לעצטע קי. ס'איז געקומען צו צוזאַ· מענשטויסן מיט דער פּאָליציי. איין באָמבען-אָנפאַל איז גע· קומען נאָכן אַנדערן. אין שלעזוויג־האָלשטין זענען פּאָרגעקו· מען פּרווון אויפצוררייסן רעגירונגס־געביידעס.

אין 1928 איז געשאַפן געוואָרן אַ „גרויסע קאָאַליציע· רעגירונג", פון דער דייטש־פּעלקישער פּאַרטיי (די פּאַרטיי פון דער שווער־אינדוסטריע) ביז צו די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. הערמאַן מילער, דער פּאָרזיצער פון דער ס. ד.-פּאַרטיי, איז געוואָרן קאַנצלער. אויסער אים זענען אין דער רעגירונג אַריין נאָך דריי סאָציאַל־דעמאָקראַטן: סעווערינג (אינערן־מיניסטער), הילפערדינג (פינאַנץ־מיניסטער) און ווינעל (אַר· בעטס־מיניסטער). שטרעזעמאַן איז געוואָרן אויסערן־מיניסטער, זיין פריינט ד"ר קורציוס — ווירטשאַפטס־מיניסטער, און דער דעמאָקראַט געסלער (איצט אַ פאַשיסט) איז געוואָרן רייכס־ווער־מיניסטער. אונטער מילערס רעגירונג איז עס אָנגענומען געוואָרן דער יאָנג־פּלאַן.

**דער ברינינג-פּעריאָד.** אין דעצעמבער 1928 איז הילפערדינג אַרויס פון דער רעגירונג און זיין אָרט אַלס

פינאַנץ-מיניסטער האָט פאַרנומען פּראָפעסאָר מאָלדענהאַוער, פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פונם גרויסן דייטשן כעמישן טרעסט, די „י. ג. פאַרבן־אינדוסטרי". אין מערץ 1930 איז געקומען די ברינינג־רעגירונג. די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָט מען פון דער רעגירונג אַרויסגעשטופּט. פונדעסטוועגן האָט די ס. ד. אונ־טערגעשטיצט און „טאָלערירט" ברינינגס רעגירונג, וועלכע האָט נישט געהאַט קיין מערהייט אין רייכסטאַג. אין דער זעלבער צייט האָט די דאָזיקע רעגירונג שוין דאַמאָלס גע־האַט בדעה אַריינצונעמען די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן. די סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטן האָבן איינגערעדט די אַרבעטער, אַז ברי־נינגס רעגירונג א־ז „אַ קלענער בייז" איידער אַ ריין פאַשיס־טישע און קאַפּיטאַליסטישע רעגירונג. די סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישע רעגירונג פון פּרייסן אונטער דער אָנפירונג פון בראַון און סעווערינג האָט ווי ווייט מעגלעך אונטערגעשטיצט ברי־נינגס רעגירונג.

אינמיטן פון די שוועריקייטן, וועלכע דער עקאָנאָמי־שער קריזיס האָט אַריינגעבראַכט אין די רייען פון די פי־נאַנץ־, אינדוסטריע־ און לאַנדווירטשאַפט־קאַפּיטאַליסטן, איז געקומען דער סוף פון דער „דעמאָקראַטיע". ברינינג האָט געהערשט איבער דייטשלאַנד מיטן כוח פונם אַרטיקל 48 פון דער ווײַמאַר-קאָנסטיטוציע, וועלכער האָט פאַקטיש אָפּ־געשאַפט די קאָנסטיטוציע. ס'איז נישט געווען דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון דער דייטשער רעפּובליק, אַז די הערשער זאָלן איינפירן באַלאַגערונגס־צושטאַנד און אָפּ־שאַפן די דעמאָקראַטישע רעכט. פון 1919 ביז 1923, בעת דער סאָציאַל־דעמאָקראַט עבערט איז געווען פּרעזידענט, האָט מען נישט איינמאָל אויסגענוצט דעם אַרטיקל 48, כדי צו פאַרווערן שטרייקן אין די אַזוי-גערופענע צווייגן פון ערשטן

געבראַכט, צו אָרגאַניזירן שטרייק־ברעכערישע גרופּן, צו שיקן די רייכסווער קיין זאַקסן און טירינגען אין 1923 „איינצו־פירן אָרדענונג" און צו באַשטימען דעם גענעראַל פאָן־זעקט אַלס דיקטאַטאָר מיטן ציל צו פאַרווערן די דייטשע קאָמו־ניסטישע פּאַרטיי. צערגיבעל, דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאָליציי־פּרעזידענט פון בערלין און אַמאָליקער פּראָפעסיאָ־נעלער טוער, האָט פאַרווערט אין 1929 די 1־מאַי דעמאָנ־סטראַציעס און ווען די אַרבעטער האָבן נישט געפאָלגט זיין פאַרבאָט און דעמאָנסטרירט, האָט ער געשיקט פּאָליציי קעגן זיי און דערהרגעט 33 בערלינער אַרבעטער. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט סעווערינג פאַנאַנדערגעלאָזט די רויט־פראָנט־אָר־גאַניזאַציע, אַן אַנטי־פאַשיסטישע פּאַרטיידיקונגס־אָרגאַניזאַציע פון רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער; אין דער זעלבער צייט האָט מען אָבער אין פּרייסן דערלויבט די נאַציס פראַנק און פריי פאַנאַנדערצובויען זייערע קאַמפס־אָפּטיילונגען.

דער רייכסטאָג איז דורך ברינינגן אָוועקגערוקט גע־וואָרן אָן אַ זייט. די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן געגעבן זייער הסכּמה דערצו און ברינינג האָט געהערשט מיט דער הילף פון די „נויט־פאַראָרדנונגען" אויפן סמך פונם אַרט. 48. ער האָט רעדוצירט די אַרבעטסלאָזע־אונטערשטיצונג, פאַר־קלענערט די נעבעכדיקע פּענסיעס פון די מלחמה־קרבנות, פון קראַנקע, אַלטע, אלמנות און יתומים. ער האָט אַרויפגע־לייגט אויף די מאַסן נייע שטייערן: קאָפּ־שטייער, קריזיס־שטייער, בחורים־שטייער. ער האָט געהעכערט די איינפיר־צאָלן און דערמיט געהויבן די פּרייזן פון שפּייז־פּראָדוקטן. באַנקן און אינדוסטריע־אונטערנעמונגען האָבן באַקומען מיל־יאָנען־אונטערשטיצונגען. די גרויסע ערד־באַזיצער האָבן זיך געשטעלט אויף די פיס אויפן חשבון פון זייערע אַרבעטער.

ווי האָבן באַקומען מיליאָנען פון דער אַזוי גערופענער „אָסט הילפע". און די פּאָליציי־פּרעזידענטן, פון וועלכע מער ווי אַ העלפט זענען געווען מיטגלידער פון דער ס. ד. פּאַרטיי, האָבן מיט אַ באַזונדערער שטרענגקייט אויסגעדריקט די פאַר־טיידיקונגס־פּרוּוון פון די אַרבעטער, פאַרמאַכט די רעוואָלו־ציאָנערע פרעסע און פאַרבאָטן אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס.

מיט איר פּאָליטיק האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע נישט נאָר צוגעהאָלפן די אַנטוויקלונג פון די רעאַקציאָנערע און פאַשיסטישע כּוחות אין דייטשלאַנד, נאָר אויך געגעבן די נאַציס אַ גרונט פאַר זייער דעמאַגאָגישער קאַמפּאַניע קעגן דעם באַנקראָט פון „מאַרקסיסטישן סיסטעם". די סאָציאַל-דע-מאָקראַטיע האָט געדולדעט די ברינינג־רעגירונג, וועלכע האָט פאַרגרעסערט די לאַסטן פון די אַרבעטער ביז צו דער לעצ-טער גרענעץ און געהערשט מיט דיקטאַטאָרישע מעטאָדן, צו-גרייטנדיק אַזוי אַרום דעם וועג פאַר די נאַציאָנאַל-סאָציאַ-ליסטן.

במשך פונם דאָזיקן פעריאָד האָט זיך אָנגעהויבן דער ברייטער אויפשטייג פון דער נאַצי-פּאַרטיי. צוזאַמען מיט הוגענבערגן, דעם פאָרשטייער פונם רעאַקציאָנערן פליגל פון דער דייטשער שווער-אינדוסטריע און פון די ערד-באַזיצער, און מיט דער הילף פון שטאָלהעלם און אַנדערע נאַציאָנאַ-ליסטישע אָרגאַניזאַציעס – האָבן די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטן געפאָדערט אַ פּלעביסציט קעגן דעם יאָנג-פּלאַן. דער גיגאַנ-טישער פּראָפּאַגאַנדע-אַפּאַראַט פון הוגענבערגס קאָנצערן, מיט זיינע הונדערטער צייטונגען און זיין אייגענער טעלעגראַפן-אַגענץ („טעלעגראַפן-אוניאָן") איז איצט געשטאַנען צו דער דינסט פון די נאַציס. פונם פּלעביסציט איז טאַקע גאָרנישט געוואָרן, אָבער די נאַציס האָבן אָפּגעהאַלטן גרויסע נצחונות

ביי די וואַלן צו די לאַנדטאַגן אין זאַקסן און אין טירינ־
גען, ווי אויך אין פּרייסן.

אין 1930 איז פריק געוואָרן מיניסטער פון אינערן און דערציאונג אין טירינגען — דער ערשטער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער מיניסטער אין דייטשלאַנד.

**היטלער ווייזט זיין אמתן פּרצוף.** טייל „סאָציאַ־ליסטן" אין דער נאַצי־פּאַרטיי אונטער דער אָנפירונג פון אָטאָ שטראַסער האָבן געהאַלטן, אַז זיי קענען מער נישט מיטמאַכן היטלערס לעגאַלע דרכים און אין מאַי חודש 1930 האָבן זיי פאַרלאָזט די פּאַרטיי מיטן לאָזונג: „די סאָציאַ־ליסטן פאַרלאָזן די נאַצי־פּאַרטיי". פאַר דעם האָט שטראַסער געהאַט אַ לאַנגע דיסקוסיע מיט היטלערן, וועלכער האָט אים דערקלערט:

„די ברייטע אַרבעטער־מאַסן דאַרפן נישט מער ווי ברויט און שפּילן. זיי האָבן נישט קיין פאַרשטענדניש פאַר קיין אידעאַלן און מיט אידעאַלן וועלן מיר קיינמאָל נישט קענען געווינען אַ גרעסערע צאָל אַרבעטער."

שטראַסער האָט געפרעגט היטלערן: „ווען איר באַקומט מאָרגן די מאַכט, וואָס וועט איר טון צום ביישפּיל מיט קרופּס קאָנצערן? צי וועט אַלץ בלייבן אַזוי ווי איצט פאַר די אַקציאָנערן און אַרבעטער בנוגע צום אייגנטום, רווחים און אָנפירונג?". היטלער האָט געענטפערט:

„נאַטירלעך. איר מיינט, אַז איך בין אויף אַזויפיל נאַריש צו צעשטערן די דייטשע אינדוסטריע? די מלוכה וועט זיך אַריינמישן נאָר דאַמאָלס, ווען די פאַבריקאַנטן וועלן האַנדלען קעגן די אינטערעסן פונם כלל. דערצו איז אָבער נישט נויטיק אַן עקספּראָפּריאַציע, ס'איז גענוג אַ

בשותפותדיקער קאָנטראָל. דער אויסדרוק „סאָציאַליזם" איז שלעכט; יעדנפאַלס מיינט דאָס נישט, אַז די דאָזיקע קאָנצערנען מוזן סאָציאַליזירט ווערן, דאָס באַדייט נאָר, אַז זיי קענען סאָציאַליזירט ווערן, ווען זיי האַנדלען קעגן די אינטערעסן פון כלל. אין דער הינזיכט האָבן מיר אַ ביישפּיל, וועלכן מיר קענען נאָכקאָפּירן לעבעדיקערהייט: דאָס איז דער איטאַליענישער פאַשיזם. פונקט ווי ביי די פאַשיסטן, אַזוי וועלן אויך ביי אונז אַרבעטסגעבער און אַרבעטער שטיין נעבן זיך מיט גלייכע רעכט און די מלוכה וועט פּסקענען זייערע שטרייט-פראַגן, שטייענדיק אויף דער וואַך, אַז עקאָנאָמישע קאַמפן זאָלן נישט שטערן דאָס נאָרמאַלע לעבן."

מיט דערדאָזיקער גאַראַנטיע פאַרן קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם האָט זיך היטלער ווידעראַמאָל רעקאָמענדירט צו די באַזיצנדיקע קלאַסן פון דייטשן קאַפּיטאַל. ער האָט זיי געוויזן, אַז פונקט ווי אין פאַשיסטישן איטאַליען, שטרעבט אויך די נאַצי-באַוועגונג נאָר צו גאַראַנטירן דאָס אויפהאַלטן דעם קאַפּיטאַליזם. ער האָט געהאַלטן דעם צוזאָג, וועלכן ער האָט דעמאָלט געגעבן.

די רייכסטאַג-וואַלן פון סעפּטעמבער 1930 האָבן געבראַכט די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטן זייער ערשטן גרויסן וואַל-נצחון. זיי האָבן באַקומען 6 מיליאָן 400 טויזנט שטימען און 107 מאַנדאַטן, ווערנדיק די צווייטע לויט איר גרויס פּאַרטיי נאָך די סאָציאַל-דעמאָקראַטן. די קאָמוניסטן האָבן געוואונען 600 טויזנט שטימען, די דייטש-נאַציאָנאַלע האָבן פאַרלוירן אַ העלפט מאַנדאַטן, די דייטש-פעלקישע — אַ דריטל. די נאַציס האָבן געהאַט צו פאַרדאַנקען דעם נצחון זייער פּראָפּאַגאַנדע, וועלכע האָט געצילט צו געווינען די ראַדיקאַ-

ליזירטע מיטלשטאַנד־עלעמענטן. די דאָזיקע פּראָפּאַגאַנדע האָט צוגעזאָגט גאָלדענע בערג אַלע שיכטן און איז געפירט גע־וואָרן מיט דער הילף פון ריזיקע געלט־סומען, וועלכע ס׳האָבן געגעבן די קאַפּיטאַליסטן. די נאַציס האָבן צוגעזאָגט די אַר־בעטער העכערע לוינען און די אַרבעטסגעבער — גרעסערע רווחים, די לאָקאַטאָרן — קלענערע דירה־געלט און די הויז־ווירטן — העכערע דירה־געלט, די פּויערן — העכערע פּרייזן און די מיטעלע קלאַסן — ביליקערע שפּייז־פּראָדוקטן. ס׳האָט זיך זיי אָבער נישט איינגעגעבן אַריינצודרינגען אין די ריי־ען פונם אַרבעטער־קלאַס. זיי האָבן בלויז צוגעצויגן גרויסע שיכטן פון פריערדיקע ווײַלער פון די קאַפּיטאַליסטישע פּאַר־טייען.

**זאל היטלער ווערן קאנצלער?** ברינינג האָט ווײַ־טער געפירט זיין דעקרעטן־פּאָליטיק. די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן אים אונטערגעשטיצט. און צוזאַמען מיטן וואוקס פון דער נאַצי־פּאַרטיי איז אַלץ אָפטער אויפגעשוואומען די פראַ־גע וועגן צולאָזן זיי צו דער מאַכט.

אין אַפּריל 1932 איז הינדענבורג צום צווייטן מאָל געוויילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט, מיט די שטימען פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וועלכע זענען אַרויס מיטן לאָזונג: „יעדע שטים פאַר הינדענבורגן, איז אַ קלאַפּ פאַר היטלערן!“ אין מאַי 1932 איז ברינינג אויפן וואונק פון די מזרח־פּרײַ־סישע יונקערס אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן און זיין אָרט האָט פאַרנומען די פּאַפּען־שלײַכער רעגירונג.

די ערשטע שריט פון דער נײַער רעגירונג איז געווען אָנצונעמען נאָך שאַרפערע דיקטאַטאָרישע מיטלען. דעם 20־טן יולי 1932 איז פּאַפּען באַשטימט געוואָרן אַלס רייכס־קאָמי־

סאַר אין פּרייסן. אַן אָפּיציר מיט דריי רייכסווער־סאָלדאַטן איז געווען גענוג צו ברעכן דעם „ווידערשטאַנד" פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע מיניסטאָרן אין פּרייסן. אין בערלי־נער קרייז איז אויף אַ קורצע צייט דערקלערט געוואָרן קריגס־צושטאַנד. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירער האָבן נישט געשטעלט קיין שום ווידערשטאַנד, הגם די גאַנצע פּאָ־ליציי אין פּרייסן און אין נאָך אַנדערע מלוכות האָט זיך געפונען אין זייערע הענט און די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאָליציי־אָפּיצירן האָבן געפאָדערט צו שטעלן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד. דערפאַר אָבער, ווען די קאָמוניסטן האָבן גערופן די אַרבעטער צו אַ גענעראַל־שטרייק, האָבן זיי די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירער פאַרשריגן אַלס „פּראָוואָקאַ־טאָרן". זיי האָבן אָפּגעשוואַכט די כוחות פונם אַרבעטער־קלאַס און פאַרלאָזט זייערע פּאָזיציעס, האָפנדיק עפּעס צו ראַטעווען פונם חורבן. און אַזוי אַרום איז די פּרייסישע „נעסט פון דעמאָקראַטיע" אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די רעאַקציאָנערן אָן אַ קאַמף.

אין אויגוסט 1932, נאָכן צווייטן וואַל־נצחון פון די נאַ־ציס (13 און אַ האַלב מיליאָן שטימען און 225 מאַנדאַטן) האָט מען זיך אָנגעהויבן פאַרטראַכטן וועגן באַשטימען היט־לערן אַלס קאַנצלער. הינדענבורג האָט זיך נאָך געוואַקלט, אָבער די פאָדערונגען צו באַשטימען היטלערן אַלס קאַנצלער זענען געוואָרן אַלץ מער צודרינגלעך. דער פּריוואַט־בולעטין פונם פאַרבאַנד פון דער דייטשער אינדוסטריע — „די דייטשע פירער־בריוו" — האָט פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל אונ־טערן נאָמען „די סאָציאַלע פאַרשטאַרקונג פון קאַפּיטאַל" — דאָרט לייענען מיר פאָלגנדיקע שטעלן:

„די פראַגע וועגן אויפהאַלטן דעם קאַפּיטאַליסטישן

רעזשים אינם נאָכמלחמהדיקן דייטשלאַנד איז באַשוועדט דער־
מיט, וואָס די קאַפּיטאַליסטן זענען געוואָרן אַ צו קליינע
שיכט אַליין אויפצוהאַלטן זייער מאַכט. כּדי נישט צו זיין
געצוואונגען זיך צו שטיצן אויף ריין־מיליטערישן כּוח, וואָס
דאָס איז זער אַ געפערלעכער וואָפן, מוז מען זיך פאַרבינדן
מיט אַזעלכע שיכטן, וועלכע געהערן נישט צום קאַפּיטאַליס־
טישן קלאַס לויט זייער סאָציאַלן מהות, וועלכע קאָ־
נען אָבער איינוואָרצלען זיין הערשאַפט צווישן די פאָלקס־
מאַסן און ווערן אַזוי אַרום זיין לעצטער פאַרטיידיקער.
אַזאַ לעצטער פאַרטיידיקער פון דער בורזשואַזער הערשאַפט
אין די נאָכמלחמה־יאָרן איז געווען די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.
„דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם דאַרף איצט פאַרנעמען דאָס
אָרט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און צושטעלן אַ מאַסן־אונ־
טערשפּאַר פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפט אין דייטש־
לאַנד... די סאָציאַל־דעמאָקראַטן פאַרמאָגן באַזונדערע קוואַלי־
פיקאַציעס פאַר דער דאָזיקער ראָל, וועלכע ס׳פעלן דעם
איצטיקן נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם... אַ דאַנק איר כאַראַקטער פון
אַן אמתער אַרבעטער־פאַרטיי און איר שטאַרקן פּאָליטישן
כּוח האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פאַרמאָגט די גרויסע
מעלה, וואָס זי האָט שטענדיק געהאַט דעם קאָנטראָל איבער
דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט און האָט פאַראַליזירט
איר רעוואָלוציאָנערע ענערגיע, פעסט צובינדנדיק זי צו דער
קאַפּיטאַליסטישער מלוכה...

„אין דער ערשטער תּקופה פוןווידעראויפבוי פון קאַ־
פּיטאַליסטישן רעזשים נאָך דער מלחמה איז דער אַרבעטער־
קלאַס געווען געשפּאָלטן דורך די לוין־נצחונות און סאָציאַל־
פּאָליטישע רעפאָרמען, אין וועלכע די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע
האָט געלענקט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג... דאָס פּאַרטייִשן

פון דער רעוואָלוציע אויף סאָציאַלע רעפאָרמען האָט פאַר־
אורזאַכט דאָס איבערטראָגן דעם קאַמף פון די פאַבריקן און
גאַסן אינם פאַרלאַמענט און קאַבינעטן, דאָס הייסט פאַר־
וואַנדלט דעם קאַמף „פון אונטן" אויף הנחות „פון אויבן".
„פון דאַמאָלס אָן איז די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע און
פאַריינישע ביוראָקראַטיע, און צוזאַמען מיט איר אויך די
דורך איר געפירטע אַרבעטער־שיכטן, געווען ענג פאַרבונדן
מיט דער קאַפּיטאַליסטישער מלוכה און מיטן אָנטייל אין
איר אַדמיניסטראַציע.
„דער דאָזיקער אַנאַליז פירט צו פיר וויכטיקע אויס־
פירן:
1) די פּאָליטיק פון אַ „קלענערן בייז" איז נישט נאָר
אַ טאַקטיק, נאָר זי איז דער פּאָליטישער מהות פון דער
סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.
2) די פעדים, וועלכע בינדן־צו די פּראָפ. פאַריינישע
ביוראָקראַטיע צו דער מלוכה־מעטאָדע „פון אויבן" זענען
שטאַרקער ווי די פעדים, וואָס בינדן זי צו צום מאַרק־
סיזם און דערמיט אויך צו דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.
3) די פאַרבינדונג צווישן דער פאַריינישער ביוראָ־
קראַטיע מיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האַלט זיך אָדער
פאַלט צוזאַמען מיטן פאַרלאַמענטאַריזם.
4) אויב דער מאָנאָפּאָל־קאַפּיטאַל וויל פירן אַ ליבע־
ראַלע סאָציאַלע פּאָליטיק, מוז ער האָבן אַן אויטאָמאַטישן
מעכאַניזם אַריינצוברענגען שפּאַלטונגען אין די רייען פונם
אַרבעטער־קלאַס. אַ קאַפּיטאַליסטישער רעזשים, וועלכער קלייבט
אויס אַ ליבעראַלע סאָציאַל־פּאָליטיק מוז זיין אינגאַנצן פּאַר־
לאַמענטאַריש און מוז זיך שטיצן אויף דער סאָציאַל־דעמאָ־
קראַטיע. דעריבער מוז מען דערלויבן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן

צו דערגרייכן געוויסע דעראָבערונגען. אַ קאַפּיטאַליסטישער רע־
זשים, וועלכער מאַכט אַ סוף צו די דאָזיקע דעראָבערונגען,
מוז אויך מקריב זיין דעם פּאַרלאַמענטאַריזם און די
סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, מוז שאַפן אַ ע ר ז אַ ץ פאַר דער
סאָציאַל-דעמאָקראַטיע און אַריבערגיין צו אַ פּאָליטיק פון
צוואַנג.

„דער פּראָצעס פון דאָזיקן איבערגאַנג, וועלכן מיר
לעבן איצט איבער צוליבן עקאָנאָמישן קריזיס, מוז אַדורכ־
גיין דורך זייער אַ געפערלעכן פונקט. אינם דאָזיקן פונקט
ווערן די דאָזיקע דעראָבערונגען בטל און צוזאַמען מיט זיי
הערט אויף צו פונקציאָנירן דער מעכאַניזם אַריינצוברענגען
אַ שפּאַלטונג אין די רייען פונם אַרבעטער־קלאַס. דער אַר־
בעטער־קלאַס הויבט זיך אָן צו רוקן אין דער ריכטונג צום
קאָמוניזם און די קאַפּיטאַליסטישע הערשאַפט דערנענטערט
זיך צו מיליטערישער דיקטאַטור... דעם דאָזיקן געפערלעכן
פונקט קאָן מען אויסמיידן דורך דעם, וואָס מ׳פאַרטרעט דעם
אַלטן מעכאַניזם פון שפּאַלטן און צוריקהאַלטן דעם אַרבע־
טער־קלאַס – דורך אַנדערע אוממיטלבאַרע מעטאָדן. אין דעם
ליגט טאַקע די אויפגאַבע פון די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן...

„אויב דעם נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם וועט געלינגען צו
ברענגען די פּראָפּ. באַוועגונג צו אַ פּאָליטיק פון צוואַנג,
פונקט ווי דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז פריער געלונגען
זי צו ברענגען צו אַ ליבעראַלער פּאָליטיק-וועט דער נאַציאָ־
נאַל־סאָציאַליזם דערפילן זייער אַ וויכטיקע ראָל אין אויפ־
האַלטן די קאַפּיטאַליסטישע הערשאַפט און ער מוז געפינען
אַן אָרט אין דער מלוכה... קיין דריטער אויסוועג איז ניש־
טאָ: אָדער ווידעראויפבוי פון דער קאַפּיטאַליסטישער הער־
שאַפט אָדער קאָמוניסטישע רעוואָלוציע".

די דאָזיקע ווערטער גיבן אונז דעם שליסל צו פאַר־
שטיין די גאַנצע פּאָליטישע לאַגע.

**דער פּאַפּעז־שלייכער פּעריאָד.** די פּאַפּען־שלייכער רעגירונג איז געווען אַ ווייטערדיקער טריט אויפן וועג צו דער היטלער־דיקטאַטור. אירע נויט־דעקרעטן זענען געווען פאַר היטלערן אַ גוטער בײַשפּיל; טויט־שטראָף פאַר הויך־פאַראַט; טויט־שטראָף פאַר פּאָליטישע „גוואַלט־טאַטן"; שנעל־געריכטן מיט לאַנגע תּפיסה־אורטיילן פאַר קלענערע „פאַר־ברעכנס". אָבער די דאָזיקע רעגירונג פון גרויס־קאַפּיטאַליסטן, יונקערס און גענעראַלן האָט נישט געהאַט הינטער זיך קיין מאַסן. דער שטאָלהעלם און די דייטש־נאַציאָנאַלע פּאַרטיי איז געווען צו ווייניק. פּאַפּענס עקאָנאָמישער פּראָגראַם פון סעפּטעמבער 1932 האָט אַרויפגעלייגט נייע לאַסטן אויף די אַרבעטער און געגעבן נייע מיליאָנען די רייכע. מעכטיקע אַנטי־פאַשיסטישע אַרויסטרעטונגען אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָמ. פּאַרטיי זענען דערשטיקט געוואָרן. די דאָזיקע אַרויסטרעטונגען האָבן דערגרייכט זייער העכסטן פּונקט אינם בערלינער קאָמוניקאַציע־שטרייק אין נאָוועמבער 1932, וועלכער האָט געוויזן די הילפלאָזיקייט פון דער רעגירונג לגבי דער אַנטשלאָסנקייט פון די אַרבעטער.

דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם האָט אינם דאָזיקן מאָמענט דורכגעמאַכט אַן ערנסטן קריזיס. בעת די נאָוועמבער־וואַלן האָט ער פאַרלוירן קנאַפּע צוויי מיליאָן שטימען. די אַלגע־מיינע צאָל קאָמוניסטישע שטימען האָט דערגרייכט זעקס מיליאָן.

סוף נאָוועמבער איז פּאַפּען געפאַלן און זיין אָרט האָט פאַרנומען שלייכער. הינטער די קוליסן האָט ער געפירט

אונטערהאַנדלונגען פון איין זייט מיט די פראָפ. פאַריינען און פון דער צווייטער זייט כדי אַריינצוציען היטלערן. קיין שום רעגירונג קאָן נישט זיצן אויף באַגנעטן. שלייכער האָט זיך געוואַקלט, האָט גאָרנישט געטון און האָט נאָר געענדערט עטלעכע דעקרעטן פון פאַפענען. דעם 22־טן יאַנואַר האָבן די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן איינגעאָרדנט אַ פּראָוואָקאַטאָרישע דעמאָנסטראַציע פאַרן קאַרל ליבקנעכט הויז, די קאָמוניסטישע הויפּט־קוואַרטיר. גענעראַל שלייכער האָט אַרויסגעשיקט אַלע פּאָליציי־כּוחות צו פאַרטיידיקן די נאַציס קעגן די קעגן־דעמאָנסטראַציעס פון די אַרבעטער.

די לאַגע האָט זיך פאַרשאַרפט אַלץ מער און מער. גענעראַל שלייכער האָט געהאַט בדעה תּיכּף צו פּראָקלאַמירן אַ מיליטערישע דיקטאַטור. פאַפען האָט אינטריגירט קעגן שלייכערס פּלענער, פירנדיק אונטערהאַנדלונגען מיט היטלערן און הוגענבערגן. צום סוף האָבן די הערשנדיקע גרופּן פון דייטשלאַנד באַשלאָסן צו פּרוּוון אַ שפּרונג אין דער פינסטער. דעם 30־טן יאַנואַר 1930 האָט הינדענבורג, וועלכער איז געוויילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט מיט סאָציאַל־דעמאָקראַטישע שטימען, באַשטימט היטלערן אַלס קאַנצלער.

## קאַפּיטל II:

## „דער רייכסטאַג ברענט!“

חדשים פון אינטריגעס אין פּרעזידענט הינדענבורגס פּאַלאַץ האָבן צוגעאיילט דאָס פאַלן פונם גענעראַל שלייכער. די עקאָנאָמישע שוועריקייטן זענען געוואַקסן. אויף יעדן טריט און שריט האָט שלייכער אָנגעטראָפן אויף שטערונגען, וועל־

:ע פאפען האט אים געמאַכט מיטן כוח פון זיין איינפלוס אויף הינדענבורגן. פונם מאָמענט פון זיין פאַלן האט פאַפען סיסטעמאַטיש געאַרבעט, כדי אַראָפּצוּוואַרפן שלייכערן.

אַרום הינדענבורגן האָבן זיך גרופּירט פאַרשידענע קרייזן, וועלכע האָבן זיך קעגנזייטיק באַקעמפט. זיי האָבן נישט געקעמפט צוליב פערזענלעכע סימפּאַטיעס און אַנטי-פּאַטיעס, נאָר צוליב די באַזונדערע אינטערעסן פון פאַר-שידענע טיילן פון הערשנדיקן קלאַס, צוליב אינטערעסן פון איינפלוסרייכע פּאָליטישע גרופּן.

גענעראַל קורט פאָן שלייכער איז געקומען צו דער מאַכט מיט דער הילף פון דער רייכסווער. דער דאָזיקער מענטש, וועלכער האָט אין זיין קאַנצלער-רעדע דורכן ראַדיאָ דערקלערט, אַז ער איז אַ „סאָציאַלער גענעראַל", האָט מיט פערצן יאָר צוריק צוגעלייגט זיין האַנט צו געבן אַ שטויס די דייטשע רעפּובליק אין דער ריכטונג פון רעאַקציע. שליי-כער האָט זיך צום ערשטן מאָל באַוויזן אויף דער אַרענע אין נאָוועמבער 1918 אַלס פאַרבינדונגס-גליד צווישן גענע-ראַל-שטאַב און די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פאָלקס-דעלעגאַטן, כדי געמיינזאַם צו דערשטיקן די רעוואָלוציע. דער נאָמען פונם יינגן גענעראַל-שטאַב-קאַפּיטאַן איז אין יענע טעג גע-ווען פאַרבונדן מיט די נעמען פון הינדענבורג, גרענער און שבערט. ער האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אין דער ניי-געשאַפענער רייכסווער. אין אָקטאָבער 1923, ווען שבערט האָט איבערגעגעבן די גאַנצע אויספיר-מאַכט אין די הענט פונם רייכסווער-גענעראַל פאָן זעקט, כדי צו דערשטיקן די דראָענדיקע רעוואָלוציע, איז שלייכער געווען דער אויספי-רער פון די אויסנאַם-געזעצן. פון זיין יוגנט אָן האָט זיך שלייכער געפונען אין ענגע באַציונגען מיט הינדענבורגן און

מיט זיין זון פּולקאָווניק אָסקאַר פאָן הינדענבורג, מיט וועלכן ער האָט צוזאַמען געדינט אין דער גוואַרדיע און אינם גענעראַל-שטאַב. שלייכער איז געוואָרן הינדענבורג׳ס פּערזענ־לעכער בעל-יועץ. ער האָט געהאַלטן די פעדים אין זיין האַנט, ווען הינדענבורג האָט אין מערץ 1930 כּשלח געוועזן פון דער רעגירונג דעם סאָציאַל-דעמאָקראַטישן קאַנצלער הערמאַן. שלייכער האָט דורכגעפירט דאָס אָראַנזשעצן ברי־נינגן, ווען ביי די פירנדיקע גרופּן פון דייטשן קאַפּיטאַליזם איז רייף געוואָרן דער געדאַנק איבערצוגעבן די מאַכט די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטן. שלייכער גופא האָט איבערגענומען גרענערס אָרט אַלס רייכסווער-מיניסטער.

אפילו ווען פּאַפּען איז נאָך געווען קאַנצלער, האָט שוין שלייכער אָנגעהויבן צו באַזעצן די וויכטיקסטע פּאָסטנס אין רעגירונגס-אַפּאַראַט מיט אייגענע מענטשן. זיין פּאַפּענס רעגירונג האָט זיך אַ וואַקל-געטון, האָט אים שליי־כער געגעבן דעם לעצטן שטויס און צוגערעדט די מערהייט מיניסטאָרן אַרויסצוטרעטן מיט אַן אולטימאַטום, אַז פּאַפּען מוז גיין. זיין ראָל איז געוואָרן אַלץ בולטער. ס׳איז אָבער לייכטער צו מאַנעווורירן אויפן גלאַטיקן פּאַרקעט פון די רעגירונגס-געביידעס, איידער צו פירן פּאָליטיק אויפן גע־פערלעכן גרונט פון זיך-פאַרשאַרפנדיקן עקאָנאָמישן קריזיס. זיין קורצע רעגירונגס-צייט איז דורכגעלאָפן אָן אַ פּראָגראַם, אָן אַ פּאָליטישער ליניע. זיין רעגירונג האָט נאָר געדאַרפט דינען די שטאַרקסטע קאַפּיטאַליסטישע גרופּן אַלס אַ בריק צו דער פאַשיסטישער אַטאַקע קעגן דער וואַקסנדער רעוואָ־לוציאָנערער שטימונג צווישן די אַרבעטער.

אין דער גרופּע, וועלכע איז געווען ענג פאַרבונדן מיט הינדענבורגן, האָט דעם אויבנאַן פאַרנומען זיין זון און

פּערזענלעכער אַדיוטאַנט פּולק. אָסקאַר פֿאָן הינדענבורג. הינדענבורגס סעקרעטאַר איז געווען דר. מייסנער, וועלכער האָט פֿאַרנומען די זעלבע שטעלונג ביי עבערטן. אויך פֿאָן פּאַפּען האָט געהערט צו הינדענבורגס ענגן קרייז. פּאַפּען האָט געהאַט פֿאַרבינדונגען מיט די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטן, מיט היטלערן און געריננגן, מיטן שטאַלהעלם און מיט הוגענבערגס דייטש-נאַציאָנאַלע. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, נאָך דעם ווי ער האָט אויפגעהערט צו זיין קאַנצלער, האָט זיך פּאַפּען געטראָפֿן מיט היטלערן אין קעלן, אין הויז פֿון באַנקיר שרעדער. היטלער, וועלכער האָט דעם 7-טן נאָוועמבער אַרויסגעלאָזט אַן אויפֿרוף צו קעמפֿן קעגן פּאַפּענען „ביזן לעצטן אָטעם", האָט איצט אינם באַנקירס קאַבינעט מסכּים געווען צו פּאַפּענס פֿאַרטרויִלעכע פֿאָרשלאַגן. פֿון קעלן איז פּאַפּען געפֿאָרן קיין דאָרטמונד, צו פֿירן דאָרט געהיימע אונטערהאַנדלונגען מיט די פֿאָרשטייער פֿון דער ריינישוועסטפֿאַלישער שווער-אינדוסטרי, וועגן אַ נייער רעגירונג.

שלייכער האָט אויך געהאַט פֿאַרבינדונגען מיט די נאַציס, באַזונדערס מיט זייער „סאָציאַליסטישן" פֿליגל אונטער גרעגאָר שטראַסערס אָנפֿירונג. שלייכער האָט געפּרוּווט אויסצונוצן פֿאַר זיינע צוועקן דעם קריזיס אין דער נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וועלכער איז געקומען צום אויסדרוק אינם פֿאַרלוסט פֿון 2 מיליאָן שטימען בעת די וואַלן פֿון 6-טן נאָוועמבער. ער האָט אויך געהאַט אַ פֿאַרבינדונג מיטן סאָציאַל-דעמאָקראַט לייפּאַרט, פֿאָרזיצער פֿון הויפּט-ראַט פֿון די דייטשע פּראָפֿ. פֿאַריינען, מיט די קריסטלעכע פּראָפֿ. פֿאַריינען, ווי אויך מיטן נאַציאָנאַליסטישן פֿאַרבאַנד פֿון האַנדלס-אָנגעשטעלטע. ער האָט פּרובירט צו שאַפֿן פֿאַר זיך אַ פּראָפֿעסיאָנעלן מאַסן-באַזיס, אָנהויבנדיק פֿון די ס.ד. און

ענדיקנדיק מיטן „סאָציאַליסטישן" פליגל פון די נאַציס. אין דער זעלבער צייט האָט שלייכער אַוועקגעשענקט די יונקערס שווערע מיליאָנען אַלס „הילף".

די אונטערהאַנדלונגען צווישן די אַלע גרופּן זענען געפירט געוואָרן דורך פּאַרטרויל־עכע אַגענטן. יעדן טאָג זע־נען געבוירן געוואָרן און פאַרשוואונדן נייע קאָאַליציעס. יעדן טאָג האָט זיך די לאַגע געענדערט. שלייכער האָט גע־האַט די אונטערשטיצונג פון קרופּן און געהיימראַט דואיס־בערג פונם כעמישן קאָנצערן י. ג. פאַרבען־אינדוסטרי. דאָס זענען געווען די פירנדיקע פּערזענלעכקייטן אינם פאַרבאַנד פון דער דייטשער אינדוסטריע. פּאַפּענען האָבן אויך אונטער־געשטיצט אָנגעזעענע אינדוסטריעלער ווי טיסען, הוגענבערג א. א. אַלע זענען געווען איינשטימיק, אַז מ׳דאַרף צוציען די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן אַלס פּאָליטישן אונטערשפּאַר פאַר אַ רעגירונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער דיקטאַטור. ס׳זענען אָבער געווען חלוקי־דעות וועגן דער פאָרם און דעם פּאַר־נעם פון היטלערס אָנטיילנעמען אין דער רעגירונג. די אינטרי־געס אין הינדענבורגס פּאַלאַץ זענען געווען אַן אָפּשפּיגלונג פון די דאָזיקע חלוקי־דעות.

**דער סקאַנדאַל מיט דער „אסטהילפע".** סוף יאַנואַר 1933 האָט שלייכער דערפילט, אַז זיין רעגירונג ווערט אַלץ מער און מער אונטערמינירט דורך די אינטריגעס פון פּאַ־פּענען און פון די גרויסע גוט־באַזיצער קרייזן, וועלכע זע־נען מיט אים פאַרבונדן. ער האָט אויך געפילט, אַז ער איז באַזייטיקט געוואָרן פון הינדענבורגס מקורבים־קרייז. ער האָט דעריבער באַשלאָסן אָנצונעמען פּאַרטיידיקונגס־מיטלען, וועלכע ער האָט שוין צוגעגרייט זייט אַ יטוויפּטער צייט. אין אַ שיי־

נעם פּרימאָרגן זענען די צייטונגען פול געוואָרן מיט ידיעות וועגן דער „אָסטהילפע"-אַפערע פון די יונקערישע גוט-באַזיצער. אַן אויספאָרשונג-קאָמיסיע איז באַשטימט געוואָרן דורכן רייכסטאַג. די אַרבעטער-מאַסן זענען געווען אויפגעבראַכט ביז גאָר. דער סקאַנדאַל האָט געדראָט אַריינצוציען אַפילו הינדענבורגן גופא.

נאָך פון די צייטן, ווען הערמאַן מילער איז געווען קאַנצלער, האָבן די יונקערס באַקומען מיליאָנען מאַרק דורך דער אַזוי-גערופענער „אָסטהילפע", כדי אַוועקשטעלן אויף די פיס זייערע באַנקראָטירטע מאַיאָנטקעס. די קליינע פּויערים האָבן פּאַקטיש גאָרנישט באַקומען; די גרויסע גוט-באַזיצער האָבן צוגענומען דאָס גאַנצע געלט. די אויספאָרשונגס-קאָמיסיע האָט פעסטגעשטעלט אַ גאַנצע ריי מיסברויכן אויף הונדערטער טויזנטער מאַרק. איינער פון די רייכסטע גוט-באַזיצער, אַן אייגנטימער פון זעקס מאַיאָנטקעס און הינדענבורגס פּערזענלעכער פריינט און שכן, האָט באַקומען 621 טויזנט מאַרק, אָנגעבנדיק פאַלשע באַווייזן. צוויי פירשטן האָבן אויף דעם זעלבן אופן באַקומען 700 טויזנט מאַרק. אַ געוויסער גוט-באַזיצער, וועלכער האָט פאַרשווענדעט זיין פאַרמעגן אויף הוליאַנקעס, ווייַן און פרויען האָט באַקומען 281 טויזנט מאַרק. צוויי קאָנטראָלערן פון דער „אָסטהילפע" האָבן אָפּגעצאָלט אַלע זייערע חובות און נאָך אַריינגעשאַרט צענדליקער טויזנטער מאַרק. אַ מיטגליד פון אַן אדעליקער פאַמיליע האָט אָפּגעשריבן זיין גאַנצן לעבעדיקן אינווענטאַר זיין פרוי, כדי צו באַקומען 154 טויזנט מאַרק.

טאָג-איין טאָג-אויס האָבן די צייטונגען פאַרעפנטלעכט אַלץ נייע נעמען פון די מענטשן, וועלכע זענען געווען פאַרמישט אין דער אַפערע און צווישן וועלכע ס'האָבן זיך

געפונען הינדענבורגס שכנים און מקורבים. אין הינדענבורגס הויז האָבן די אַנטפּלעקונגען אַריינגעבראַכט אַ צעטומלעניש, ווייל צווישן די קאָמפּראָמיטירטע האָבן זיך אויך געפונען דעם פּרעזידענטס פריינט, וועלכע האָבן זיך געפּאָרעט ביים אָוועקשענקען הינדענבורגן אַלס מתנה צו זיין 80-יעריקן געבורטס-טאָג דאָס גוט נוידעק. פון דעראָזיקער מתנה האָט מען נישט אָפּגעצאָלט דעם געהעריקן שטייער און דאָס גוט איז פאַרשריבן געוואָרן נישט אויף הינדענבורגס נאָמען, נאָר אויפן נאָמען פון זיין זון, כדי אַזוי אַרום אויסצומיידן אין דער צוקונפט דעם ירושה-שטייער. דער שמוץ פון „אָסטהילפע"-סקאַנדאַל האָט באַשפּריצט די מונדירן פון פּרעזידענטס פּאַלאַץ.

דאַן האָבן די יונקערס באַשלאָסן: שלייכער מוז אַוועקגיין! — פּונקט ווי זיי האָבן פריער באַשלאָסן משלח זיין ברינינגען.

**היטלער ווערט קאַנצלער.** דעם 28-טן יאַנואַר איניטערפרי האָט זיך שלייכער אָנגעגעבן אין דעמיסיע, נאָכדעם ווי הינדענבורג האָט זיך אָפּגעזאָגט צו געבן זיין הסכמה פאַנאַנדערצולאָזן דעם רייכסטאָג. הינדענבורג האָט באַפולמעכטיקט פּאַפּענען צו אונטערהאַנדלען מיט היטלערן וועגן שאַפן אַ רעגירונג פון „נאַציאָנאַלער קאָנצענטראַציע". ס'זענען אַדורך צוויי טעג פון אויסערגעוויינלעכער שפּאַנונג. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט גערופן צו אַ גענעראַל-שטרייק קעגן דער דראָענדיקער היטלער-דיקטאַטור. שלייכער האָט געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט לייפּאַרטן. דער הינטערקוליסן-קאַמף איז געוואָרן אַלץ שאַרפער. אין דער נאַכט פון 29-טן אויפן 30-טן יאַנואַר האָט זיך שלייכער אַרומגעטראָגן

פֿיטן געדאַנק צו פּראָקלאַמירן אַ מיליטערישע דיקטאַטור און אַרויסצורופֿן דעם פּאָטסדאַמער גאַרניזאָן קיין בערלין. די לאַגע האָט אַ ליאַדע מינוט געדראָט צו ווערן געפֿערלעך. דאַן האָט הינדענבורג באַשלאָסן צו באַשטימען היטלערן אַלס קאַנצלער, אונטער געוויסע באַדינגונגען. אויף אַזאַ אופֿן איז דעם 30-טן יאַנואַר אינדערפֿרי געבילדעט געוואָרן די היטלער-פּאַפּען-הוגענבערג רעגירונג.

דער קאַנצלער-אַמט איז אַרייַנגעפֿאַלן אין היטלערס הענט, אָבער געשען איז דאָס נישט אַלס פּועל-יוצא פֿון אַ העראָישן קאַמף. דער 30-טער יאַנואַר איז נישט געווען דער שפּיץ-פּונקט פֿון אַ „נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע", וועלכע האָט פֿאַרכאַפּט די מאַכט דורך אַ דרייסטן אָנגריף. מ'האָט געגעבן היטלערן דעם קאַנצלער-אַמט, ווען די אָנפֿירנדע קרייזן פֿונעם הערשנדיקן קלאַס האָבן געדאַרפֿט נישט נאָר פֿאַרשטאַרקן זייער מאַכט קעגן אַרבעטער-קלאַס, נאָר אויך פֿאַרווישן די שפּורן פֿונעם „אָסטהילפֿע"-סקאַנדאַל.

אין אָוונט פֿונעם 30-טן יאַנואַר האָבן די שטורם-אָפּטיילונגען און דער שטאָלהעלם מאַרשירט מיט ברענענדע שטורקאַצן איבער דער ווילהעלמשטראַסע, דעמאָנסטרירנדיק לכבוד הינדענבורגן און היטלערן. די שטורמיסטן און די שטאָלהעלמיסטן האָבן נישט אָנגעהויבן צו וויסן ווען דעם גאַנצן הינטערקוליסן-קאַמף און פֿייערנדיק דעם „טאָג פֿון נאַציאָנאַלער דערוואַכונג", האָבן זיי נישט געוואוסט, אַז קאַפּיטאַל-ראָפּציע און פּראָפֿיט-גיריקייט זענען זייַנע גאָר נאָענטע קרובים.

**די כוואַליע פֿון ווידערשטאַנד וואַקסט.** דעם 30-טן יאַנואַר 1933 האָט זיך די קאָמוניסטישע פּאַרטיי געווענדעט מיט אַ אָפֿיציעלן פֿאָרשלאַג צום צענטראַל-קאָמיטעט פֿון דער

ס. ד.-פאַרטיי און צום הויפּט-ראַט פון די ס. ד. פראָפ. פאַריי-נען ווי אויך צו די קריסט־עכע פראָפ. פאַריינען וועגן געמיינזאַמער פראָקלאַמירונג פון אַ גענעראַל־שטרייק מיטן ציל אַראָפּצוואַרפן די היטלער־רעגירונג. די סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיע און די פראָפ. פאַריינען האָבן געענטפערט: „היטלער איז געקומען צו דער מאַכט אויף אַ געזעצלעכן וועג". מ׳דאַרף וואַרטן, האָבן זיי געטענהט, ביז ער וועט פאַרגוואַל־טיקן די געזעצלעכקייט. איצט דאַרף מען נישט פירן קיין שום קאַמף. די אַלגעמיינע שטעלונג פון דער ס. ד.־פרעסע איז געווען, אַז היטלער וועט האָבן אַ גיכן סוף.

באַדייטנדיקע שיכטן פון דייטשע אַרבעטער האָבן איינ-געשטימט צו דער דאָזיקער שטעלונג. די קאָמ. פּאַרטיי איז נישט געווען אימשטאַנד מיטרייסן צום קאַמף די מערהייט פונם אַרבעטער-קלאַס. אין די דאָזיקע ערשטע פעברואַר-טעג וואָלט זיך די אין איילעניש-געבילדעטע היטלער-רעגירונג נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיטן פאַרייניקטן אָנגריף פונם אַרבעטער-קלאַס. די שטורם-אָפּטיילונגען האָבן דורכגעמאַכט אַ שווערן קריזיס און אין פיל ערטער פאַרלוירן אַ העלפט פון זייערע מיטגלידער. מיטן פּאָליצייאישן אַפּאַראַט איז נאָך די נייע רעגירונג נישט געווען אינגאַנצן זיכער. אויך מיט שלייכערס רייכסווער וואָלט זי געהאַט שוועריקייטן. אָבער דער אָפּזאָג פונם גענעראַל-שטרייק האָט געגעבן דער היט-לער-רעגירונג די צייט, אין וועלכער זי האָט זיך געניוויטיקט.

נישט קוקנדיק דערויף איז דער ווידערשטאַנד פון די אַרבעטער געוואַקסן אין בערלין, אין האַמבורג, אין רור-געביט, אין ריין-געביט, אין מיטל-דייטשלאַנד און אין אַלע טיילן פון לאַנד. אַנטקעגן היטלערס דיקטאַטור איז געשטאַנען אַן אַרבעטער-קלאַס, וועמענס קאַמפס-כח איז נאָר נישט

געװען געבראָכן. דעם 22 יאַנואַר נעת דער היטלערישער דעמאָנסטראַציע פאַרן קאַרל ליבקנעכט-הויז, האָבן זיך די אַרבעטער נישט געלאָזט פּראָװאָצירן, איצט אָבער האָט זיך אָנגעהויבן אַ ברייטע באַװעגונג פאַר אַ בשותּפותדיקן קאַמף קעגן פאַשיסטישן טעראָר. סאָציאַל-דעמאָקראַטישע, קריסטלע־כע און קאָמוניסטישע אַרבעטער האָבן זיך פאַראייניקט, כּדי צו פאַרטיידיקן אַרבעטער-צייטונגען און פאַראיינס-הייזער. היטלער האָט פאַרמאַכט צייטונגען, פאַרװוּסט דעמאָנסט־ראַציעס און געשיקט זיינע שטורם-אָפּטיילונגען אין די אַר־בעטער-קװאַרטאַלן. דער ענטפער פונם אַרבעטער-קלאַס איז געװען — אַ ברייטע אַנטי-פאַשיסטישע באַװעגונג, אין װעל־כער אַלע טיילן זענען געװען פאַראייניקט.

ס'איז נויטיק אַ פּראָװאָקאַציע. היטלער איז שוין געװען זינט אַ פּאָר װאָכן ביי דער מאַכט, אָבער די לאַ־גע איז גאָרנישט געװען פויגלדיק. די רעגירונג האָט פאַנאַנדערגעלאָזט דעם רייכסטאַג און פאַראָרדנט נייע װאַלן. פינאַנס דעקרעטן זענען װידער איינגעפירט געװאָרן אין לעבן אין אַ פאַרשאַרפטער פאָרם און דער „אָסטהילפע"-סקאַנ־דאַל איז באַגראָבן געװאָרן אין אַ געהיימער קאָמיסיע. היט־לער האָט פּראָקלאַמירט דורכן ראַדיאָ זיין נישט-עקזיסטירנ־דיקן „פיר-יאָר-פּלאַן". אָבער די מיליאָנען װײלער זיינע, װעלכע האָבן אויסגעקוקט דעם „דייטשן סאָציאַליזם", האָט מען נישט געקאָנט באַפרידיקן בלויז מיט דעקרעטן און אומ־באַשטימטע צוזאָגן.

סוף יאַנואַר איז היטלער געװען געצװאונגען אַריינ־ציִיִען אין דער רעגירונג אונטער הינדענבורגס באַדינגונגען, װעלכע האָבן אים שטאַרק באַגרענעצט. ער איז איינגעגאַנ־

גען אויפן קאָמפּראָמיס צוליב אַ ריי סיבות: אומצופרידנקייט צווישן זיינע אָנהענגער און מיטלויפער, קריזיס און צאָלריי. כע אָרויסטרעטונגען פון דער פּאַרטיי ווי אויך ריזיקע חובות פון דער פּאַרטיי. אַ סך פריערדיקע נאַצי־ווײלער פון די בירגערלעכע קרייזן האָבן איצט אַרויסגעוויזן אַ חשק זיך אומצוקערן צו די דייטש־נאַציאָנאַלע. דעם 6־טן נאָוועמבער 1932 האָבן די קאָמוניסטן געוואונען עלף מאַנדאַטן און היטלער האָט פאַרלוירן פינף און דרייסיק. אין דער נייער רעגירונג זענען געווען דריי נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע מיניס־טאָרן און אַכט פאַרשטייער פון די דייטש־נאַציאָנאַלע און פונם שטאָלהעלם. קיין שום ענדערונגען אינם קאַבינעט האָט מען נישט געקאָנט מאַכן אָן הינדענבורגס הסכמה.

צוליבן וואוקס פון די אַנטיפאַשיסטישע שטימונגען צווישן די אַרבעטער זענען היטלערס וואַל־אויסזיכטן נישט געווען גלענצנד. הוגענבערג און די דייטש־נאַציאָנאַלע האָבן געהאַלטן אין זייערע הענט אַלע עקאָנאָמיש־וויכ־טיקע פּאָרטפעלן אין קאַבינעט און די פאָלקס־מאַסן האָבן אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז היטלער פירט אַדורך די פּאָלי־טיק פון די קאַפּיטאַליסטן. די אַנטוויקלונג פון די מאַסן וואָלט באַקומען איר אויסדרוק אינם וואוקס פון די קאָמו־ניסטישע שטימען בעת די וואַלן פון 5־טן מערץ. פאַר די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פירער איז געוואָרן אומבאַדינגט נויטיק צו ענדערן די לאַגע דורך אַ פּראָוואָקאַציע פון גרויסן מאַסשטאַב. די וואַלן וואָלט מען דאַמאָלס געקאָנט אַדורכפירן ביי אַ פּאָגראָם־שטימונג קעגן קאָמוניסטן און סאָציאַל־דעמאָ־קראַטן. גלייכצייטיק וואָלט דאָס פאַרשטאַרקט די פּאָזיציע פון די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן אין דער רעגירונג.

געבעלס האָט צוגעטראָט דעם פּלאַן פון דער שווי־

דערלעכסטער פראָוואָקאַציע, וועלכע אַ הערשנדיקער קלאַס האָט ווען נישט איז אָנגעווענדעט קעגן דעם אויפגעבראַזטן אַרבעטער־קלאַס. גערינג, דער רייכסטאַג־פּאָרזיצער און אָנפי־רער פון דער פרייסישער פּאָליציי, איז געווען פאַראַנטוואָרט־לעך פאַר דער געניוער אויספירונג פונם פּלאַן. לכתחילה האָבן די נאַצי־פירער געפּלאַנט אַראָפּצוברענגען קיין בערלין אויף דער נאַכט פון 5־טן אויפן 6־טן מערץ אַלע שטורמיסטן. דער פּלאַן איז אָבער צעשטערט געוואָרן צוליב די דראָונגען פון זייערע פאַרבינדעטע אַראָפּצוברענגען קעגן זיי די רייכסווער. דאַקעגן דער נייער פּלאַן זייערער איז געווען מסוגל צו באַפרידיקן זייער שטרעבונג צו אַן אומבאַגרענעצטער רעגירונגס־מאַכט און צוצוגרייטן אַ באָדן פאַרן אומגעצוימטן נאַצי־טעראָר.

די נאַצי־פירער האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט. דער דייטש־נאַציאָנאַלער בערלינער פּאָליציי־פּרעזידענט דר. מעלכער איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן קיין מאַגדעבורג און זיין אָרט אין בערלין האָט פאַרנומען דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסט אַדמיראַל פאָן־לעוועצאָוו. דעם 24־טן פעברואַר האָט די פּאָליציי ווידעראַמאָל דורכגעפירט אַ רעוויזיע אינם ליבקנעכט־היז, דער הויפּט־קוואַרטיר פון דער דייטשער קאָמ. פּאַרטיי. הגם מיט עטלעכע וואָכן פריער האָט די פּאָליציי שוין געהאַט באַזעצט דאָס ליבקנעכט־הויז און דורכגעפירט דאָרט אַ גענויע רעוויזיע, וועלכע האָט אָבער נישט געגעבן קיין שום רעזולטאַטן, האָט זי איצט פּלוצלינג געפונען „שטאַרק קאָמפּראָמיטירנדיקע מאַטעריאַלן". אַ טאָג פאַר דער רייכסטאַג־שרפה האָט די גאַנצע בירגערלעכע פּרעסע אונטער ריזיקע קעפּ דערציילט אירע לעזער וועגן די „סודות" פון קאַרל־ליבקנעכט־הויז, וועגן „אונטערערדישע דורכגענג", „באַווייזן

פון פּאַראַט" און „פּלענער פון אַ באָלשעוויסטישער רעוואָ־
לוציע". די פּרעסע האָט אויך מיטגעטיילט וועגן אַ כּלומרשטן
קאָמוניסטישן באָמבען־אַטענטאַט אויף אַ באַן־ליניע אין מזרח־
פּרייסן (וועגן דאָזיקן אַטענטאַט איז מער קיינמאָל נישט
דערמאָנט געוואָרן!). דעם 25־טן יאַנואַר איז אויסגעבראָכן
אַ קליינע שׂרפה אין בערלינער שלאָס, וועלכע איז אויף אַ
סענסאַציאָנעלן אופן געשילדערט געוואָרן אַלס אַ „קאָמוניס־
טישער אַקט". אַזוי אַרום איז די עפנטלעכע מיינונג זאָרג־
פעלטיק צוגעגרייט געוואָרן פון טאָג צו טאָג, פון איין נו־
מער צום צווייטן, צום „גרויסן קלאַפּ".

די קאָמ. פּאַרטיי האָט באַקומען זיכערע ידיעות, אַז
די רעגירונג גרייט־צו אַ פּראָוואָקאַציע. דער קאָמ. דע־
פּוטאַט ווילהעלם פּיק האָט וועגן דעם גערעדט אין בערלי־
נער ספּאָרט־פּאַלאַץ. ער האָט דערמאָנט וועגן נאַצי־פּלאַן צו
אינסצעניזירן אַ כּלומרשטן אַטענטאַט אויף היטלערן אָדער אַן
אַנדער פּראָוואָקאַציע, וועלכע וועט דורכגעפירט ווערן אַ פּאָר
טעג פאַר די וואַלן און וועט געבן אַ געלעגנהייט צו פאַר־
ווערן די קאָמ. פּאַרטיי. די קאָמוניסטישע רייכסטאַג־פראַקציע
האָט אָפּגעגעבן אַן ענלעכע דערקלערונג אויף אַ פּרעסע־
קאָנפערענץ פאַר אויסלענדישע זשורנאַליסטן.

די היטלעריסטישע פּרעסע, פאָלגנדיק די באַקומענע
אינסטרוקציעס, האָט אויפגעהויבן אַ ווילדע העצע קעגן די
רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער. יעדער איינער, ווער ס'האָט נאָכ־
געפאָלגט די פּאָליטישע לאַגע, האָט פאַרשטאַנען, אַז די קרי־
טישע מינוט איז נאָענט. אַלע האָבן געפילט, אַז „עפּעס הענגט אין
דער לופטן". און דאַן, אין דער נאַכט פונעם 27־טן אויפן 28־טן
פעברואַר האָבן אַלע דייטשע ראַדיאָ־סטאַציעס פאַנאַנדערגעטראָגן
איבער דער גאַנצער וועלט די בשׂורה: „דער רייכסטאַג ברענט!"

# וואַן דער ליבע, דאָס העלדנטום

מאַרינוס וואַן דער ליבע איז געבוירן געוואָרן אין לײדען דעם 13־טן יאַנואַר 1909. זײן פאָטער האָט געהאַט אַ קלײן געװעלב און פלעגט אויך אַרומגײן מיט זײן סחורה איבער די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער. מאַרינוס האָט אַ קורצע צײט געהאָלפן דעם פאָטער אין געשעפט. ווען ער איז אָבער אַלט געוואָרן זעכצן יאָר, איז ער געוואָרן אַ בוי־אַרבעטער. נאָך אַ פאַרפאַל, וועלכער האָט אויף שטענדיק באַשעדיקט זײן חוש־הראיה, האָט ער געמוזט אַוועקוואַרפן דאָס פאַך. קורץ פאַר דעם פאַרפאַל איז ער אַרײנגעטרעטן אין דער לײדענער אָפּטײלונג פונם קאָמוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד. ער איז שטענדיק געווען אַמביציעז און אַ כבוד־זוכער, און אין יאַנואַר 1929 איז ער אַרויסגעטרעטן פונ׳ם קאָמ. יוגנט־פאַרבאַנד, ווײל מ׳האָט אים נישט באַשטימט אַלס פירער פון דער פּיאָנערן־אָרגאַניזאַציע. ער איז צום צווײטן מאָל אַרײנגעטרעטן, און אין דעצעמבער 1929 ווידעראַמאָל אַרויסגעטרעטן צוליב אַ סכסוך מיטן פאַרבאַנד, ווײל ער האָט אָנגעשריבן און פאַנאַנדערגעטײלט פלוגבלעטער, אונטערגעשריבן מיט זײן אײגענער אונטערשריפט. אין 1930 איז ער צום דריטן מאָל אַרײנגעטרעטן אין דעם פאַרבאַנד, מ׳האָט אָבער נישט געהאַט צו אים קײן צוטרוי און ער האָט זיך אַקטיוו נישט באַטײליקט אין דער אַרבעט. אין אַפּריל 1931 איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן די פראַגע וועגן אויסשליסן אים, ער האָט אָבער נישט געוואַרט אויפן באַשלוס און אַלײן אַרויסגעטרעטן. פון דעם טאָג אָן האָט ער מער קײן שום שײכות

מיטן קאָמוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד אָדער מיט דער קאָמוניס־טישער פּאַרטיי נישט געהאַט, נאָר פאַרקערט, אָנגעפאַלן אויף די קאָמוניסטן ביי יעדער געלעגנהייט.

וואַן דער ליבעס לעבן. מאַרינוס וואַן דער ליבע האָט נאָך זיין פאָרפאַל פאַרברענגט פינף חדשים אין ליי־דענער שפּיטאָל. ער האָט זיך מער נישט געקאָנט אומקערן צום פאַך און פּרובירט צו פאַרדינען אויף פאַרשידענע אופנים. ווינטער 28–1927 האָט ער צייטווייליק געאַרבעט אַלס קעל־נער אין אַ ליידענער רעסטאָראַן. אין זומער 1928 איז ער געווען אַ פּאָרטיער אינם האָטעל „וואַן האָלאַנד" אין נאָרד־ווייק. דערנאָך האָט ער געהאַנדלט אויף אייגענעם חשבון מיט קאַרטאָפל און דאַן ווידער געאַרבעט ביים איבערפירן בוי־מאַטעריאַלן מיטן טייך צווישן נאָרדווייק און זאַסענהיים.

זומער 1930 איז ער געקומען קיין קאַלע, און דערציילט שפּעטער, אַז ער האָט געאַרבעט ביי ערד־אַרבעטן און האָט אויך עטלעכע מאָל פּרובירט אַדורכצושווימען דעם קאַנאַל לאַמאַנש. מיר האָבן דורכגעפירט אַ גענויע אויספאָרשונג אין קאַלע, אָבער נישט געקאָנט געפינען קיין שום באַווייז, אַז ער זאָל טאַקע האָבן ווען נישט איז געמאַכט אַזאַ פּרוּוו. אָבער דער פאַקט אַליין, אַז ער האָט זיך דערמיט באַרימט נאָך זיין צוריקקומען פון קאַלע, איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר אים.

די אויספאָרשונג וועגן זיין לעבן אין ליידען האָט אויסער יעדן צווייפל פעסטגעשטעלט דעם פאַקט, אַז ער איז געווען אַ האָמאָסעקסואַליסט. דער דאָזיקער פאַקט האָט אַ גרויסע וויכ־טיקייט פאַר זיין ווייטערדיקער לעבנס־געשיכטע.

זיין רייזע איבער איירָאָפּע. צוזאַמען מיט זיינע אַ פריינט האָלווערדאַ האָט וואַן דער ליבע געפּלאַנט אונ־טערצונעמען אַ רייזע דורך גאַנץ איירָאָפּע. ער האָט געלאָזט אָפּדרוקן קאַרטן מיט זיינע און האָלווערדאַס פאָטאָגראַפיעס און מיט אויפשריפטן אין פיר שפּראַכן, אַז זיי נעמען אונ־טער אַ רייזע דורך איירָאָפּע און ראַטנפאַרבאַנד. איידער זיי האָבן זיך געלאָזט אין וועג, האָבן זיי זיך צעקריגט און האָלווערדאַ איז פאַרבליבן אין ליידען. די פּאָסטקאַרטן באַ־שטעטיקן ווירקלעך, אַז די רייזע האָט זיך געזאָלט אָנהויבן דעם 14־טן אַפּריל 1931. אין אונזער באַזיץ געפינט זיך איינע פון די דאָזיקע קאַרטן, דאַטירט אין פּאָטסדאַם נעבן בערלין דעם 14־טן אַפּריל 1931. קורץ דער־נאָך איז וואַן דער ליבע געווען צוריק אין ליידען.

**די באַקאַנטשאַפט מיטן ד״ר בעל.** נאָכן צוריקקו־מען פון זיין ערשטן קורצן וויזיט אין דייטשלאַנד האָט וואַן דער ליבע דערציילט זיינע פריינט, אַז ער האָט זיך באַקענט מיט אַ הער, וועלכער האָט אים אַריינגענומען אין זיין אויטאָ. אויף אַזאַ אופן האָט ער זיך באַקענט מיטן מענטש, וועלכער האָט געשפּילט אַ דעצידירנדיקע ראָל אין וואַן דער ליבעס שפּעטערדיקן לעבן.

וואַן דער ליבע האָט זיך געטראָפן מיטן דר. בעל אין אַפּריל אָדער מאַי 1931. מיר ווייסן דאָס פון דר. בעלס אַ פריינט, וועלכער שרייבט:

„אויב איך דערמאָן זיך ריכטיק, איז דאָס געווען אין מאַי 1931. בעל האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט זיך באַ־קענט מיט אַ יונגן האָלענדישן אַרבעטער, וועלכער האָט אויף אים געמאַכט זייער אַ גוטן איינדרוק. ער האָט אים

וויזט אויס געטראָפן, ווען ער איז אַרויסגעפאָרן מיט זיין אויטאָ נישט ווייט פון בערלין, אָדער פּאָטסדאַם. דער יינ־גער האַלענדער האָט שפּעטער אָפּגעשטאַט בעלן אַ וויזיט אין מינכען. בעל האָט אים גערופן רענוס אָדער רינוס. זיי האָבן זיך אָפט באַגעגנט."

וואָז דער ליבע איז מינכען. אין סעפּטעמבער 1931 איז וואַן דער ליבע צום צווייטן מאָל אַרויסגעפאָרן קיין דייטשלאַנד. ער האָט נאָך געהאַט די פּאָסטקאַרטן, וועלכע ער האָט געהאַט אָפּגעדרוקט צו זיין „רייזע איבער איירא־פּע" און פאַרקויפט זיי אין וועג. אינם גרענעץ־שטעטל גראָ־נאַו איז ער אין סעפּטעמבער 1931 אַרעסטירט געוואָרן פאַר פאַרקויפן אין די גאַסן זיינע פּאָסטקאַרטן אָן אַ דערלויבניש. דאָס געריכט האָט אים פאַרמשפּט צו אַ קליינער געלט־שטראָף. נישט ווייט פונם אָרט באַכאַראַך אויפן ריין האָט וואַן דער ליבע פאַרפירט אַ שמועס מיט אַ מאָטאָציקליסט, וועלכער איז אויך געווען אַ האָלענדער און געאַרבעט אַלס באַן־מאַשיניסט. זיין נאָמען איז געווען פלעג. פלעג האָט אַריינגענומען וואַן דער ליבען אין זיין מאָטאָציקל. פלעג האָט דערציילט אונזער שליח, אַז אויף זיין פראַגע וואָס ער האָט בדעה צו טון אין דייטשלאַנד, האָט אים וואַן דער ליבע געענטפערט, אַז ער זוכט אַרבעט. פלעג האָט אים דאַן אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז אין האָלאַנד איז דאָך אַ סך לייכטער צו באַקומען אַרבעט איידער אין דייטשלאַנד. וואַן דער ליבע האָט אים אָבער מיט אַ זיכערן טאָן געענטפערט, אַז ער וועט יאָ באַקומען אַרבעט אין דייטשלאַנד. פלעג איז געווען שטאַרק פאַרוואונדערט מיט זיין זיכערן טאָן.

דאַי איז ער געפאָרן קיין מינכען, וואו ער האָט אָפּ־

געשטאַט אַ וויזיט דעם דר. בעל. מיר ווייסן נישט גענוי ווי לאַנג ער האָט דאָרט געווײַלט, װאַרשײנלעך אָבער אַ פּאָר טעג, ווײַל נאָך זײַן צוריקקומען קיין לײדען האָט ער געגעבן זײַנע פרײַנט אַ גענויע און אויספירלעכע באַשרײַבונג פון דער שטאָט. ער האָט אויך דערציילט, אַז ער האָט דאָרט פּרעכטיק פאַרבראַכט און אַז ער האָט זיך באַקענט מיט אַ סך הערן.

די וויכטיקסטע באַקאַנטשאַפט זײַנע אין מינכען איז געווען מיטן קאַפּיטאַן רעהם, שעף פון היטלערס שטאַב. צו יענער צײַט איז דר. בעל געווען רעהמס בעל־יועץ אין ענינים פון אויסערן־פּאָליטיק. ער איז געווען רעהמס נאָנטער פרײַנט, אַזוי נאָנט, אַז רעהם האָט אים אָנפאַרטרויט אָנצוקניפּן באַציונגען מיטן רײַכסבאַנער־קאָמענדאַנט מאַיאָר מייר. רעהם האָט מורא געהאַט, אַז אַ גרופּע נאַצי־מערדער וויל אים דערמאָרדן און ער האָט זיך געווענדעט דורך דער פאַרמיטלונג פון דר. בעל צו מײַרן נאָך שוץ. די דאָזיקע פאַקטן זענען פעסטגעשטעלט געוואָרן אויפן פּראָצעס, וואָס רעהם האָט געהאַט אין אָקטאָבער 1932 פאַר זײַן אָנפאַל אויף דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער צײַטונג „מינכענער פּאָסט”. .

בעל איז נישט נאָר געווען רעהמס בעל־יועץ אין אויסערן־פּאָליטיק; ער איז אויך געווען זײַן פאַרטרויאונגס־מאַן אין פּערזענלעכע ענינים. די „מינכענער פּאָסט” און אַנדערע צײַטונגען האָבן אין יאָר 1932 פאַרעפנטלעכט רעהמס בריוו צו יינגעלייט, פון וועלכע ס'איז קלאָר, אַז רעהם איז געווען אַ האָמאָסעקסואַליסט. דר. בעל האָט געוואוסט וועגן רעהמס באַציאונגען מיט יינגעלייט און ער גופא האָט אים צוגעשטעלט אַ סך פון זיי. בעל, וועלכער האָט גרינטלעך

געקענט די פאַרהעלטנישן אין דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פאַרטיי, האָט זיך געמאַכט אַ ליסטע פון די דאָזיקע יינגע־לייט. די ליסטע האָט ער גערעכנט אויסצונוצן אַלס אַ וואָפן קעגן רעהם, אויב זיי וועלן זיך אַמאָל צעקריגן. אויף דער דאָזיקער ליסטע געפינט זיך אויך וואַן דער ליבעס נאָמען.

די ווייטערדיקע רייזע. נאָכן פאַרלאָזן מינכען, האָט וואַן דער ליבע געגנומען פאַרווירקלעכן זיין „רייזע איבער אייראָפּע". ביי אונז געפינט זיך זיינס אַ קאַרטל, געשריבן פון קראָקע. אונזער שליח אין האָלאַנד האָט געזען אַ בריוו געשריבן פון בודאַפּעשט און אַ קאַרטל פון בעלגראַד.

ווען וואַן דער ליבע איז צוריקגעקומען קיין ליידען אין יאַנואַר אָדער פעברואַר 1932, האָט ער אָנדערציילט זיינע פריינט נסים ונפלאות וועגן זיין רייזע. ס'איז ווערט איבערצוחזרן איינע פון די דאָזיקע מעשיות. וואַן דער ליבע האָט דערציילט, אַז ער איז געווען אין פוילן און בוגעקו־מען ביז צו דער גרענעץ פון ראַטן־פאַרבאַנד. אַ ברייטער טייך, האָט ער דערציילט, טיילט־אָפּ פוילן פון ראַטן־פאַרבאַנד; ער האָט פּרובירט אַריבערצושווימען דעם טייך, אָבער די פּוילישע גרעניץ־וואַך האָט אָנגעהויבן צו שיסן און ער האָט זיך גע־מוזט צוריקקערן; ער איז אַרעסטירט געוואָרן און אַ פּאָר טאָג אָפּגעזעסן אין תפיסה, פון וואַנען ער האָט געקאָנט זען די סאָוויעטישע גרענעץ אויפן צווייטן ברעג פון טייך. דאַן האָט מען אים צוריקגעשיקט אַהיים. וואַן דער ליבעס פריינט האָבן זיך שטאַרק געוואונדערט, ווען אונזער שליח האָט זיי איבערגעגעבן, אַז צווישן פוילן און ראַטן־פאַרבאַנד איז נישטאָ קיין שום גרויסער טייך. דאָס דאָזיקע מעשהלע איז זייער כאַראַק־טעריסטיש פאַר וואַן דער ליבעס באַרימערייַ און פּוסטקייט.

די קאָרטלעך און בריוו, וועלכע וואָן דער ליבע האָט געשריבן צו זיינע פריינט אין ליידען, זאָגן עדות, אַז סוף 1931 און אָנהויב 1932 איז ער געווען אין עטלעכע שטעט פון אונגאַרן, פוילן און יוגאָסלאַוויע. מעגלעך, אַז ער איז נישט געווען אַליין, נאָר אין אַ געזעלשאַפט פון עפּעס אַ רייכן מאַן. נאָך זיין צוריקקומען קיין ליידען האָט ער דער־ציילט, אַז אַ הער אין בודאַפּעשט האָט אים געגעבן נײַע שיך, אַז דער האָלענדישער קאָנסול אין יוגאָסלאַוויע האָט אים געגעבן אויפן בילעט אַהיימצופאָרן און נאָך אַנדערע נישט־וואַרשיינלעכע מעשיות, פון וועלכע מ׳קאָן אַרויסדרינ־גען, אַז ער האָט באמת געררייזט מיט עפּעס אַ רייכן פריינט.

דר. בעל האָט באַקענט וואַן דער ליבען נישט נאָר מיטן קאַפּיטאַן רעהם, נאָר אויך מיט אַנדערע נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע גדולים. זיינע פריינט אין ליידען באַשטעטיקן איינשטימיק, אַז ער פלעגט באַקומען אַ סך בריוו פון דייטש־לאַנד און ער האָט כסדר זיך באַמיט צו פאַרבאַהאַלטן די דאָ־זיקע בריוו פאַר זיינע פריינט.

**א גאַסט ביי די נאַציס.** וואַן דער ליבעס צוריקקומען קיין ליידען אין יאַנואַר אָדער פעברואַר 1932 איז געווען זייער שנעל. ער האָט געשיקט אַ פּאָסטקאַרטל פון בערלין און אָנגעקומען קיין ליידען אין איין צייט מיטן קאַרטל. ער האָט דעריבער געמוזט פאָרן מיט דער באַן אָדער מיט אַן אויטאָ. פון וואַנען ער האָט גענומען געלט דערויף — בלייבט אַ פראַגע.

אין צוויי חדשים אַרום איז ער צום דריטן מאָל גע־פאָרן קיין דייטשלאַנד. פאַר זיין אַוועקפאָרן האָט ער זיך געמאַכט „פּאָפּולער" אין ליידען, אויסהאַקנדיק אַ פאָר שויבן

אין אַ פּילאַנטראָפּישער אינסטיטוציע, וועלכע האָט זיך אָפּ־געזאָגט צו געבן אים אַ גרעסערע אונטערשטיצונג. ער איז דערפאַר פאַרמשפט געוואָרן צו דריי חדשים תפיסה. איידער מ'האָט אים איינגעזעצט האָט ער נאָך באַוויזן אָפּצושטאַטן אַ וויזיט אין דייטשלאַנד. מיר ווייסן, אַז ער איז געווען אין בערלין און אין זאַקסן. דעם 1־טן און 2־טן יוני האָט ער געגנעבטיקט אין זענעוויץ, וואו מ'האָט אים געזען אין דער געזעלשאַפט פון אָרטיקן ראַטמאַן זאָמער און גערטנער שומאַן. ביידע זענען נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן. נאָך דער רייכסטאַג־שרפה האָט זאָמער מיטגעטיילט וועגן וואַן דער ליבעס וויזיט אין יוני 1932 דעם מאַיאָר בראָקוויץ. דער דאָזיקער פאַקט איז פאַרפּראָטאָקאָלירט געוואָרן און מ'האָט וועגן אים צווויסן געגעבן אין זאַקסישן אינערן־מיניסטעריום, פון וואַנען דער פּראָ־טאָקאָל איז איבערגעשיקט געוואָרן צום אינערן־מיניסטער פריק. די דאָזיקע פאַקטן זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך דער אינטערפּעלאַציע פון אַ ס.ד. דעפּוטאַט אין זאַקסישן לאַנד־טאַג. זיי זענען דורך קיינעם נישט אָפּגעלייקנט געוואָרן.

די צייטונגען, וועלכע האָבן פאַרעפנטלעכט די דאָזיקע אינטערפּעלאַציעס, האָבן אויך איבערגעגעבן, אַז זאָמער איז פאַרשוואונדן געוואָרן קורץ נאָך זיין ראַפּאָרט וועגן וואַן דער ליבעס וויזיט אין זערנעוויץ. אויך די דאָזיקע ידיעה איז נישט אָפּגעלייקנט געוואָרן.

נאָך זיין וויזיט אין זערנעוויץ האָט וואַן דער ליבע געמוזט פאַרווײלן אין דייטשלאַנד נאָך אַ פּאָר טעג. נאָכן צוריקקומען קיין האָלאַנד איז ער דעם 21־טן יוני 1932 אַרעס־טירט געוואָרן אין אוטרעכט. אין אוטרעכט איז ער אָפּגע־זעסן ניין טעג און דאַן האָט מען אים איבערגעפירט אין דער תפיסה אין האַג, וואו ער איז אָפּגעזעסן זיין שטראָף.

ליבע פאלט אז אויף די קאמוניסטן. וואַן דער לי-
בע איז אַרויס פון תפיסה דעם 2-טן אָקטאָבער 1932. ער
איז געקומען פון האַג קיין ליידען און ביז ענדע יאָר האָט
ער נישט כאַ־לאָזט האָלאַנד. ער האָט באַזוכט זיין פאָטער
אין דאָרדרעכט און דאַן געפאָרן קיין אַמסטערדאַם און קיין
האַג. אין די דאָזיקע שטעט איז ער אַרויסגעטרעטן אויף
אַ פאָר מיטינגען, אָנפאַלנדיק שטאַרק אויף די קאָמוניסטן,
מיר האָבן זיכערע באַווייזן פון דעם. אַ דאָקומענט וועלכער
געפינט זיך אין אונזערע הענט באַווייזט, אַז וואַן דער לי-
בע האָט גערעדט פאַר די פאַשיסטן אויף אַ פאַשיסטישן
מיטינג.

אַ צווייטער דאָקומענט שילדערט וואַן דער ליבעס
שטעלונג אויפן מיטינג פון די שטרייקנדיקע האַגער שאָפערן.
אויפן דאָזיקן מיטינג האָט ער נישט נאָר אַטאַקירט די קאָ-
מוניסטן, נאָר אויך פּרובירט אויפצורייצן די שאָפערן צו טע-
ראָריסטישע אַקטן.

זינט ער האָט ענדגילטיק פאַרלאָזט די קאָמ. פּאַרטיי,
איז ער געגאַנגען מיט אַן אויסגעהאַלטענער ליניע. פון 1929
ביז 1931 האָט ער געפּרוּווט צו געפינען אַ פעלד פאַר זיי-
נע אַנאַרכיסטישע שטרעמונגען אין די רייען פון דער קאָ-
מוניסטישער באַוועגונג; און ווען זיינע באַציונגען מיט דער
באַוועגונג זענען אין אַפּריל 1931 ענדגילטיק איבערגעריסן
געוואָרן, האָט ער אָנגעהויבן אָנצופאַלן אויף איר. די דאָזי-
קע אָנפאַלן זענען געוואָרן אַלץ שאַרפער פון איין מיטינג
צום צווייטן. אויף די אַרגומענטן, מיט וועלכע ער האָט זיך
באַנוצט אין לעצטן פערטל־יאָר פון 1932, האָט מען דייטלעך
געזען דעם איינפלוס פון דער נאַצ. סאָציאַל. פּראָפּאַגאַנדע. אַליין
אַ קליינבירגער לויט זיין אָפּשטאַמונג, האָט ער זיך נאָר

ציטווייליק געפונען אין די רייען פונם אַרבעטער-קלאַס און סוף כל סוף זיך אומגעקערט צו זיין אָפּשטאַמונג-סביבה.

**זייז לעצטע רייזע קיין דייטשלאַנד.** אין יאַנואַר 1933 האָט זיך וואַן דער ליבע געגרייט צו אַ נייער רייזע קיין דייטשלאַנד. פאַר זיין רייזע האָט ער דורכגעפירט אַ קוראַציע אויף די אויגן און פאַרבראַנגט אין ליידענער שפּיטאָל פיר וואָכן. קורץ פאַרן אַוועקפאָרן האָט ער אָפּגע-שטאַט אַ וויזיט אַ געוויסער פרוי וואַן-זיפּ, ביי וועלכער ער האָט געהאַט געוואוינט. זי האָט דערציילט אונזער שליח וועגן איר לעצטן געשפּרעך מיט וואַן דער ליבען. ער האָט איר געזאָגט, אַז זיין פּאַס ענדיקט זיך אינגיכן. זי האָט אים דאַן געפרעגט, צו וואָס פאָרט ער אייגנטלעך אין דייטשלאַנד און צי ס'וואָלט נישט געווען גלייכער ער זאָל בלייבן אין ליידען. ער האָט איר געענטפערט, אַז ער האָט צו דערליידיקן אין דייטשלאַנד עפּעס אַ וויכטיקן ענין און מער וועט ער שוין זיין פּאַס סיי-ווי נישט געברויכן.

אין מיטן פעברואַר האָט מאַרינוס וואַן דער ליבע פאַרלאָזט ליידען. פאַר זיין אַוועקפאָרן האָט ער זיך געקויפט אַ נייעם אָנצוג און נייע שיך. קיין בערלין איז ער אָנגעקו-מען דעם 18־טן פעברואַר, און ער האָט זיך דאָ געטראָפן מיט זיינע נאַצי־פריינט, מיט וועלכע ער האָט זיך געהאַט באַקענט דורכן דר. בעל.

**וואַן דער ליבע, דאס ווערקצייג.** דעם 27־טן פעב-רואַר איז וואַן דער ליבע אַרעסטירט געוואָרן אינם ברענענ-דיקן רייכסטאַג. די פלאַמען זענען געווען דער פאָן פונם שוישפּיל, אין וועלכן וואַן דער ליבע האָט מיט אַ פּאָר שעה

פריער געשפּילט די הויפּט־ראָל. דאַן איז ער אַראָפּ פון דער סצענע. די זוכנדיקע שטראַלן פון אמת האָבן דורכגעשלאָגן דעם נעפּל פון ליגן און אומברחמנותדיק אויפגעדעקט גע־רינגן און געבעלסן, וועלכע האָבן געמאַכט וואַן דער ליבען פאַר זייער ווערקצייג. פאַרוואָס האָט דער מערדער היינעס מיט זיינע חברים, וועמען גערינג און געבעלס האָבן אָנפאַר־טרויט דאָס טעכנישע אויספירן פון דער אונטערצינדונג, אויס־געקליבן גראָד וואַן דער ליבען אַלס זייער ווערקצייג?

וואַן דער ליבע האָט זיך געפונען אין דער קאָמוניס־טישער באַוועגונג אין האָלאַנד ביז אַפּריל 1931. די מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט דעם אויפטראַג אויסצופירן גערינגס און געבעלס באַפעלן, האָבן געגלויבט, אַז דאָס איז גענוג, כדי צו קאָנען אַרויפוואַרפן די שולד פאַרן אונטערצינדן דעם רייכסטאַג אויף די פּלייצעס פון די קאָמוניסטן.

וואַן דער ליבעס האָמאָסעקסועלע באַציונגען מיט די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פירער און זיין מאַטעריעלע אָפּ־הענגיקייט פון זיי האָט אים געמאַכט נאָכגיביק לגבי זייערע פאָדערונגען און ער האָט איינגעשטימט אויסצופירן די אונ־טערצינדונג.

וואַן דער ליבעס האָלענדישע נאַציאָנאַליטעט איז אויך געווען אַ מעלה. דאָס האָט געגעבן גערינגן און געבעלסן די מעגלעכקייט פאַרצושטעלן די רייכסטאַג־אונטערצינדונג אַלס אַן אינטערנאַציאָנאַלע פאַרשווערונג.

צוליב די אַלע טעמים איז וואַן דער ליבע אויסגע־קליבן געוואָרן אויסצופירן די אונטערצינדונג.

די הויפּט־געשטאַלטן פון דער פּראָוואָקאַציע זענען געווען:

דר. געבעלס: דער מחבר פונם פּלאַן אונטערצוצינדן

דעם רייכסטאַג ווי אויך פון די אומגעהויערע ליגנס און פּראָוואָקאַציעס.

קאַפּיטאַן גערינג: אַ נאַרקאָמאַנישער טייוול, האָט אָנגעפירט מיט די אָפּעראַציעס.

עדמונד הײַנעס: אַ מערדער, האָט אָנגעפירט מיט דער אונטערצינדער־גרופּע.

מאַרינוס וואַן דער ליבע: דאָס ווערקצייג.

ווען די טשיקאַגער פּאָליציי האָט אין יאָר 1886 אינסצעניזירט אַ באָמבען־אויפרייס, וועלכער איז אויסגעפירט געוואָרן דורך באַצאָלטע פּראָוואָקאַטאָרן — אַן אויפרייס, וועלכער האָט דערהרגעט אַ גרויסע צאָל פּאָליציאַנטן — האָט געדויערט זיבן יאָר, ביז די פּראָוואָקאַציע איז אַנטדעקט געוואָרן. די ווערקצייג זענען געווען גוט צוגעקליבן. נאָך דער רייכסטאַג־אונטערצינדונג איז גענוג געווען דריי טעג, כּדי די גאַנצע וועלט זאָל זיך דערוויסן, אַז דעם רייכסטאַג האָבן אונטערגעצונדן די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן. דאָס ווערקצייג וואַן דער ליבע איז געווען שלעכט צוגעקליבן.

(המשך קומט)

# דאָס בּרוינע בּוך

## וועגן רייכסטאָג-אונטערצינדונג

## און היטלער-טעראָר

ארויסגעגעבן דורכן אינטערנאַציאָנאַלן הילפס-קאָמיטעט
פאַר די קרבנות פון דייטשן פאַשיזם.
מיט אַ פאָררעדע פון לאָרד מאַרליי

**אויטאָריזירטע יידישע אויסגאַבּע**

(מיט 20 בילדער)

## העפט 2

פאַרלאַג „גראַשן-בּיבּליאָטעק"

1933 וואַרשע

קאַפּיטל IV

# די אמתע אונטערצינדער

**ווי אזוי קומט מען אריין אינם רייכסטאג?** אין אלע אירע באַריכטן וועגן דער רייכסטאַג-שרפה האָט די היטלער-רעגירונג אויסגעמיטן אָנצוגעבן, ווי אַזוי די אונטער-צינדער האָבן זיך אַריינבאַקומען אין דער רייכסטאַג-געביידע. זי האָט גערעכנט, אַז כּמעט קיין איין דייטש אָדער אויס-לענדער קען נישט געניי די פּאָרמאַליטעטן, וועלכע מ׳דאַרף אויספּילן, כּדי זיך אַריינצובאַקומען אין רייכסטאַג. די פאָר-שריפטן זענען פאָלגנדע:

1) נישט-מיטגלידער און באַזוכער קענען אַריינגיין נאָר דורך די טירן 2 און 5.

2) ווער עס גייט אַריין דורך דער טיר 5, קומט אַריין אין אַ פּאָדערצימער, וואָס איז אָפּגעטיילט מיט אַ באַריער. הינטער דער באַריער געפינען זיך באַאַמטע.

3) יעדער באַזוכער מוז זיך ווענדן צו איינעם פון די באַאַמטע. ס׳איז אוממעגלעך זיך אַריינצובאַקומען אינם רייכס-טאַג, נישט מעלדנדיק זיך ביים באַאַמטן. יעדער באַזוכער מוז אויספּילן אַ געדרוקט צעטל און אָנגעבן זיין נאָמען, דעם נאָמען פונם דעפּוטאַט צו וועלכן ער קומט און דעם ציל פון זיין וויזיט.

4) דאָס צעטל ווערט אַריינגעטראָגן צום דעפּוטאַט, צו וועלכן דער באַזוכער קומט. דער דעפּוטאַט ווערט אָנגע-פרעגט צי וויל ער אויפנעמען דעם באַזוכער.

5) ביז מ׳פאַרשטענדיקט זיך מיטן דעפּוטאַט, וואַרט

דער באַזוכער אינם פּאָדערצימער אונטער דער אויפזיכט
פון די באַאַמטע.

6) ווען דער דעפּוטאַט דריקט אויס זיין הסכמה אויפ־
צונעמען דעם באַזוכער, פירט אים אַ באַאַמטער אַוועק צום
דעפּוטאַט. דער באַאַמטער פאַרלאָזט דעם באַזוכער ערשט
דאַן, ווען דער באַזוכער קומט צו האַרט צום דעפּוטאַט.

7) אַלע באַזוכער ווערן פאַרשריבן אויף אַ באַזונדערע
ליסטע, וועלכע ווערט צונויפגעשטעלט פון די אויבנדערמאָנ־
טע צעטלען.

## די שרפה איז רייכסטאַג.

דעם 27-טן פעברואַר 1933
צווישן 9 און 9.15 אין אָוונט איז אין רייכסטאַג-בנין אויס־
געבראָכן די שרפה. די ערשטע אָפיציעלע ידיעה וועגן דער
שרפה איז דעמזעלבן אָוונט פאַרשפּרייט געוואָרן דורכן
ראַדיאָ. די בערלינער ראַדיאָ-סטאַציע האָט געמאָלדן, אַז
דער אונטערצינדער איז אַ האָלענדישער קאָמוניסט מיטן
נאָמען וואַן דער ליבע. ער האָט זיך אין אַלעם מודה גע־
ווען. ער איז געכאַפּט געוואָרן דורך די רייכסטאַג אָנגעשטעל־
טע און געווען אין בלויזע הויזן. ער האָט אַ האָלענדישן
פּאַס און אַ מיטגלידס-קאַרטע פון דער האָלענדישער קאָמו־
ניסטישער פּאַרטיי. דעם אַנדערן טאָג אינדערפרי האָט די
אָפיציעלע „פּרייסישע פּרעסע-דינסט“ פאַרעפנטלעכט די פאָלגנ־
דיקע שילדערונג פון דער שרפה:

„מאָנטיק אינאָוונט איז אויסגעבראָכן אַ שרפה אין
דייטשן רייכסטאַג. מיניסטער געריננג האָט תיכף נאָך זיין
אָנקומען איבערגענומען די לייטונג מיט דער גאַנצער אַקציע.
אויף דער ערשטער מעלדונג וועגן דער שרפה זענען אויך
אָנגעקומען קאַנצלער אַדאָלף היטלער און וויצע-קאַנצלער פּאַפּען.

„ס׳איז אויכער יעדן צווייפל די גרעסטע פון אַלע ביזאַהעריקע אונטערצינדונגען אין דייטשלאַנד. די פּאָליציי־אישע אויספאָרשונג האָט פעסטגעשטעלט, אַז דאָס פייער איז אונטערגעלייגט געוואָרן איבערן גאַנצן בנין פונם קעלער ביזן דאַך. ברענענדע פּאַקעלן און סמאָלע־שטאָפן זענען אונטערגעלייגט געוואָרן אונטער די לעדערנע שטולן, אונטער פּאַפּירענע דאָקומענטן, ביי די טירן, פאָרהאַנג, הילצערנע טיילן און אַנדערע לייכט־ברענענדיקע טיילן. אַ פּאָליציי־באַאַמטער האָט געזען אינם טונקעלן בנין פּערזאָנען מיט ברענענדיקע פּאַקעלן. ער האָט אויפן אָרט געשאָסן. איינעם פון די פאַרברעכער האָט מען געכאַפּט. דאָס איז אַ 24־יעריקער מולירער וואַן דער ליבע פון ליידען אין האָלאַנד, וועלכער האָט געהאַט ביי זיך אַ האָלענדישן פּאַס און האָט דערקלערט, אַז ער איז אַ מיטגליד פון דער האָלענדישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

„די מיטעלע טייל פונם רייכסטאַג־בנין איז אינגאַנצן אויסגעברענט. דער זיצונגס־זאַל מיט אַלע טריבונעס און דורכגענג איז פאַרניכטעט. דער שאָדן דערגרייכט אין די מיליאָנען.

„דידאָזיקע אונטערצינדונג איז דער שוידערלעכסטער טעראָר־אַקט, וואָס איז ווען נישט איז באַגאַנגען געוואָרן דורכן באָלשעוויזם אין דייטשלאַנד. צווישן די הונדערטער צענטנער מאַטעריאַלן, וועלכע מ׳האָט אַנטדעקט בעת דער רעוויזיע אין קאַרל ליבקנעכט־הויז, געפינען זיך אָנווייזונגען וועגן דורכפירן קאָמוניסטישן טעראָר לויטן באָלשעוויסטישן מוסטער. לויט דידאָזיקע אָנווייזונגען דאַרף מען אונטערצינדן רעגירונגס־בנינים, מוזעאומס, פּאַלאַצן און לעבנס־וויכטיקע אָביעקטן. ווייטער ווערן געגעבן אָנווייזונגען, אַז בעת אומ־

רוּען און צוזאַמענשטויסן זאָל מען פֿאַר די טעראָריסטישע
גרופּן אויסשטעלן פֿרויען און קינדער, אויב מעגלעך —
פֿרויען און קינדער פֿון פּאָליציאַנטן. דאָס געפֿינען דעם
גאַנצן מאַטעריאַל האָט צושטערט דאָס פּלאַנמעסיקע דורכ·
פֿירן פֿון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע. נישט קוקנדיק
דערויף האָט די רייכסטאַג·שׂרפֿה געזאָלט זיין דער סיגנאַל
צו אַ בלוטיקן אויפֿשטאַנד און בירגער·קריג. שוין דינסטיק
4 פֿאַרטאָג האָט מען געפּלאַנט אין בערלין גרויסע רויבע·
רייען. ס'איז פֿעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז מיטן היינטיקן טאָג
האָבן זיך אין גאַנץ דייטשלאַנד געזאָלט אָנהויבן טעראָר·
אַקטן קעגן איינצלנע פּערזאָנען, קעגן פּריוואַט אייגנטום, קעגן
לייב און לעבן פֿון דער פֿרידלעכער באַפֿעלקערונג, און
אויך צעפּלאַקערן דער אַלגעמיינער בירגער·קריג.

„מיניסטער גערינג האָט אָנגענומען די שאַרפֿסטע מיט·
לען קעגן דער שרעקלעכער סכּנה. ער וועט אויפֿהאַלטן דעם
אויטאָריטעט פֿון דער מלוכה מיט אַלע מיטלען און ביי
אַלע אומשטענדן. דער ערשטער אָנגריף פֿון די פֿאַרברעכע·
רישע כּוחות איז דערווייל אָפּגעשלאָגן געוואָרן. שוין מאָנ·
טיק אינאָווענט זענען אַלע עפֿנטלעכע און לעבנסוויכטיקע
געביידעס געשטעלט געוואָרן אונטער פּאָליצייאישער שוץ,
כּדי אָפּצוהיטן די עפֿנטלעכע זיכערקייט. ספּעציעלע פּאָלי·
צייאישע אויטאָס פֿאָרן כּסדר אַרום איבער די באַזונדערס
באַדראָטע שטאָט·טיילן. די גאַנצע פּאָליציי איז געשטעלט
געוואָרן אין אַלאַרם·צושטאַנד און ס'איז אויך מאָביליזירט
געוואָרן די הילפֿס·פּאָליציי. ס'איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ
באַפֿעל צו אַרעסטירן צוויי קאָמוניסטישע דעפּוטאַטן, וועלכע
געפֿינען זיך אונטער אַ שווערן פֿאַרדאַכט. די אַנדערע קאָ·
מוניסטישע דעפּוטאַטן און אָנגעשטעלטע זענען גענומען גע·

מאָרן אין שוץ־אַרעסט. קאָמוניסטישע צייטונגען, זשורנאַלן, פלוג־בלעטער און פּלאַקאַטן זענען פאַרווערט געוואָרן אין גאַנץ פּרייסן אויף פיר וואָכן. אַלע סאָציאַל־דעמ. צייטונגען זענען פאַרמאַכט געוואָרן אויף 14 טעג, ווייל דער רייכסטאַג־אונטערצינדער האָט זיך מודה געווען, אַז ער איז געשטאַנען אין אַ פאַרבינדונג מיט די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. מיט דער־דאָזיקער דערקלערונג איז דער איינהייטלעכער קאָמוניסטיש־ס. ד.־פראָנט געוואָרן אַ בולטער פאַקט. דידאָזיקע לאַגע פאַרלאַנגט פון די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַקטאָרן אַנטשיידענע מיטלען, כדי אויפצוהאַלטן דעם אויטאָריטעט פון דער מלוכה אינם איצטיקן געפערלעכן מאָמענט. מיניסטער גערינג רופט אין דערדאָזיקער ערנסטער שעה דאָס גאַנצע פאָלק צו דער שטרענגסטער דיסציפּלין. ער גלויבט אין דער הונדערט־פּראָצענטיקער אונטערשטיצונג פון דער באַפעלקערונג, פאַר וועמענס זיכערקייט און שוץ ער גאַראַנטירט מיט זיין איי־גענער פּערזאָן.״

די ערשטע פּרעסע־מעלדונגען. דעם 28־טן פעב־רואַר אינדערפרי האָבן מיליאָנען מענטשן געלייענט אין זייערע צייטונגען די שילדערונג פון דער רייכסטאַג־שרפה. פון די ערשטע זייטן האָבן אַראָפּגעשריגן ריזיקע אותיות: „דער דייטשער רייכסטאַג אין פלאַמען!״ דאָסדאָזיקע געשע־עניש האָט פאַרדעקט אַלע אַנדערע ידיעות. אין לאָנדאָן, פּאַריז, ניו־יאָרק, אַמסטערדאַם, פּראָג און ווין האָט דער לעזער באַקומען לאַנגע באַשרייבונגען וועגן ברענענדיקן רייכסטאַג. די רעפּאָרטערן האָבן איינשטימיק דערציילט, אַז דער זיצונג־זאַל איז אינגאַנצן אָפּגעברענט און דער גלעזער־נער דאַך צוהאַקט.

אין די ווייטערדיקע ידיעות פון דער וועלט-פרעסע האָט מען אָבער אָנגעטראָפן וויכטיקע סתירות. הוגענבערגס טעלעגראַפן-אַגענטור שטעלט-פעסט אין אַ קאָמוניקאַט, וועלכער איז איבערגעדרוקט געוואָרן אין טייל צייטונגען:

„ס'איז אויסער יעדן צווייפל, אַז דאָס פייער איז אונטערגעלייגט געוואָרן אין פאַרשידנסטע טיילן מיט דער הילף פון פאַקעלן. אַ פּאָליציי-באַאַמטער האָט באַמערקט הינטער אַ שויב אַ פאַרביילויפנדיקן פאַקל-טרעגער, אויף וועלכן ער האָט תיכף געשאָסן".

דער „טאַן" פון 1-טן מערץ ווייסט דאַקעגן צו דערציילן, אַז די ערשטע מעלדונג וועגן דער שרפה האָט געמאַכט אַ באַאַמטער פונם אינזשיניערן-הויז, וואָס געפינט זיך אַנטקעגנאיבער דעם רייכסטאַג. די צאָל אונטערצינדונג-פונקטן ווערט אויך פאַרשידן אָנגעגעבן דורך פאַרשידענע צייטונגען. „פראַגער טאַגעבלאַט" פון 28-טן פעברואַר רעדט וועגן 20 פונקטן, בעת דער בערלינער קאָרעספּאָנדענט פון „טיימס" דערקלערט, אַז דער דיזשורנער פּאָליציי-אָפיציר האָט אים מיטגעטיילט, אַז דאָס פייער איז אונטערגעלייגט געוואָרן אויף 4 אָדער 5 ערטער. „טשיקאַגאָ טריבון" ווייסט צו דערציילן וועגן 10 פונקטן. לויט דער שנעלקייט, מיט וועלכער דאָס פייער האָט זיך פאַרשפּרייט, דאַרף מען דרינגען, אַז ס'זענען געווען אַ סך אונטערצינדונג-פונקטן.

דער פּאָגראָם קעגן לינקס הויבט זיך אָן. דאָס פייער אין רייכסטאַג האָט נאָך געפלאַקערט, אַ פיל טויזנטקעפּיקער המון איז נאָך געשטאַנען פאַר דער ברענענדיקער געביידע — און שוין זענען די פּאָליצייאישע אויטאָס און מאָטאָציקלען, די היטלערישע שטורם-אָפּטיילונגען געווען אין

וועג. די ערשטע אַרעסטן זענען דורכגעפירט געוואָרן תּיכּף נאָך האַלבע נאַכט. אין דער פרי איז שוין דאָס פּאָליציי־פּרעזידיום געווען אָנגעפּולט מיט אַרעסטירטע, וועלכע זענען געזעסן אויף די בענק אין די לאַנגע קאָרידאָרן. קאָמוניסטן, סאָציאַליסטן, פּאַציפיסטן, שרייבער, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן זענען ביינאַכט אַרויסגעריסן געוואָרן פון זייערע בעטן און געבראַכט אין פּאָליציי־פּרעזידיום. אַ סך זענען שוין געשלאָפן, ווען דער ראַדיאָ האָט געבראַכט די ידיעה וועגן דער רייכס־טאַג־שׂרפה.

די מיטאָג־בלעטער האָבן געבראַכט די ערשטע רשימה פון די אַרעסטירטע. צווישן זיי זענען געווען די שרייבער: לודוויק רען, עגאָן ערווין קיש, עריך מיזאַם, קאַרל פאָן אָ־סיעצקי און אָטאָ ליימאַן־רוסבילדט, אַ רייע דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן, ווי אויך 5 קאָמוניסטישע דעפּוטאַטן. דער רייכס־טאַג־דעפּוטאַט טאָרגלער, וועלכן מ׳האָט באַשולדיקט, אַז ער האָט זיך באַטייליקט אין דער אונטערצינדונג — האָט זיך געמאָלדן דעם 28־טן פעברואַר אין דערפרי אין פּאָליציי־פּרעזידיום, כּדי צו פּראָטעסטירן קעגן דער באַשולדיקונג. דאָרט האָט מען אים אַרעסטירט. די קאָמוניסטישע און ס. ד. פּרעסע איז נישט דערשינען. די דרוקערייען פון די צייטונגען זענען ביינאַכט באַזעצט געוואָרן דורך פּאָליציי און די שוין אָפּגעדרוקטע עקזעמפּלאַרן קאָנפיסקירט. די „ראָטע פאַנע" איז שוין געווען פאַרווערט נאָך פאַר דער רייכסטאַג־שׂרפה.

נויט־און טויט־דעקרעטן. דאָס פייער אין רייכסטאַג איז פאַרלאָשן געוואָרן נאָך במשך פון דער נאַכט. אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט פּרעזידענט הינדענבורג אונטערגעשריבן יענעם באַרבאַרישן דעקרעט, וועלכן מ׳האָט אַ נאָמען געגעבן:

„גויט-פאַראָרדנונג צום שוץ פון פאָלק און מלוכה". דער דעקרעט האָט „אַלס פאַרטיידיקונג קעגן קאָמוניסטישע גוואַלט-אַקטן, וואָס באַדראָען די מלוכה", אָפּגעשאַפט אַ גאַנצע ריי אַרטיקלען פון דער קאָנסטיטוציע אויפן סמך פונם באַרימטן אַרטיקל 48. ס'זענען אָפּגעשאַפט געוואָרן פערזענלעכע פרייהייט, פרעסע-פרייהייט, פרייהייט פון פאַריינען און פאַרזאַמלונגען, בריוו-, טעלעגראַמען- און טעלעפאָן-געהיימניש; ס'איז איינגעפירט געוואָרן טויט-שטראָף פאַר אַ רייע פאַרברעכנס ווי: מלוכה-פאַראַט, אונטערצינדונג, פאַרסמען, באַשעדיקונג פון אייזנבאַן-ליניעס, צטענטאַטן אויפן פרעזידענט און מיניסטאָרן, אָרגאַניזירן און אָנטיילנעמען אין אומרוען, ווי אויך צוזיבן ביי עמיצן די פרייהייט אַלס פּאָליטישער ערובניק. אויך אַ גאַנצע ריי אַנדערע שטראָפן זענען פאַרגעזען אינם דעקרעט.

די העצע. אין עקסטראַ-בלעטער, מיניסטאָרן-רעדעס, דורכן ראַדיאָ, דורך פּלאַקאַטן האָט מען פאַרשפּרייט די ידיעה: „די קאָמוניסטן האָבן אונטערגעצונדן דעם רייכסטאַג! נאָך דער רייכסטאַג-שׂרפה האָט געזאָלט קומען אַן אויפשטאַנד און אַ בירגער-קריג! די קאָמוניסטן האָבן געוואָלט שענדן אייערע פרויען, דערמאָרדן אייערע קינדער! די קאָמוניסטן האָבן געוואָלט פאַרסמען דאָס וואַסער אין די ברונימער, דאָס עסן אין די רעסטאָראַנען און שפּייז-האַלעס!" שעה-איין, שעה-אויס האָט מען אַריינגעקלאַפּט אין די מוחות פון די ציימונגס-לעזער און די ראַדיאָ-הערער דאָס „פאַרברעכן" פון די קאָמוניסטן. די העצע איז אַנטוויקלט געוואָרן לויט אַ סיסטעמאַטישן פּלאַן. די פּרעסע איז געווען פול מיט שווינדלערלעכע ידיעות וועגן די כוונות פון די קאָמוניסטן. די „פאַשיסטי

ציימונג" פונם 1-טן מערץ טיילט מיט פון רעגירונגס-
קרייזן:

„די רעגירונג איז אין דער מיינונג, אַז די סכנה
פאַר דער מלוכה און פאַרן פאָלק איז נאָך נישט באַזייטיקט.
די געפונענע מאַטעריאַלן אינם קאַרל ליבקנעכט-הויז ווערן
אויסגעפאָרשט דורכן אויבער-פּראָקוראָר. לויט אָפיציעלע
ידיעות, געפינען זיך אין דידאָזיקע מאַטעריאַלן באַווייזן, אַז
די קאָמוניסטן האָבן סיסטעמאַטיש צוגעגרייט טעראָר אַקטן
אין אַ ברייטן מאַסשטאַב, וועלכע שטעלן אין געפאַר דאָס
פאָלק און די מלוכה. צווישן די קאָנפיסקירטע מאַטעריאַלן
האָט מען געפונען גענויע פּלענער צו פאַרשלעפן ערובניקעס,
הויפּטזעכלעך פרויען און קינדער פון באַשטימטע פערזאָנען,
פּלענער פון אונטערצינדן עפנטלעכע געביידעס, אָנווייזונגען
פאַר טעראָריסטישע גרופּעס, וועלכע מ׳האָט געזאָלט אַוועק-
שטעלן אין עפנטלעכע ערטער איבערגעטון אין פּאָליצייאישע,
שטורמיסטישע און שטאַלהעלם-מונדירן. ס׳איז דאָ אַ באַ-
גרינדעטער פאַרדאַכט, אַז די קאָמוניסטישע אקציעס וועלן
פאָרגעזעצט ווערן און די לייטונג מיט דידאָזיקע אַקציעס
וועט איבערגעטראָגן ווערן פון בערלין אין אַן אַנדער אָרט.
ס׳איז דאָ אויך אַ גרונט צו גלויבן, אַז פונקט ווי אין קאַרל
ליבקנעכט-הויז, זענען אויך פאַראַן אונטערערדישע דורכגענג
אין אַנדערע פונקטן, דורך וועלכע די קאָמוניסטן קאָנען
אַנטלויפן בעת אַ סכנה. אין שייכות מיט דער רייכסטאַג-
אונטערצינדונג זענען דאָ פעסטע באַווייזן, אַז דער פאָרזי-
צער פון דער קאָמוניסטישער רייכסטאַג-פראַקציע, דעפּ.
טאָרגלער האָט פאַרברענגט אַ פּאָר שעה מיטן אונטערצינדער
אין דער רייכסטאַג-געביידע און ער האָט זיך אויך פאַר-
שטענדיקט מיט אַנדערע פערזאָנען, וועלכע האָבן אָנטייל-

געגומען אין דער אונטערצײַנדונג. ס'ווערט נאָך צוגעגעבן, אַז די איבעריקע פאַרברעכער האָבן געקאָנט אַנטלויפן דורכן אונטערערדישן דורכגאַנג, וועלכער פאַרבינדט דעם רײַכסטאַג-בנין מיטן בנין פונם רײַכסטאַג-פּרעזידענט. אין שײַכות דער-מיט זײַנען אַרעסטירט געוואָרן צוויי פּערזאָן, וועלכע האָבן טעלעפאָנירט פון דער רײַכסטאַג-געבײַדע און באַשולדיקט דעם רײַכסטאַג-פּרעזידענט גערינג, אַז ער האָט אָרגאַניזירט די אונטערצינדונג. דערבײַ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי האָבן אַ פאַרבינדונג מיט דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַר-טיי און פּרעסע.

„די מאַכט דערקלערט, אַז דער קאַמף קעגן די קאָמוניסטן וועט געפירט ווערן מיט נאָך אַ גרעסערער שאַרפקייט. יע-דער איינער, ווער ס'אַרבעט מיט די קאָמוניסטן אָדער בנוגע צו וועמען ס'איז פאַראַן אַ חשד, אַז ער אַרבעט-מיט מיט זיי, וועט פּונקט אַזוי שטרענג באַהאַנדלט ווערן ווי די קאָמוניסטן גופא. די רעגירונג מאַכט גלײַכצײַטיק באַקאַנט, אַז די וואַלן וועלן פאָרקומען בײַ אַלע אומשטענדן.

„ס'איז כדאי צו באַמערקן, אַז טייל שאַרפע פאַרשריפטן זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן ספּעציעל אין שײַכות מיט די מאַטעריאַלן, וועלכע מ'האָט געפונען אין קאַרל ליבקנעכט-הויז. פון די דאָזיקע מאַטעריאַלן איז צו זען, אַז די קאָ-מוניסטן האָבן צוגעגרייט אויף אַ ברייטן מאַסשטאַב דאָס פאַרסמען שפּייז־פּראָדוקטן, באַזונדערס אין רעסטאָראַנען, וואו ס'קומען אַרײַן קעגנערישע פּאָליטיקער א. אַ. וו."

מיניסטער גערינג האָט דעם 1־טן מערץ געהאַלטן אַ רעדע דורכן ראַדיאָ. אין דער דאָזיקער רעדע האָט ער דער-קלערט:

„די קאָמוניסטן האָבן מיט דער הילף פון פלוגבלעטער

אין פּראָקלאַמאַציעס ווערבירט אַרבעטער, וועלכע קענען טראָגן געווער, צו אַ רויטן מאַסן־זעלבסטשוץ. דאָס איז געווען ניט מער ווי אַ מענטעלע, אונטער וועלכן מ׳האָט מאָביליזירט די רעוואָלוציאָנערע קאָמוניסטישע מאַסן צום קאַמף קעגן פאָלק און מלוכה. איך דערקלער אָפן, אַז מיר פירן נישט קיין פּאַרטיידיקונגס־קאַמף, מיר ווילן אַריבערגיין צו אַן אָנגריף אויפן גאַנצן פראָנט. ס׳וועט זיין מיין וויכטיקסטע אויפגאַבע, אויסצוראָטן דעם קאָמוניזם פון אונזער פאָלק. דעריבער האָבן מיר מאָביליזירט אַלע כוחות פון נאַציאָנאַלן דייטשלאַנד, וועמענס אויפגאַבע איז צו באַקעמפן דעם קאָמוניזם.

„דעם 15־טן פעברואַר איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז די קאָמ. פּאַרטיי אָרגאַניזירט טעראָריסטישע גרופן צו 200 מאַן. די דאָזיקע גרופן האָבן געהאַט די אויפגאַבע זיך איינצובערצוטון אין מונדירן פון שטורמיסטן, אָנצופאַלן אויף אויטאָס, וואַרן־הייזער, קראָמען א. א. וו. ענלעכע אָנפאַלן האָט מען אויך געזאָלט אויספירן אויף באַפרייַנדעטע אָרגאַניזאַציעס, ווי שטאַלהעלם און נאַציאָנאַלע פּאַרטייען. אויף אַזאַ אופן האָט מען געוואָלט צעשטערן די איינהייט פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. פון דער צווייטער זייט האָבן טעראָריסטישע גרופן אין שטאַלהעלם־מונדירן געזאָלט אויספירן ענלעכע אָנפאַלן אויף נאַצי־אינסטיטוציעס. אין פאַל פון אַרעסטן האָט מען געזאָלט ווייזן פאַלשע דאָקומענטן. ווייטער זענען געפונען געוואָרן געפעלשטע באַפעלן פון שטורמיסטן און שטאַלהעלם־אָנפירער, מיט דער אויפפאָדערונג צו זיין גרייט אויף דער נאַכט פון 6־טן מערץ צו באַזעצן בערלין, דערשטיקנדיק מיט געווער אין האַנט יעטוועדן ווידערשטאַנד א. אַ. וו. די דאָזיקע געפעלשטע באַפעלן זענען

פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן דער באַפעלקערונג, כדי צו יס-צורופן א שרעק פאַר א נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן פוטש און אַריינברענגען א צומישונג צווישן די אַרבעטער. ס'זענען אויך געפעלשט געוואָרן פאָליציי־באַפעלן, לויט וועלכע מ'האָט געזאָלט אַרויסגעבן פּאַנצער־אויטאָס. אויף א זיצונג פון דער קאָמ. פּאַרטיי דעם 18־טן פעברואַר האָט מען גערעדט וועגן א בפירושן אָנגריף־אָפּמאַך פון די פּאַרייניקטע פּראָלעטאַריער קעגן דער בורזשואַזיע און קעגן דער פאַשיסטישער מלוכה. אינם זעלבן טאָג איז אַרעסטירט געוואָרן דער אָנפירער פון אַן אָפּטיילונג אויפצורייסן בריקן. באַלד דערנאָך איז אַנט-דעקט געוואָרן א קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט געזאָלט אַרבעטן מיט סם. דורך דער אַנטדעקונג פון אַזאַ פּלאַן אין קעלן איז קלאָר געוואָרן, אַז מ'האָט געזאָלט אַריינ-טון כם אין די קאָלעקטיווע קיכן פון די שטורמיסטן און שטאָלהעלמיסטן. אַנדערע דאָקומענטן באַווייזן, אַז מ'האָט געהאַט בדעה צו פאַרהאַלטן אַלס ערובניקעס נישט נאָר פרויען און קינדער פון אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן, נאָר אויך פרויען און קינדער פון פּאָליציאַנטן, וועלכע מ'האָט געזאָלט אַוועק-שטעלן בראש פון דער דעמאָנסטראַציע אַלס א לעבעדיקע שוץ־וואַנט. די אָנפירונג פון דער דאָזיקער מאָרד-אָרגאַנ־זאַציע האָט זיך געפונען אין די הענט פונם קאָמ. פירער מינצענ-בערג.

„דעם 22־טן פעברואַר האָט דער צ. ק. אַרויסגעגעבן דעם לאָזונג צו באַוואָפענען דעם אַרבעטער-קלאַס. אין דער אינסטרוקציע זאָגט זיך: „אין דער אָנווענדונג פון טעראָר דאַרף מען זיך באַנוצן מיט אַלע מיטלען און מיט אַלערליי וואָפן”. מ'האָט אָרגאַניזירט מאַסן-שטרייקן און צוגעגרייט סאָ-לידאַר-שטרייקן. אַלע מיטגלידער, וועלכע קאָנען זיך באַנוצן

מיט געווער, האָבן זיך געזאָלט מעלדן און די גאַנצע אַרבעט
האָט געזאָלט איבערגעפירט ווערן אויף אומלעגאַלע וועגן."

דאַן האָט גערינג גערעדט וועגן אַן אָרגאַניזאַציע-פּלאַן
פון אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד. אינם פּלאַן זאָל האָבן געווען
אָנגעוויזן, אַז באַוואָפנטער אויפשטאַנד איז דער ערשטער
עטאַפּ פון בירגער-קריג. ס'ווערן דאָרט געגעבן אָנווייזונגען
פאַר קליינע טעראָריסטישע גרופּן, ווי אַזוי אונטערצולייגן
פייער אין טויזנטער, צענדליקער טויזנטער ערטער. דער
צוועק פון דערדאָזיקער אַקציע איז אַרויסצורופן די פּאָליציי
און דאָס מיליטער אין דער פּראָווינץ און מאַכן אַן אויפ-
שטאַנד אין די נישט-פּאַרטיידיקטע שטעט. ביים באַנוצן זיך
מיט ערובניקעס האָט מען געזאָלט האַנדלען אָן רחמנות.

זיין רעדע האָט גערינג געענדיקט מיט די ווערטער:

„איך מוז זאָגן די קאָמוניסטן, אַז מיינע נערוון זענען
שטאַרק און איך פיל גענוג כוח צו דערשטיקן זייער פאַר-
ברעכערישע טעטיקייט."

ווער זענען די אונטערצינדער? גלייך ווי ס'האָט
זיך פאַרשפּרייט די ידיעה וועגן דער רייכסטאַג-שׂרפה, האָט
די וועלט-פּרעסע געשטעלט די פראַגע: ווער זענען די אונ-
טערצינדער? די מערהייט דייטשע צייטונגען האָבן אָנגענו-
מען די שטעלונג פון דער היטלער-רעגירונג, אַז דעם רייכס-
טאַג האָבן אונטערגעצונדן די קאָמוניסטן. דאַקעגן די גאַנצע
אויסלענדישע פּרעסע האָט זיך באַצויגן צו די אָפיציעלע
קאָמוניקאַטן מיט גרויס אומצוטרוי, וועלכער האָט זיך גאָר
שנעל פאַרוואַנדלט אין אַן אָפענעם חוזק. דער „טאַן" פון
1־טן מערץ שרייבט:

„דער אָפיציעלער קאָמוניקאַט האָט אַ בפירושע כוונה

אויפצורייצן די באַפעלקערונג קעגן דער לינקער אָפּאָזיציע. ס'איז נישטאָ קיין שום מיטל צו קאָנטראָלירן די פּאָליציי-אישע ידיעות. מ'קען בלויז פעסטשטעלן, אַז די רייכסטאַג-שרפה קומט זייער צונוץ דער רעגירונגס-פּראָפּאַגאַנדע צו די וואַלן. זי גיט אַ תירוץ צו אַן אַקציע נישט נאָר קעגן די קאָמוניסטן, נאָר אויך קעגן די סאָציאַל-דעמאָקראַטן. דאָס גיט אויך די שטורם-אָפּטיילונגען און דעם שטאָלהעלם די געלעגנהייט אַרויסצוטרעטן אין איין ריי מיט דער באַוואָפנטער מאַכט."

ווייטער גיט דער „טאַן" איבער, אַז אין די לינקע און דעמאָקראַטישע קרייזן פון בערלין באַציט מען זיך מיט גרויס אומצוטרוי צו גערינגס ווערטער. „דאָס אַרעסטירן וואָן דער ליבען — שרייבט די צייטונג — און זיין זיך מודה-זיין איז נאָך נישט גענוג אויף אויפצודעקן דעם שלייער, וועלכער הילט אַרום די רייכסטאַג-שרפה".

די לאָנדאָנער „איוונינג סטאַנדאַרט" שרייבט: „מיר וואָלטן געווען דערשטוינט, ווען די וועלט נעמט אָן פאַר אַ ריינער מטבע היטלערס דערקלערונג, אַז די רייכסטאַג-שרפה איז אַ ווערק פון קאָמוניסטישע אונטערצינדער."

די לאָנדאָניער „ניו-קראָניקל" פונם זעלבן טאָג דער-קלערט: „די באַהויפּטונג, אַז די דייטשע קאָמוניסטן האָבן אַ וועלכע נישט איז שייכות צו דער שרפה, איז פּשוט אַן אומזין!"

די אָפיציעלע „רייטער-אַגענטור" האָט פאַנאַנדערגעשיקט דעם 1־טן מערץ פאָלגנדיקע ידיעה: „ס'איז אויסער יעדן צווייפל, אַז מיליאָנען מענטשן אין דייטשלאַנד גלויבן נישט אין דער מעשה וועגן דער רויטער רעוואָלוציע, וועלכע איז נאָר וואָס אויסגעמיטן געוואָרן".

די דאָזיקע פאַר בײַשפּילן באַווײַזן אין אַ גענוגנדיקער מאָס, אַז אין אויסלאַנד גלויבט מען נישט די אָפּיציעלע באַהויפּטונגען פון דער היטלער־רעגירונג. דאָס גאַנצע אויסלאַנד איז געוווּצן און איז אויך ווײַטער איבערצייגט, אַז די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן האָבן אונטערגעצונדן דעם רייכסטאַג. מיר ברענגען דאָ נאָך אַן אויסצוג, וועלכער דריקט אָמבעסטן אויס די שטימונגען אין אויסלאַנד. דער לאָנדאָנער „דיילי טעלעגראַף" פון 3־טן מערץ שרײַבט:

„קיין איין פאַרנונפטיקער דײַטש גלויבט נישט אין דער ווערסיע, אַז די קאָמוניסטן האָבן אונטערגעצונדן דעם רייכסטאַג. פאַר דער צייט איז מען געוואָר געוואָרן, אַז געפּרינג האָט נאָך פאַר דער שרפה צוגעגרייט אַ גאַנצע רייע פאַראָרדנונגען און אונטערדריקונג־מיטלען, ווי ער וואָלט פון פאָרויס געוווּסט, אַז אין דער דאָזיקער נאַכט דאַרף אין בערלין געשען עפּעס אויסערגעוויינלעכעס."

סך הכּל דרײַ טעג נאָך דער רייכסטאַג־שרפה שטייט שוין די היטלער־רעגירונג פאַרן פּאַקט, אַז קיינער אין אויסלאַנד גלויבט נישט אין אירע באַריכטן.

**ווער האָט געדאַרפט די שרפה?** יעדער קרימינאַליסט שטעלט קודם כּל די פראַגע, וועמען האָט דאָס פאַרברעכן געבראַכט נוצן. די דאָזיקע פראַגע מוזן מיר אויך דאָ שטעלן.

די היטלער־רעגירונג האָט אין אירע אָפּיציעלע באַריכטן דערקלערט, אַז דער רייכסטאַג איז אונטערגעצונדן געוואָרן דורך די קאָמוניסטן און דאָס האָט געזאָלט זיין אַ סיגנאַל צו אַ בלוטיקן אויפשטאַנד און בירגער־קריג. צי האָבן מיר איין איינציקע באַווייז, אַז די קאָמוניסטן האָבן טאַקע

געהאַט בדעה איינצואָרדנען אין דער נאַכט פון 27 אויפן 28 פעברואַר אַ „בלוטיקן אויפשטאַנד"? די טאַקטיק פון דער קאָמ. פאַרטיי געפינט זיך אין אַ שרייענדיקער סתירה צו אַזאַ באַהויפּטונג.

דעם 25 מערץ 1933 האָט די דייטשע קאָמ. פאַרטיי אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג וועגן דער רייכסטאַג-שרפה, וואו מיר געפינען פאָלגנדיקע ווערטער:

„יעדער איינער, וועמ ס'איז כאָטש אַביסל באַקאַנט מיט די יסודות פון קאָמוניזם, מיט די לערע פון מאַרקס און לענין, מיט די באַשלוסן פון קאָמ. אינטערנאַציאָנאַל און פון דער דייטשער קאָמ. פאַרטיי — ווייס, אַז די מעטאָדן פון אינדיווידועלן טעראָר, אונטערצינדונגען, סאַבאָטאַזש-אַקטן א. א. וו. געהערן נישט צו די טאַקטישע מיטלען פון דער קאָמ. באַוועגונג. די דייטשע קאָמ. פאַרטיי האָט שטענדיק דערקלערט, אַז איר ציל איז די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע. כדי צו דערגרייכן דעם דאָזיקן ציל באַנוצט די דייטשע קאָמ. פאַרטיי די טאַקטיק פון רעוואָלוציאָנערן מאַסןקאַמף, פון געווינען די מאַסן פאַר דער קאָמ. באַוועגונג דורך אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע און קודם-כל—דורך אָרגאַניזירן דעם טאָג-טעגלעכן קאַמף פאַר די אוממיטלבאַרע אינטערעסן פון די אַרבעטער. ס'איז קלאָר, אַז די רייכסטאַג-אונטערצינדונג האָט נישט געקאָנט האָבן פאַר דער קאָמ. באַוועגונג קיין שום זין און צוועק."

צי האָט די רייכסטאַג-אונטערצינדונג געקאָנט ברענגען נוצן די קאָמוניסטן? די דייטשע קאָמ. פאַרטיי האָט אין די לעצטע יאָרן געהאַלטן אין איין וואַקסן. בעת די פּרעזידענט-וואַ"ן אין מערץ 1932 האָט איר קאַנדידאַט ערנסט טעלמאַן באַקומען 4 מיליאָן 960 טויזנט שטימען. בעת די רייכסטאַג-

וואַלן ד. 31 יולי 1932 איז די צאָל שטימען געשטיגן ביז 5 מיליאָן 300 טויזנט. בעת די וואַלן פון 6 נאָוועמבער 1932 האָט זי דערגרייכט 6 מיליאָן שטימען. צו די נייע וואַלן פונם 5-טן מערץ 1933 זענען די קאָמוניסטן געגאַנגען מיט די בעסטע אויסזיכטן און די גאַנצע אויסלענדישע פרעסע האָט זיי פאָרויסגעזאָגט אַ גרויסן שטימען-צוּוואוקס.

די אומצופרידנקייט אינם ס. ד. לאַגער איז געוואַקסן. די כסדרדיקע פּראָוואָקאַציעס פון די נאַצים, די פּאַסיווקייט פון די פאַריינישע און פאַרטייאישע פירער, וועלכע האָבן דעו לאָזט, אַז זייערע מיניסטאָרן אין פּרייסן זאָלן פאַריאָגט ווערן דורך אַן אָפיציר מיט דריי סאָלדאַטן — דאָס אַלץ האָט געשטופּט גרויסע מאַסן ס. ד. ווײלער צו די קאָמוניסטן.

נישט קלענער איז אויך געווען די אומצופרידנקייט אין נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן לאַגער. ביי די וואַלן אין נאָוועמ־בער 1932 האָט היטלער פאַרלוירן איבער 2 מיליאָן שטימען דער צעפאַלונגס-פּראָצעס איז געוואַקסן. ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט, האָבן אַ סך אָנהענגער זיינע גע־האָפט, אַז ס'וועט קומען אַ ראַדיקאַלע ווענדונג צום בע־סערן. זי איז אָבער נישט געקומען. ס'איז דעריבער באַ־שטאַנען אַ געפאַר, אַז אַ סך נאַצים וועלן שטימען פאַר די קאָמוניסטן.

**היטלער—הוגענבערגס געפאַנגענער.** די אַזוי גע־רופענע רעגירונג פון „נאַציאָנאַלער קאָנצענטראַציע" איז געבילדעט געוואָרן דעם 30-טן יאַנואַר 1933. די באַדינגונגען, אונטער וועלכע הינדענבורג האָט באַשטימט היטלערן אַלס קאַנצלער, זענען געווען זייער שווערע. די דייטש-נאַציאָנאַלע מיניסטאָרן האָבן געהאַט אַן אַבסאָלוטע מערהייט אין דער

רעגירונג. רייכסווער-מיניסטער איז געוואָרן גענעראַל פאָן־בלאָמבערג, הינדענבורגס אַ מענטש. ווען די נייע רעגירונג האָט דעם 30־טן יאַנואַר אָפּגעגעבן אַ שבועה הינדענבורגן, האָט היטלער געמוזט געבן אַן אויסדריקלעכן צוזאָג אין דער אָנוועזנהייט פון אַלע מיניסטאָרן, אַז ער וועט נישט ענדערן דעם צוזאַמענשטעל פון דער רעגירונג. די דריי נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישע מיניסטאָרן היטלער, פריק און גע־רינג זענען געווען אַרומגערינגלט אין דער רעגירונג מיט דייטש-נאַציאָנאַלע, וועלכע האָבן געהאַט אין זייערע הענט אַלע ווירטשאַפטלעכע פּאָרטפעלן, די אויסערן-פּאָליטיק און די רייכסווער. דער פירער היטלער האָט לויטן פּלאַן פון די דייטש-נאַציאָנאַלע, געזאָלט זיין זייער געפאַנגענער. ער פלעגט אויפגענומען ווערן דורך הינדענבורגן נאָר אין פּאַ־פּענס אָנוועזנהייט. דאָס ערשטע מאָל האָט מען אַזוי באַ־האַנדלט אַ קאַנצלער.

אויפן לעגאַלן וועג איז געווען אוממעגלעך צו ענדערן די לאַגע. די דייטש-נאַציאָנאַלע זענען געווען זייער צופרידן. דער צווייטער שטאַלהעלם-אָנפירער, פּאָלקאָווניק דיסטערבערג, האָט דעם 12־טן פעברואַר אויף אַ וואַל-מיטינג באַקאַנט געמאַכט וועגן היטלערס צוזאָג נישט צו מאַכן קיין שום ענ־דערונגען אין דער רעגירונג.

היטלערס מקורבים, באַזונדערס געבעלס און גערינג, האָבן זיך באַמיט מיט אַלע כוחות צו באַפרייען היטלערן פון דער דייטש-נאַציאָנאַלער קלעם. נאָר אַן ענדערונג פון דער מאַכט-פּאַרטיילונג אין דער רעגירונג האָט געקאָנט איינ־שטעלן די וואַקסנדיקע אומצופרידנקייט פון אַ סך נאַצי-ווייַ־לער. פּרובירן מיט כוח איז געווען צו געפערלעך. די רייכס־ווער און דער שטאַלהעלם זענען געשטאַנען אויף הינדענ־

בורגס זייט. אין אן אפענעם קאמף וואלטן אויך די רעפובליקאנישע רייכסבאנער ארויסגעטרעטן קעגן די נאציס.

## דר. אבערפארענס שריפט. אין אזא לאגע זענען

די נאציס אריין אין דער וואל-קאמפאניע. געבעלס, דער פיפיקסטער צווישן זיי, האט אמבולטסטן גענוצן די געפאר. אין זיין קאפ איז צוערשט אנטשטאנען דער געדאנק וועגן עפעס א גרויסן אויפטו, וואס זאל מיט איין קלאפ ענדערן די לאגע לטובת די נאציס. אין אונזער באזיץ געפינט זיך א באווייז וועגן דער אנטשטייאונג און צוגרייטונג פון געבעלס פלאן.

דער דייטש-נאציאנאלער דעפוטאט דר. אבערפארען האט נאך די וואלן פון 5 מערץ געפרווווט ארגאניזירן א קאמף פון דער רייכסווער און שטאלהעלם קעגן היטלערן. אלס הוגענבערגס פארטרויאונגס-מאן האט ער גענוי געוואוסט וואס עס קומט פאר אין דער רעגירונג. ער האט פארשריבן אלץ, וואס ער האט געוואוסט וועגן די צוגרייטונגען צו דער רייכסטאג-אונטערצינדונג און איבערגעשיקט זיין שריפט צו זיינע פריינט אין אויסלאנד. געוויסע שטעלן פון זיין שריפט זענען פארעפנטלעכט געווארן אין אויסלענדישע צייטונגען, נישט אנגעבנדיק דעם נאמען פון מחבר. ווען די נאציס האבן זיך דערוואוסט וועגן דער שריפט, האבן זיי אויפגעהויבן קעגן אים א העצע און דעם 7-טן מאי האט מען אים געפונען א טויטן אין זיין וואוינונג. דער פאליצייבאריכט האט געמאלדן, אז ער איז באגאנגען זעלבסטמארד. אין דער אמתן איז ער אבער דערמארדעט געווארן דורך די נאציס. מיר נעמען ארויס פון דר. אבערפארענס מעמאראנדום די וויכטיקסטע שטעלן. אין אנהויב ווערט דערציילט,

אַז די רעוויזיעס אין קאַרל ליבקנעכט-הויז האָבן נישט גע-בראַכט קיין שום רעזולטאַטן. דאַן גייט ער איבער צום פּלאַן אונטערצוצינדן דעם רייכסטאַג.

געבעלס׳ פּלאַן. „העד דר. געבעלס – שרייבט דר. אָבערפאָרען – נישט רעכענענדיק זיך מיט קיין שום סקרו-פּולן, האָט באַלד אויסגעפּאַרטיקט אַ פּלאַן, וועלכער גיט די נאַציס די מעגלעכקייט נישט נאָר צו ברעכן דעם ווידער-שטאַנד פון די דייטש-נאַציאָנאַלע קעגן אונטערדריקן די סאָ-ציאַל-דעמאָקראַטישע און קאָמוניסטישע וואַל-אַגיטאַציע, נאָר אויך אינגאַנצן צו פאַרווערן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי.

„געבעלס האָט געהאַלטן פאַר נויטיק, אַז אין קאַרל ליבקנעכט-הויז זאָלן געפונען ווערן קאָמפּראָמיטירנדיקע מאַ-טעריאַלן, מיט וועלכע מ׳זאָל קאָנען באַווייזן, אַז די קאָמו-ניסטן האָבן געהאַט פאַרברעכערישע כּוונות, אַז ס׳דראָט אַ קאָמוניסטישער אויפשטאַנד און די געפאַר איז זייער נאָנט. אַזוי ווי מעלכער (בערלינער פּאָליציי-פּרעזידענט) האָט ווי-דער גאָרנישט געפונען אין קאַרל ליבקנעכט-הויז, האָט מען געמוזט באַשטימען אַן אַנדערן פּאָליציי-פּרעזידענט, אַ היט-לעריסט. מיט גרויס שוועריקייט איז אָנגעקומען איבערצייגן פּאַפּענען, ער זאָל משלח זיין מעלכערן, וועלכער איז גע-ווען זיין מענטש. דער פאָרשלאַג פון די נאַציס צו באַשטי-מען אויף זיין אָרט דעם גראַף העלדאָרף, אָנפירער פון די בערלינער שטורם-אָפּטיילונגען, איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן. סוף כּל סוף איז מען דורכגעקומען אויף דער פּערזאָן פון אַדמי-ראַל פאָן לעוועצאָוו, וועלכער איז טאַקע געווען אַ היטלע-ריסט, אָבער געהאַט גרויסע פאַרבינדונגען מיט די דייטש-נאַציאָנאַלע. אריינצושמוגלען מאַטעריאַלן אין דעם ליידיקן

קאַרל ליבקנעכט-הויז איז געווען אַ קליינינקייט. די פּאָליציי האָט געהאַט דעם פּלאַן פון גאַנצן בנין און פון די קעלערס. מ׳האָט דאָרט לייכט געקאָנט אַריינברענגען די נויטיקע דאָקומענטן.

„דעם 24-טן פעברואַר האָט די פּאָליציי זיך אַריינגעריסן אינם זינט אַ פּאָר וואָכן ליידיקן קאַרל ליבקנעכט-הויז, דורכגעפירט דאָרט אַ רעוויזיע און פאַרחתמעט דאָס הויז. דעמזעלבן טאָג האָט מען אָפיציעל מודיע געווען, אַז מ׳האָט געפונען אַ סך קאָמפּראָמיטירנדיקע מאַטעריאַלן.

„דעם 26-טן פעברואַר האָט קאָנטי-אַגענטור, די רעגירונגס-אַגענטור, זייער אויספירלעך דערציילט וועגן די רעזולטאַטן פון דער רעוויזיע. ס׳איז געווען אויספירלעך דערציילט וועגן געהיימע דורכגענג, געהיימע טירן, טונעלן, קאַטאַקומבעס, אונטערערדישע געוועלבן א. א. וו. דער גאַנצער באַריכט איז לעכערלעך צונויפגעשטעלט. אַזוי צ. ב. ווערט אַ געוויינלעכער קעלער אָנגערופן מיטן נאָמען „אונטערערדישער געוועלב" און „קאַטאַקומבען". ס׳איז געווען אויפפּאַלנד, אַז אין די פּלומרשט גוט באַהאַלטענע געהיימע קעלער-צימערן האָט די פּאָליציי געפונען הונדערטער צענטנערן געווער, אָנווייזונגען וועגן דורכפירן די אָנקומענדיקע רעוואָלוציע. באַזונדערס לעכערלעך איז געווען די מיטטיילונג, אַז די פּאָליציי האָט אין דיראָזיקע געהיימע געוועלבן געפונען באַווייזן, אַז „די קאָמוניסטישע פּאַרטיי און אירע הילפס-אָרגאַניזאַציעס פירן אַ צווייט אומלעגאַל לעבן אונטער דער אויבערפלאַך".

„אַדמיראַל פאָן לעוועצאָוו, בערלינער פּאָליציי-פּרעזי-

דענט, האָט זונטיק ד. 26 פעברואַר אָפּגעגעבן דעם מיניס־
טער גערינג אַ באַריכט וועגן די רעזולטאַטן פון דער רע־
וויזיע.

„אין דער רעגירונג האָבן די רעזולטאַטן פון דער
רעוויזיע אַרויסגערופן גרויסע חלוקי־דעות. פּאַפּען, הוגענבערג
און זעלדטע האָבן געמאַכט גערינגן שווערע פּאָרוואורפן,
פאַרוואָס ער באַנוצט זיך מיט אַזעלכע שווינדלערישע שטיק.
זיי האָבן אָנגעוויזן, אַז מ׳האָט געדאַרפט האַנדלען אַביסל
געשיקטער, אַזוי צום ביישפּיל ווי די ענגלישע קאָנסערוואַ־
טיסטן מיטן געפעלשטן זינאָוויעוו־בריוו. מ׳איז אָנגעפאַלן
אויף דער אומגעלומפּערטקייט, מיט וועלכער די קאָנטי־אַגענ־
טור האָט געשילדערט דאָס קאַרל ליבקנעכט־הויז. די דייטש־
נאַציאָנאַלע און שטאַלהעלמיסטן האָבן אָנגעוויזן, אַז קיין
איין מענטש וועט נישט גלויבן, אַז די קאָמוניסטן האָבן
געהאַט זייער אומלעגאַלע הויפּט־קוואַרטיר דווקא אין קאַרל
ליבקנעכט־הויז. אויב פעלשן — איז לכל הפּחות געשיקטער,
לכל הדעות איבערטראָגן די אומלעגאַלע לאָקאַלן אין אַן
אַנדער טייל פון שטאָט.

„אַזוי אָבער, ווי דער גאַנצער ענין איז שוין איבער־
געגעבן געוואָרן אין דער עפנטלעכקייט, איז די דייטש־
נאַציאָנאַלע נישט געבליבן עפּעס אַנדערש, ווי מסכים צו
זיין אויף ווייטערדיקע רעפּרעסיעס קעגן די קאָמוניסטן
אויפן גרונט פון די געפונענע מאַטעריאַלן. פאַרשטייט זיך,
זיי זענען נישט געווען אויסן צו שיצן די קאָמוניסטן, זיי
האָבן נאָר קריטיקירט די אומגעלומפּערטקייט פונם גאַנצן
ענין. גלייכצייטיק האָבן זיי אָבער דורכאויס געוואָלט, אַז
די קאָמ. פּאַרטיי זאָל ביי אַלע אומשטענדן אָנטייל נעמען
אין די וואַלן. מ׳האָט געוואָלט שטערן, אַז די נאַציס זאָלן

קענען אַליין באַקומען אַן אַבסאָלוטע מערהייט אינם רייכס־
טאַג דורכן באַזייטיקן די קאָמ. פּאַרטיי."

די אויספירונג פונם פּלאַן. דר. אָבערפאָרען ווייזט
אָן אין זיין שריפט, אַז געבעלס האָט געהאַלטן פאַר נויטיק
צו פאַרשטאַרקן די ווירקונג פון די כלומרשט געפונענע מאַ־
טעריאַלן אין קאַרל ליבקנעכט־הויז דורך עפּעס אַן אויפטו.
ער האָט געגלויבט, — שרייבט ווייטער דר. אָבערפאָרען, —
אַז אַ גרויסן דערפאָלג וואָלטן געבראַכט אַ גאַנצע סעריע
אונטערצינדונגען, וועלכע וואָלטן געקרוינט געוואָרן מיט דער
רייכסטאַג־אונטערצינדונג. די רייכסטאַג־שרפה איז באַשטימט
געוואָרן אויפן 27־טן פעברואַר. ס'איז געוואָרן אָפּגערעדט,
אַז די וויכטיקסטע נאַצי־פירער: היטלער, גערינג און געבעלס
וועלן דעם טאָג נישט אַרויסטרעטן מיט קיין שום רעדעס
אויף וואַל־פאַרזאַמלונגען און וועלן בלייבן אין בערלין. מיר
פאַרעפנטלעכן דאָ אַ מיטטיילונג וועגן היטלערס וואַל־רעדעס,
וועלכע איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אַ פאַרטיי־צייטונג.
ס'איז באַזונדערס אויפפאַלנד, וואָס היטלער האָט געלאָזט פריי
די טעג פון 25־טן ביזן 27־טן פעברואַר:

23„ פעבר‍ואַר . . . . פראַנקפורט א. מ.
24 פעברואַר . . . . מינכען
28 פעברואַר . . . . לייפּציק
1 מערץ . . . . . . ברעסלוי
2 מערץ . . . . . . בערלין
3 מערץ . . . . . . האַמבורג
4 מערץ . . . . . . קעניגסבערג"

די צייטונג גיט־צו: „ס'איז מעגלעך, אַז דעם 25־טן

און 26־טן וועלן נאָך פאָרקומען וואַל־מיטינגען. ס׳קומען אין באַטראַכט די שעהן צווישן 8 און 9 אין אָוונט".

אויף יעדן פאַל האָט זיך אַלזאָ היטלער געלאָזט פריי די טעג פון 25 ביזן 27 פעברואַר. יעדנפאַלס האָט ער אָבער שוין פון פריער געהאַט אָנגעזאָגט, אַז דעם 27־טן פעברואַר וועט ער פאַר קיין פאַל נישט קענען אַרויסטרעטן.

די ווידערשפרוכן אין די באַריכטן. דער ערש־טער אָפיציעלער באַריכט האָט געמאָלדן, אַז אַ פּאָליציי־באַאַמטער האָט באַמערקט אין דעם טונקעלן בנין פערזאָנען מיט ברענענדיקע פאַקעלן און אַז ס׳איז געלונגען צו כאַפּן דעם אונטערצינדער. ווייטער איז געוואָרן איבערגעגעבן, אַז דעם אונטערצינדער האָט מען געכאַפּט אין די קעלערן פון רייכסטאַג און ער האָט זיך געלאָזט אַרעסטירן אָן ווידער־שטאַנד. דעם 4־טן מערץ דאַקעגן איז וואָן דער ליבעס אַרעסט געשילדערט געוואָרן אויף אַזאַ אופן:

„די פּאָליציאַנטן האָבן באַמערקט פייער אין דער גע־ביידע. איינער פון זיי האָט דייטלעך געזען פאַקעלן און גע־שאָסן אויף זיי. לכתחילה האָט מען געצווייפלט אין דעם, שפּעטער האָט מען אָבער ווירקלעך געפונען שפורן פון קוילן, דאָן זענען די פּאָליציאַנטן אַריין אינעם רייכסטאַג. זיי האָבן געפונען וואַן דער ליבען נישט אין די קעלערס, ווי ס׳איז פריער מיטגעטיילט געוואָרן, נאָר אין פאָדער־צימער, און ער האָט זיך געלאָזט אַרעסטירן ערשט נאָך אַ שטאַרקן ווידער־שטאַנד."

דאָס איז דער ערשטער ווידערשפרוך אין די אָפיציע־לע באַריכטן.

טאַרגלער איז קענען ווערן באַשולדיקט. דעם 1-טן מערץ אין אָוונט האָט די אָפיציעלע „פּרייסישע פּרעסע-דינסט" געמאָלדן:

די ביזאַנטיקע אויספאָרשונג וועגן דער אונטערצינ-דונג האָט באַוויזן, אַז בלויז כּדי אַריבערצוברענגען דאָס גאַנ-צע ברען-מאַטעריאַל האָט מען געמוזט האָבן לכל-הפּחות 7 פּערזאָן און כּדי גלייכצייטיק אונטערצוצינדן די ריזיקע גע-ביידע אין אַזויפיל ערטער האָט מען געדאַרפט האָבן לכל-הפּחות 10 פּערזאָן. ס'איז קלאָר, אַז די אונטערצינדער האָבן געמוזט זיין אויסגעצייכנט באַקאַנט מיט אַלע איינצלהייטן פון דער ריזיקער געביידע און אַז נאָר דורך לאַנגיעריקן פריען באַוועגן זיך אין רייכסטאַג האָבן זיי געקאָנט דער-ווערבן אַזעלכע גענויע ידיעות. דעריבער אַנטשטייט זייער אַן ערנסטער חשד קעגן די קאָמוניסטישע דעפּוטאַטן, וועלכע האָבן זיך באַזונדערס אין דער לעצטער צייט אויפפאַלנדיק אָפט פאַרזאַמלט אונטער פאַרשידענע תּירוצים אין דער רייכס-טאַג-געביידע. דערמיט לאָזט זיך אויך דערקלערן, וואָס ס'איז געלונגען צו אַרעסטירן אויפן אָרט פון פאַרברעכן נאָר דעם האָלענדישן קאָמוניסט, וועלכער האָט נישט געקענט אַזוי גרינטלעך די געביידע און האָט נישט באַוויזן צו אַנטלויפן נאָכן אָפּטון זיין שטיקל אַרבעט. דער אַרעסטירטער, וועל-כער איז באַקאַנט אין האָלאַנד אַלס זייער ראַדיקאַל גע-שטימט, האָט זיך שטענדיק באַטייליקט אין די באַראַטונגען פון קאָם. אַקציאָנס-קאָמיטעט און האָט דורכגעזעצט, אַז מ'זאָל אים אַריינציען אין דער אונטערצינדונג.

„די אויספאָרשונג האָט ווייטער פעסטגעשטעלט, אַ דריי עדות האָבן מיט אַ פּאָר שעה פאַר דער שרפה געזען

דעם אַרעסטירטן האָלענדער אין דער באַגלייטונג פון די קאָמ.
דעפּוטאַטן טאָרגלער און קענען אינם רייכסטאַג-קאָרידאָר
אַזייגער 8 אין אָוונט. אַ טעות פון די עדות איז צוליבן
אויסזען פונם אונטערצינדער אוממעגלעך. אַזוי ווי דער איינ-
גאַנג פאַר דעפּוטאַטן ווערט פאַרמאַכט 8 אין אָוונט, דאַקעגן
די קאָמ. דעפּוטאַטן טאָרגלער און קענען האָבן זיך געלאָזט
ברענגען זייערע פאַלטנס אין צימער אַרום האַלב ניין און
ערשט אַרום 10 האָבן זיי פאַרלאָזט דעם רייכסטאַג דורך
אַן אַנדערער טיר — אַנטשטייט קעגן זיי אַ שווערער פאַר-
דאַכט, ווייל טאַקע אין דער צייט איז אונטערגעלייגט גע-
וואָרן דאָס פייער.

„ס'איז נישט ריכטיק דער קלאַנג, אַז דעפּ. טאָרגלער
וואָל זיך האָבן פרייוויליק געמאָלדן אין דער פּאָליציי. אמת
איז, אַז ער האָט געבעטן דורך זיין אַדוואָקאַט אַן „אייזער-
נעם בריוו", ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז ס'איז אומ-
מעגלעך צו אַנטלויפן. די פּאָליציי האָט אים אָפּגעזאָגט און
ער איז אַרעסטירט געוואָרן."

דעם 4-טן מערץ האָט דער שעף פון דער פּאָליטישער
פּאָליציי אַרויסגעגעבן אַ באַריכט, אין וועלכן מיר לייענען:

„אין די אינטערעסן פון דער אויספאָרשונג און דער
מלוכה-זיכערקייט קאָן נישט געזאָגט ווערן, אויף ווי ווייט
די ביזאיצטיקע אויספאָרשונג האָט געליפערט באַגרינדעטע
באַווייזן וועגן דער מיטווירקונג פון דריטע פּערזאָנען."

דעם 1-טן מערץ אַלזאָ אַנטשטייט אַ שווערער פאַר-
דאַכט לגבי טאָרגלער און קענען, און די מלוכה-זיכערקייט
שטערט נישט מיטצוטיילן, אויף וואָס ס'שטיצט זיך דער דאָ-
זיקער פאַרדאַכט. דעם 4-טן מערץ וואָלט אַזאַ מיטטיילונג
שוין יאָ געווען געפערלעך פאַר דער מלוכה-זיכערקייט.

. . דאָס איז דער צווייטער ווידערשפּרוך.

אין דער מיטטיילונג פון דער „פּרייסישער פּרעסע־דיגסט" פון 1־טן מערץ ווערט איבערגעגעבן, אַז טאָרגלער און קענען האָבן פאַרלאָזט דעם רייכסטאַג־בנין אַרום 10 אַזייגער אין אָוונט. לויט די מעלדונגען פון אָפיציעלן וואָלף־ביוראָ, טעלעגראַפן־אוניאָן און אויסלענדישע זשורנאַליסטן, האָט מען אַנטדעקט די שרפה צווישן 9 און 9.15 אין אָוונט. די פייערלעשער האָבן אָנגעהויבן זייער אַרבעט אַ פערטל אויף צען. אין דער זעלבער צייט האָט די פּאָליציי אַרומגערינגלט דעם רייכסטאַג און אָפּגעשלאָסן יעדן צוטריט. אין אַ פּאָר מינוט נאָכן אַנטדעקן די שרפה איז אָנגעקומען גערינג און קורץ נאָך אים היטלער, געבעלס, פּאַפּען און פּרינץ אויגוסט־ווילהעלם. נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעם האָבן די דעפּוטאַטן טאָרגלער און קענען רויק פאַרלאָזט דעם ברענענדיקן רייכסטאַג, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט פּאָליציי און מיט אַ פילטויזנט־קעפּיקן המון, און קיינעם פון די אַלע מענטשן איז נישט איינגעפאַלן צו שטעלן זיי איין פראַגע?
דאָס איז דער דריטער ווידערשפּרוך.

**אַ הונדערט־פּראָצענטיקער אַליבי.** צוויי קעלנערס פונם אַשינגער־רעסטאָראַן, נישט ווייט פון פרידריכשטראַסע־באַנהויף, האָבן אונטער אַ שבועה אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג, אַז די דעפּוטאַטן טאָרגלער און קענען האָבן דעם 27־טן פעברואַר אָפּגעגעסן זייער אָוונטברויט אינם דאָזיקן רעסטאָראַן שוין האַלב ניין אין אָוונט. זיי האָבן אַלזאָ געמוזט פאַרלאָזן דעם רייכסטאַג שפּעטסטנס אַ פּאָר מינוט נאָך אַכט און נישט אַרום 10 אַזייגער, ווי ס׳טיילט מיט דער אָפיציעלער באַריכט.

מיר דרוקן דאָ די דערקלערונג, וועלכע דעפּ. ווילהעלם קענען האָט אָפּגעגעבן אונטער אַ שבועה. קענען איז געקומען אין רייכסטאָג האַלב זיבן אין אָוונט און פאַרברענגט מיט טאָרגלערן ביז האַלב צוויי ביינאַכט. דאָס אַליבי פון ביידע איז הונדערטפּראָצענטיק און דאָס באַווייזט אַמבעסטן, אַז אין די באַשולדיקונגען קעגן טאָרגלער און קענען איז נישטאָ קיין איין וואָרט אמת. קענענס דערקלערונג לויטעט:

„דעם 27-טן פעברואַר נאָכמיטאָג בין איך געקומען אין פּאָליציי-פּרעזידיום אויף אַלעקסאַנדער-פּלאַץ צום קאָמיסאַר דר. בראַשוויץ, כדי צו פאַרהאַנדלען מיט אים וועגן אַרויסגעבן אונז די וואַל-מאַטעריאַלן פון קאַרל ליבקנעכט-הויז. במשך פון דער לעצטער וואָך פלעג איך צו אים קומען יעדן טאָג. נאָך דריי זענען מיר צוזאַמען מיט נאָך אַ פּאָר באַאַמטע צוגעפאָרן צום קאַרל ליבקנעכט-הויז, וואו מ'האָט פאַרפּאַקט און צוגענומען אַ פּאָר קליינע פּעקלעך פלאַקאַטן און אַנדערע וואַל-מאַטעריאַלן, וועלכע די פּאָליציי האָט דערלויבט אַרויסצונעמען. צוואַנציק מינוט פאַר זעקס האָב איך זיך געזעגנט מיטן קאָמיסאַר, דערליידיקט אַ פּאָר קליינ-קייטן אין שייכות מיט די וואַלן און טעלעפאָנירט צו אונזער פראַקציע-סעקרעטאַר אין רייכסטאָג. נאָכן געשפּרעך בין איך צוגעפאָרן צום רייכסטאַג און אָנגעקומען אהין פאַר האַלב זיבן. דאָרט האָב איך געטראָפן ערנסט טאָרגלערן, וועלכער איז געווען לייטער פונם אָפיציעלן וואַל-קאָמיטעט פון אונזער פּאַרטיי און איז געווען פאַרנומען מיט פאַנאַנדערטיילן די רעדנער אויף די מיטינגען. אַ פערטל אַכט האָב איך פאַרענדיקט מיין ענין. מיין פריינט ערנסט טאָרגלער האָט מיך געבעטן צו בלייבן נאָך אַ ווײַלע, ווייל ער וואָרט

נאָר אויף אַ טעלעפאָן און דאַן וועלן מיר צוזאַמען קאָנען גיין עסן. אַזוי ווי כ׳האָב נאָך געדאַרפט דערליידיקן עפעס אויף דער פּאָסט, האָב איך געבעטן טאָרגלערן אָנצופרעגן טעלעפאָניש, צי די פּאָסט איז נאָך אָפן. מ׳האָט אים געענטפערט, אַז ס׳איז שוין פאַרמאַכט. מיר האָבן נאָך אַרומגערעדט און דערליידיקט פאַרשידענע וואַל־פראַגן. דריי פערטל אַכט האָט טאָרגלער טעלעפאָנירט צום אַדוואָקאַט דר. ראָזענפעלד. אַזוי ווי דער טעלעפאָן, אויף וועלכן ער האָט געוואַרט פון 7 אָן איז נאָך אַלץ נישט געקומען, האָט ער אָנגעקלונגען צום פּאָרטיער פון דער טיר 5 און אים מיטגעטיילט, אז אויב עמיצער וועט צו אים טעלעפאָנירן נאָך אַכט (ווען מ׳פאַרמאַכט די טעלעפאָן־צענטראַלע), זאָל אים דער פּאָרטיער אַרויסרופן פון זיין צימער.

„דערווייל האָט מען אָנגעקלונגען פון דער גאַרדעראָבע און אָנגעפרעגט, צי גייט ה׳ טאָרגלער אַוועק אָדער מ׳זאָל אים ווי געוויינלעך אַרויפברענגען זיינע זאַכן אין צימער. ער האָט געבעטן אַרויפצוברענגען אים די זאַכן און אַרום 8 אַזייגער האָט מען זיי אים געבראַכט.

„אַ פּאָר מינוט נאָך אַכט איז ענדלעך געקומען דער טעלעפאָן, אויף וועלכן טאָרגלער האָט געוואַרט. דער טעלעפאָן־געשפּרעך איז פאָרגעקומען ביים פּאָרטיער פון דער טיר 5, דעם איינציקן אַרויסגאַנג, וועלכער איז נאָך געווען אָפן. דעפּוטאַט טאָרגלער איז אַרויסגערופן געוואָרן צום טעלעפאָן און איז אַראָפּגעגאַנגען פון דריטן שטאָק צום פּאָרטיער. אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז ער צוריקגעקומען אינם פראַקציע־צימער. מיר האָבן זיך אָנגעטון און צוזאַמען פאַרלאָזט דעם רייכסטאַג, אַן ערך אַ פערטל ניין, דורך דער טיר 5.

„אַזוי ווי מ׳האָט פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז מיר זאָלן



דר. יאָזעף געבעלס
דער איניציאַטאָר



וואַן דער ליבע
דאָס ווערקצייג



היטלער רעדט

פלומרשט האָבן פאַרלאָזט דעם רייכסטאַג אין איילעניש, שטעל איך פעסט, אַז צופעליק זענען מיר גראָד דעם אָוונט אַרויס־געגאַנגען פונם רייכסטאַג אַזוי פּאַמעלעך, ווי נאָך קיינמאָל נישט. די סעקרעטאַרין פון אונזער פראַקציע, וועלכע איז צוזאַמען מיט אונז אַרויסגעגאַנגען, האָט גראָד געהאַט אַ קראַנקן פוס און זי האָט נישט געקאָנט שנעל גיין.

„מיט די זעלבע פּאַמעלעכע טריט זענען מיר צוגע־גאַנגען ביז צום באַנהויף אויף פרידריך־שטראַסע, וואו די סעקרעטאַרין האָט אונז פאַרלאָזט און איינגעשטיגן אין דער אונטערערדישער באַן. מיר זענען גלייך געגאַנגען אין אַשינ־גערס־רעסטאָראַן, וואו מיר האָבן געגעסן אָוונטברויט. ס'איז געווען האַלב ניין. דאָרט האָבן מיר געטראָפן נאָך דריי פּאַרטיי־חברים, מיט וועלכע מיר האָבן געשמועסט אַ געוויסע צייט. צוויי פון זיי האָבן אונז פאַרלאָזט נאָכן אָפּעסן צווישן האַלב צען און דריי פערטל צען. צען דעם זייגער האָבן זיך די קעלנער געטוישט און מיר האָבן באַצאָלט דעם חשבון.

ערשט נאָך צען איז צו אונזער טישל צוגעקומען דער נייער קעלנער, אָנגערופן מיך ביים נאָמען און געזאָגט: „הער קענען, צי ווייסט איר שוין, אַז דער רייכסטאַג ברענט?" דערשטוינט ביזן העכסטן גראַד, האָב איך געענטפערט: „מענטש, זענט איר משוגע? ס'איז דאָך לחלוטין אוממעגלעך!" ער האָט געענטפערט אָן אויפגערעגטער: „ניין, באמת, אַלע שאָפערן דערציילן עס. איר קענט זיי פרעגן ביים בופעט. טויזנטער מענטשן זענען שוין דאָרט פאַרזאַמלט."

„אַזוי זענען מיר געוואָר געוואָרן וועגן דעם שוידער־לעכסטן פאַרברעכן אין דער וועלט־געשיכטע.

(אונטערגעשריבן) ווילהעלם קענען."

די דאָזיקע דערקלערונג אַנטפּלעקט דעם פּערטן ווי-דערשפּרוך אין די אָפיציעלע באַריכטן.

טאָרגלער האָט זיך אַליין געמאָלדן. אין דער מיט-טיילונג פון „פּרייסישן פּרעסע-דינסט" פונם 1-טן מערץ 1933 ווערט געזאָגט, אַז טאָרגלער האָט זיך נישט געמאָלדן אַליין, נאָר איז אַרעסטירט געוואָרן. די פאָלגנדיקע דערקלערונג, וואָס איז אָפּגעגעבן געוואָרן אונטער אַ שבועה דורכן אַד-וואָקאַט דר. קורט ראָזענפעלד, וועלכער האָט באַגלייט טאָרג-לערן אין פּאָליציי-פּרעזידיום, ווייזט, אַז די דאָזיקע מיטטיי-לונג איז אַ ליגן:

„אינדערפרי נאָך דער רייכסטאַג-שרפה האָט ה' ערנסט טאָרגלער אַנטעלעפאָנירט צו מיר און געפרעגט, צי בין איך גרייט אים צו באַגלייטן אין פּאָליציי-פּרעזידיום, וואוהין ער וויל גיין, כּדי צו פאַרטיידיקן זיך פון די באַשולדיקונגען, וועלכע זענען אויפגעהויבן געוואָרן קעגן אים אין צוזאַמענ-האַנג מיט דער רייכסטאַג-אונטערצינדונג. איך האָב דער-קלערט, אַז כ'בין גרייט און תּיכּף אָנטעלעפאָנירט אין פּאָ-ליציי-פּרעזידיום און געמאָלדן, אַז איך מיט טאָרגלערן קו-מען באַלד צוגיין. אויב כ'האָב נישט קיין טעות, האָב איך גערעדט מיטן באַאַמטן העלער. דאַן בין איך צוזאַמען מיט טאָרגלערן צוגעפאָרן מיט אַן אויטאָ אין פּאָליציי-פּרע-זידיום. כ'האָב זיך געווענדעט צום ה' העלער און דער-קלערט: „דאָ איז ה' טאָרגלער און איך בעט אים צו פאַר-הערן אין צוזאַמענהאַנג מיט די באַשולדיקונגען אין דער רייכסטאַג-אונטערצינדונג". די ידיעה, אַז טאָרגלער איז פריי-וויליק געקומען, כּדי מ'זאָל אים פאַרהערן, האָט געבראַכט דערצו, אַז פיל פּאָליציי-באַאַמטע זענען אַריינגעקומען אין

צימער און געפרעגט: „טאָרגלער איז ווירקלעך געקומען פרייוויליק?"

„ה' העלער איז דאַן אַריין מיטן ה' טאָרגלער אין אַ צווייט צימער און איך האָב געוואַרט אין פאָדערצימער. נאָך אַ לאַנגער צייט איז ה' טאָרגלער אַרויס פונם צימער און מיר האָבן צוזאַמען געוואַרט, ביז ה' העלער האָט אונז ביידע אַריינגערופן אין צווייטן צימער און אין מיין אָנוועזנקייט דערקלערט טאָרגלערן, אַז ער איז אַרעסטירט.

קורט ראָזענפעלד."

פון דער דאָזיקער דערקלערונג דרינגט קלאָר אַרויס, אַז טאָרגלער האָט זיך פרייוויליק געמאָלדן.

דאָס איז דער פינפטער ווידערשפרוך.

די „פרייסישע פרעסע-דינסט" פון 1 מערץ 1933 מעלדעט, אַז דעפּ. טאָרגלער האָט אַ פּאָר שעה געשמועסט מיט די אונטערצינדער אין רייכסטאַג-בנין און האָט זיך אויך געטראָפן מיט אַנדערע פערזאָנען, וועלכע זענען באַטייליקט אין דעם ענין. ווען טאָרגלער וואָלט באמת געווען פאַרמישט אין דער רייכסטאַג-אונטערצינדונג, וואָלט דער עלעמענטאַרער שכל אים אָפּגעהאַלטן זיך צו ווייזן עפנטלעך מיט וואַן דער ליבען.

דאָס איז דער זעקסטער ווידערשפרוך.

אין דער זעלבער מעלדונג פון „פרייסישער פרעסע-דינסט" ווערט אָנגעגעבן, אַז די קאָמ. דעפּוטאַטן זענען געווען גוט באַקאַנט מיט דער רייכסטאַג-געביידע און מיט דער דינסט-איינטיילונג פון די באַאַמטע. פאַקטיש אָבער זענען די קאָמ. דעפּוטאַטן נישט געווען גוט באַקאַנט מיט דער דינסט-איינטיילונג פון די רייכסטאַג-באַאַמטע, ווייל זיי זענען נישט געווען פאַרטרעטן אין רייכסטאַג-פּרעזידיום און אין אַלע קאָ-

מיסיפס, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט דער פאַרוואַלטונג
פונם רייכסטאַג. אויסערדעם איז די דינסט-איינטיילונג פון
די רייכסטאַג-באַאַמטע, ווי מיר וועלן נאָך ווייטער אויפווייזן,
גראָד אינם טאָג פון דער שרפה געענדערט געוואָרן דורכן
נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישן הויז-אינספּעקטאָר, אַזוי אַז דער
רייכסטאַג-פּאָרזיצער גערינג, און נישט די קאָמ. דעפּוטאַטן,
האָט געקאָנט וויסן וועגן דער דאָזיקער ענדערונג.
דאָס איז דער זיבעטער ווידערשפּרוך.

וואָז דער ליבע איז נישט אַ קאָמוניסט. אין אָפּי-
ציעלן „פּרייסישן פּרעסע-דינסט" פונם 28-טן פעברואַר ווערט
געמאָלדן, אַז וואָן דער ליבע „האָט דערקלערט, אַז ער איז
מיטגליד פון דער האָלענדישער קאָמ. פּאַרטיי". (די מעשה,
וועלכע איז פאַרשפּרייט געוואָרן דורכן ראַדיאָ, אַז וואָן
דער ליבע האָט געהאַט ביי זיך אַ מיטגלידס-קאַרטע פון
דער האָלענדישער קאָמ. פּאַרטיי, האָט מען נאָך צוריקגע-
צויגן אין דער שרפה-נאַכט, ווייל זי איז שוין געווען צופיל
אומגלויבלעך). דער ערשטער זשורנאַליסט, וועלכער האָט
גערעדט מיט וואָן דער ליבען נאָך דער רייכסטאַג-שרפה,
איז געווען דער קאָרעספּאָנדענט פון דער אַמסטערדאַמער
צייטונג „דע טעלעגראַף", וועלכער האָט געשריבן אין זיין
צייטונג דעם 2-טן מערץ:
„מאַרינוס טיילט מיר מיט, אַז שוין אַ פּאָר יאָר גע-
הערט ער נישט צו קיין שום פּאַרטיי. ער איז נישט קיין
איבערצייגטער קאָמוניסט."
ווי מיר ווייסן שוין, איז וואָן דער ליבע פּאַקטיש
אַרויסגעטרעטן פון קאָמ. יוגנט-פאַרבאַנד אין ליידען אין
אַפּריל 1931, כדי אויסצומיידן אויסגעשלאָסן צו ווערן.

דאָס איז דער אַכטער ווידערשפּרוך.

דאָס „וואָלף-טעלעגראַפן-ביוראָ" האָט געמאָלדן דעם 3-טן מערץ 1933 פון אַמסטערדאַם:

„דער פאַרזוך פון די האָלענדישע קאָמוניסטן זיך אָפּ-צושאָקלען פון וואַן דער ליבען קען זיך נישט איינגעבן, ווייל לויט די ידיעות וואָס מיר האָבן באַקומען אין האַגער פּאָליציי-פּרעזידיום, איז ליבע נישט אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער פּאַרטיי, נאָר אָוועקגערוקט געוואָרן אָן דער זייט, ווייל מיט זיינע ראַדיקאַלע אידעען האָט ער זיך נישט גע-וואָלט צופּאַסן צו דער פאָרזיכטיקער פּאַרטיי-טאַקטיק."

די אָפיציעלע דייטשע פאַקטאָרן ווילן איינרעדן, אַז איינער, וועמען די האָלענדישע קאָמ. פּאַרטיי האָט „אָוועק-גערוקט אָן דער זייט" (פאַקטיש איז וואַן דער ליבע זינט אַפּריל 1931 נישט מער מיטגליד פון האָלענדישן יוגנט-פּאַר-באַנד), איז דורך די דייטשע קאָמוניסטן אַריינגענומען גע-וואָרן צו טעראָר-אַרבעט. האָבן דען נישט די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטן זינט יאָרן געטענהט, אַז צווישן אַלע קאָמ. פּאַרטייען, וועלכע זענען אַלע סעקציעס פון קאָמינטערן, הערשט די ענגסטע פאַרבינדונג? ווי פּאָרט זיך דערמיט די ידיעה, אַז אַן „אָוועקגערוקטער" האָלענדישער קאָמוניסט ווערט דורך די דייטשע קאָמ. אָנפירערשאַפט אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס און מ'טרויט אים אָן די פּאַרטרוילעכסטע אַרבעטן?

דאָס איז דער ניינטער ווידערשפּרוך.

וואַן דער ליבע קעגן די קאָמוניסטן. אין דער וועלבער מעלדונג פון וואָלפס טעלעגראַפן-ביוראָ שטייט ווייטער:

„נאָך דעם 22-טן דעצעמבער 1932 האָט וואַן דער

ליבּע אָנטיילגענומען אין אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון שטרייקנדיקע האַגער שאָפֿערן און האָט דערבּיי געהאַלטן אַ גרויסע קאָמוניסטישע רעדע. די דאָזיקע מיטטיילונג פֿון דער האָלענדישער פּאָליציי איז העכסט וויכטיק פֿאַר דער שטעלונג צו דער רייכסטאַג-אונטערצינדונג אַלס אַן אָרגאַניזירטער קאָמוניסטישער טעראָר-אַקט."

וואַן דער ליבּעס אָנטייל אין דער דאָזיקער פֿאַרזאַמלונג איז באמת העכסט וויכטיק פֿאַר דער שטעלונג צו דער רייכסטאַג-אונטערצינדונג. וואַן דער ליבּע האָט אויף דער פֿאַרזאַמלונג פֿון די שאָפֿערן נישט נאָר נישט געהאַלטן אַ קאָמוניסטישע רעדע, נאָר פֿאַרקערט אָנגעפֿאַלן אויף דער האָלענדישער קאָמ. פּאַרטיי.

אין אונזער באַזיץ געפֿינט זיך אַ באַריכט פֿון דער דאָזיקער פֿאַרזאַמלונג, אָנגעשריבּן דורך א. טעראָל, מיטאַרבּעטער פֿון דער צייטונג „טריבּונע", און אונטערגעשריבּן דורך צען פּערזאָן, וועלכע האָבּן זיך באַטייליקט אין דער פֿאַרזאַמלונג און באַשטעטיקן ליבּעס אַנטי-קאָמוניסטישע אַרויסטרעטונג.

דאָס איז דער צענטער ווידערשפּרוך.

די מיטטיילונג פֿונם שעף פֿון דער פּאָליטישער פּאָליציי פֿ. 4 מערץ דערציילט, אַז וואַן דער ליבּע באַהערשט די דייטשע שפּראַך. דאַקעגן די באַריכטן פֿון אַלע זיינע פֿריינט, די דערקלערונגען פֿון די זשורנאַליסטן, וועלכע האָבּן אים געזען און גערעדט מיט אים אין דער תּפֿיסה, שטעלן איינשטימיק פֿעסט, אַז ער האָט גערעדט אַ געבּראָכן דייטש. דער „לאָקאַל-אַנצייגער" פֿון 28-טן פֿעבּרואַר טיילט מיט, אַז וואַן דער ליבּע איז פֿאַרהערט געוואָרן מיט דער הילף פֿון אַן איבּערזעצער.

דאָס איז דער עלפטער ווידערשפּרוך.

אין דער זעלבער מיטטיילונג פונם שעף פון דער פּאָליטישער פּאָליציי ווערט געזאָגט:

„איבריקנס איז וואַן דער ליבע באַקאַנט דער פּאָליציי אַלס קאָמוניסטישער אַגיטאַטאָר... דעם 28 אַפּריל 1931 איז ער אַרעסטירט געוואָרן דורך דער פּאָליציי אין גראָנאַו (וועסטפאַליען), ווייל ער האָט דאָרט פאַרקויפט פּאָסט־קאַרטן מיט קאָמוניסטישן אינהאַלט.”

אין דער אמתן האָט וואַן דער ליבע פאַרקויפט אין גראָנאַו די אונז שוין באַקאַנטע פּאָסט-קאַרטן פון אים און פון זיין פריינט האָלווערדאַ. די פּאָסטקאַרקן האָבן פאָלגנדיקע אויפשריפט אין פיר שפּראַכן: „אַרבעטער ספּאָרט- און שטו- דיום-רייזע פון מאַרינוס וואַן דער ליבע און ה. האָלווערדאַ איבער אייראָפּע און ראַטן-פאַרבאַנד. אָנגעהויבן די רייזע פון ליידען דעם 14 אַפּריל 1931.” מער קיין איין וואָרט נישט, קיין קלענסטע אָנדייטונג נישט אויף קאָמוניסטישע אַגיטאַציע. איבריקנס איז ליבע אַרעסטירט געוואָרן נאָר דער- פאַר, ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין דערלויבעניש צו האַנדלען מיט פּאָסטקאַרטן אויף די גאַסן.

דאָס איז דער צוועלפטער ווידערשפּרוך.

דער שעף פון בערלינער פּאָליטישער פּאָליציי דילס טיילט ווייטער מיט:

„וואַן דער ליבע האָט זיך בעתן פאַרהער מודה גע- ווען נאָר אויף אַזויפיל, אויף וויפיל ער איז קאָנפראָנטירט געוואָרן מיט עדות.”

מיט אַ פּאָר שורות ווייטער ווערט אין דעם זעלבן באַריכט איבערגעגעבן:

„ער האָט זיך מודה געווען אין אַלע פּרטים”.

די היטלער-רעגירונג האָט נישט אָנגעגעבן קיין איין נאָמען פון אַן עד-ראיה פון דער אונטערצינדונג. אַפילו די אָפיציעלע „פרייסישע פרעסע-דינסט" האָט נישט באַהויפטעט, אַז ווער עס איז זאָל האָבן געזען ווען דער ליבען אונטער-צינדן דעם רייכסטאַג. לויט דער מיטטיילונג פונם פּאָליציי-שעף קומט אַלזאָ אויס, אַז ער האָט זיך נישט געדאַרפט אין גאַרנישט מודה זיין. פון דער צווייטער זייט דערקלערט אָבער דער זעלבער פּאָליציי-שעף, אַז ווען דער ליבע האָט זיך אין אַלעם מודה געווען.

דאָס איז דער דרייצנטער ווידערשפּרוך.

די אַזוי-גערופענע „נאַציאָנאַלע" פרעסע, וועלכע איז אינספּירירט געוואָרן דורך דער פּאָליציי, האָט געבראַכט די ידיעה, אַז ווען דער ליבע איז געווען אין מאָסקווע און זיך דאָרט געבילדעט. אין דער אמתן איז ווען דער ליבע אין ראַטן-פאַרבאַנד קיינמאָל נישט געווען.

דאָס איז דער פערצנטער ווידערשפּרוך.

ווען דער ליבע האָט פאַרלאָזט ליידען צווישן דעם 13־טן און 15־טן פעברואַר. לויט די אינפאָרמאַציעס פון „פּאָ-סישער צייטונג" פון 2 מערץ האָט ער פאַרבראַכט די נאַכט פון 18–17־טן פעברואַר אין אַן אַכסניה אין גלינדאָוו. דעם 18 פעברואַר האָט ער זיך געלאָזט צופוס קיין בערלין. אין אַן אינטערוויו, וואָס דער קרימינאַל־קאָמיסאַר הייזיג האָט געגעבן דער האָלענדישער פרעסע דעם 13־טן מערץ, האָט ער דערקלערט, אַז ווען דער ליבע האָט זיך באַקאַנט מיט קאָמוניסטן ביי די אַרבעטס פאַרמיטלונגס-ביוראָען און דורך זיי האָט ער זיך אַריינבאַקומען אין קאָמוניסטישן „אַקציאָנס־קאָמיטעט". ווען דער ליבע איז אָנגעקומען קיין בערלין אַמ-פריסטן שבת פאַרנאַכט. זונטאָג זענען די ביוראָען געווען

געשלאָסן. ווען די באַהויפּטונג פון דער פּאָליציי וואָלט געוועזן ריכטיק, וואָלט ער אַ, זאָ געקאָנט זיך באַקענען מיט קאָמוניסטן ביי אַן אַרבעטס־פּאַרמיטלונגס־ביוראָ נישט פריער ווי מאָנטאָג ד. 20־טן אין דער פרי. לאָמיר זיך איצט פאָרשטעלן: אַ האָלענדער מיט אַ געבראָכענעם דייטש, אָן רעקאָמענדאַציע־בריוו פון דער האָלענדישער קאָמ. פּאַרטיי, שליסט דעם 20 פעברואַר באַקאַנטשאַפט מיט קאָמוניסטן ביי אַן אַרבעטס־פּאַרמיטלונגס־ביוראָ, זיי פירן אים צונויף מיט דער העכסטער לייטונג פון דער פּאַרטיי און דעם 27־טן פעברואַר גיט אים די פּאַרטיי דעם אויפטראָג אונטערצוצינדן דעם רייכסטאַג!

דאָס איז דער פּוּנקטער ווידערשפּרוך.

אין אַ מעלדונג פון דער אָפיציעלער „פּרייסישע פּרעסע־דינסט“ פון 1־טן מערץ לייענען מיר:

„דער אַרעסטירטער האָט שטענדיק בייגעוואוינט די פאַרהאַנדלונגען פון קאָמוניסטישן „אַקציאָנס־קאָמיטעט“ און דורכגעזעצט, מ׳זאָל אים באַשטימען אונטערצוצינדן דעם רייכסטאַג.“

אַלס ענטפער דערויף האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער דייטשער קאָמ. פּאַרטיי אַרויסגעגעבן דעם 3 מערץ פאָלגנדע דערקלערונג:

„זעלבסטפאַרשטענדלעך זענען קיינמאָל נישט פאָרגעקומען קיין שום זיצונגען פון עפּעס אַ קאָמוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט נישט אין רייכסטאַג און נישט אין ערגעץ אַנדערש, אין וועלכע ס׳זאָל זיך האָבן באַטייליקט דער אַרעסטירטער וואַן דער ליבע. ערשטנס עקזיסטירט בכלל נישט קיין שום קאָמוניסטישער אַקציאָנס־קאָמיטעט, נאָר דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער דייטשער קאָמ. פּאַרטיי און זיין פּאָליטישער ביוראָ. צווייטנס באַטייליקן זיך נישט אין די

װיצונגען פון דער קאָמ. פּאַרטיי אָדער װעלכע נישט איז פּאַרטייאישע אינסטאַנצן פאַרשװינען, װעלכע זענען נישט קיין מיטגלידער נישט פון דער דייטשער קאָמ. פּאַרטיי און נישט פון קיין שום אַנדער סעקציע פון קאָמינטערן."

דער דאָזיקער ענטפער אויף גערינגס באַהויפּטונגען אַנטפּלעקט דעם זעכצנטן װידערשפּרוך.

„קאַטאַקומבן" איז קאַרל ליבקנעכט-הויז. די אָפיציעלע „פּרייסישע פּרעסע-דינסט" פון 28-טן פעברואַר שרייבט: „צװישן די הונדערטער צענטנער מאַטעריאַל, װאָס די פּאָליציי האָט אַנטדעקט בעת דער רעװיזיע אין ליב-קנעכט-הויז, האָבן זיך געפונען אָנװייזונגען װעגן אַנװענדן קאָמוניסטישן טעראָר לויט באָלשעװיסטישן מוסטער. לויט די דאָזיקע אָנװייזונגען האָט מען געזאָלט אונטערצינדן רע-גירונגס-געביידעס, מוזעאומס, פּאַלאַצן און װיכטיקע אָביעקטן. װייטער װערט אָנגעװיזן, אַז ביי אומרוען און צוזאַמענשטויסן זאָל מען פאַר די טעראָר-גרופּן פאָרויס פירן פרויען און קינדער, אויב מעגלעך — פרויען און קינדער פון פּאָליציאַנטן. דורכן אַנטדעקן דעם דאָזיקן מאַטעריאַל איז צושטערט גע-װאָרן דאָס פּלאַנמעסיקע דורכפירן פון דער באָלשעװיסטישער רעװאָלוציע."

דער צענטראַל-קאָמיטעט פון דער דייטשער קאָמ. פּאַר-טיי האָט דערקלערט ד. 3-טן מערץ:

„די דייטשע קאָמ. פּאַרטיי האָט שוין דעם 30-טן יאַ-נואַר 1933 באַזייטיקט פון קאַרל ליבקנעכט-הויז דאָס גאַנצע מאַטעריאַל, װאָס האָט אַ שייכות צו איר אַקטועלער פּאָלי-טישער טעטיקייט און אָפּגעשטעלט די גאַנצע אַרבעט אין די ביוראָען פון קאַרל ליבקנעכט-הויז."

דעם.ווילהעלם קענען, וועלכער האָט אַלס לעצטער אָנפירנדער פונקציאָנאַר פון דער קאָמ. פּאַרטיי שטענדיק גע־אַרבעט אין ליבקנעכט־הויז, באַשרייבט די רעוויזיעס אין ליבקנעכט־הויז אויף אַזאַ אופן:

„דעם 17 פעברואַר פאַרמיטאָג האָט זיך אַ ריזיקע מחנה געהיים־אַגענטן, באַגלייט פון אַ פּאָר קאָמפּאַניעס פּאָ־ליציי, אַריינגעריסן אינעם הויז און באַזעצט אַלע צימערן. אפשר צום הונדערטסטן מאָל זענען אויפסניי געווי דורכגע־זוכט געוואָרן אַלע צימערן, אַלע ווינקעלעך און עקן, אַלע שענק און שופלאָדן. מ׳האָט גלייך מיטגעבראַכט פּאָליציי־אישע שלאָסערס, וועלכע האָבן געעפנט אויפן אָרט עטלעכע שרייב־טישן, צו וועלכע ס׳האָבן געפעלט שליסלען. אויך די קע־לערס זענען געווי רעווידירט געוואָרן. אין די קעלערס זע־נען ווי געוויינלעך געלעגן מאַטעריאַלן, איבערגעבליבענע פון פאַ־שידענע קאַמפּאַניעס, וועלכע האָבן זיך אָנגעקליבן במשך פון אַ סך יאָרן. אויסער דעם האָט זיך דאָרט געפונען דער פּאַפּיר־ און ביכער־לאַגער. דאַמאָלס האָבן נאָך די פּאָליציי־קאָמיסאַרן געהאַלטן פאַר זייער חוב צו ווייזן מיר אויף מיין פאַרלאַנג די קאָנפיסקירטע פּאַפּירן און אַרויסגעבן מיר אַ באַ־שטעטיקונג אָדער אַ קוויטירונג, אַז זיי ווערן קאָנפיסקירט. צווישן די דאַמאָלס קאָנפיסקירטע שריפטן האָט זיך נישט געפונען נישט דאָס בוך „די קונסט פון באַוואָפנטן אויפ־שטאַנד״, נישט אַן אַנדער שריפט פון דעם מין. אין די פּאָ־ליצייאישע באַריכטן באַלד נאָך דער רעוויזיע איז וועגן דעם מיט קיין וואָרט נישט דערמאָנט. ערשט מיט זיבן טעג שפּעטער, דעם 24 פעברואַר, האָט דאָס פּאָליציי־פּרעזידיום פּלוצלינג דערקלערט, אַז בעת אַ נייער רעוויזיע אין די בלומרשטע קאַטאַקומבעס האָט מען געפונען צוו. אַנדערן דאָס בוך „די

קונסט פון באַוואָפּנטן אויפשטאַנד". די דאָזיקע פּלומרשטע נייע רעוויזיע, אויב זי איז בכלל געווען, איז זי פּאָרגעקו־מען אָן שום עדות און אָן אַ פּאָרשטייער פון די פּאַראינ־טערעסירטע. דאָס איז נאָך מער כאַראַקטעריסטיש דערמיט, וואָס איך בין גראָד דאַן כמעט יעדן טאָג געקומען אין ליב־קנעכט־הויז און געפירט דאָרט אונטערהאַנדלונגען מיט די פּאָליציי־קאָמיסאַרן וועגן אַרויסגעבן מיר פאַרשידענע וואַל־מאַטעריאַלן, דרוק־פּאַפּירן, ביכער א. אַ. וו. הגם איך בין, אַלזאָ, יעדן טאָג געווען אונטער דער האַנט, האָט מען מיך נישט איינגעלאַדן צו דער רעוויזיע און אפילו לאחר המעשה נישט אינפאָרמירט וועגן די פּלומרשט געפונענע זאַכן.

„דעם 25־טן פעברואַר, נאָכדעם ווי דער באַריכט וועגן די דורכגעגנג, געוועלבן און קאַטאַקומבן איז שוין אין זיין אויספּאַלנדער באַאַפּוצונג געהאַט דערשינען אין דער „גרויסער" פּרעסע, האָב איך בעת מיינע פאַרהאַנדלונגען מיט אַ קאָמי־סאַר וועגן אַרויסגעבן די וואַל־מאַטעריאַלן אים אַ פרעג גע־טון, וואו געפינען זיך אייגנטלעך די „קאַטאַקומבן". דערביי זענען געווען אָנוועזנט אַ פּאָר חברים, וועלכע האָבן צוגע־האָלפן ביים פאַרפּאַקן די וואַל־מאַטעריאַלן. צו אונזער אי־בעראַשונג האָט ער אונז געוויזן אינעם פּאַרטער־צימער, וואָס האָט געדינט אַלס וועכטער־שטיבל, אַ דעק אין דער פּאָד־לאָגע, וועלכע איז גראָד געווען אָפן, אַזוי אַז מ׳האָט געזען די טרעפּ, וואָס פירן אין קעלער. איינער פון די חברים, וועלכער האָט אַ סך יאָרן געאַרבעט אינעם הויז און האָט אים גוט געקאָנט, האָט אויסגערופן: „מענטש אייַ׳צר, דאָס איז דאָך די דעק צו אונזער אַלטן ביר־קעלער!" מיר אַלע זע־נען אויסגעבראָכן אין אַ הילכיקן געלעכטער און אַלע ווי איינער געפרעגט: „און דאָס זענען עס אייערע „קאַטאַקומבן"?"

דער קאָמיסאַר האָט אין פאַרלעגנהייט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

„אַמאָל האָט זיך אינם הויז פאַקטיש געפונען אַ שענק. פונקט אַזוי פשוט איז אויך די דערקלערונג פון די דורכ־גענג, דורך וועלכע מ׳קאָן בלומרשט אַנטלויפן אויף אַנדערע גאַסן. דאָס קאַרל ליבקנעכט־הויז איז אַ ראָגאָווע הויז און אַלס ביורא־הויז פאַר געשעפטלעכע אונטערנעמונגען האָט עס פאַרמאָגט לאַגערן און קעלערס, וועלכע זענען דורך גצרינגס פאָליציי באַצייכנט געוואָרן אַלס געוועלבן, דורכגענג און קאַטאַקומבען.״

די דאָזיקע צוויי דערקלערונגען דעקן אויף דעם זי־בעצנטן ווידערשפרוך אין די אָפיציעלע באַריכטן.

„סיגנאַל צום בירגער־קריג״. די „פרייסישע פרעסע־דינסט״ פון 28 פעברואַר באַהויפּטעט:

„די רייכסטאַג־אונטערצינדונג האָט געזאָלט זיין אַ סיג־נאַל צו אַ בלוטיקן אויפשטאַנד און בירגער־קריג. שוין אויף דינסטיק פרי זענען באַשטימט געוואָרן אין בערלין גרויסע רויבערייען. ס׳איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז היינט האָבן זיך געזאָלט אָנהויבן אין גאַנץ דייטשלאַנד טעראָר־אַקטן קעגן איינצלנע פערזאָנען, קעגן פריוואַט־אייגנטום, קעגן לייב און לעבן פון דער פרידלעכער באַפעלקערונג, און צופלאַקערן אַן אַלגעמיינער בירגער־קריג.״

„פאָסישע צייטונג״ פ. 4־טן מערץ טיילט מיט:

„די טעטיקייט פון דער פאָליציי האָט געשטערט, אַז דאָס מאַטעריאַל זאָל אַריינפאַלן צו אַלע קאָמוניסטן אין די הענט. ס׳האָט זיך נאָר געפונען אין די הענט פון אַ קליין הייפל פונקציאָנאַרן אַלס געהיימע צירקולאַרן.״

די לעצטע רעוויזיע אין קאַרל ליבקנעכט־הויז איז

פאַרגעקומען דעם 24-טן פעברואַר. בעת דער דאָזיקער רע־ וויזיע זאָל מען בלומרשט האָבן געפונען דאָס טעראָר־מאַ־ טעריאַל. די פּאָליטישע פּאָליציי דערקלערט, אַז די טעראָר־ אָנווייזונגען זענען נישט אַריינגעפאַלן אין די הענט פון אַלע קאָמוניסטן, נאָר זענען באַקאַנט געווען בלויז אַ פּאָר פונקציאָ־ נערן. במשך פון דריי טעג, פון 24 ביזן 27 פעברואַר, האָט אַלזאָ די ק.פּ.ד. פאַרטיי געמוזט ערשטנס: פאַנאַנדערטיילן דאָס מאַטעריאַל פונעם ליבקנעכט־הויז אין אַלע עקן דייטש־ לאַנד; צווייטנס: במשך פון דער זעלבער צייט צונויפשטעלן די צום טעראָר־באַשטימטע גרופּן; דריטנס: אינסטרואירן און אויסשולן די דאָזיקע גרופּן אין דורכפירן טעראָר־אַקטן; פערטנס: צוגרייטן און אָרגאַניזירן די רעשט מיטגלידער צום בירגער־קריג, וועלכן די טעראָר־אַקטן האָבן געזאָלט צו־ פלאַקערן.

די דייטשע קאָמ. פאַרטיי האָט אין פעברואַר געציילט 300 טויזנט מיטגלידער איבער אַלע עקן דייטשלאַנד. כדי דורכצופירן במשך פון דריי טעג די אַלע פּלענער, וועלכע די פּאָליצייאישע באַריכטן שרייבן איר צו, וואָלט די דיי־ טשע קאָמ. פאַרטיי געמוזט באַוויזן וואונדער.

דאָ האָבן מיר דעם אָכצנטן ווידערשפּרוך.

דאס „באלאסטונגס־מאַטעריאל" ווערט נישט פארעפנטלעכט. דעם 1-טן מערץ אין אָוונט האָט די אָפיציעלע „פּרייסישע פּרעסע־דינסט" געבראַכט פאָלגנדיקע ידיעה:

„דאָס פּרייסישע אינערן־מיניסטעריום דערקלערט, אין שייכות מיטן דעקרעט קעגן דער קאָמוניסטישער געפאַר, אַז פאַר געוויסע פאַרברעכנס איז באַשטימט געוואָרן אַ באַזונ־

דערס שווערע שטראָף, צוליב דער גרויסער און ערנ־סטער געפאַר און צוליבן אוממענטשלעכן און זאָרגפעל־טיק־צוגעגרייטן סיסטעם פון גרענעצלאָזן קאָמוניסטישן טע־ראָר. דייטשלאַנד האָט געזאָלט אַריינגעשליידערט ווערן אינם כאַאָס פון באָלשעוויזם, מאָרד־אַטענטאַטן אויף באַזונדערע פּאָלקס־ און מלוכה־מענער, אָנפאַלן אויף וויכטיקע געביידעס און אָפיציעלע פּערזאָנען, פאַרכאַפּן ערובניקעס, פרויען און קינדער פון אָנגעזעענע בירגער – דאָס אַלץ האָט געזאָלט אַרויפוואַרפן אויפן פאָלק אַן אימה און אַ שרעק און פּאַ־ראַליזירן יעדן ווידערשטאַנד פון די בירגער.

„דער רייכס־קאָמיסאַר פאַרן פּרייסישן אינערן־מיניס־טעריום, מיניסטער געריגג, וועט אין דער גאָר קירצסטער צייט פאָרלייגן דער עפנטלעכקייט די דאָקומענטן, וועלכע באַשטעטיקן די נויטווענדיקייט פון די אָנגעווענדעטע מיט־לען. דאָס רייכע מאַטעריאַל ווערט נאָכאַמאָל דורכגעזופּט און קאָנטראָלירט, כדי זיין פאַרעפנטלעכן זאָל נישט שאָדן ברענ־גען דער מלוכה.“

די דאָזיקע דאָקומענטן זענען ביזן היינטיקן טאָג נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן.

**דאָס איז דער ניינצנטער ווידערשפּרוך.**

## געריגג מאַכט אַ הכחשה זיך אַליין.

דעם 2־טן מערץ האָבן די „דייטשע אַלגעמיינע צייטונג“ און „טעגלע־כע רונדשוי“ געבראַכט כאָגנדיקע מיטטיילונג פון דער אָפּי־ציעלער „פּרייסישער פּרעסע־דינסט“:

„אין געוויסע אויסלענדישע צייטונגען ווערט דורך די



דעפּוטאַט ערנסט טאָרגלער



געאָרג דימיטראָוו

דייטשע מאַרקסיסטישע קרייזן פאַרשפּרייט אַ בלבול, אַז דעם רייכסטאַג האָבן אונטערגעצונדן נישט די קאָמוניסטן, נאָר די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטן. די איניציאַטאָרן פונם דאָזיקן בלבול זענען שוין אַרעסטירט געוואָרן און וועלן ווי געהעריק באַשטראָפט ווערן, ווי נאָר די אויספאָרשונג וועט ווערן פאַרענדיקט. צווישן אַנד. ווערט דערציילט, אַז דער אַרעסטירטער האָלענדישער קאָמוניסט איז גאָר אַ פּראָוואָקאַטאָר און איז אָנגערעדט געוואָרן צו דער אונטערצינדונג דורך איינעם פון די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישע פירער. דאָס זאָל אַרויסדרינגען דערפון, וואָס דער אונטערצינדער האָט פאַרנוצט זיין קורטקע און זיין העמד אַלס ברען-מאַטעריאַל, דאַקעגן האָט ער נישט באַזייטיקט זיינע קאָמוניסטישע פּאַפּירן און זיין פּאַס. די פּאָליציי האָט אויך נישט פאַרעפנטלעכט די פאָטאָגראַפיע פונם אונטערצינדער און פון די געפונענע דאָקומענטן און אויך נישט באַשטימט אַ געלט-פּרעמיע פאַר דעם יעניקן, וועלכער ס'וועט צושטעלן גענויע ידיעות וועגן אונטערצינדער און באַווייזן וועגן זיין פאַרבינדונג מיט קאָמ. און ס.ד. פּאָליטיקער. אַזאַ מאָדנע האַנדלונג ביי אַזאַ גרויסן קרימינעלן פאַל זאָל דינען אַלס באַווייז, אַז די מאַכט שטערט דאָס אויפדעקן פונם פאַרברעכן, כדי אויסצונוצן די פּראָוואָקאַציע אַלס אַ תירוץ אָנצונעמען שאַרפע מיטלען קעגן די מאַרקסיסטן.

„פון אָפיציעלע קרייזן טיילט מען אונז מיט, אַז די דאָזיקע אַלע בלבולים זענען פאַרשטענדלעך אינגאַנצן גרונטלאָז. די פאָטאָגראַפיע פונם אונטערצינדער און די געפונענע דאָקומענטן זענען ביז איצט נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אויסשליסלעך צוליב דער טובה פון דער אויספאָרשונג. זיי וועלן פאַרעפנטלעכט ווערן נאָך במשך פון היינטיקן

טאָג. אויך די בערלינער קאָרעספאָנדענטן פֿון דער אויסלענ־דישער פרעסע קאָנען באַקומען די פאָטאָגראַפיעס אין פּאָ־ליצײ־פּרעזידיום. די האָלענדישע פּאָליצײ וועט אויך הײנט באַקומען די פאָטאָגראַפיע, כדי פעסטצושטעלן דעם אונטער־צינדערס אידענטישקײט. דערמיט ווערט באַזײטיקט די מעג־לעכקײט פון ווײטערדיקע בלבולים. מיר וואָרנען אַלע, זײ נישט צו פֿאַרשפּרײטן."

נאָך אײדער אַנדערע דײטשע צײטונגען האָבן באַוויזן איבערצודרוקן די דאָזיקע מעלדונג, האָט מען פֿאַרווערט דעם נאָכדרוק. גערינג האָט מודיע געווען דורכן „וואָלכס ביוראָ", אַז די בײדע צײטונגען זענען געפֿאַלן אַ קרבן פון אַ קאָ־מוניסטישער פעלשונג.

גערינג וויל אונז אַלזאָ אײנרעדן, ׳ אַז יעדער אײנער דאַרף נאָר אָנטעלעפאָנירן אין אַ צײטונג און זאָגן: „דאָ רעדט די פּרײסישע פרעסע־דינסט", כדי צו קאָנען פֿאַר־עפנטלעכן די באַליביקע ידיעה. אין דער אמתן איז אָבער דער טעלעפאָן־פֿאַרקער צווישן די פרעסע־אַגענטורן און רע־דאַקציעס גענוי רעגולירט. אײדער מ׳נעמט־אויף אַ ידיעה, שטעלט די רעדאַקציע שטענדיק אַ קאָנטראָל־פראַגע. גערינגס הכחשה קאָן נישט פֿאַרהוילן דעם פֿאַקט, אַז ער האָט לכתחילה געוואָלט בלאָפֿן די וועלט מיט דער מעלדונג פון פּרײסישן פרעסע־דינסט, און ערשט שפּעטער — שוין צו שפּעט — האָט ער זיך געכאַפּט און צוריקגעצויגן די מעלדונג.

דאָס איז דער צוואַנציקסטער ווידערשפּרוך.

**מ׳זוכט שותפים.** דאָס אָפֿיציעלע וואָלף־טעלעגראַפן־ביוראָ האָט מיטגעטײלט דעם 4־טן מערץ:

„דער קאָמ. דעפּוטאַט שומאַן האָט ד. 27־טן פעב־רואַר אויף אַ קאָמ. וואַל־מיטינג אין געהרען (טירינגען)

פֿאָרויסגעזאָגט די רייכסטאַג-שׂרפֿה. שומאַן זאָל האָבן ווערטער געזאָגט: „היינט אין אָוונט וועט דער רייכסטאַג ברענען. אָבער שאַדט נישט, ווען דער דאָזיקער טאַנץ-זאַל וועט פֿאַרברענט ווערן, וועט די פּאָדלאָגע אָנהויבן צו טאַנצן.“

די „פּאָסישע צייטונג“ פֿונם 5-טן מערץ שרייבט:

„פֿון טירינגען איז אָנגעקומען די ידיעה, וועלכע איז אויך פֿאַרשפּרייט געוואָרן דורכן ראַדיאָ, אַז די אָרטיקע מאַכט באַזיצט באַווייזן, דאָס דער קאָמ. דעפּ. שומאַן זאָל האָבן אויף אַ קאָמוניסטישן וואַל-מיטינג אינעם שטעטל נעהרען פֿאָרויסגעזאָגט די רייכסטאַג-שׂרפֿה. ווי ס׳ווייזט זיך אַרויס, געפֿינט זיך אינעם לאָקאַל, וואו די פֿאַרזאַמלונג איז פֿאָרגעקומען, אַ ראַדיאָ-אַפּאַראַט און דער באַלעבאָס האָט דעם רעדנער אינמיטן פֿון זיין רעדע מיטגעטיילט די ראַדיאָ-ידיעה, אַז דער רייכסטאַג ברענט“.

דאָס איז דער איין־און־צוואַנציקסטער ווידערשפּרוך.

די „פּאָסישע צייטונג“ פֿון 3־טן מערץ טיילט־מיט אויפֿן גרונט פֿון פּאָליציייאישע ידיעות:

„דירען, 6.3. — אינעם דייטשן גרענעץ־שטעטל לאָמערדאָרף, נישט ווייט פֿון דער בעלגישער גרענעץ, איז נעכטן אַרעסטירט געוואָרן אַ רוסישער עמיגראַנט, וועמען מ׳איז חושד, אַז ער האָט זיך באַטייליקט אין דער רייכסטאַג־אונטערצינדונג. קורץ פֿאַרן אַרעסט האָט ער געשיקט פֿון אַ בעלגישן פּאָסט־אַמט אַ טעלעגראַמע קיין פּאַריז. דעם אינהאַלט פֿון דער טעלעגראַמע איז נישט געלונגען פֿעסטצושטעלן. נאָכן אַריבערגיין די דייטשע גרענעץ, איז ער אַרעסטירט געוואָרן. ער האָט דערקלערט, אַז ער שטאַמט פֿון רוסלאַנד און האָט אַ לענגערע צייט געוווינט אין בערלין. אויף די הענט און די פֿיס האָט ער געהאַט שווערע

ווּנדן פון אָפּבריאוּנג. דער געהיימניספּוּלער פּרעמדער איז היינט איבערגעגעבן געוואָרן דער פּראָקוּראָטוּר. ער וויל נישט אויסזאָגן זיין נאָמען און זאָגט זיך עקשנותדיק אָפּ צו דערציילן וועגן זיין טעטיקייט אין בערלין."

דעם 8־טן מערץ האָט די זעלבע צייטונג אָפּגעדרוּקט די מיטטיילונג פון אַאַכענער רעגירונגס־פּרעזידענט:

„דער אַאַכענער רעגירונגס־פּרעזידענט טיילט מיט, אַז לויט ווי די אויספאָרשונג האָט באַוויזן, קוּמט נישט דער אָרעסטירטער רוּס אין באַטראַכט אַלס רייכסטאַג־אונטערצינדער. ער האָט מיטגעאַרבעט אין דער קאָמ. פּאַרטיי אַלס זשורנאַליסט, און איז צוליב דעם אַרויסגעוויזן געוואָרן פון דייטשלאַנד מיט אַ יאָר צוריק. אויסער דעם קען מען אים גאָרנישט פאָרוואַרפן. ער איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון דייטשלאַנד."

דאָס איז דער צווייטער און־צוואַנציקסטער ווידערשפּרוך.

## צי האט וואו דער ליבע אלייז אונטערגעלייגט דאס פייער?

אָנהויב מערץ האָט די היטלער־רעגירונג געשיקט קיין ליידען דעם פּאָליציי־קאָמיסאַר הייזיג, דורכצופירן דאָרט אַן אויספאָרשונג וועגן וואַן דער ליבען. הייזיג האָט געגעבן די האָלענדישע זשורנאַליסטן אַן אונטערוויו, אין וועלכן ער האָט דערקלערט:

„וואָס אָנבאַלאַנגט די וויכטיקע פראַגע, צי ליבע האָט געהאַט מיטהעלפער אָדער שותּפים, איז וואַרשיינלעך, אַז ער האָט אַליין אונטערגעלייגט דאָס פייער, אָבער די פריערדיקע צוגרייטונגען זענען דורכגעפירט געוואָרן דורך זיינע מיטהעלפער".

די דאָזיקע דערקלערונג שטייט אין אַ שרייענדיקער

בתירת צו די אָפּיציעלע באַהויפּטונגען פונם 1-טן מערץ, אַז דאָס גלייכצייטיקע אינטערציענדן פונם ריזיקן בנין אין אַזוי פיל שטעלן האָט געפאָדערט מינדסטנס 10 פּערזאָן. דער אויספאָרשונגס-ריכטער פּאָגס האָט דעריבער נאָך דעם צווייטן 14-טן מערץ אין אָיינס איילִיק פּאַנאַנדערגעשיקט אַ הכחשה:

„אין פאַרשידענע צייטונגען האָט זיך באַוויזן די ידיעה, אַז וואָן דער ליבע האָט אינטערגעליינט דאָס פייער אין רייכסטאַג איינער אַליין. דאָס איז נישט ריכטיק. די אויס-פאָרשונג האָט צוגעשטעלט זיכערע באַווייזן, אַז וואַן דער ליבע איז באַגאַנגען דעם פאַרברעכן נישט פון זיין אייגענער איניציאַטיוו. אין די אינטערעסן פון דער אויספאָרשונג קען מען פאָרלויפיק נישט פאַרעפנטלעכן קיין פרטים."

דאָס איז דער דריי-און-צוואַנציקסטער ווידערשפרוך.

ליבעס „באַציונגען" מיט די ס. ד. די אָפּיציעלע „פּרייסישע פּרעסע-דינסט" פון 28-טן פעברואַר האָט מיטגע-טיילט, אַז וואַן דער ליבע האָט זיך מודה געווען אין אָנ-האַלטן באַציונגען מיט דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. דער פאָרשטאַנד פון דער ס. ד. פּאַרטיי האָט דעם 28-טן פעברואַר אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג, אין וועלכער מיר לייענען:

„אין דער נאַכט פון 27 אויפן 28-טן פעברואַר איז די גאַנצע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּרעסע אין פּרייסן פאַרבאָטן געוואָרן אויף 14 טעג. דער פאַרבאָט ווערט מאָטיווירט דער-מיט, וואָס דער אַרעסטירטער האָט זיך מודה געווען אין אונטערציענדן דעם רייכסטאַג און אין אָנהאַלטן געוויסע פאַר-בינדונגען מיט דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. די

וואַרפט אָפּ די השערה, אַז די ס. ד. פּאַרטיי זאָל האָבן אַ שייכות מיט מענטשן, וועלכע האָבן אונטערגעצינדן דעם רייכסטאָג."

די דאָזיקע דערקלערונג פֿון דער ס. ד. פּאַרטיי איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער מיטטיילונג פֿינם אויספֿאָרשונגס־ריכטער פֿאָגט. די דאָזיקע מיטטיילונג איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן דעם 22־טן מערץ:

„די ביזאיצטיקע רעזולטאַטן פֿון דער אויספֿאָרשונג האָבן באַוויזן, אַז דער האָלענדישער קאָמוניסט וואַן דער ליבע איז האַרט פֿאַר דער שרפֿה געשטאַנען אין פֿאַרבינדונג נישט בלויז מיט דייטשע, נאָר אויך מיט אויסלענדישע קאָמוניסטן, צוו. אַנד. אויך מיט די, וועלכע זיינען פֿאַרמשפּט געוואָרן צום טויט אָדער צו לאַנגיאָריקע שווערע תּפֿיסה אין שייכות מיטן אַטענטאַט אויף דער קירכע אין סאָפֿיע אין 1925 יאָר. די באַטרעפֿנדע פּערזאָנען זיינען אַרעסטירט געוואָרן. די אויספֿאָרשונג האָט דאַקעגן נישט צוגעשטעלט דעם מינדסטן באַווייז, אַז נישט־קאָמוניסטישע קרייזן זאָלן שטיין אין וועלכער נישט איז פֿאַרבינדונג מיט דער אונטערצינדונג."

דעם 27־טן פֿעברואַר זאָל זיך וואַן דער ליבע האָבן מודה געווען אין באַציִונגען מיט די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. דעם 22־טן מערץ איז נישט געווען דער מינדסטער באַווייז פֿאַר אַזאַ באַהויפּטונג.

דאָס איז דער פֿיר־און־צוואַנציקסטער ווידערשפּרוך.

**וואַן דער ליבע און די בולגאַרן.** אין זיין אויבנדערמאָנטער מיטטיילונג, דערקלערט ריכטער פֿאָגט, אַז וואַן דער ליבע איז געשטאַנען אין פֿאַרבינדונג מיט די אַטענטאַ־

טער אויף דער קירכע אין סאָפיע. וואָן דער ליבע האָט
אַלזאָ נישט נאָר באַוויזן דאָס וואונדער במשך פון זיבן טעג
דורך די קאָמוניסטן, מיט וועלכע ער האָט זיך באַקענט ביי
די אַרבעטס־פּאַרמיטלונג ביוראָען, זיך שטעלן אין פאַרבינ־
דונג מיט די אָנפירנדיקע קרייזן פון דער דייטשער קאָמ.
פּאַרטיי. ס׳איז אים אויך געלונגען צו געפינען במשך פון
דער צייט די בולגאַרן, וועלכע זאָלן האָבן אויסגעפירט דעם
אַטענטאַט אויף דער קירכע אין סאָפיע.

דאָס איז דער פינף־און־צוואַנציקסטער ווידערשפרוך.

די אַרעסטירטע און באַשולדיקטע אין אָנטיילנעמען אין
דער רייכסטאַג־שרפה בולגאַרן הייסן: דימיטראָוו, פּאָפּאָוו און
טאַנעוו.

געאָרג דימיטראָוו איז געווען איינער פון די פירער
פון דער בולגאַרישער קאָמ. פּאַרטיי. אין יאָר 1923 האָט ער
אָנטיילגענומען אינם אויפשטאַנד פון דער בולגאַרישער אַר־
בעטערשאַפט. אין 1924 איז ער אין זיין אָפּוועזנהייט פאַר־
משפט געוואָרן צו 15 יאָר שווערע תפיסה. זינט 1923 איז
ער נישט געווען אין בולגאַריען. צום אַטענטאַט אויף דער
קירכע אין סאָפיע האָט ער נישט קיין שום שייכות.

בלאַגאָי פּאָפּאָוו האָט עמיגרירט אין 1924 קיין יוגאָ־
סלאַוויע און ערשט סוף 1930 זיך אומגעקערט קיין בולגאַר־
יען. אויך ער איז נישט געווען אריינגעמישט אינם סאָפיער
באָמבען־אַטענטאַט פון 1925.

דער דריטער אַרעסטירטער בולגאַר טאַנעוו איז אַן
אַרבעטער און אויך זיין נאָמען איז קיינמאָל נישט דערמאָנט
געוואָרן אין שייכות מיטן סאָפיער אַטענטאַט.

דעם אויספאָרשונגס־ריכטער פאָגט זענען די דאָזיקע
אַלע פאַקטן פונקט אַזוי גוט באַקאַנט ווי אונז. אויב ער

באַשולדיקט פונדעסטוועגן די דריי בולגאַרן אין באַטייליקונג אינם סאָפּיער אַטענטאַט, טוט ער דאָס מיט אַ כּוונה, כּדי אויף אַזאַ אופן פאַרצושטעלן די רייכסטאַג־אונטערצינדונג אַלס אַן אינטערנאַציאָנאַלע קאָמוניסטישע פאַרשווערונג.

דאָס איז דער זעקס־און־צוואַנציקסטער ווידערשפּרוך.

דער אויספאָרשונגס־ריכטער האָט באַהויפּטעט, אַז די־מיטראָוון האָט מען געזען מיט וואַן דער ליבען דעם 26-טן פעברואַר 3 אַ זייגער נאָכמיטאָג אין אַ לאָקאַל אויף דיסעל־דאָרפער שטראַסע. ער האָט אויך צוגעשטעלט אַן עדות, וועלכע האָט געשוואוירן, אַז זי האָט אין דעם דאָזיקן טאָג געזען ליבען מיט דימיטראָוון. די עדות איז נאָך אַ קורצע צייט פאַרשוואונדן געוואָרן ווי אין וואַסער אַריין. דען די־מיטראָוו האָט באַוויזן, אַז דעם 26־טן פעברואַר איז ער גאָר־נישט געווען אין בערלין, נאָר אין מינכען.

דאָס איז דער זיבן-און-צוואַנציקסטער ווידערשפּרוך.

## נישטא קייז מאט עריאל פאר א גרויסי פּראצעס.

נאָך דעם 27 מערץ האָט ריכטער פאָגט דערקלערט, אַז אַ פאָרמעלער אַרעסט־באַפעל איז אַרויסגעגעבן געוואָרן בלויז קעגן וואַן דער ליבען. דעם 3־טן אַפּריל האָט ער שוין מיטגע־טיילט, אַז ס׳זענען פאַראַן פינף געריכטלעכע אַרעסט־באַפעלן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער רייכסטאַג־אונטערצינדונג: קעגן וואַן דער ליבען, קעגן די דריי בולגאַרישע קאָמוניסטן און קעגן דעם קאָמ. דעפּוטאַט טאָרגלער. טאָרגלער איז געוואָרן אַרעסטירט דעם 28־טן פעברואַר, די בולגאַרן דעם 3־טן מערץ. ביזן 27-טן מערץ, דאָס הייסט בעת די וויכטיקסטע אויספאָרשונגס־אַרבעטן, איז אַלזאָ נישט געווען קיין אַרעסט־באַטעלן קעגן טאָרגלערן און די בולגאַרן. די אַרעסט־באַפעלן

זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן ערשט דאַמאָלס, ווען די וועלט־פּרעסע האָט אויפגעהויבן אַן אַלאַרם וועגן דעם ענין.

דאָס איז דער אַכט־און־צוואַנציקסטער ווידערשפּרוך.

דעם 3־טן אַפּריל האָט ריכטער פאָגט דערקלערט, אַז ס'זענען פאַראַן „נאָך עטלעכע פאַרדעכטיקטע". דעם 1־טן יוני זענען מער קיין פאַרדעכטיקטע נישט פאַראַן.

דאָס איז דער ניין־און־צוואַנציקסטער ווידערשפּרוך.

דעם 22־טן אַפּריל האָט ריכטער פאָגט אַרויסגעגעבן פאָלגנדיקן קאָמוניקאַט וועגן דעם גאַנג פון דער אויספאָר־שונג:

„דאָס העכסטע געריכט האָט בדעה צו פאַרבינדן די אויספאָרשונג אין די פאַרשידענע מלוכה־פאַראַט־פּראָצעסן קעגן קאָמוניסטן אין איין גרויסן פּראָצעס. מען רעכנט, אַז די אויספאָרשונג וועט ווערן פאַרענדיקט אין 8—10 וואָכן אַרום און דאַמאָלס וועט דאָס העכסטע געריכט קענען באַ־טראַכטן מיטאַמאָל די אַלע מלוכה־פאַראַט־פּראָצעסן. ס'קומען דאָ אין באַטראַכט אַלע פּראָצעסן, וועלכע שטייען אין צוזאַ־מענהאַנג מיט דער רעגירונג־ענדערונג אין דייטשלאַנד. ס'וועט אויך דאָ אַריינגענומען ווערן דער פּראָצעס וועגן דער רייכס־טאַג־אונטערצינדונג. די אויספאָרשונג האָט זיך ביז איצט נישט אַזוי שנעל גערוקט פאָרויס, ווייל די באַשולדיקטע און קודם־כּל די בולגאַרן זאָגן זיך אָפּ פון יעטווידע דערקלע־רונג. דער חשד קעגן דעפּוטאַט טאָרגלער האָט זיך נאָך פאַרשטאַרקט."

מיט אַ חודש שפּעטער, דעם 25-טן מאַי, איז שוין קיין רייד נישטאָ וועגן אַ גרויסן קאָמוניסטישן פּראָצעס. די היטלער־רעגירונג איז געצוואונגען צו פאַרשפּרייטן דורך אַ פאַרלאַמענטאַרישע אינפאָרמאַציע־ביוראָ די ידיעה, אַז

„דער פּראָצעס װעגן דער רײכסטאָג־אונטערצינדונג װעט נישט פאַרבונדן װערן מיט אַנדערע פּראָצעסן קעגן קאָמוניסטישע פירער אין איין גרויסן קאָמוניסטישן פּראָצעס. דער פּראָצעס פון װאַן דער ליבע און זיינע מיטהעלפער װעט פאָרקומען פאַרן העכסטן געריכט, װי נאָר די צוגרייטונגס־אַרבעט װעט פאַרענדיקט װערן.“

דאָס איז ער דרייסיקסטער װידערשפּרוך.

דער „פעלקישער באָאָבאַכטער“, היטלערס אָפיציעלער אָרגאַן, האָט דעם 7־טן מערץ געבראַנגט פאָלגנדיקע ידיעה פון די רעגירונגס־קרייזן:

„דער שעף פון דער פּרעסע־אָפּטײלונג פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער רײכסטאַג־פראַקציע האָט אַנטדעקט אינם גלעזערנעם דאַך איבערן צימער פונם קאָמ. דעפּוטאַט טאָרגלער אַן אַרויסגענומענע שויב, און זיכנדיק װייטער געפינען איבער דעם אַ גרויסע לייטער, װעלכע איז געלעגן אונטערן פענסטער פון אַ קאָמוניסטישן דעפּוטאַטס צימער אויפן צװייטן שטאָק. די פּאָליציי־קאָמיסאַרן האָבן תיכף אונטערגענומען אַ גרינטלעכע אויספאָרשונג. דורך דאַנען האָבן אַלזאָ די אונטערצינדער געמוזט אַראָפּגיין פאַרן פאַרברעכן אָדער אַרויסגיין נאָך זייער טאַט.“

דעם 1־טן מערץ האָט גערינג דערקלערט, אַז די אונטערצינדער זענען אַנטלאָפן דורכן אונטערערדישן דורכגאַנג, װאָס פירט פונם רײכסטאַג־בנין צו גערינגס הויז. מיט דער דאָזיקער דערקלערונג האָט ער באַשטעטיקט דאָס, װאָס אַ סך האָבן געטראַכט: אַז די אונטערצינדער האָבן זיך דורך זיין הויז אַריינבאַקומען אין רײכסטאַג און דורך זיין הויז אַנטלאָפן. כדי אָפּצושװאַכן דעם צעשמעטערנדיקן איינדרוק פון גערינגס װערטער, האָט מען אונטערגעשיקט דעם פּרעסע־שעף

פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּראַקטיק, וועלכער האָט פלוצלינג אַנטדעקט אַ צוברּאָכענע שויב און אַ לייטער. די קרימינאַל־פּאָליציי האָט אַלזאָ טראָץ איר דריי־טאָגיקן זוכן פאַרזען דאָס, וואָס דאָס שאַרפע אויג פונם פּרעסע־שעף האָט תּיכּף אַנטדעקט.

דאָס איז דער איין־און־דרייסיקסטער ווידערשפּרוך.

**וואָן דער ליבע זאָגט וואָס מ׳פאַרלאַנגט.** דר. אָבערפאָרען שילדערט אין זיין שריפט, אַז לויט געבעלס פּלאַן האָט מען געזאָלט דורכפירן אַ גאַנצע סעריע אונטער־צינדונגען, וועלכע האָבן געזאָלט געקרוינט ווערן מיט דער רייכסטאָג־אונטערצינדונג. צו אונטערצינדונגען דאַרף מען האָבן אונטערצינדער. וואָן דער ליבע איז זיך מודה, אַז ער האָט אונטערגעצונדן דעם רייכסטאָג. וואָן דער ליבע איז זיך מודה, אַז דעם 25־טן פעברואַר האָט ער געפּרוּווט אונ־טערצוצינדן דעם בערלינער שלאָס. די בלעטער טיילן מיט וועגן דער דאָזיקער שׂרפה פאָלגנדעס:

„שבת איז אין בערלינער שלאָס אויסגעבראָכן אין אַ ביוראָ־צימער אויפן פינפטן שטאָק אַ קליינע שׂרפה, וועלכע איז שנעל אויסגעלאָשן געוואָרן דורך אַ פייערלעשער, וועל־כער האָט זיך געפונען אין שלאָס. די סיבה פון דער שׂרפה איז נאָך נישט אינגאַנצן אויפגעקלערט — מ׳איז חושד אַן אונ־טעצינדונג.

„אַ שעה פאַר דער שׂרפה האָט דער אויפזעער דורכ־געגאַנגען דורך אַלע צימערן און איז אויך געווען אינם זעלבן צימער. ער האָט אָבער נישט באַמערקט קיין שום פאַרדעכטיקע זאַך. ווי ס׳ווייזט זיך אַרויס איז אויפן פענ־סטער־ברעט געלעגן אַ גליענדיקער קוילן־אָנצינדער, ווי אויך

אונטערן פענסטער און אויף דער צענטראַל־באַהייצונג. די פּאָליציייאישע אויספאָרשונג איז נאָך נישט פאַרענדיקט.״

וואַן דער ליבע איז זיך מודה, אַז דעם 25־טן פעב־רואַר האָט ער געמאַכט אַ פּרווו אונטערצוצינדן אַן עפנט־לעכע געביידע אין נייקעלן. וואַן דער ליבע איז זיך מודה, אַז דעם 25־טן פעברואַר האָט ער געמאַכט אַ פּרווו אונטער־צולייגן פייער אין בערלינער ראַטהויז.

דער דאָזיקער וואַן דער ליבע איז דאָך אַן אמתער טײַוול! אין איין טאָג אונטערצולייגן פייער אין דריי פאַר־שידענע ערטער פון בערלין! דערצו רעדט ער נאָך שלעכט דייטש; ער איז געקומען קיין בערלין ערשט דעם 18־טן פעברואַר. נאָך זיבן טעג קען ער אַזוי גוט די שטאָט, אַז ער לייגט אונטער פייער אינם שלאָס, אינם ראַטהויז און אין נייקעלן. ניין טעג דאַרף ער בסך־הכל צו האָבן, כּדי זיך אַזוי גוט צו אינפאָרמירן וועגן דעם רייכסטאַג־בנין, אַז ער זאָל זיך פילן דאָרט, ווי ביי זיך אין דער היים.

וואַן דער ליבע דאַרף אָנגיין אַלס הונדערט־פּראָצענ־טיקער קאָמוניסט. לויט געבעלס פאָרשטעלונג מוז אַ „קאָמו־ניסט" האָבן אַ פאַלשן פּאַס. דעריבער מוז מען אין פּאַס מאַכן אַן ענדערונג אין זיין נאָמען. ער מאַכט פונם "u" אַן "ü"; אַזוי אַרום ווערט דער עכטער פּאַס — אַ „געפעלשטער".

וואַן דער ליבע נעמט געערן מיט אין רייכסטאַג „קאָ־מוניסטישע פלוגבלעטער". נאָך קיינמאָל האָט אַ פאַרברעכער נישט פאַרמאָגט ביי זיך אַזוי פיל „רעקאָמענדאַציע־בריוו" פאַר דער פּאָליציי.

**א געשפּרעך מיט טאָרגלערן.** אַלס פאָרזיצער פון דער קאָמ. רייכסטאַג־פראַקציע האָט ערנסט טאָרגלער אָפט

געמוזט ענטפֿערן אויף אָנפֿראַגעס פֿון צײַטונגען און זשור־
נאַליסטן. אויף אַ פּרעסע־קאָנפֿערענץ דעם 24 פֿעברואַר האָט
ער דערקלערט די פֿאַרזאַמלטע זשורנאַליסטן, אַז די קאָמו־
ניסטן באַזיצן באַווײַזן וועגן אַ געפּלאַנטער פּראָוואָקאַציע פֿון
די נאַציס. צווישן אַנדערע פּלענער – האָט ער דערקלערט –
איז אויך פֿאַראַן אַ פּלאַן צו אינסצעניזירן אַ כּלומרשטן
אַטענטאַט אויף היטלערן. די גאַנצע אויסלענדישע און אַ טייל
דײַטשע פּרעסע האָט פֿאַרעפֿנטלעכט טאָרגלערס דערקלערונג.
נאָך דער קאָנפֿערענץ האָט דער מיטאַרבעטער פֿון דער „פֿאָ־
סישער צײַטונג" אַדאָלף פֿיליפּסבאָרן באַקומען בײַ טאָרגלערן
אַן אינטערוויו און דעם אינהאַלט פֿונעם אינטערוויו האָט ער
אָפּגעדרוקט אינעם „קעגן־אָנגריף" פֿון 1־טן יולי 1933.
„אַלס פֿאַרלאַמענטאַרישער זשורנאַליסט, – שרײַבט פֿי־
ליפּסבאָרן, – בין איך פֿון אַ סך יאָרן געשטאַנען אין פֿאַר־
בינדונג מיט דעפּוטאַטן פֿון אַלע ריכטונגען. אַ צופֿאַל האָט
געוואָלט, אַז דעם 26־טן פֿעברואַר האָב איך געהאַט אַ צו־
זאַמענטרעף מיט טאָרגלערן אין קאַפֿע פֿרידיגער, פֿיר און
צוואַנציק שעה פֿאַר דער רײַכסטאַג־שׂרפֿה. טאָרגלער איז גע־
קומען מיט זײַן עלף־יעריקער טאָכטער. אַלס פֿירער פֿון זײַן
פֿראַקציע, האָב איך אים געוויזן די געהיימע פּלענער פֿון
די נאַציס. דאַן האָבן מיר העכער צוויי שעה צײַט אַרומ־
גערעדט די פּאָליטישע לאַגע. איך בין קיינמאָל נישט געווען
נאָנט צו דער קאָמ. פּאַרטיי. דאָך האָב איך אָנגעוויזן טאָרג־
לערן אויף פֿאַרשידענע שוואַכע זײַטן פֿון די קאָמוניסטן.
טאָרגלער האָט מסכּים געווען מיט געוויסע באַמערקונגען,
אין אַלגעמיין האָט ער אָבער ענערגיש פֿאַרטיידיקט די פּאָ־
ליטישע ליניע פֿון זײַן פּאַרטיי. צום סוף האָב איך געשטעלט
פֿאָלגנדיקע פֿראַגן:

„ס'ווערט פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די קאָמוניסטן האָבן בדעה נאָך פאַר די וואַלן (ד. 5־טן מערץ) צו אָרגאַניזירן עפּעס אַן אַקציע קעגן די נאַציס. איז דאָס ריכטיק?

„טאָרגלער: ס'איז אַ משוגעת. די רעגירונג וואַרט נאָר אויף אַזאַ געלעגנהייט, כּדי צו פאַרווערן די קאָמ. פּאַרטיי.

„איך: צי ווען די קאָמ. פירער רופן צו אַ שטרייק?

„טאָרגלער: נאַטירלעך רופן מיר צו אַ פּאָליטישן מאַסן־שטרייק אַלס קאַמפּס־מיטל קעגן די פאַשיסטישע גוואַלט־טאַטן. אָבער מיר ווייסן, אַז די דאָזיקע אַקציע קאָן זיך איינגעבן נאָר דאַמאָלס, ווען די פּראָפּ. פאַריינען וועלן זיך אָפּזאָגן פון זייער ווידערשטאַנד און זיך אָנשליסן אינם קאַמפּס־פראָנט.

„איך: דאָס הייסט אַלזאָ, אַז די קאָמ. פּאַרטיי האָט נישט בדעה איצטערצונעמען קיין שום שריט, וואָס זאָל געבן דער רעגירונג אַ געלעגנהייט אָנצוהייבן אַן אָפענסיווע קעגן דער מאַרקסיסטישער אַרבעטערשאַפט?

„טאָרגלער (מיט איבערצייגונג און פעסטקייט): יאָ, אַזוי איז עס. מיר קאָמוניסטן ווייסן, אַז אַליין זענען מיר צו שוואַך צום קאַמף. מיר ווייסן, אַז היטלער, גערינג און זייערע חברים וואַרטן נאָר אויף אַ תּירוץ, כּדי צו פאַרווערן די קאָמ. פּאַרטיי און פסלען אירע מאַנדאַטן. מיר ווייסן, אַז מ'שפּיאָנירט אונז נאָך, אונזערע טעלעפאָנישע געשפּרעכן הערט מען אונטער. מיר לויפן נישט אין דער פאַסטקע, וועלכע די דאָזיקע הערן האָבן אונז צוגעגרייט.״

„אויפן אַנדערן טאָג נאָכן דאָזיקן געשפּרעך איז דער רייכסטאַג געשטאַנען אין פלאַמען, און מיט אַ פּאָר שעה

שפּעטער האָט מען אַרעסטירט טאָרגלערן אַלס „אונטער־צינדער".

„איך האָב דאַמאָלס געהאַט און כ'האָב אויך איצט די איבערצייגונג, אַז טאָרגלער האָט מיר געזאָגט די ריינע וואָר־הייט. און דעריבער, הגם איך בין אַ קעגנער פון קאָמוניזם, דערקלער איך יעדן איינעם און אויך דעם ה' געריגג, וועל־כער ווייס דאָס בעסער פון מיר, און אויך די ריכטער פון העכסטן געריכט:

„די הענט אָוועק פון ערנסט טאָרגלער, ער איז אומ־שולדיק !"

די באַווייזן קעגן די נאַציס. שוין די ווידערשפּרוכן אַליין, אין וועלכע די היטלער־רעגירונג האָט זיך פאַרפּלאָנ־טערט אין אירע דערקלערונגען וועגן דער רייכסטאַג־שרפה, איז גענוג, כדי אַרויסצוטראָגן אַן אורטייל אויף די אמתע אונטערצינדער. אָבער אויסער די דאָזיקע ווידערשפּרוכן זע־נען אויך פאַראַן דירעקטע באַווייזן קעגן די נאַציס. מיר גיבן דאָ נישט איבער אַלע באַווייזן, וועלכע געפינען זיך אין אונזערע הענט, נאָר די וויכטיקסטע און בולטסטע.

די שרפה איז אַנטדעקט געוואָרן 9.15 אין אָוונט. די מאַסן־אַרעסטן אין בערלין האָבן זיך אָנגעהויבן תיכף נאָך האַלבער נאַכט. כמעט אַלע אַרעסט־באַפעלן זענען געווען פאַרזען מיט פאָטאָגראַפיעס פון די, וועלכע מ'האָט געזאָלט אַרעסטירן, און די דאַטע איז געווען אָנגעשריבן מיט טינט. דעם 28־טן פעברואַר זענען בלויז אין בערלין אַרעסטירט געוואָרן 1500 מאַן.

(המשך קומט)

# אָס ברוינע בוך

## וועגן רייכסטאג-אונטערצינדונג און היטלער-טעראָר

ארויסגעגעבן דורכן אינטערנאַציאָנאַלן הילפס-קאָמיטעט
פאַר די קרבנות פון דייטשן פאַשיזם.
מיט אַ פאָררעדע פון לאָרד מאַרליי

**יטאָריזירטע יידישע אויסגאַבע**

(מיט 20 בילדער)

## העפט 3

לאַג „גראָשן-ביבליאָטעק"
ראשע 1933

איז עס מעגלעך במשך פון דריי שעה אויסשרייבן 1500 אַרעסט-באַפעלן, אונטערשרייבן זיי און צוקלעפּן פאָטאָגראַפּיעס? דימיסיאָנירטע פּאָליציי-באַאַמטע האָבן אונז אויפגעקלערט די דאָזיקע שנעלקייט. די אַרעסט-באַפעלן זענען געווען צוגעגרייט אַ פּאָר טעג פאַר דער שׂרפה. נאָר די דאַטע איז נישט געווען אַריינגעשטעלט. דעם 27-טן פעברואַר זענען אַלע באַפעלן געווען גרייט. זיי זענען געווען אונטערגעשריבן, נאָך איידער מ'האָט אויפגעשריבן די דאַטע.

דעם 22-טן פעברואַר האָט די פּרייסישע רעגירונג באַשלאָסן צו פאַרשטאַרקן די פּאָליציי מיט הילפס-פּאָליציי. צו דער הילפס-פּאָליציי האָבן געקאָנט געהערן נאָר מיטגלידער פון די א. ג. נאַציאָנאַלע פאַרבאַנדן, ד. ה. שטורמיסטן און שטאָלהעלם-מיטגלידער. אין בערלין האָט זיך געריננג גענומען דאָס רעכט אַליין צו באַשטימען די געהילפס-פּאָליציאַנטן. דער באַשלוס וועגן דעם איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דעם 27-טן פעברואַר, אינם טאָג פון דער שׂרפה.

אינם ערשטן אָפיציעלן קאָמוניקאַט וועגן דער רייכסטאַג-שׂרפה האָט געריננג טריומפירנדיק דערקלערט, אַז זיין פאַראָרדנונג איינצופירן הילפס-פּאָליציי האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס באַרעכטיקט.

די נאַציס האָבן זיך אָבער נישט באַגנוגנט מיטן שאַפן די הילפס-פּאָליציי. דעם 27-טן פעברואַר זענען אַלע בערלינער שטורמיסטן מאָביליזירט געוואָרן אין זייערע קאַזאַרמעס און זאַמל-ערטער. אַ שטורמיסט, [illegible] איז סוף מערץ אַנטלאָפן פון דייטשלאַנד, דערציילט אין דער „אינטראַנסיזשאַן” וועגן דער אַלאַרם-גרייטקייט פון די שטורעם-אָפּטיילונגען.

„דעם 27-טן פעברואַר — שרייבט ער — האָבן מיר

מיטאָג-צייט באַקומען דעם באַפעל צו פאַרבלייבן אין אונ-זערע זאַמל-פונקטן. ס'איז געווען שטרענג פאַרבאָטן זיך צו באַווייזן אויף די גאַסן גרופּעסווייז. נאָר די געלט-זאַמלער און ספּעציעלע שליחים האָט מען דערלויבט אַרויסצוגיין. מיר האָבן נישט געוואוסט, וואָס זאָל דאָס באַדייטן, און האָבן געוואַרט. פּלוצלונג, 10 אין אָוונט, איז אָנגעקומען אַ באַפעל: „אַלע צום בראַנדענבורגער טויער! איבערלאָזן דאָס געווער! מ'דאַרף זיך אויסשטעלן אין אַ קאָרדאָן: דער רייכסטאַג ברענט!"

„דער בערלינער גרופּן-פירער ערנסט האָט פאַרזאַמלט אייניקע פון אונז אין אַ שענק און געהייסן אונז שנעל לויפן אין פאַשרידענע שטאָט-טיילן און פאַרשפּרייטן איבער קנייפּעס און אויף די גאַסן-ראָגעס די ידיעה, אַז די קאָמוניסטן האָבן אונטערגעצונדן דעם רייכסטאַג און אַז נ'האָציכערע באַווייזן קעגן זיי.

„אין דער דאָזיקער צייט איז נאָך נישט געווען באַוווסט, אַז וואַן דער ליבע איז אַ האָלענדער און אַז דעם טאָרגלער האָט דער לעצטער פאַרלאָזט די רייכסטאַג-געביידע. אונז האָט מען אָבער דאָס אַלץ איבערגעגעבן אַלס זיכערע פאַקטן, מיט אַזאַ זיכערקייט, אַז אונז אַלע האָט אַרומגעכאַפּט אַ שרעקלעכע שנאה קעגן די אונטערצינדער. מיר האָבן זיך אַ לאָז געטון אין שטאָט אַריין און מיט דער גרעסטער ענערגיע אויסגעפירט אונזער אויפגאַבע. וואָס מער איך האָב אַ ... געחזרט די געשיכטע, אַלץ מער האָב איך געגלויבט אין איר און אַלץ געטרייער דערציילט, און אינגיכן האָב איך זיך געפילט ווי אַן עד-ראיה פון דער אונטערצינדונג."

דער גרופּן-פירער ערנסט פאַרנעמט אַ הויכע שטעל

ביי די נאַציס. דאָס איז אָבער נאָך ווייניק, כדי אַ פּאָר מינוט נאָך 10 שוין צו וויסן, אַז טאָרגלער האָט דער לעצ־טער פאַרלאָזט דעם רייכסטאַג. ערנסט איז געווען פאַרמישט אין געבעלס און גערינגס פּלאַן. זיין ראָל איז באַשטאַנען דערין, פּאַנאַנדערצושפּרייטן דורך די שטורמיסטן די ידיעה וועגן דער „קאָמוניסטישער" אונטערצינדונג.

היטלער פאַרראַט זיך. דעם 27־טן פעברואַר ברענט אויס די שׂרפה אין רייכסטאַג. דעם 27־טן פעברואַר געפינען זיך די וויכטיקסטע נאַצי־פירער אין בערלין, הגם מ'שטייט אין רעכטן ברען פון וואַל־קאַמף. היטלער טרעט נישט אַרויס דעם 27־טן פעברואַר אויף קיין שום פאַרזאַמלונג, געבעלס טרעט נישט אַרויס דעם 27־טן פעברואַר אויף קיין שום פאַרזאַמלונג. ביידע געפינען זיך אין בערלין. קיינער פון זיי האָט נישט אין אָוונט קיין שום קאָנפערענץ, קיין שום אָפיציעלן צוזאַמענטרעף, קיין שום אַרבעט.

אין אַ פּאָר מינוט נאָך דער ידיעה וועגן דער שׂרפה דערשיינט גערינג און באַלד נאָך אים היטלער און געבעלס. אין זייער געזעלשאַפט געפינט זיך דער בערלינער קאָרעס־פּאָנדענט פון „דיילי עקספּרעס" סעפטאָן דעלמער. „דיילי עקספּרעס" געהערט צו די ווינציקע ענגלישע היטלער־פריינט־לעכע צייטונגען. און נישט קוקנדיק דערויף איז דער באַ־ריכט פון „דיילי עקספּרעס" מער באַלאַסטנדיק פאַר היטלערן, ווי די באַריכטן פון די קעגנערישע צייטונגען.

סעפטאָן דעלמער שילדערט די סצענע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין רייכסטאַג פון צוואַנציק ביז דרייסיק מינוט נאָך דער אַנטדעקונג פון דער שׂרפה. היטלער, וועלכער איז

גאָר וואָס געהאַט געקומען, האָט זיך געווענדעט צו פּאַפּענען און אויסגערופן:

„דאָס איז אַ סימן פון גאָט! קיינער וועט אונז איצט נישט שטערן צו צעשמעטערן די קאָמוניסטן מיט אַן אייזערנער פויסט!"

און צו דעלמערן האָט היטלער געזאָגט:

„איר זענט אַן עדות פון אַ נייער תּקופה אין דער דייטשער געשיכטע. די דאָזיקע שרפה איז איר אָנהויב".

דער קאַנצלער פון „דריטן רייך" האָט אַרויסגעזאָגט די דאָזיקע ווערטער אין אַ צייט, ווען די „שולד" פון די קאָמוניסטן האָט נאָך גאָרנישט געקאָנט ווערן פעסטגעשטעלט, ווען וואַן דער ליבע איז ערשט פאַרהערט געוואָרן מיט דער הילף פו ‌ ון איבערזעצער. דער פאַרהער, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן תּיכף נאָך וואַן דער ליבעס אַרעסט, האָט געדויערט ביז אינדערפרי. וואַן דער ליבע איז פאַרהאַלטן געוואָרן אומגעפער 20 מינוט נאָך ניין. אין דער צייט, ווען היטלער האָט אַרויסגעזאָגט זיינע ווערטער, האָט ער נאָך נישט געקאָנט באַווייזן אַלץ געגנוי צו דערציילן און געבן דער אויספאָרשונג אַ זיכערן מאַטעריאַל, אויף וועלכן היטלער זאָל זיך קאָנען שטיצן אין זיינע באַשולדיקונגען קעגן די קאָמוניסטן.

היטלער האָט זיך נישט געקאָנט באַהערשן און אַרויסגעזאָגט די ווערטער וועגן דער שולד פון די קאָמוניסטן צו פרי. ער האָט נישט אָפּגעוואַרט מיט זיינע ווערטער ביזן ריכטיקן מאָמענט, ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט מיט זיי פריער ווי ס'איז געווען פאַרויסגעזען.

אַ פאַרבינדעטער באַשולדיקט די נאַציס. די „דייטשע אַלגעמיינע צייטונג", דער אָרגאַן פון דער שווער־אינדוסטריע, האָט נאָך אין 1930 געפאָדערט צולאָזן היטלערן צו דער רעגירונג. די שווער־אינדוסטריע האָט פרובירט איינ־רעדן די דייטש־נאַציאָנאַלע, אַז היטלער וועט זיך באַגנוגע־נען צו טיילן זיך מיט זיי מיט דער מאַכט.

שוין די ערשטע וואָכן פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג האָבן אַנטפּלעקט שווערע קעגנזאַצן אין דער רעגירונג. אין אָבערפּאָרענס שריפט זענען די דאָזיקע קעגנזאַצן גאַנץ בולט אַנגעוויזן. די „דייטשע אַלגעמיינע צייטונג" האָט זיך באַמיט צו פאַרשטאַרקן די פּאָזיציע פון די דייטש־נאַציאָנאַלע. אין די ערשטע צייטן פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג האָט זי נישט געקאַרגט קיין קריטיק. נאָך דער רייכסטאַג־שׂרפה, ווען די נאַציס האָבן באַקומען אַן איבערגעוויכט אין דער רעגי־רונג, איז די צייטונג דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זי האָט דערקלערט גערינגס באַהויפּטונגען אַלס ליגן און אויסגעדריקט איר צווייפל אין דער שולד פון די קאָמוניסטן. דעם 2־טן מערץ האָט די צייטונג געשריבן:

„פון פּאָליטישן שטאַנדפּונקט איז אין דער רייכסטאַג־אונטערצינדונג לחלוטין אומפאַרשטענדלעך איין זאַך: אַז ס'האָט זיך געקאָנט געפינען אַזאַ נאַרישער קאָמוניסט צו באַגיין דאָס פאַרברעכן. אַ חוץ אַ פּאָר רעדעס, צייטונגס־אַרטיקלען און פאָרשלאַגן האָבן מיר ביז איצט נישט באַ־מערקט אַן איינהייטלעכן פראָנט צווישן קאָמוניסטן און סאָציאַל־דעמאָקראַטן. אַז דער דאָזיקער איינהייטלעכער פראָנט זאָל זיך האָבן אויסגעבילדעט גראָד מיטן ציל אונטערצוצינדן דעם רייכסטאַג — איז העכסט אוממוואַרשיינלעך. מיר האָבן מורא, אַז אַ גענויע אויספאָרשונג וועט באַווייזן, אַז די פּאַר־

וואָרפֿן פֿונם אינערן־מיניסטער וועגן גרונדלאָז. אויב ס׳זאָל באמת אַזוי זיין — וואָלט שוין גלייכער געוועזן איגנאָרנצן נישט אויפהויבן דעם דאָזיקן פּאָרוואורף.״

ס׳איז נישט אַ מיטטיילונג פֿון אַ מאַרקסיסטישער צייטונג, דאָס שרייבט דער אָרגאַן פֿון דער שווער־אינדוסטריע. אין אַ פּאָר חדשים אַרום איז די צייטונג „גלייכגעשטאַלטעט״ געוואָרן, איר רעדאַקטאָר באַזייטיקט און הוגענבערגס פּאַרטיי פֿאַנאַנדערגעלאָזט. הגם דער אַרטיקל האָט נישט דערגרייכט זיין ציל אָפּצושרעקן די נאַציס, איז ער פֿונדעסטוועגן זייער וויכטיק פֿאַר אונז. היטלערס פֿאַרבינדעטער באַשולדיקט גערינגן אין זאָגן ליגן און צווייפֿלט אין דער שולד פֿון די קאָמוניסטן.

## פֿאַרוואָס האָט גערינג איבערגעלאָזט דעם רייכסטאַג אָן שוץ?

די אָפֿיציעלע „פּרייסישע פּרעסע־דינסט״ פֿון 28־טן פֿעברואַר טיילט מיט, אַז צווישן די מאַטעריאַלן פֿון קאַרל ליבקנעכט־הויז האָבן זיך אויך געפֿונען אָנווייזונגען וועגן אונטערצינדן דעם רייכסטאַג. די רעוויזיע אין ליבקנעכט־הויז איז פֿאָרגעקומען דעם 24־טן פֿעברואַר. שוין דעם 24־טן און 25־טן פֿעברואַר האָט די גאַנצע בירגערלעכע פּרעסע געדרוקט גרויסע באַריכטן וועגן די כּלומרשטע מאָרד־פּלענער פֿון די קאָמוניסטן. דעם 26־טן פֿעברואַר האָט דער בערלינער פּאָליציי־פּרעזידענט אָפּגעגעבן געריננגן אַ גענויעם באַריכט וועגן די מאַטעריאַלן, וועלכע מ׳האָט כּלומרשט געפֿונען אין די „קאַטאַקומבען״ פֿון קאַרל ליבקנעכט־הויז. אַלס אינערן־מיניסטער האָט גערינג די אויפֿזיכט איבער דער פּרייסישער פּאָליציי. אַלס רייכסטאַג־פּאָרזיצער איז ער באַלעבאָס פֿון דער רייכסטאַג־געביידע. קיינער האָט נישט געהאַט אַזוי

ווי ער די מעגלעכקייט צו היטן דעם רייכסטאַג. קיינער האָט מער פאַר אים נישט געהאַט די פליכט דאָס צו טון.
געהרינג האָט נישט אָראָפּגעברענגט קיין פּאָליציי צו היטן דעם רייכסטאַג און אויך אינעווייניק אין דער געביידע נישט אָנגענומען קיין שום פּאַרטיידיקונגס-מיטלען. ווען דער קאָמוניקאַט וועגן די כלומרשט געפונענע אין ליבקנעכט-הויז מאַטעריאַלן וואָלט געווען ריכטיק, וואָלט געהרינג אין בעסטן פאַל געווען שולדיק אין פאַרלייכטערן די אַרבעט די פאַר־ברעכער. דער פאַקט, אַז געהרינג האָט גאָרנישט אונטערגע־נומען, כדי צו שיצן דעם רייכסטאַג און אַז די כלומרשט געפונענע אין קאַרל ליבקנעכט־הויז מאַטעריאַלן זענען ביז צום היינטיקן טאָג נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן — פירט צו איין אויספיר: דער מאַטעריאַל פון קאַרל ליבקנעכט־הויז עקזיסטירט נאָר אין די קאָמוניקאַטן פון אָפיציעלן „פּרייסישן פּרעסע־דינסט". די קאָמוניסטן האָבן נישט געהאַט בדעה און נישט געמאַכט קיין שום צוגרייטונגען אונטערצוצינדן דעם רייכסטאַג; דאַקעגן האָט געהרינג אַלץ געטון, אַז דער רייכס־טאַג זאָל פאַרברענט ווערן.

## געהרינג שיקט אוועק די באַאַמטע. אינם טאָג פון

דער שׂרפה האָט אויך געהרינג געזאָרגט דערפאַר, אַז די רייכסטאַג־באַאַמטע זאָלן פאַרלאָזן דעם רייכסטאַג פאַר דער צייט. דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער הויז־אינספּעקטאָר האָט דעם 27־טן אַפּריל באַפרייט די באַאַמטע שוין 1 אַזייגער בייטאָג. די באַאַמטע האָבן אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז לויטן רעגולאַמין טאָרן זיי נישט אַוועקגיין פאַר זייער צייט. דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער הויז־אינספּעקטאָר האָט זיי אָבער געהייסן אַהיימגיין, ווייל „ס'איז דאָך סיי־ווי נישטאָ וואָס צו טון".

אין מערץ האָבן די גרעסטע אויסלענדישע צייטונגען געבראַכט די ידיעה, אַז די רייכסטאַג־באַאַמטע זענען דעם 27־טן פעברואַר באַפרייט געוואָרן פאַר דער צייט. די היט־לער־רעגירונג האָט נישט געוואָגט אָפּצולייקענען די דאָזיקע ידיעה.

## קאָמענדאַנט פון די פייערלעשער באַשולדיקט

גערינגן. דעם 24־טן מערץ האָט זיך פאַרשפּרייט די אי־בעראַשנדיקע נייעס, אַז דער בערלינער פייערלעשער־קאָמענ־דאַנט געמפּ איז צייטווייליק באַפרייט געוואָרן פון זיין אַמט, ווייל ער האָט געדולדעט אין זיין רעסאָרט קאָמוניסטישע אינטריגעס. די דאָזיקע כלומרשטע קאָמוניסטישע אינטריגעס זענען באַשטאַנען אין דעם, וואָס אויף אַ פאַרזאַמלונג מיט אינספּעקטאָרן און פייערלעשער האָט ער אַרויסגעזאָגט אַ ריי פאַכמענישע באַמערקונגען וועגן דער רייכסטאַג־שרפה, וועל־כע האָבן געוואָרפן אַן אויסטערליש ליכט אויף גערינגס פאַרהאַלטן זיך אויפן אָרט פון דער שרפה. געמפּס באַמער־קונגען האָבן זיך באַצויגן צו דריי פאָלגנדיקע וויכטיקע פאַקטן:

„הער געמפּ האָט זיך באַקלאָגט, אַז די פייערלעשער זענען צו שפּעט אַרויסגערופן געוואָרן. נאָך דערמיט לאָזט זיך דערקלערן דער פאַקט, אַז ווען זיי זענען ענדלעך אָנ־געקומען, האָט זיך שוין אויפן אָרט פון דער שרפה געפונען אַ שטורעם־אָפּטיילונג פון אַ 20 מאַן.

„ווייטער האָט זיך הער געמפּ באַקלאָגט דערויף, וואָס גערינג האָט אים אויסדריקלעך פאַרווערט צו פּראָקלאַמירן דעם העכסטן אַלאַרם און מאָביליזירן גרעסערע פייערלעשער־כוחות.

„צום סוף האָט געמפּ דערקלערט, אַז ער האָט באַמערקט ליגן אין די נישט-אָפּגעברענטע טיילן פונם רייכסטאַג-בנין אויפפאַלנדיק גרויסע מענגעס נישט-פאַרנוצטע אונטערצינדונגס-מאַטעריאַלן; אין פאַרשידענע צימערן, אונטער און אין די שענק א. א. וו. זענען געלעגן מאַטעריאַלן, וואָס וויי אַליין וואָלטן געקאָנט אָנפילן אַ גאַנצן לאַסט־אויטאָ.״

די דאָזיקע מעלדונג איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דעם 25-טן אַפּריל 1933 אין „סאַארבריקענער פאָלקסשטימע״ און איז דאַן איבערגעדרוקט געוואָרן דורך דער גאַנצער וועלט-פּרעסע. גערינג האָט אַפילו נישט אָריינגעשיקט אין דער צייטונג אַ הכחשה. ער האָט אויסגענוצט די ידיעה, כדי צו באַשולדיקן געמפּן אין מיסברויכן. די „דייטשע אַלגעמיינע צייטונג״ פון 29 אַפּריל 1933 דערציילט אונז, ווי אַזוי גערינג האָט רעאַגירט אויף די אַנטפּלעקונגען פון דער „פאָלקסשטימע״:

„קעגן דעם צייטווייליק באַפרייטן בערלינער פייערלעשער קאָמענדאַנט געמפּ איז אַרויסגערוקט געוואָרן די באַשולדיקונג, אַז ער האָט געדולדעט אין זיין רעסאָרט קאָמוניסטישע אינטריגעס. געמפּ האָט דאַן געפאָדערט אַ דיסציפּלינערע אויספאָרשונג וועגן דעם. זיין פאָדערונג איז נישט גענומען געוואָרן אין אַכט, ווייל מ׳איז אים חושד נאָך אין אַנדערע מיסברויכן. ס׳איז קעגן אים אַריינגעטראָגן געוואָרן אַ דיסציפּלינאַר-אָנקלאַגע, ווייל ער האָט איבערגעשריטן זיין מאַכט ביים איינקויפן אַן אויטאָ דורכן סאָציאַל-דעמאָקראַטישן ראַטמאַן אַרענס.״

די דאָזיקע טאַקטיק פון די נאַציס זיך אָפּצורעכענען מיט אומבאַקוועמע קעגנער דורך קרימינעלע באַשולדיקונגען, איז אָנגעווענדעט געוואָרן נישט נאָר לגבי געמפּן. אויך אַנ-

דערע פּאָליטישע קעגנער האָט מען אויפן זעלבן אופן אומ־
שעדלעך געמאַכט.

פון געמפּס באַשולדיקונגען דרינגט קלאָר אַרויס, אַז
גערינג איז געווען פּאַראינטערעסירט אין אויסברייטערן די
שרפה און נישט אין לעשן זי. די נאַציס האָבן דאָך גע־
וואָלט אויסנוצן די שרפה צו אַ העצע קעגן די מאַרקסיסטן.
זיי זענען געווען פּאַראינטערעסירט, אַז דער חורבן, וואָס
דאָס פייער האָט אָנגעמאַכט, זאָל זיין וואָס גרעסער און
איינדרוקספולער און דעריבער האָט מען נישט געדאַרפט
איינלעשן די שרפה צו פרי. אין דריי טעג אַרום נאָך דער
שרפה איז שוין דער רייכסטאָג געעפנט געוואָרן פאַרן פּובּ־
ליקום. דער זעלבער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער הויז־אינספּעק־
טאָר, וועלכער האָט דעם 27־טן פעברואַר באַפרייט די באַ־
אַמטע פאַר דער צייט, האָט איצט אַרומגעפירט דאָס פּובּ־
ליקום איבערן רייכסטאָג. צענדליקער טויזנטער מענטשן זע־
נען געקומען אָנקוקן דעם אָפּגעבּרענטן רייכסטאָג. דער אינ־
ספּעקטאָר האָט „מעשה־זאַכקענער" געגעבן דערקלערונגען, ווי
אַזוי די „קאָמוניסטן" האָבן אונטערגעלייגט דאָס פייער. ער
האָט אויך נישט פאַרגעסן צו באַפּוצן זיינע שילדערונגען
מיט שוידערלעכע מעשיות וועגן די כוונות פון די קאָמו־
ניסטן.

גערינג, וועלכער האָט אליין נישט געהאַט די דרייסט־
קייט אָפּצולייקענען די ידיעות פון דער „סאַארבריקענער
פאָלקסשטימע", האָט געצוואונגען דעם פייערלעשער־קאָמענ־
דאַנט אַריינצושיקן אַ הכחשה. געמפּ האָט זיך, ווייזט אויס,
לאַנג פאַרטיידיקט. ערשט דעם 18־טן יוני 1933, נאָכדעם
ווי אָבּערפאָרען, בעל און האַנוסען זענען שוין דערמאָרדעט
געוואָרן, איז דערשינען אין די דייטשע בלעטער געמפּס אַ

דערקלערונג, אַז די ידיעות פֿון דער „סאַאַרבריקענער פֿאָלקס־שטימע" זענען פֿאַ״ש. ס׳זענען פֿאַראַן הכּחשות, וועלכע באַשטעטיקן די ריכטיקייט פֿון די אָפּגעלייקנטע ידיעות. געמפּס פֿאַרשפּעטיקטע הכּחשה געהערט צו דעם מין. אונטערן דרוק פֿון דער אָנקלאַגע, וועלכע איז אַריינגעטראָגן געוואָרן קעגן אים, אויס מורא פֿאַר תּפֿיסה־שטראָף, וועלכע האָט אים גע־דראָט, האָט געמפּ נאָכגעגעבן גערינגס פֿאָדערונג.

## ווער זענען די איניציאַטאָרן פֿון דער שׂרפֿה?

אין דער קאָנסערוואַטיווער וואָכנשריפֿט „דער רינג", וועלכע ווערט אַרויסגעגעבן דורך היינריך פֿאָן-גליַיכען, ליי־ענען מיר אינם מערץ-נומער:

„די רייכסטאַג-שׂרפֿה האָט געפֿירט צו זייער שאַרפֿע קעגן-מיטלען פֿון דער רעגירונג. די מאַכט איז איצט צוגע־גרייט צו אַלעם. די עפֿנטלעכקייט און די פּרעסע שטעלן זיך די פֿראַגע: ווי אַזוי איז דאָס געווען מעגלעך? צי זע־נען מיר באמת אַ פֿאָלק פֿון בלינדע הינער? וואו געפֿינען זיך די איניציאַטאָרן פֿון דער דאָזיקער שׂרפֿה, וואָס אירע רעזו־טאַטן באַווייזן ווי זיכער זיי זענען געווען מיט זייערע צילן? כּדי צו געבן אַן ענטפֿער אויף די אַלע פֿראַגן, מוזן מיר ניכטערן און זאַכלעך פֿעסטשטעלן: ס׳פֿעלט אונז אַ גע־היים-פּאָליציי, ווי ס׳באַזיצן די ענגלענדער און אַנדערע פֿעל־קער...

„ווען מיר באַזיצן אַזאַ אינסטיטוציע, וואָלטן מיר שוין היינט גאַנץ גענוי געוואוסט, וואו מען דאַרף זוכן די איני־ציאַטאָרן פֿון דער רייכסטאַג-אונטערצינדונג. מיר וואָלטן שוין אפֿילו געקענט די פּערזאָנען. דאָס זענען אַ סך מיט־

גלידער פון דער בעסטער דײַטשער אָדער אינ־טערנאַציאָנאַלער געזעלשאַפט."

הייגריך פאָן־גלײַכען איז איינער פון די איינפלוס־רײַכסטע מיטגלידער פונם „הערן־קלוב". זינט פאַפּענס קאַנצ־לערײַ־שאַפט איז פאָן־גלײַכען איינער פון די ספּדים־האַלטער פון דער רעגירונגס פּאָליטיק. זיינע באַציונגען מיטן פּרעזי־דענטס פּאַלאַץ זענען בעסער ווי אויסגעצייכנט. אין דעם אויבן־געבראַכטן אויסצוג באַשולדיקט פאָן־גלײַכען אָפן די היטלער־רעגירונג, אַז זי האָט גאָרנישט געטון כּדי אויפצו־קלערן דעם ענין מיט דער רײַכסטאַג־שׂרפה. ער פרעגט: „וואו געפינען זיך די איניציאַטאָרן פון דער דאָזיקער שׂרפה, וואָס אירע רעזו־טאַטן באַווייזן ווי זיכער די אונטערצינדער זענען געווען מיט זייערע צילן?" צי קאָן דערמיט געמיינט ווערן עפּעס אַנדערש ווי דאָס, אַז די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן האָבן אינסצעניזירט די שׂריפה, כּדי צו געווינען איין מאַכט־פּאָזיציע נאָך דער אַנדערער?

נאָך דעם דאָזיקן אַרטיקל איז דער „רינג" פאַרווערט געוואָרן.

דר. בעל זאגט־אויס פון חדר. אינם קאַפּיטל וועגן די ברוינע מאָרדן ווערט די דערמאָרדונג פונם דר. בעל גענוי געשילדערט. דאָ ווילן מיר נאָר באַהאַנדלען בעלס ראָל בײַ דער רײַכסטאַג־שׂרפה. מיר לאָזן אָן אַ זײַט די יעניקע באַריכטן, וועלכע זאָגן, אַז דעם 27־טן פעברואַר 1933, אַ שעה פאַר דער רײַכסטאַג־שׂרפה, האָט שוין דר. בעל אינפאָרמירט עטלעכע ענגלישע און אַמעריקאַנישע זשורנאַ־ליסטן, אַז דער רײַכסטאַג ברענט. די דאָזיקע ידיעה איז בכיוון פאַרשפּרייט געוואָרן דורך דער היטלער־רעגירונג,

וועלכע האָט זיך אויף אַזאַ אופן געוואָלט שאַפן אַ באַקוועמע געלעגנהייט צו לייקענען און דערמיט אויך צו דיסקרעדיטירן דאָס, װאָס בעל האָט באמת געזאָגט.

דר. בעל האָט געקענט וואָן דער ליבען זייער גוט, ער איז אויך געווען גלענצנד אינפאָרמירט וועגן די באַציאונגען, וואָס ליבע האָט אָנגעקניפּט מיט די היטלעריסטישע קרייזן אין בערלין און מינכען. הגם דר. בעל איז זינט אַ יאָר צייט געשטאַנען אין אָן אָפּאָזיציע צו דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי־לייטונג, האָט ער פונדעסטוועגן געהאַט גרויסע פאַרבינדונגען אין דער פּאַרטיי. דורך זיי איז ער געווען גענוי אינפאָרמירט וועגן אַלעם, וואָס האָט פּאַסירט אין שייכות מיט דער רייכסטאַג־שרפה. דעם 3־טן אָדער 4־טן מערץ האָט דר. בעל זײַן נאַציאָנאַל־קלוב אויף פרידריך־עבערט־שטראַסע פאַראַטן ויינע אינפאָרמאַציעס איינעם אַ פּאָליטיקער פון דער פּאָלקס־פּאַרטיי. דער דאָזיקער פּאָליטיקער האָט בריוולעך איבערגעגעבן זיינע פריינט וועגן די אינפאָרמאַציעס, וואָס בעל האָט אים געהאַט איבערגעגעבן. איינער פון די דאָזיקע בריוו איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון ראַליגצעס, שעף פון דער געהיים־פּאָליציי.

פאַרן דאָזיקן בריוו האָט דר. בעל באַצאָלט מיטן לעבן. דעם 3 אַפּריל איז ער דערמאָרדעט געוואָרן אינם עסטרייכישן שטעטל קופשטיין דורך שטורמיסטן, וועלכע זענען געקומען פון מינכען.

## האַנוסענס דערמאָרדונג.

די געשיכטע פון האַנוסענס דערמאָרדונג ווערט אויך אויספירלעך געשילדערט אין אַן אַנדער קאַפּיטל. דאָ וועלן מיר רעדן וועגן האַנוסענען נאָר אין שייכות מיט דער רייכסטאַג־אונטערצינדונג. דער העלזעער

ערייך האַנוסען האָט אַ טאָג פאַר דער רייכסטאַג־שרפה איינ־געאָרדנט אַ חנוכת־הבית פון זיין נייער בערלינער וואוינונג, וועלכער ער האָט אַ נאָמען געגעבן „פּאַלאַץ פון אָקולטיזם". אין דער פייערלעכקייט האָבן זיך באַטייליקט אייניקע שטורמיסטן־אָנפירער, ווי גראַף העלדאָרף, און אויך אַ סך קינסטלער, שוישפּילער און זשורנאַליסטן. צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען אַ רעפּאָרטער פון דער צייטונג „בערלינער 12־אור בלאַט". האַנוסען האָט איינגעאָרדנט אַ העלזעערישן סעאַנס, בעת וועלכן ער האָט צוו. אַנד. דערקלערט: „איך זע ברע־נען אַ גרויס הויז".

אין די ערשטע מערץ־נומערן פון זיין וואָכנבלאַט „האַנוסענס בונטע וואָכענשאַו" האָט האַנוסען פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל וועגן דער פּאָליטישער לאַגע. אינם דאָזיקן אַר־טיקל האָט ער געשריבן, אַז ער האָט פריער געוואוסט וועגן דער רייכסטאַג־שרפה, ער האָט אָבער נישט געטאָרט עפנט־לעך רעדן וועגן דעם.

האַנוסענס בעסטער פריינט, דער אָנפירער פון די בער־לינער שטורמיסטן גראַף העלדאָרף, איז געווען איינער פון די אונטערצינדער. פון העלדאָרפן האָט האַנוסען באַקומען ידיעות וועגן דער שרפה, וועלכע האָבן אים מעגלעך געמאַכט דאָס „העלזעען". האַנוסען האָט געמוזט זייער פיל וויסן. וועגן דעם זאָגט עדות די פאָלגנדע דערקלערונג, וועלכע ס'האָט אָפּגעגעבן אונטער אַ שבועה דער געוועזענער שעף־רעדאַקטאָר פון „בערלינער 12-אור-בלאַט" דר. פראַנץ הע־פערינג.

„דער אונטערגעשריבענער דר. פראַנץ העפערינג דער־קלערט דערמיט אונטער אַ שבועה: אַלס שעף-רעדאַקטאָר פון „בערלינער 12־אור־בלאַט" און „מאָנטאַג מאָרגען" איז מיר

אויסגעקומען זיך צו טרעפן אין דער צייט צווישן 1־טן פעברואַר און 4־טן מערץ מיט עריק האַנוסען אַלס אַרויסגעבער פון זיין נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער העלזעער־צייטונג, וועלכע איז געזעצט און געדרוקט געוואָרן אין דער זעלבער דרוקעריי, וואָס מיינע צייטונגען. פערזענלעך האָב איך זיך מיט האַנוסענען נישט באַקענט, איך האָב מיט אים אָבער איינמאָל גערעדט טעלעפאָניש. ער האָט געוואָלט רעדן מיטן פאַרוואַלטער פון דער דרוקעריי, וועלכער איז אָבער נישט געווען. דאָס איז געווען דעם 27־טן פעברואַר, אין דער נאַכט פון דער רייכסטאַג־שרפה. אין דער רעדאַקציע זענען ערשט אָנגעקומען די ערשטע ידיעות וועגן דער שרפה, ווען האַנוסען האָט אָנגעקלונגען. ער האָט געוואָלט פון מיר וויסן, ווי האַלט עס מיטן פייער און צי מ'האָט געכאַפּט די אונטערצינדער. כ'האָב אים געענטפערט, אַז ס'איז פאַראַן אַ נישט־קאָנטראָלירטע ידיעה וועגן אַ קאָמוניסטישער גרופּע, וועלכע זאָל האָבן אונטערגעצונדן דעם רייכסטאַג מיט פאַקעלן. גלייכצייטיק האָב איך אָנגעוויזן, אַז די דאָזיקע ידיעה איז זייער נישט וואַרשיינלעך. איך האָב אויסדריקלעך געזאָגט, אַז ביי דער געגעבענער פּאָליטישער לאַגע קאָן מען נישט חושד זיין די קאָמוניסטן אין באַגיין אַזאַ זעלבסטמערדערישע משוגעת. דערויף האָט מיר האַנוסען געענטפערט מיט אַן אויפגערעגטער שטים, אַז ער האָט פּונקט אַ פאַרקערטע מיינונג, אַז ער ווייס, אַז דאָס איז אַ קאָמוניסטישע פאַרשווערונג און אַז איך וועל שוין זען די פאָלגן דערפון. דער געשפרעך איז פאָרגעקומען צווישן האַלב צען און דריי פערטל צען. איך האָב דערציילט וועגן דעם דאָזיקן געשפרעך מיינע מיטאַרבעטער, וועלכע האָבן געוואוסט וועגן האַנוסענס ענגע באַציאונגען מיטן גראַף העלדאָרף, ווייל דער לעצטער פלעגט

אָפּט טעלעפאָנירן אין דער דרוקעריי. האַנוסען איז אין אַל־געמיין אָנגעגאַנגען אַלס זייער גוט אינפאָרמירטער וועגן די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּלענער.

(אונטערגעשריבן) דר. פראַנץ העלערינג."

אין דער צייט, ווען די צייטונגס־רעדאַקציעס האָבן ערשט געהאַט באַקומען די ערשטע אומקלאָרע אינפאָרמאַציעס וועגן דער רייכסטאַג־שרפה, האָט האַנוסען שוין געוואוסט צו דערציילן, אַז דעם רייכסטאַג האָבן אונטערגעצונדן די קאָמו־ניסטן און אַז דאָס וועט האָבן שווערע פאָלגן. די דאָזיקע דערקלערונג האַנוסענס באַווייזט, אַז ער האָט באַקומען זיינע אינפאָרמאַציעס איז הויכע נאַצי־קרייזן.

דער ייד האַנוסען האָט אָבער לאַנג נישט גענאָסן פון היטלערס הערשאַפט, וועלכע ער האָט מיט אַזאַ בענקשאַפט אויסגעקוקט. דעם 7־טן אַפּריל 1933 איז זיין טויטער קערפּער געפונען געוואָרן אין אַ קליין וועלדל נעבן דעם שאָסיי פון באַרוט קיין נייהאָף. ער איז געשטאָרבן פון די הענט פון די נאַציס.

## די דערמאָרדונג פון דר. אָבערפאָרען. נאָך בעלן

– האַנוסען, נאָך האַנוסענען – דר. אָבערפאָרען. פון די דאָזיקע דריי, וועלכע האָבן געננוי געוואוסט דעם סוד פון דער רייכסטאַג־שרפה, איז דר. אָבערפאָרען געווען דער גע־פערלעכסטער. בעלן האָט מען געקאָנט אָפּפּטרן אַלס פּאָלי־טישן אַוואַנטוריסט, האַנוסענען אַלס שאַרלאַטאַן. דר. אָבער־פאָרען איז אָבער געווען אַן איינפלוסרייכער פּאָליטיקער, לידער פון דער דייטש־נאַציאָנאַלער רייכסטאַג־פראַקציע. נאָך אין פעברואַר 1933 האָט ער דערקלערט אויף אַ וואַל־פאַר־זאַמלונג, אַז די היטלער־רעגירונג וועט בלייבן אין איר דאַ־

מאַלטדיקן צוזאַמענשטעל, נישט קוקנדיק אויף די וואַל-רעזול־טאַטן. נאָך דער רייכסטאַג-אונטערצינדונג האָט ער זיך אָבער איבערצייגט, אַז די נאַציס האָבן גאָרנישט בדעה צו האַלטן זייער צוזאָג. ער האָט אויפגעהויבן אַ קאַמף קעגן זיי. די לעצטע טייל פון זיין שריפט שילדערט די געשעענישן נאָך דער רייכסטאַג-שרפה.

„הגם די דייטש-נאַציאָנאַלע, — שרייבט דר. אָבערפאָרען,— זענען מסכים מיט די שאַרפסטע מיטלען קעגן די קאָמוניסטן, קענען זיי פונדעסטוועגן נישט איינשטימען מיט דער אונ־טערצינדונג פונם רייכסטאַג דורך זייערע פאַרבינדעטע. דינס־טאָג אויף דער קאַבינעט-זיצונג האָט מען וואָס אַן אמת באַשטימט אָנצונעמען די שאַרפסטע מיטלען קעגן די קאָמוניסטן און טיילווייז אויך קעגן די סאָציאַל-דעמאָקראַטן. ס'איז אָבער געווען אויסער יעדן צווייפל, אַז די אונטערצינדונג וועט אַרונטעררייסן דעם אָנזען פון נאַציאָנאַלן פראָנט אין אויס־לאַנד. אויף דער דאָזיקער זיצונג האָט מען נישט געקאַרגט די שאַרפסטע אויסדרוקן. די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישע מיניס־טאָרן איז נישט געלונגען דורכצוזעצן דאָס פאַרווערן די קאָמ. פאַרטיי. די דייטש-נאַציאָנאַלע האָבן זיך געגויטיקט אין די קאָמוניסטישע דעפּוטאַטן, כדי די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטן זאָלן נישט קענען באַקומען די אַבסאָלוטע מערהייט אין פּאַר־לאַמענט. די קאַבינעט-זיצונג האָט שטרענג פאַרווערט געבן צו פאַרעפנטלעכן זיינע געפעלשטע מאַטעריאַלן פון קאַרל ליבקנעכט-הויז. ס'איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז דאָס פאַרעפנט־לעכן די דאָזיקע אומגעלומפּערטע פעלשונגען איז מסוגל נאָך מער צו פאַרערגערן די לאַגע פון דער רעגירונג. באַזונדערס אומבאַקוועם איז געווען פאַר דער רעגירונג דאָס, וואָס דער קאָמוניסטישער דעפּוטאַט טאָרגלער, דער פאָרזיצער פון דער

קאָם. רייכסטאָג-פּראָקציע, האָט זיך דינסטאָג אינדערפרי אַליין געמאָלדן אין דער פּאָליציי. ווען ער אַנטלויפט, וואָלט גע־ווען אַ סך ווינטשנסווערטער. דער פאַקט אָבער, אַז ער, וועלכער איז באַשולדיקט געוואָרן אין אַזאַ פאַרברעכן, האָט זיך אַליין צוגעשטעלט אין דער פּאָליציי נאָך די אַרעסטן פון טויזנטער קאָמוניסטישע טוער און ביי אַ דראָענדיקן שטאַנד-געריכט — איז געווען העכסט אומאַנגענעם פאַר דער רעגירונג. מ׳האָט באַאויפטראַגט געריגגן אָפּצולייקענען, אַז טאָרגלער האָט זיך פריייוויליק געמאָלדן. די שטעלונג פון דער וועלט-פּרעסע איז אָבער געווען אַזוי אומדערוואַרט איינ־שטימיק אין צושרייבן די אונטערצינדונג די פירנדיקע רע־גירונגס-מיטגלידער, אַז דער אָנזען פון דער רעגירונג איז שטאַרק אַרונטערגעריסן געוואָרן.

„פון איין זייט זענען געריגג און געבעלס געחען זיי־ער צופרידן, וואָס די קאָמוניסטישע און סאָציאַל-דעמאָקראַ־טיש וואָל-פּראָפּאַגאַנדע איז פּאַראַליזירט געוואָרן. זיי האָבן געוואוסט, אַז די ברייטע מאַסן קליינבירגער, אָנגעשטעלטע און פויערן וועלן גלויבן אין דער מעשה וועגן דער רייכס־טאַג-אונטערצינדונג און וועלן אָוועקגעבן זייערע שטימען די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטן אַלס קעמפער קעגן באָלשעוויזם. פון דער צווייטער זייט זענען זיי אָבער געווען שטאַרק אומצו־פרידן מיט דער שטעלונג פון די דייטש-נאַציאָנאַלע מיניס־טאָרן. אויך דאָס מאָל האָט מען זיי נישט דערלויבט צו פאַרווערן די קאָמ. פּאַרטיי. מיט פאַרביטערונג האָבן זיי געטראַכט מיט זייערע גרענעצלאָזע פּרעטענסיעס וועגן דער אייזערנער קלעם פון די דייטש-נאַציאָנאַלע, שטאַלהעלם און רייכסווער ס׳איז פאַר זיי געווען קלאָר, אַז זיי כוזן זיך

וואָס שנעלער אַרויסבאַקומען פֿון דער דאָזיקער קלעם. זיי האָבן באַטראַכט אַלערליי פּלענער.

„ענדלעך האָבן זיי זיך אַנטשלאָסן צו אַ מלוכה-איבער־קערעניש אין דער נאַכט פֿון 5־טן אויפֿן 6־טן מערץ. מ׳האָט געפּלאַנט צו באַזעצן דעם רעגירונגס־קוואַרטאַל און פּאַרלאַנ־גען פֿון הינדענבורגן אַ רעגירונגס־ענדערונג. הינדענבורג האָט געזאָלט באַשטימען היטלערן אַלס פֿאַרטרעטער פֿון מלוכה־פּרעזידענט און גערינג האָט געזאָלט ווערן קאַנצלער. ס׳איז אויך געווען אַ פֿאָרשלאַג צו פֿאַרבינדן די דאָזיקע אַקציע מיט אַ גרויסן פּראָפּאַגאַנדע־צוג פֿון די שטורם־אָפּטיילונגען איבער די בערלינער גאַסן און אַ דעמאָנסטראַציע לכּבוד היט־לערן. דער דאָזיקער פּאַראַד האָט געזאָלט פֿאָרקומען פֿריי־טיק דעם 3־טן מערץ. ס׳זענען שוין געמאַכט געוואָרן אַלע צוגרייטונגען. אין דער לעצטער רגע האָבן זיך אָבער די דייטש־נאַציאָנאַלע מיניסטאָרן דערוואוסט וועגן היט־לערס פּלענער און האָבן געצוואונגען היטלערן זיך אָפּצו־זאָגן פֿון דעם מאַרש איבערן רעגירונגס־קוואַרטאַל. די פֿאַר־זאַמלטע טויזנטער שטורמיסטן האָט מען פּלוצלינג געמאָלדן, אַז דער צוג וועט גיין מיט אַנדערע גאַסן. גלייכצייטיק האָבן זיך אָבער די דייטש־נאַציאָנאַלע מתחייב געווען, אַז אויך זיי וועל̇ן אָפּרופֿן דעם באַשטימטן צוג פֿונם שטאַלהעלם.

„די לאַגע פֿון די דייטש־נאַציאָנאַלע מיניסטאָרן איז געווען אויסערסט שווער. די וואַל־רעזולטאַטן אין ליפּע־דעטמאָלד האָבן געוויזן, ווי גרויס איז די געפֿאַר, אַז דייטש־נאַציאָנאַלע וויילער זאָלן איבערגיין מיט האַק און פּאַק צו די נאַציס. די דייטש־נאַציאָנאַלע פּראָפּאַגאַנדע האָט זיך נישט געקאָנט פֿאַרגלייכן מיט דער אומגעצוימטער פּראָ־פּאַגאַנדע פֿון די נאַציס. דער הערן־קלוב די שטאַלהעלם־

גרופן, די דייטש-נאַציאָנאַלע פירער האָבן זיך נסדר בּאַראָטן. נאָך דעם ווי ס'איז געלונגען אָפּצוּווענדן די געפאַר פון דעם געפּלאַנטן בּאַזעצן דעם רעגירונגס-קוואַרטאַל, האָט מען זיך איצט געמוזט גרייטן אָפּצוּווענדן די געפאַר פון דער נאַכט פון 5-טן אויפן 6-טן מערץ. ס'איז געווען קלאָר, אַז די מאַסן שטייען מער נישט הינטער דעם אַלטן פעלדמאַרשאַל הינדענבּורג, נאָר פאָלגן-נאָך זייער אָפּגאָט אַדאָלף היטלער. אָנצוּווענדן קעגן די דאָזיקע מאַסן און קעגן דער מאַסן-שטימונג בּלויז געווער, וואָלט געווען אַן אומזיסטע טרחה. מ'האָט אַלזאָ געמוזט האַנדלען פונקט אַזוי ריקזיכטלאָז, ווי גערינג און געבּעלס בּיי דער רייכסטאַג-אונטערצינדונג. ס'איז אויסגעאַרבּעט געוואָרן פאָלגנדיקער פּלאַן: ס'ווערט פאַרעפנטלעכט אַן אָפיציעלער קאָמוניקאַט וועגן די בּיזאיציקע רעזולטאַטן פון דער אויספאָרשונג וועגן דער אונטערצינדונג. דער דאָזיקער קאָמוניקאַט וועט אַזוי רעדאַגירט ווערן, אַז אין נויטיקן פאַל וואָלט מען זיך צו יעדער מינוט געקאָנט פאַררופן אויף אים, אַז מ'איז שוין דאַמאָלס געווען אויף די שפורן פון די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישע אונטערצינדער. דעם קאָמוניקאַט וואָלט מען געקאָנט אויסנוצן אַלס אַ דרוק-מיטל לגבי די נאַצי-מיניסטאָרן, אויב זיי וואָלטן בּאמת געוואָלט אַדורכפירן זייער פּלאַן און בּאַזעצן דעם רעגירונגס-קוואַרטאַל. אויף אַזאַ אופן וואָלט מען אַריינגעפירט אַ צומישונג צווישן די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישע מאַסן און מ'וואָלט זיי געקאָנט געווינען אויף הינדענבּורגס זייט. מ'האָט צוגעגרייט אַן אַנטשפּרעכנדיקן אויפרוף צום נאַציאָנאַלן דייטשלאַנד, וואו הינדענבּורג וואָלט אַנטפּלעקט די פּלענער פון די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטן צו פאַרכאַפּן מיט כּוח די מאַכט, בּאַשולדיקט גערינגן, היטלערן און געבּעלסן אין דער

רייכסטאַג-אונטערצינדונג און אויפגעפאָדערט די מיליאָנען נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטן זיך צו שטעלן אין געשלאָסענע רייען אונטער זיין פירונג, כּדי צו ראַטעווען דעם נאַציאָנאַלן פראָנט קעגן דעם מאַרקסיזם. אַזוי אַרום האָט מען געהאָפט צוצו־גרייטן די נאַציאָנאַלע מאַסן צו אַ מיליטערישער דיקטאַטור פון הינדענבורגן. הינדענבורג גופא האָט געוואָלט פאַרברענגען די נאַכט פון 5–6-טן מערץ אויסער בערלין אונטער דער שוץ פון דער רייכסווער.״

מערדער און אונטערצינדער. אינם קאַבינעט פונם ברעס־לויער פּאָליציי-פּרעזידענט שטייט אַ גרויסע פאָטאָגראַפיע אין אַ רעמל, אויף וועלכער מ׳זעט פינף יינגע מענטשן. די ראָ־ויקע פינף יינגעלייט האָבן אין 1932 יאָר, אינם שלעזישן דאָרף פּאָטעמפּאַ דערמאָרדעט אַ פּוילישן אַרבעטער מיט אַן אומדערהערטער בעסטיאַליטעט. דאָס געריכט האָט פאַרמשפּט די מערדער צום טויט, אָבער קאַנצלער פּאַפּען האָט זיי באַ־גנעדיקט און קאַנצלער היטלער האָט זיי באַפרייט. זייער בילד שטייט אויפן שרייבטיש פונם ברעסלויער פּאָליציי-פּרע־זידענט.

זיי פאַרשטייען זיך אויסגעצייכנט איינער דעם אַנדערן, די מערדער פון פּאָטעמפּאַ און דער פּאָליציי-פּרעזידענט עדמונד היינעס. אויך ער איז צוליב אַ מאָרד פאַרמשפּט גע־וואָרן צום טויט, אויך ער איז באַגנעדיקט געוואָרן, אויך ער איז נישט לאַנג געזעסן אין תּפיסה. דר. אָבערפאָרען ווייזט אָן אין זיין שריפט, אַז דער דאָזיקער היינעס איז געווען דער אָנפירער פון דער גרופּע, וועלכע האָט אונטערגעצונדן דעם רייכסטאַג. דר. אָבערפאָרען שרייבט:

„די שטורמיסטן, וועמען געריגנ האָט געשיקט, זענען

דורכגעגאַנגען אונטער דער אָנפירונג פונם שטורם-אַפּטיילונגס-אָנפירער און דעפוטאַט הייִנעס, דורך דעם אונטערערדישן דורכגאַנג, וועלכער פירט פון גערינגס פּאַלאַץ אינם רייכסטאַג. יעדער איינער פון די אויסגעוויילטע שטורמיסטן האָט גע-האַט אַ געניי באַשטימט אָרט וואו אונטערצולייגן דאָס פייער. מיט אַ טאָג פריער האָט מען געמאַכט אַ גענעראַל-פּראָבע. ווען דער ליבע איז געגאַנגען דער פינפטער אָדער זעקסטער. ווען מ'האָט געגעבן צוויסן פון רייכסטאַג, אַז אַלץ איז אין אָרדנונג, האָבן זיך די אונטערצינדער גענומען צו דער אַרבעט. דאָס אונטערלייגן דאָס פייער האָט געדויערט אַ פּאָר מינוט. אויפן זעלבן וועג, מיט וועלכן זיי זענען געקומען, זענען זיי אַוועק נאָכן אָפּטון דאָס שטיקל אַרבעט. ווען דער ליבע איז אַליין געבליבן אין דעם ברענענדיקן רייכסטאַג."

דר. אָבערפאָרענס באַהויפּטונג, אַז הייִנעס האָט אָנגעפירט מיט דער גרופּע אונטערצינדער, ווערט אויך באַשטעטיקט דורך אַנדערע, צווישן זיי דורכן דר. בעל. הייִנעס איז גע-ווען ווי געבוירן פאַרן דאָזיקן „שטיקל אַרבעט". ער מאָר-דעט ווען מ'הייסט אים, ער שיסט ווען מ'הייסט אים, ער צינדט אונטער ווען מ'הייסט אים.

**דער באַווייז קעגן די נאַציס.** אפילו ווען גערינגס מענטשן וואָלטן צוגעגרייט זייער פּראָוואָקאַציע זאָרגפעלטי-קער און זיך נישט פאַרפּלאָנטערט אין דער נעץ פון ווידער-שפּרוכן, וואָלט אויך געבליבן איין פעסטער באַווייז וועגן זייער שולד אין דער אונטערצינדונג.

די „פאָסישע צייטונג" פון 1-טן מערץ 1936 טיילט מיט פון די רעגירונגס-קרייזן:

„ס'ווערט מיטגעטיילט, אַז ס'איז פאַראַן אַ זיכערער

באַוויז, דאָס דער פּאָרזיצער פון דער קאָם. פּראַקציע דע־
פּוטאַט טאָרגלער האָט פאַרבראַכט אַ פּאָר שעה אין דער
רייכסטאַג־געביידע צוזאַמען מיט דעם אונטערצינדער און
אַז ער איז אויך געווען צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע באַ־
טייליקטע אין דער אונטערצינדונג. ס'ווערט אויך צוגעגעבן,
אַז די אַנדערע אונטערצינדער האָבן זיך אַרויסבאַקומען פון
דער געביידע דורכן אונטערערדישן קאָרידאָר, וואָס פאַר־
בינדט די רייכסטאַג־געביידע מיט דעם פּאַלאַץ פון רייכסטאַג־
פּאָרזיצער."

פון דער רייכסטאַג־געביידע ביזן הויז פון רייכסטאַג־
פּרעזידענט פירט אַן אונטערערדישער דורכגאַנג. בעת דער
רייכסטאַג־שרפה האָט אינם דאָזיקן הויז געוואוינט הערמאַן
גערינג. ער האָט געוואוינט אין דעם הויז, דורכן וועלכן לויט
זיינע אייגענע אינפאָרמאַציעס, זענען אַנטלאָפן די אונטער־
צינדער.

הערמאַן גערינג איז נישט נאָר פּרייסישער פּרעמיער־
מיניסטער, פּאָליציי־מיניסטער און פּאָרזיצער פון רייכסטאַג.
הערמאַן גערינג איז גלייכצייטיק איינער פון די הויפּט־אָנפי־
רער פון די שטורמיסטן. הערמאַן גערינג האָט צו זיין דיס־
פּאָזיציע אַ באַזונדערע שטורם־אָפּטיילונג. זיין הויז ווערט
שטענדיק באַוואַכט דורך אַ שטורמיסטן־וואַך, וועלכע באַ־
שטייט פון מינדעסטנס 30 מאַן.

די אָפיציעלע „פּרייסישע פּרעסע־דינסט" האָט געמאָלדן,
אַז כדי אַריינצוברענגען דאָס ברען־מאַטעריאַל אין רייכסטאַג
האָט מען באַדאַרפט צו האָבן מינדעסטנס זיבן מאַן און פאַר
דער אונטערצינדונג זענען נויטיק געווען צען מאַן. ס'איז
זיכער, אַז דער רייכסטאַג איז אונטערגעצונדן געוואָרן אויף
אַ סך פאַרשידענע ערטער. אַנדערש וואָלט מען נישט גע־

קאָנט דערקלערן די שנעלקייט, מיט וועלכער דאָס פייער האָט זיך פאַרשפרייט אין דער ריזיקער געביידע. כדי אונ־טערצוליייגן פייער אויף אַ סך ערטער האָט מען באַדאַרפט צו האָבן אַ סך ברען־מאַטעריאַל, וואָס האָט געוואויגן אַ פּאָר צענטנער. דער פייערלעשער־קאָמענדאַנט געמפּ האָט אין זיין פּאַכמענישן באַריכט דערקלערט, אַז נאָך דער שׂרפה האָט ער נאָך געפונען גרויסע מענגעס נישט־פאַרנוצטן ברען־מאַטער־יאַל און אַז כדי אים צו ברענגען האָט מען געדאַרפט האָבן אַ לאַסט אויטאָ.

## ווי אַזוי האָט מען געבראַכט דאָס ברען־מאַטע־ריאַל?

אין אָנהויב פון דעם קאַפּיטל האָבן מיר געשיל־דערט די שוועריקייטן, מיט וועלכע ס'איז פאַרבונדן דאָס אַריינקומען אינעם רייכסטאַג. באַזוכער קענען אַריינגיין אינעם רייכסטאַג נאָר דורך דער טיר 5. זיי מוזן אַדורכגיין דורך אַ גאַנצע רייע באַאַמטע. קען מען זיך פאָרשטעלן, אַז אין די אויגן פון די רייכסטאַג־באַאַמטע זאָלן זיבן ביז צען מאַן אַריינברענגען אינעם רייכסטאַג צענטנערס ברען־מאַטעריאַלן און קיין איינעם פון די באַאַמטע זאָל דאָס נישט ווערן אויפפאַלנדיק? יעדער איינער מוז מודה זיין, אַז קיין איין אונטערצינדער וואָלט נישט געוואָגט אַריינצוברענגען דאָס ברען־מאַטעריאַל דורך דער טיר 5. דאָס זעלבע קען מען אויך זאָגן וועגן דער טיר 2, דורך וועלכער ס'קומען אַריין נאָר דעפּוטאַטן און וואו עס זיצן אויך באַאַמטע. אויך דורך דער דאָזיקער טיר איז לחלוטין אוממעגלעך געווען אַריינ־צוברענגען דאָס ברען־מאַטעריאַל.

די אונטערצינדער האָבן אַלזאָ געמוזט אויסקלייבן אַן אַנדערן וועג, אַ געהיימען וועג, וועלכער וואָלט זיי

דערלויבט אריינצוברענגען דאָס ברען-מאַטעריאַל אומבאַמערקט פאַר די אַמטירנדיקע באַאַמטע. ס'איז פאַראַן נאָר איין איינציקער געהיימער וועג אינם רייכסטאַג. דאָס איז דער אונטערערדישער דורכגאַנג, וועלכער פאַרבינדט דאָס הויז פונם רייכסטאַג-פּאָרזיצער מיט דער רייכסטאַג-געביידע. דער דאָזיקער אונטערערדישער דורכגאַנג איז געווען דער סטראַטעגישער מאַרשרוט פון דער אונטערצינדער-גרופּע.

ווער עס וויל זיך באַנוצן מיט דעם אונטערערדישן דורכגאַנג, מוז אָבער פריער דורכגיין דורך גערינגס הויז. ער מוז אַלזאָ פאַרבייגיין פאַר דער שטורמיסטן-וואַך, וועלכע היט שטענדיק גערינגס הויז.

קען מען זיך דען פאָרשטעלן, אַז קאָמוניסטן זאָלן דורכגיין דורך גערינגס הויז און נישט אָפּגעשטעלט און אַרעסטירט ווערן דורך דער שטורמיסטן-וואַך פון 30 מאַן? קען מען זיך דען פאָרשטעלן, אַז קאָמוניסטן זאָלן איבערטראָגן דורך גערינגס הויז צענטנערווייז ברען-מאַטעריאַלן און די שטורמיסטן-וואַך זאָל זיי נישט אָפּשטעלן און אַרעסטירן? קען מען זיך דען פאָרשטעלן, אַז קאָמוניסטן זענען אַנטלאָפן דורך גערינגס הויז?

דאָס איז אינגאַנצן אויסגעשלאָסן. יעדער קאָמוניסט, וועלכער וואָלט געפּרוּווט אין די פעברואַר-טעג אַריינצוגיין אין גערינגס הויז, וואָלט אָן שום ספק אַרעסטירט געוואָרן. פאַר די קאָמוניסטן איז עס געווען אַן אוממעגלעכע זאַך זיך אַריינצובאַקומען אינם רייכסטאַג דורך גערינגס הויז און דורכן אונטערערדישן דורכגאַנג. פאַר וועמען איז עס אָבער יאָ געווען מעגלעך?

נאָר אָנפירנדיקע נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטן האָבן געקאָנט אַריינגיין אין גערינגס הויז, נישט ציענדיק קיין אויפמערק-

זאַמקייט און נישט וועקנדיק דעם מינדעסטן חשד. אינם דאָזיקן הויז זענען פאָרגעקומען אָפטע פאַרזאַמלונגען צווישן גערינגען אין די פירנדיקע נאַצי־פונקציאָנאַרן. קיינעם פון די שטורמיסטן וואָלט נישט געקאָנט איינפאַלן אָפצושטעלן מענטשן, וועלכע פאַרנעמען אין זיין פּאַרטיי הויכע שטעלונגען און וועלכע קומען אָפט אַריין אין גערינגס הויז. פאַר זיי איז נישט געווען קיין שום געפאַר. זיי האָבן געקאָנט פראַנק און פריי אַריין און אַרויסגיין. דאָס באַציט זיך קודם כל צו די העכערע שטורמיסטן־אָנפירער. זיי האָבן געקאָנט אָן יעטווערער שוועריקייט אין קליינע מענגעס אומבאַמערקט אַריינברענגען אין גערינגס הויז דאָס נייטיקע ברען־מאַטעריאַל. פאַר דער וואָך איז זיכער נישט אויסגעקומען פאַרדעכטיק, ווען מ'האָט געבראַכט און אַריינגעלייגט אין קעלער קאַסטנס מיט „דאָקומענטן" אָדער מיט „געווער". (דאַמאָלס זענען געווער־טראַנספּאָרטן געווען אויף דער טאָג־אָרדנונג אינם נאַצי־לאַגער).

גערינגס הויז איז געווען די שליסל־פּאָזיציע פאַרן שטורעם אויפן רייכסטאַג. ווער ס'האָט געהאַט צו זיין דיספּאָזיציע גערינגס הויז, האָט געקאָנט אונטערנעמען קעגן דעם רייכסטאַג אַלץ, וואָס ער האָט נאָר געוואָלט. גערינגס הויז איז געווען דער אויסגאַנגס־פּונקט, פון וועלכן די אונטערצינדער־גרופּע איז געגאַנגען צום שטורעם. גערינגס הויז איז געווען דער לאַגער פאַר אירע ברען־מאַטעריאַלן. גערינגס הויז איז געווען דער זיכערער פאָרט, וואו זיי האָבן זיך באַהאַלטן נאָכן פאַרברעכן.

די אונטערצינדער־גרופּע. מיר האָבן געזאָגט, אַז נאָר פאַר שטורמיסטן־אָנפירער איז געווען מעגלעך אַריינצו־

גיין אין גערינגס הויז, נישט וועקנדיק קיין חשד. אויך אָבערפאָרען רעדט אין זיין שריפט וועגן אויסגעקליבענע שטורמיסטן-אָנפירער. ס׳איז קלאָר, אַז די נאַצי-פירער, וועלכע האָבן אויסגעאַרבעט און דורכגעפירט דעם פּלאַן פון דער רייכסטאָג-אונטערצינדונג, זענען געווען פּאַראינטערעסירט צו באַשטימען צו זיין אויספירונג די זיכערסטע און נאָנטסטע מענטשן. גערינג און געבעלס האָבן דאָך נישט געקאָנט זיך איבערגעבן אין די הענט פון אַן ערשטן-בעסטן שטורמיסט. געבעלס און גערינג האָבן נישט געקאָנט ריזיקירן, אַז אַן אומצופרידענער שטורמיסט זאָל קענען פאַראַטן די אמתע אונטערצינדער. זיי האָבן געמוזט אויסזוכן זייערע מיטהעלפער צווישן די העכסטע פונקציאָנאַרן. מ׳האָט געמוזט געפינען אַזעלכע מענטשן. וואָס פון איין זייט שרעקן זיי זיך נישט אָפּ פאַר קיין שום פאַרברעכן און פון דער צווייטער זייט זענען זיי דורך די פיל געמיינזאַם-באַגאַנגענע פאַרברעכנס אַזוי ענג פאַרבונדן מיט דעם נאַציאָנאַל-סאָציאַליזם און זיין גורל, אַז ס׳איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן פאַר קיין פאַראַט. צווישן די נאַצי־אָנפירער פעלט נישט קיין מענטשן, וועלכע אָנטשפּרעכן ביידע פאָדערונגען. פון די דאָזיקע מענטשן איז צונויפגעשטעלט געוואָרן די אונטערצינדער-גרופּע. אָן איר שפּיץ איז געשטאַנען, ווי מיר ווייסן שוין פון אָבערפאָרענס שריפט, דער מערדער היינעס. זיינע געהילפן זענען געווען דער מערדער שולץ און דער אָנפירער פון די בערלינער שטורמיסטן גראַף העלדאָרף.

**די אונטערצינדונג.** די גרופּע האָט זיך פאַרזאַמלט אין גערינגס הויז. היינעס, שולץ, העלדאָרף און די איבעריקע זענען געווען באַקאַנטע שטורמיסטן-אָנפירער און האָבן

געקאָנט אומגעשטערט דורכגיין פאַרביי דער וואַך. וואָן דער ליבע איז וואַרשיינלעך געקומען צוזאַמען מיטן גראַף העל־דאָרף.

די ערשטע אויפגאַבע איז געווען איבערצוטראַנספּאָר־טירן דאָס ברען־מאַטעריאַל. דערצו האָבן זיך די אונטערציני־דער באַנוצט מיטן אונטערערדישן דורכגאַנג, וועלכער פירט פון גערינגס הויז אינם רייכסטאַג. וואַרשיינלעך האָבן זיי געמוזט דורכמאַכן דעם דאָזיקן וועג אַ סך מאָל. זיי האָבן אָנגעהויבן זייער אַרבעט אויף אַן אָפּגערעדטן סיגנאַל, אַז די לעצטע דעפּוטאַטן זענען אַרויס פונם רייכסטאַג. קיין געפאַר אַנטדעקט צו ווערן דורך די אַמטירנדע דינערשאַפט איז נישט געווען, ווייל דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער הויז־אינ־ספּעקטאָר האָט באַפרייט די באַאַמטע נאָך פאַר דער צייט. דאָס פאַנאַנדערלייגן דאָס ברען־מאַטעריאַל אויף פאַרשידענע ערטער, באַגיסן עס מיט נאַפט און בענזין, האָט געמוזט צו־נעמען מינדעסטנס צוואַנציק מינוט. דאַן האָט מען אונטער־געלייגט דאָס פייער.

די ערשטע באַריכטן פון דער פּאָליצײ און פון די פייערלעשער דערציילן וועגן זיבן ביז צען אונטערצינדער און וועגן אַ סך אונטערצינדונגס־פּונקטן. קיינער אין דייטש־לאַנד האָט נישט געגלויבט, אַז די אונטערצינדער האָבן זיך אַריינבאַקומען אינם רייכסטאַג אויף דעם געוויינלעכן וועג און אויפן געוויינלעכן וועג אַנטלאָפן. ס׳איז אַנטשטאַנען די פראַגע: ווי אַזוי זענען די אונטערצינדער אַנטלאָפן? יעדעס אומפאָרזיכטיקע וואָרט פון אַ פּאָליציאַנט, פון אַ פייערלע־שער, יעדע צייטונגס־ידיעה האָט געקאָנט ברענגען אַן אי־בערראַשונג. גערינג האָט זיך געפונען אין זייער אַ שווערער לאַגע. ער האָט זיך באַנוצט מיט אַן אַלטן טריק. איידער

עמיצער אַנדערש וואָל זאָגן, אַז די אונטערצינדער וועגען אַנטלאָפן דורכן אונטערערדישן דורכגאַנג, האָט גערינג ליי־בערשט עס געוואָלט אַליין זאָגן. דערמיט האָט ער געוואָלט אויסמיידן די געפאַר און פאַרשטעלן אַלס אַן אומשעדלעכע זאַך דאָס, וואָס איז געווען העכסט פּאַרדעכטיק. גערינג אַליין האָט אויסגעזאָגט, אַז די אונטערצינדער וועגען אַנט־לאָפן דורכן אונטערערדישן דורכגאַנג. ער האָט ביטער באַ־דויערט זיינע ווערטער. דער טריק האָט זיך נישט איינגע־געבן. קיינמאָל מער איז נישט דערמאָנט געוואָרן אין קיין שום רעדע, אין קיין שום אָפיציעלן באַריכט וועגן דעם אונטערערדישן דורכגאַנג. גערינגס ווערטער האָבן געזאָלט פאַרגעסן ווערן.

מיר האָבן זיי אָבער נישט פאַרגעסן. יאָ! די אונטער־צינדער זענען אַנטלאָפן דורך דעם אונטערערדישן דורכגאַנג, אָבער געטון האָבן זיי עס נאָר דערפאַר, ווייל זיי האָבן געוואוסט, אַז דער דורכגאַנג פירט אין גערינגס הויז. גע־רינגס הויז האָט געמיינט פאַר זיי: זיכערקייט. די אָפיציעלע „פּרייסישע פּרעסע־דינסט" פון 28־טן פעברואַר האָט געשריבן, אַז די אונטערצינדער וועגען געווען גענוי באַקאַנט מיטן אָרט. ווער איז געווען לייכטער זיך גענוי צו באַקענען מיטן רייכסטאַג און אויסצופּראָבירן דעם אונטערערדישן דורכ־גאַנג, ווי די פריינט פונם רייכסטאַג־פּאָרזיצער גערינג? ער איז געווען באַלעבאָס אין רייכסטאַג. ער האָט געקאָנט אינ־פאָרמירן זיינע פריינט וועגן יעדן פּרט. ער איז געווען באַ־לעבאָס אין פּאַלאַץ פון רייכסטאַג־פּאָרזיצער. ער האָט גע־קאָנט אויסבאַהאַלטן ביי זיך דאָס ברען־מאַטעריאַל. ער איז געווען פּרייסישער אינערן־מיניסטער. ער האָט געהאַלטן אין זיינע הענט די גאַנצע פּאָליציי־מאַכט אין פּרייסן. אין גע־

רינגס העגט זענען גבֿיזען פֿאַרזאַמלט אַלע מענלעכקייטן צו־צוגרייטן די רייכסטאַג־אונטערצינדונג.

## וואַן דער ליבע אין ברענענדיקן רייכסטאַג.

די „פּרייסישע פּרעסע־דינסט” האָט געוואָלט איינרעדן דעם עולם, אַז וואַן דער ליבע האָט נישט באַוויזן צו אַנטלויפֿן, ווייל ער איז נישט געווען גענוי באַקאַנט מיט דער געביידע. אַלע אַנדערע אונטערצינדער זענען — לויט די אינפֿאָרמאַציעס פֿון גערינגן און פֿון דער „פּרייסישער פּרעסע־דינסט” — יאָ געווען באַקאַנט מיט דער געביידע. ס׳וואָלט געווען לייכט פֿאַר זיי מיטצונעמען וואַן דער ליבען און אים צו „ראַטעווען”. אָבער וואַן דער ליבע האָט נישט געטאָרט „געראַטעוועט” ווערן. ער האָט געמוזט פֿאַרבלייבן אינם ברענענדיקן רייכסטאַג און מ׳האָט אים דאָרט איבערגעלאָזט, ווייל זיין פּערזאָן איז געווען דער באַווייז קעגן די קאָמוניסטן.

וואַן דער ליבע האָט געשפּילט זיין ראָל אַזוי גוט, ווי ער האָט נאָר געקאָנט. ער האָט זיך געלאָזט אַרעסטירן אינם ברענענדיקן רייכסטאַג. ער האָט אַראָפּגעוואָרפֿן ס׳העמד און דעם ראָק, כּדי פֿאַרצושטעלן „אַן אמתדיק בילד” פֿון אַ „קאָמוניסטישן” אונטערצינדער. ער האָט זיך מודה געווען אין אַלע אונטערצינדונגען, וועלכע מ׳האָט נאָר פֿאַרלאַנגט: אין נייקעלנער געזעלשאַפֿטלעכן שוץ, אין בערלינער ראָטהויז, אינם שלאָס. און ער וועט זיך אויך אויף ווייטער אין אַלעם מודה זיין, וואָס מ׳וועט נאָר פֿאַרלאַנגען פֿון אים. ער וועט אויסרעדן אויף טאָרגלערן אַלץ, וואָס זיינע נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע באַלעבאָטים וועלן אים הייסן. ער וועט אויסרעדן קעגן דימיטראָוון אַלץ, וואָס מ׳וויל נאָר. ער וועט באַשול־



הערמאַן גערינג



משוגעים־אַנשטאַלט אין לאַנגבראָ
וואו גערינג האָט זיך געפונען אין 1925

דיקן יעדן איינעם, וועמען זיינע נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישע פריינט ווילן פאַרניכטן. ער וועט רעדן לטובֿת די אַלע, וואָס מען די נאַציס ווילן שיצן.

**הערמאַן גערינג.** וואָן דער ליבעס אַלע דערקלערונגען האָבן אָבער נישט געקענט שטערן, דעם דורכפאַל פון זיין צווייטער אויפגאַבע: מיט זיין פערזאָן, מיט זיין פּריוואַליקן זיך מודה זיין, צו פאַרדעקן פאַר די אויגן פון דער וועלט די אמתע אונטערצינדער. דערצו איז דאָס פאַרשוין „וואָן דער ליבע" אַ צו קליינע פיגור, זיין ראָל איז צופיל דורכזיכטיק. די גאַנצע וועלט האָט דערזען דעם שווינדל; אַלע האָבן דערזען, אַז הינטער וואָן דער ליבען שטייט דער קאַפּיטאַן הערמאַן גערינג, איינער פון די הויפּט-אָנפירער פון די שטורם-אָפּטיילונגען, מיניסטער פון דייטשן רייך, פּרייסישער פּרעמיער און אינערן־מיניסטער, פּאָרזיצער פון דייטשן רייכסטאַג.

קאַפּיטאַן גערינג איז געבוירן געוואָרן דעם 12־טן יאַנואַר 1893 אין ראָזענהיים, אין בייערן. ער איז דערצויגן געוואָרן אין דער קאַדעטן-שול. גערינגס „ביאָגראַפן" דערציילן אַ סך וועגן זיינע העלדישע אויפטוען אַלס לופטליער בעת דער מלחמה. זיי פאַרגעסן צוצוגעבן, אַז זיינע העלדישע מעשים פלעגט גערינג אויספירן אונטערן איינפלוס פון מאָרפין. די מאָרפין־שפּריצע איז געווען זיין שטענדיקער באַגלייטער און איז עס געבליבן ביזן היינטיקן טאָג.

זיינע „ביאָגראַפן" גיבן איבער, אַז גערינג איז געווען אין יאָר 1925—6 אין שטאָקהאָלם און האָט דאָרט געאַרבעט אין אַן אַעראָפּלאַנען־פאַבריק. זיי פאַרגעסן צוצוגעבן, אַז לויט די אָפיציעלע באַריכטן פון דער שטאָקהאָלמער פּאָליצײ

האָט זיך הערמאַן געָרינג אין 1925 געפונען אין דער משוגעים־אַנשטאַלט לאַנגבראָ, ווייל די דאָקטוירים האָבן אים דער־קלערט פאַר חסור־דעה. שפּעטער האָט מען אים אַריבערגע־פירט אינם קאָנראַדסבערג־שפּיטאָל אין שטאָקהאָלם, אָבער זיין פאַרהאַלטן זיך איז געווען פון אַזאַ אַרט, אַז מ׳האָט אים צוריק געמוזט איבערטראַנספּאָרטירן קיין לאַנגבראָ און האַלטן דאָרט פאַרשפּאַרט. ער האָט זיך נישט געקאָנט געפינען אין פּריוואַטע סאַנאַטאָריעס, ווייל דאָס פּערסאָנאַל האָט זיך אָפּ־געזאָגט אים צו באַוואַכן. אין לאַנגבראָ האָט ער געהאַט אַזעלכע שווערע אָנפאַלן פון משוגעת, אַז מ׳האָט אים גע־מוזט האַלטן אין דער אָפּטיילונג פאַר שווער־קראַנקע.

אין אונזער באַזיץ געפינט זיך גערינגס רעגיסטראַציע־קאַר־טע, ווען ער איז אַריינגענומען געוואָרן אינם לאַנגבראָ משוגעים־הויז, אַלע זיינע הכחשות און אַלע זיינע אָנקלאַגעס קעגן די שוועדישע צייטונגען, וועלכע האָבן פאַרעפנטלעכט די דאָ־זיקע ידיעה, זענען דעריבער צוועקלאָז. מיר באַזיצן אַ דאָ־קומענטאַרישן באַווייז, אַז גערינג האָט זיך געפונען אין אַ משוגעים־הויז.

גערינגס „ביאָגראַפן״ שרייבן גערן וועגן זיין חתונה מיט פרוי קאַרין פאָן פאָק. פריער איז זי געווען פאַרהייראַטעט מיטן שוועדישן קאַפּיטאַן קאַנצאָוו. נאָכן גטן זיך האָבן זיך די געוועזענע מאַן־און־ווייב פראָצעסירט וועגן אפּוטרופּסות איבערן קינד טאָמאַס. בעת די געריכטס־פאַרהאַנדלונגען דעם 22־טן אַפּריל 1926 איז דעם געריכט פאָרגעשטעלט געוואָרן דאָס צייגניש פונם געריכט־דאָקטאָר קאַרל לונדבערג. די קאָפּיע פון דעם דאָזיקן צייגניש געפינט זיך אין אונזערע הענט. דאָס צייגניש לויטעט: „קאַפּיטאַן גערינג איז אַ שווע־רער מאָרפיניסט, און זיין פרוי קאַרין פאָק ליידט אויף עפּי־

לעפסיע. דעריבער דאַרף זייער היים באַטראַכט ווערן אַלס נישט פּאַסנד פאַר איר זון טאָמאַס.״ דאָס געריכט האָט באַ־שלאָסן, אַז גערינג קאָן נישט באַשטימט ווערן אַלס אַפּוטרופּוס פונם יינגל טאָמאַס. דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם האָט אָבער אָנפאַרטרויט דעם מאָרפיניסט גערינג די אַפּוטרופּסות איבער 60 מיליאָן דייטשן.

דעם 10־טן מערץ 1933 האָט גערינג געהאַלטן אַ רעדע אין עסען, אין וועלכער ער האָט צוו. אַנד. געזאָגט: „איך האָב נישט פאַרלוירן די הערשאַפט איבער מיינע נערוון.״ מיט די ווערטער האָט ער געהאָפט איינצושטילן די מיטטיי־לונגען פון דער אויסלענדישער פרעסע וועגן זיין נערוון־צושטאַנד. ער האָט זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז ס׳עקזיסטירן דאָקומענטאַרישע באַווייזן וועגן זיין נערוון־צושטאַנד, וועגן זיין משוגעת און וועגן זיין מאָרפיניזם. אינם „דריטן רייך״ איז דער וויכטיקסטער מענטש נאָך היטלערן אַ נאָטאָרישער מאָרפיניסט, וועלכן דאָס שוועדישע געריכט האָט אָפּגעזאָגט אין די פעאיקייטן צו זיין אַן אַפּוטרופּוס, אַ מענטש, וועל־כער איז געזעסן אין אַ משוגעים־הויז.

ס׳איז נישט קיין צופאַל, אַז דער דאָזיקער גערינג שפּילט אַ פירנדיקע ראָל אינם „דריטן רייך״. אין אים איז פאַרקערפּערט די גאַנצע ברוטאַלקייט פון אַלטן פּרייסישן אָפיצירנטום, וואָס האָט זינט 1918 בסדר געשטרעבט צו דער מאַכט. אין אים איז פאַרקערפּערט יענע אָפיצערישע קליקע, וועלכע האָט דערמאָרדעט ראָזע לוקסעמבורג און קאַרל ליב־קנעכט, וועלכע האָט פאַרגאָסן טייכן בלוט אין אונגאַרן, וועלכע האָט אויפגעשטעלט אין פינלאַנד ווייסע תליות, וועלכע האָט פאַרוואַנדלט גאַנץ דייטשלאַנד אין אַ ברוינעם גיהנום.

אין גערינגן איז פֿאַרקערפּערט דער זין פֿון דער נאַציאָנאַל סאָציאַליסטישער פּאָליטיק. דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם פֿאַרטרעט נישט די אינטערעסן פֿונם אַרבעטער, פֿונם אָנגעשטעלטן, פֿונם מיטלשטאַנד־מענטש. ער פֿאַרטרעט די אינטערעסן פֿונם הערשנדיקן קלאַס, די אינטערעסן פֿון דער אַדלקאַסטע. דעם נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם האָט מען געגעבן די מאַכט אין די הענט, כּדי ער זאָל אויפֿהאַלטן דעם עקזיסטירנדיקןווירטשאַפֿטלעכן סיסטעם און פֿאַרטיידיקן אים קעגן די דראָענדיקע כּוחות פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. כּדי צו פֿאַרטיידיקן די דאָזיקע אינטערעסן האָט דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם אויסגעקליבן זיינע העכסטע פֿונקציאָנאַרן פֿון די רייען פֿונם אַמאָליקן אָפֿיצירן־קאָרפּוס, פֿונם אַדל און פֿון די הויכע באַאַמטע. דער דאָזיקער קאַפּיטאַן גערינג, ברוטאַל ביז דער העכסטער גרענעץ, ליגנעריש און פּחדנותדיק ביז דער לעצטער גרענעץ, ווייזט דעם אמתן פּרצוף פֿונם נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם.

דער דאָזיקער קאַפּיטאַן גערינג איז עס דער אָרגאַניזאַטאָר פֿון דער רייכסטאַג־אונטערצינדונג. זיין פּאַרטיי־חבר געבעלס האָט אויסגעטראַכט דעם פּלאַן, גערינג האָט אים אויסגעפֿירט. אין זיינע הענט איז געווען קאָנצענטרירט די גאַנצע נויטיקע מאַכט, ער האָט געהאַלטן אַלע פֿעדים. דער פּאַרפֿיניסט גערינג האָט אונטערגעצונדן דעם רייכסטאַג.

קאַפּיטל V:

# צעשטערונג פון די אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס

„איצט איז געקומען די שעה פון אָפּרעכנונג. זאָלן זיי נישט האָבן קיין שום אילוזיעס, אַז מיר וועלן נישט דערפירן אונזער אָפּרעכנונג ביז צום סוף. דער סוף פון דער רעוואָלוציע איז דער סוף פון די נאָוועמבער-פאַרברעכער, דער סוף פונם דאָזיקן סיסטעם, דער סוף פון דער דאָזיקער תקופה! מיר וועלן זיי פאַרפאָלגן ביז אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקלען און וועלן זיך נישט אָפּשטעלן, ביז דער קערפּער פון אונזער פאָלק וועט נישט ווערן אינגאַנצן באַפרייט פונם דאָזיקן סם.”

(היטלער דעם 7-טן מאַי 1933 אין קיל)

פאַרוואָס מוז דער היטלער-פאַשיזם צושטערן מיט אַלע מיטלען און אויסראָטן די פּאָליטישע פּאַרטייען, פּראָפ. פאַריינען, קאָאָפּעראַטיוון, ספּאָרט- און קולטור-אָרגאַניזאַציעס פונם אַרבעטער-קלאַס? פאַרוואָס איז זייער אונטערדריקונג פאַר היטלערן אַ לעבנס-פראַגע? ווייל מיט דער הילף פונם פאַשיזם ווילן די הערשנדיקע קלאַסן מיט כוח און דיקטאַטור אויפהאַלטן זייער הערשאַפט, וועלכע לאָזט זיך מער נישט אויפהאַלטן מיט די מיטלען פון בירגערלעכער דעמאָקראַטיע. דעריבער פאַרפאָלגט היטלער אַלע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס אָנהויבנדיק מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און ביז צו די פטרהדיקע געלע קאַטוילישע פאַריינען. אין יעדער אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע זעט ער אַ רעזערוואַר פון אַנטיפאַשיסטישע און אַנטיקאַפּיטאַליסטישע כוחות. ער ציטערט דערפאַר, אַז די דאַ-

ויקע אָרגאַניזאַציעס, אין וועלכע פ'זענען קאָנצענטרירט מיל-יאָנען אַרבעטער, זאָלן נישט ווערן די צענטערן פון אַנטי-פאַשיסטישן ווידערשטאַנד.

**היטלערס עקספּראָפּריאַציע.** מיליאָנען מענטשן האָט היטלער אַריינגענאַרט אונטער זיין פאָן מיטן לאָזונג „קעגן דעם רויבנדיקן קאַפּיטאַל!" היטלער האָט נישט נאַציאָנאַלי-זירט קיין איין טרעסט, נישט צוגענומען דאָס פאַרמעגן ביי קיין איין פינאַנץ-קעניג. דאַקעגן האָט היטלער אין די ערשטע חדשים פון זיין הערשאַפט אונטערגענומען אַ גרויסע עקספּראָפּריאַציע-אַטאַקע אויפן פאַרמעגן פון די אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס.

אין דער נאַכט פון דער רייכסטאַג-שרפה זענען פאַר-ווערט געוואָרן אַלע קאָמוניסטישע און סאָציאַל-דעמאָקראַטישע צייטונגען. דאָס קאַרל ליבקנעכט-הויז, די הויפּט-קוואַרטיר פון די דייטשע קאָמוניסטן, איז קאָנפיסקירט געוואָרן. אַלע דרוקערייען און הייזער פון דער קאָמ. פּאַרטיי זענען קאָנ-פיסקירט געוואָרן אין גאַנץ דייטשלאַנד.

**די אַטאַקע אויף די פאַריינס-הייזער.** נאָך פאַר דער רייכסטאַג-שרפה האָבן זיך אָנגעהויבן סיסטעמאַטישע אָנ-פאַלן פון די שטורמיסטן אויף פאַריינס- און פאָלקס-הייזער. ווייער אָפט האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויפן פאַרביטערטן ווידערשטאַנד פון די אַרבעטער, אָן אונטערשיד פון ריכ-טונג. אין כעמניץ איז דעם 9 מערץ דערשאָסן געוואָרן דער לייטער פון דער ס. ד. דרוקעריי לאַנדגראַף בעת אַן אָנ-פאַל פון די שטורמיסטן אויף דער דרוקעריי. אינם זעלבן טאָג האָבן אַרבעטער מיט ביקסן און האַנט-גראַנאַטן פאַר-

טיידיקט דאָס פּאַריינס-הויז אין וואורצען קענען די אָנפּאַלנ-דיקע שטורמיסטן. אין ברוינשווייג איז בעתן באַזעצן דורך די נאַציס דאָס הויז פון דער ס. ד. צייטונג „פאָלקספריינט" דערשאָסן געוואָרן דער לייטער האַנס זיילע. אַ טייל דרעז-דענער אַרבעטער האָבן אינם זעלבן טאָג געשטרייקט קעגן די אָנפּאַלן אויפן פאָלקסהויז. דאָס בערלינער פּאַריינס-הויז איז אינם זעלבן טאָג אויך אַ באַרבאַרישן אופן ח״וב-געמאַכט געוואָרן.

אַן עד-ראיה שילדערט אַזוי די באַזעצונג פונם פּאַריינס-הויז און פונם אָטאָ ברוין-הויז אין קעניגסבערג:

„אינם הויז איז גראָד פאָרגעקומען די חודשלעכע פאַר-זאַמלונג פון אַ פאַריין. נאָך דער פאַרזאַמלונג האָט מען רואיק געשמועסט צווישן זיך. פלוצלינג האָבן זיך די שטורמיסטן אַריינגעריסן אינם הויז. די טיר פוןביידע זייטן איז אויפגעריסן געוואָרן און אינם גרויסן זאַל זענען אַריין אַן ערך 60 מאַן, אַלע באַוואָפנט מיט רעוואָלווערן. זיי האָבן אָנגעהויבן צו שיסן אינם סופיט און אין די ווענט און פאַרוואונדעט דערביי 5 מאַן, צווישן זיי איינעם שווער. דאַן האָבן די באַנדיטן אַרויסגעטריבן אַלע פאַרזאַמלטע, מענער און פרויען, אויף דער גאַס אָן די אויבערשטע מלבושים, וועלכע זיי האָבן קאָנפיסקירט. דאַן האָבן זיי דורכגעניש-טערט און איינגאַנצן חרוב געמאַכט אַלע צימערן.

„אַנדערש איז געווען אין אָטאָ ברוין-הויז. צוואַנציק מינוט נאָך עלף אין אָוונט זענען געקומען צוויי פאָליציאַנטן, צוגענומען דעם רעוואָלווער ביים נאַכט-וועכטער און דער-קלערט אים אַלס ערובניק, דראָענדיק, אַז זיי וועלן אים דערשיסן, אויב זיי וועלן געפינען אינם הויז עמיצן מיט געווער. אין צען מינוט אַרום איז אָנגעקומען אַ שטאַרקע

שטורמיסטן-אָפּטיילונג און זיך אַריינגעריסן אין הויז. אינם זעלבן הויז וואוינט דער הויז-פֿאַרוואַלטער מיט זיין פרוי און צוויי טעכטער. אין זיין וואוינונג זענען אַריינגעקוכען 3 שטורמיסטן און מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט געפאָדערט צו עפענען אַלע ביוראָען. איצט האָט זיך אָנגעהויבן דער אמתער חורבן. ווי ווילדע חיות האָבן זיי זיך געוואָרפן אויף די מעבל און עס צעהאַקט אויף ביצלעך מיט העק, וועלכע זיי האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך. גרויסע ווערטפולע בילדער האָט מען פֿאַרניכטעט, דאָס געלט-קעסטל אויפגעבראָכן, די שופלאָדן אַרויסגעריסן. דאָס ביוראָ שטעלט פאָר מיט זיך אַ פולשטענדיקע חורבה. ענלעך האָט מען חרוב געמאַכט דעם לאָקאַל פון דער ס. ד. פּאַרטיי און פון די פריידענקער. דאַן האָבן 3 שטורמיסטן אַרויסגעשלעפּט דעם לייטער פון דער „קעניגסבערגער פאָלקסצייטונג" און מיט אַ רעוואָלווער ביים קאָפּ אַרומגעפירט 4 שעה איבער אַלע לאָקאַלן. מ'האָט אים געצוואונגען אויפצועפענען דעם גאַראַזש, וועלכער איז געווען פֿאַרדונגען פריוואַטע פּערזאָנען און פירמעס, און קאַליע מאַכן אַלע אויטאָס. מיט דריי רעוואָלווערן צוגעשטעלטע צום קאָפּ האָט מען אים געצוואונגען צו פֿאַרברענען אויף דער גאַס די רעפּובליקאַנישע מלוכה-פאָן."

די סאָצ. דעמ. „פאָלקסשטימע" אין סאַארבריקען שילדערט דעם 13-טן מערץ דאָס באַזעצן די געביידע פונם בערג-אַרבעטער-פֿאַריין אין באָכום:

„די צענטראַלע פונם בערג-אַרבעטער פֿאַריין אויף גאַנץ דייטשלאַנד איז באַפאַלן געוואָרן דורך די היטלער-באַנדיטן און פון אויבן ביז אַראָפּ חרוב געמאַכט. אַלע דאָקומענטן זענען פֿאַרברענט געוואָרן און די גאַנצע פאַרוואַל-

טונג מיטן פּאָרזיצער דעם. הוזעמאַן בראש, איז פאַרשלעפּט געוואָרן דורך די שטורמיסטן.״

די דאָזיקע פּאָר ביישפּילן ווייזן אונז נאָר אַ קליינעם אויסשניט פון דעם, וואָס האָט זיך אָפּגעטון אין יענע טעג אין אַלע טיילן דייטשלאַנד. אויף אַלע פּאַריינס-, פאָלקס- און צייטונגס-הייזער פון דער ס. ד. און דער קאָמ. פּאַרטיי איז אויפגעהאָנגען געוואָרן די היטלערישע פאָן.

מאַראַלישע פּראָוואָקאַציע. די נאַציס איז נאָך געווען ווייניק די פּראָוואָקאַציע מיט דער רייכסטאַג-אונטער-צינדונג. זיי האָבן זיך אויך גענומען צו מאָראַלישער פּראָ-וואָקאַציע. זיי האָבן דעם קאַרל ליבקנעכט-הויז אַ נאָמען גע-געבן „האָרסט וועסעל-הויז״ און געמאַכט דאָרט דאָס זיץ-אָרט פון דער פּאָליטישער פּאָליציי.

קאַרל ליבקנעכטס נאָמען איז באַקאַנט די אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט. ווער איז ער געווען, דער נאַציאָ-נאַל-סאָציאַליסטישער „העלד״ האָרסט וועסעל, מיט וועמענס נאָמען מ׳האָט אָנגערופן דאָס הויז פונם איידעלן מסירת-נפשדיקן רעוואָלוציאָנער? האָרסט וועסעל איז געווען אַ סטו-דענט, אַ לעבּ-יינג, אַ פּאַסטאָרס אַ זון, אַ געוויינלעכער אַל-פאָנס. אפילו די נאַציס קענען נישט אָפּלייקענען, אַז דער „העלד״ האָרסט וועסעל, וועלכער פלעגט ביינאַכט מיט זיינע שטורמיסטן איינאָרדענען אַ יאַגד אויף „מאַרקסיסטן״, האָט געלעבט פון די פאַרדינסטן פון אַ פּראָסטיטוטקע. אין דער וואוינונג פון דער גאַסן-פרוי איז ער דערהרגעט געוואָרן דורך אַ פריערדיקן געליבטן פון דער פּראָסטיטוטקע. די נאַ-ציאָנאַל-סאָציאַליסטישע לעגענדע־שרייבער דערציילן, אַז האָרסט וועסעל איז נאָר אויסן געווען צו „ראַטעווען די

נשמה" פון דער זונה. די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישע פּרעסע טענהט — און דאָס איז געוואָרן די אָפיציעלע לעגענדע — אַז האָרסט וועסעל איז געשטאָרבן אַלס קרבן פון די קאָמוניסטן.

דעם נאָמען פונם דאָזיקן „העלד" טראָגט איצט די אַמאָליקע צענטראַל־געביידע פון דער דייטשער קאָמ. פּאַרטיי. דער נאָמען קאַרל ליבקנעכט איז באַזייטיקט געוואָרן.

## פאַנאַנדערגעלאָזטע אָרגאַניזאַציעס. פּאָרמעל

איז די דייטשע קאָמ. פּאַרטיי נישט פאַרוועמט. פּאַקטיש אָבער האָט דער שרעקלעכער טעראָר געשטעלט אַלע קאָמ. פירער און פונקציאָנאַרן אויסערן געזעץ. אַלע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע מ׳איז חושד, אַז זיי שטייען אויפן שטאַנדפּונקט פון קלאַסן־קאַמף, זענען געשטעלט געוואָרן אויסערן געזעץ.

אַלע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, ווי אויך די לינקע פּאַריינס־אָפּאָזיציע, זענען געוואָרן אומלעגאַל. איבערפּאַרטייאישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, ווי די אַנטי־פּאַשיסטישע ליגע, רויטע ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע, פּאַריינען פון רעוו. שרייבער. קינסטלער, פּאָטאָגראַפן א. אַ. וו. האָט מען באַהאַנדלט פּונקט אַזוי ווי די קאָמ. פּאַרטיי.

די דייטשע רויטע הילף, אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע צו העלפן און אונטערשטיצן פּאָליטישע אַרעסטירטע און זייערע פּאַמיליעס, וועלכע האָט געהאָלפן אַלע אַרעסטירטע אַרבעטער, אָן אונטערשיד פון זייער פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט, איז פאַרטריבן געוואָרן אין אומלעגאַלקייט. אפילו הילף פאַר די קרבנות פון באַרבאַרישן היטלער-פּאַשיזם מוז אויך זיין געהיים.

די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער-הילף, וועלכע האָט אָרגאַניזירט הילף פאַר שטרייקנדיקע אַרבעטער, איז אויך גע-

שטעלט געוואָרן אויסערן געזעץ. איר פאַרמעגן איז קאָנפיס־קירט געוואָרן, אירע באַאַמטע און מיטגלידער ווערן פאַר־פאָלגט.

אַלע סאָציאַלע און קולטורעלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס זענען אונטערדריקט געוואָרן: קינדער־אָרגאַניזאַציעס, ליגע פאַר מוטער־שוץ, פאַרבאַנד פון סאָציאַל־פּאָליטישע אָרגאַניזאַ־ציעס. דעם זעלבן גורל האָבן געהאַט אַלע פּאַציפיסטישע אָרגאַניזאַציעס: ליגע פאַר מענטשן־רעכט, דייטשע שלום־געזעלשאַפט א. א.

די וואַלן פון פאַבריקס־ראַטן, וועלכע זענען סאָרגעקו־מען סוף מערץ, זענען פאָרגעקומען אין אַן אַטמאָספער פון שרעקלעכע רעפּרעסיעס קעגן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, און האָבן נישט געגעבן קיין ריכטיק בילד וועגן די אמתע שטימונגען פון די אַרבעטער. אין וואָסערע באַדינגונגען די וואַלן זענען פאָרגעקומען, שילדערט אַ באַריכט פון דער מעטאַל־פאַבריק „אוניאָן" און דאָרטמונד.

„אַ טאָג פאַר די וואַלן איז דער וואַל־קאָמיסאַר און לאַנגיעריקער פאַבריק־ראַטמאַן דיקמאַן אַרעסטירט געוואָרן. די נאַציס האָבן גענומען די וואַל־אורנע און אויפגעפאָדערט די אַרבעטער צו שטימען. ווער ס'וועט נישט וועלן שטי־מען וועט באַטראַכט ווערן אַלס שונא פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג. דער וואַל־טיש איז אַרומגערינגלט געוואָרן דורך באַוואָפנטע היטלעריסטן. יעדער ווייַלער איז געוואָרן רעגיסט־רירט און מ'האָט נאָכגעקוקט וואָסער שטים־צעטל ער לייגט אַריין אינם קאָנווערט. נאָך די וואַלן האָט דער פירער פון די נאַציס צוגענומען די וואַל־אורנע און פעסטגעשטעלט דעם רעזולטאַט פון די וואַלן. קיין איין אַרבעטער פון קיין אַנ־

דערער אָרגאַניזאַציע איז נישט צוגעלאָזט געוואָרן צום ציילן די שטימען.״
נישט געקוקט אויף אַזעלכע מעטאָדן זענען די נאַציס נמעט אין אַלע פאַבריקן, און אויך אין דאָרטמונדער „אוניאָן״ געבליבן אין אַ מינדערהייט. דאָס וואָס זיי האָבן נישט געקאָנט דערגרייכן מיט אויספּרעסונגען און פעלשונגען בעת די וואַלן, האָבן זיי דערגרייכט אין חודש אַפּריל מיט אָפּענעם טעראָר: זיי האָבן דורכגעפירט אַ „רייניקונג״ פון די פאַבריקס־ראַטן און באַזייטיקט אַלע פאַרייגישע און רעוואָלוציאָנערע ראַטמענער. אפילו קריסטלעכע ראַטמענער, וועלכע זענען געווען באַקאַנט אַלס אַנטי־פאַשיסטן, האָט מען באַזייטיקט. שטורמיסטן פלעגן אַריינמאַרשירן אין די צימערן פון די פאַבריקס־ראַטן, רודפן און אַרעסטירן די געוויילטע ראַטמענער און מיט טויט־דראָאונגען צווינגען זיי זיך אָפּצוזאָגן פון זייערע אַמטן. אין אַלע פאַבריקן האָט מען באַשטימט קאָמיסאַרן, וועמענס אויפגאַבע איז געווען „אויסצובעסערן״ די וואַל־רעזולטאַטן.

## צעשטערונג פון פּראָפ. פאַריינען. דער 1־טער מאַי,

דער „טאָג פון נאַציאָנאַלער אַרבעט״ אין וועלכן הונדערטער טויזנטער אַרבעטער זענען געווען געצוואונגען זיך צו באַטייליקן אין די אָפיציעלע צוגן אונטער דער דראָאונג פון באַלדיקער רעדוקציע (באַזונדערס אין מיטלשטאָטישע, שטאָטישע און אין קליינע אונטערנעמונגען), האָט געדינט דער היטלער־רעגירונג אַלס אַ צוגרייטונג פאַר אַ גרעסערער אַקציע. דעם 2־טן מאַי האָבן שטורמיסטן באַזעצט די לאָקאַלן פון די פּראָפ. פאַריינען. די צעשטערונג פון די פּראָפ. פאַריינען איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אין נאָמען פון עפּעס אַ „קאָמיטעט

צו שיצן די דייטשע אַרבעט״, וועלכער איז ביז דאַמאָלס געווען אינגאַנצן אומבאַקאַנט.

ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן דעם דייטשן פאַרבאַנד פון די פּראָפ. פאַריינען, וואָס ער האָט אויפגעפאָדערט די אַר-בעטער זיך צו באַטייליקן אין דער היטלער־דעמאָנסטראַציע דעם 1־טן מאַי. די פאַריינס־לאָקאַלן זענען באַזעצט געוואָרן, די פאַריינישע טוער פאַרפאָלגט. דער „דייטשער אַרבעטס-פראָנט" האָט איבערגענומען דעם גאַנצן פאַריינס־אַפּאַראַט. מיר פאַרעפנטלעכן אַ פּאָר דאָקומענטן, וועלכע באַווייזן, וואָ-סערע מעטאָדן די היטלעריסטן האָבן אָנגעווענדעט, כדי צו צעשטערן די פּראָפ. פאַריינען:

„די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן נעמען איבער די פּראָפ. פאַריינען. די פירער אַרעסטירט. אַן אַקציע איבער גאַנץ דייטשלאַנד."

(קעפּלעך אין „דייטשע אַלג. צייטונג", 2 מאַי 1933)

„אמת, מיר האָבן די מאַכט, אָבער מיר האָבן נאָך נישט דאָס גאַנצע פאָלק. דיך, אַרבעטער, האָבן מיר נאָך נישט הונדערט־פּראָצענטיק".

(פון דר. לעיס אויפרוף, ד. 2 מאַי 1933)

„ריינקונג פון די פּראָפ. פאַריינען און אויפבוי פון אַן אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע. שטורמיסטן באַזעצט אַלע פאַריינס-הייזער. 50 פאַריינס־פירער אַרעסטירט. דער צווייטער עטאַפּ פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע".

(קעפּלעך אין „פעלקישער באָבאַכטער", 3 מאַי 1933).

„דאָס קאַפּיטל פון דער מאַרקסיסטישער אַרבעטער-אויפהעצונג איז פאַרענדיקט. נאָכדעם ווי די אַקציע קעגן די מאַרקסיסטישע פּראָפ. פאַריינען האָט געפונען אַן אומגעהיערן

אָפּקלאַנג ביים פאָלק און באַזונדערס ביי דער אַרבעטער־שאַפט, האָבן די קריסטלעכע און הירש־דונקערשע אַרבעטער־און אַנגעשטעלטע־פאַריינען זיך געזען געצוואונגען, אונטערן דרוק פון דער ריזיקער פאָלקס־באַוועגונג — שריפטלעך צו דערקלערן, אַז זיי וועלן זיך אונטערוואַרפן אַלע באַפעלן פונם נאַצי־פירער און אויספירן אַלע פאַראָרדענונגען פונם אַקציע־קאָמיטעט, וועלכן ער האָט באַשטימט.״

(פון דר. לעיס אויפרוף, 4 מאַי 1933).

„אַן אַ שיעור קאָרופּציע־פאַלן ביי די מאַרקסיסטישע פאַריינס־פירער: בילאַנס־מאַכינאַציעס און טינקעלע געשעפטן. אַכט מיליאָן אָרגאַניזירטע אַרבעטער געשטעלט אונטער היט־לערס אָנפירונג״.

(„פעלקישער באָאַבאַכטער״, 5 מאַי 1933)

דער ערשטער אויפרוף פונם דר. לעי, דעם אָנפירער פונם „אַקציע־קאָמיטעט צו שיצן די דייטשע אַרבעט״, איז געשריבן אין זייער אַן אַרבעטער־„פריינטלעכן״ טאָן:

„מיר האָבן קיינמאָל נישט צעשטערט אַ זאַך, וואָס האָט איבערהויפּט עפּעס אַ ווערט פאַר אונזער פאָלק און וועלן דאָס אויך אין דער צוקונפט נישט טון. דאָס איז אַ גרונט־פּרינציפּ פונם נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם. דאָס איז חל באַ־זונדערס אויף פראָפ. פאַריינען, וועלכע זענען אויפגעבויט געוואָרן מיט אַזויפיל שווער־פאַרדינטע און פון מויל אָפּגע־נומענע אַרבעטער־גראָשנס. ניין, אַרבעטער, דיינע אינסטי־טוציעס זענען אונז נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן הייליק און אומ־באַרירבאַר. איך אַליין בין אַ זון פון אַ אָרעמען פויער און קען די נויט: איך אַליין האָב 7 יאָר געאַרבעט אין איינער פון די גרעסטע דייטשע פאַבריקן.״

דאָך אגב זאָל באַמערקט ווערן, אַז דר. לעי האָט

במשך פון זיבן יאָר געאַרבעט אינם גרויסן כעמישן קאָנצערן י. ג. פאַרבן-אינדוסטרי, אָבער נישט אַלס אַרבעטער חלילה, נאָר אַלס גוט-באַצאָלטער העכערער אָנגעשטעלטער, וועלכער האָט באַקומען אַ היפּשע סומע בעתן פאַרלאָזן זיין שטעלע.

אינם מאָמענט, ווען זיי האָבן מיט גוואַלט צוגערויבט די פּראָפ. פאַריינען, האָבן די נאַצי-פירער זיך גלייכצייטיק באַנוצט מיט דער טאַקטיק פון פייערלעך צוזאָגן די אַרבעטער, אַז זייערע אינסטיטוציעס וועלן אויפגעהאַלטן ווערן. גלייכצייטיק האָט זייער פּרעסע אויפגעהויבן אַ גרויסע קאַמפּאַניע וועגן דער „קאָרופּציע פון די פאַריינישע פירער". די שטורמיסטן זענען געשטאַנען גרייט איבערצונעמען די פאַריינס-מיטגלידער מיט רעוואָלווערן און שטעקנס אין די הענט אין דער אַרבעטער-פריינטלעכקייט פון די נאַצים.

מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער, דעם 10־טן יוני, האָט דר. לעי פאַרעפנטלעכט זיינע „גרונט־יסודות פון דער קאָרפּאָראַטיווער אָרגאַניזאַציע פון דייטשער אַרבעט". דער הויפּט-פּונקט פון די דאָזיקע „יסודות" איז: „אונזער ערשטע אויפגאַבע איז איבערצוגעבן אין די הענט פונם נאַטירלעכן אָנפירער פון אַ פאַבריק, דאָס הייסט דעם אונטערנעמער (!) די גאַנצע אָנפירונג און די גאַנצע אחריות. דעצידירן קאָן נאָר דער אונטערנעמער."

דאָ געפינען מיר שוין נישט קיין שפּור פון דער „הייליקייט" און „אומבאַרירטקייט" פון די פּראָפ. אָרגאַניזאַציעס. די פּראָפ. פאַריינען דאַרפן איצט ווערן נאָר הילפס־אינסטרומענטן פון דער מ׳וכה פון פאַשיסטישער דיקטאַטור.

„ס׳איז בעסער צו דערלאַנגען דעם מאַרקסיזם דעם לעצטן קלאַפּ, איידער צו דערלויבן אים ווען עס איז ווידער אויפצוהויבן דעם קאָפּ. די לייפּאַרטס און גראָסמאַנס מעגן



עדמונד היינעס,
אָנפירער פון דער אונטערצינדער־גרופּע

מאכן צו אָנשטעל פון זייער איבערגעגעבנקייט צו היטלערן-
ס'איז קוראַנטער זיי זאָלן זיצן אין תפיסה. דעריבער נעמען
מיר צו דעם מאַרקסיסטישן געווינדל זיין הויפּט־וואָפן און
דערמיט אויך די לעצטע מעגלעכקייט וועו נישט איז אויס־
צוהויבן דעם קאָפּ. די טייוולאָנישע טעאָריע פון מאַרקסיזם
מוז נעבעכדיק פגרן אויפן שלאַכטפעלד פון דער נאַציאָנאַל־
סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע."

(פון דר. לעיס אויפרוף ד. 2־טן מאַי 1933).

## קאנפיסקירט דאס פארמעגן פון דער ס.ד.-פארטיי.

דער גאַנטסטער טויש איז געווען די קאָנפיסקאַציע פונם
גאַנצן פאַרמעגן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַרטיי און
פונם רייכסבאַנער:

„בערלין, 10 מאַי 1933. לויט דער פאַראָרדענונג פונם
אויבער־פּראָקוראָר איז קאָנפיסקירט געוואָרן דאָס גאַנצע פאַר־
מעגן פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַרטיי און
פון אירע צייטונגען, ווי אויך פונם רייכסבאַנער און זיינע
צייטונגען. די סיבה פון דער קאָנפיסקאַציע זענען די פילע
פאַלן פון מיסברויכן, וועלכע זענען אַנטדעקט געוואָרן בעת
די נאַציס האָבן איבערגענומען די פּראָפּ. פאַראיינען און די
אַרבעטער־באַנק. ס'איז אויך קאָנפיסקירט געוואָרן דאָס פאַר־
מעגן פון די אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זענען געשטאַנען נאָנט
צו דער ס. ד. פאַרטיי."

(„אָנגריף", 10 מאַי 1933).

אינם זעלבן טאָג איז קאָנפיסקירט געוואָרן אויף אַלע
פּאָסט-אַמטן, אין אַלע פּאַרטייאישע פאַרלאַגן און אין אַרבע-
טער-באַנק דאָס גאַנצע געלט פון דער ס. ד. די לאָקאַלן
פון די ס. ד.־אָרגאַניזאַציעס און צייטונגען, ווי אויך פונם

רייכסבאַנער זענען געשלאָסן געוואָרן. די אָפיציעלע „פּרייסישע פּרעסע־דינסט" האָט געמאָלדן, אַז קעגן דעם ס. ד. דעפּוטאַט און פּראָפעסיאָנעלן פירער לייפּאַרט איז פאַרפירט געוואָרן אַ פּראָצעס פאַר „מיסברויכן און שווינדל", ווייל „פאַרשידענע געלטער פון די פּראָפ. פאַראיינען זענען פאַרנוצט געוואָרן אויף אַנדערע צוועקן ווי זיי זענען געווען באַשטימט".

דאָס זעלבע האָט מען אויך אונטערגענומען קעגן אַלע קרובישע אָרגאַניזאַציעס, ווי: אַרבעטער־טורן און ספּאָרט־בונד, דייטשע פריידענקער־ליגע, אַרבעטער־שוץ א. א. דעם 11־טן מאַי זענען די קאָאָפּעראַטיוון איבערגעגעבן געוואָרן „אין זיכערע הענט".

„כדי נישט לאָזן פאַרפאַלן צו ווערן דאָס גרויסע פאַרמעגן פון די קאָאָפּעראַטיוון, וואָס געפינט זיך בלי ספק אין געפאַר, איז לויט דעם פירערס מיינונג צוועקמעסיק איבערצוגעבן די קאָאָפּעראַטיוון אין זיכערע הענט.

„ס'איז ווינשנסווערט, אַז די קאָאָפּעראַטיוון זאָלן נישט האָבן קיין שטערונגען אין זייער טעטיקייט. פון דער אַנדערער זייט דאַרפן אָבער די קאָאָפּעראַטיוון נישט פאַנאַנדערגעבויט ווערן."

(„פעלקישער באָאָבאַכטער, 13 מאַי 1933)

אונטערן לאָזונג פון „קאַמף קעגן קאָרופּציע" האָט מען קאָנפיסקירט דאָס פאַרמעגן פון די פּראָפ. פאַראיינען:

„נאָך דער קאָנפיסקאַציע פונם פאַרמעגן פון דער ס.ד. און פונם רייכסבאַנער האָט דער קאָרופּציע־דעפּאַרטאַמענט פונם פּרייסישן יוסטיץ־מיניסטעריום קאָנפיסקירט דאָס גאַנצע

פאַרמעגן פון די פראָפ. פאַריינען. די אָנפירונג מיט דער דאָזיקער אַקציע האָט איבערגענומען דר. לעי".
(פעלקישער באָבאַכטער, 13 מאַי 1933)

ענדלעך, דעם 23 יוני 1933 האָט די היטלער-רעגירונג אויפגעלייזט די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פאַרטיי. דער פאַרטיי איז פאַרווארט געוואָרן צו פירן יעטוועדע פאָליטישע טעטיקייט, אירע פאַרטרעטער זענען באַזייטיקט געוואָרן פון אַלע פּאַרלאַמענטן. ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן די צושטימונג פון דער ס. ד. צו היטלערס רעדע וועגן אויסער־ן-פּאָליטיק, וואָס ער האָט געהאַלטן אין רייכסטאַג דעם 17-טן מאַי, ווי אויך די באַמיונגען פונם נייעם פאַרטיי-פירער לעבע צו געפינען חן אין היטלערס אויגן דורכן אָפּזאָגן זיך פון די עמיגרירטע ס. ד. פירער.

## קאָנפיסקאַציע פון קאָמוניסטישן פאַרמעגן.

דעם 27־טן מאַי, נאָכדעם ווי דאָס גאַנצע פאַרמעגן פון דער קאָם. פאַרטיי און פון אירע קרובהשע אָרגאַניזאַציעס איז שוין זינט אַ פּאָר חדשים קאָנפּיסקירט געוואָרן, איז דערשינען אַ געזעץ וועגן קאָנפיסקירן דאָס קאָמוניסטישע פאַרמעגן.
צוזאַמען מיטן קאָנפיסקירן דאָס קאָמוניסטישע אָדער בלומרשט־קאָמוניכטישע פאַרמעגן איז פאַרמאַכט געוואָרן די פאַרשפרייטסטע קלאַסנקעמפערישע בערלינער אַרבעטער־צייטונג „וועלט אַם אַבענד". ווען אין די ערשטע חדשים פון דער היטלער־דיקטאַטור האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די אָפּיציעלע נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע צייטונגען האָבן נישט קיין שום דערפאָלג ביי די ברייטע אַרבעטער־מאַסן, האָט דער פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטער געבעלס צוגעטראַכט אַ ניי שפּיצל.

סוף מאַי איז דערשינען אַ נייע נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע צייטונג מיטן זעלבן נאָמען, מיטן זעלבן קעפּל און מיטן זעלבן אויסערלעכן אויסזען, וואָס די אַלטע צייטונג. אין די ערשטע טעג האָט די צייטונג אויך מיט איר אינהאַלט נאָכ־געמאַכט די אַלטע צייטונג, פאַרעפנטלעכט אַ כלומרשט אָביעק־טיוון באַריכט פון ראַטן־פאַרבאַנד און כסדר אַפּעלירט צו אַרבעטער־לעזער. אָבער שוין אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט די צייטונג זיך געמוזט עפנטלעך פאַרטיידיקן קעגן די דעמאַס־קירונגען פון די אומלעגאַלע פלוגבלעטער פון בערלינער אַרבעטער.

## דער קאָרפּאָראַטיווער אויפבוי. וואָס קלאָרער

ס'איז געוואָרן במשך פון די ערשטע פינף חדשים פון דער היטלער-רעגירונג, אַז זי קאָן זיך קיין עצה נישט געבן מיט די עקאָנאָמישע שוועריקייטן און שטופּט דייטשלאַנד צו אַ קאַטאַסטראָפע, אַלץ ברייטער מוזן די נאַציס אָנווענדן זייער דיקטאַטאָרישע מאַכט. זיי מוזן שטרעבן צו אַליינהערשאַפט, צום מאָנאָפּאָל פון זייער אייגענער פּאַרטיי און אירע כלומרשטע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס. דעריבער האָט די פּאָליצײ פאַנאַנ־דערגעטריבן דעם קאַטוילישן געזעלן-צוזאַמענפאָר אין מינ־כען, וואו דער וויצע-קאַנצלער פאַפּען איז אַרויסגעטרעטן אַלס אָפיציעלער רעדנער. די קריסטלעכע אָרגאַניזאַציעס האָט מען פאַרווערט יעדע אַנדערע טעטיקייט אויסער ריין-רעלי־גיעזע. די וואַקסנדע קאָנקורענץ פון די דייטש-נאַציאָנאַלע פאַבריקס- און פאַרטיידיקונגס-אָרגאַניזאַציעס איז אונטערדריקט געוואָרן דורך פּאָליצײ.

אין זיינע „גרונט-יסודות וועגן קאָרפּאָראַטיוון אויפבוי אין דייטשן אַרבעטס-פראָנט", וואָס זענען פאַרעפנטלעכט

רעוואָרן אין „פעלקישן באָאָבאַכטער" פון 10–8 יולי 1938, קלערט אויף דר. לעי די צילן פון די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן. לעי'ס פראָגראַם איז:

א) דער קאַמף פאַר העכערע לוינען ווערט פאַרווערט די אַרבעטער, ווייל ער איז נאָר אַן אויסדרוק פון „געלט־גיריקייט". לעי שרייבט ווערטלעך:

„מיר ווייסן, ווי דער פראָפיט־גייסט קען באַהערשן דעם מענטש, מיר ווייסן, ווי די געלט־גיריקייט לעבט אין יעדן מענטש. איינער שטרעבט צו אַ גרעסערן לוין, דער צווייטער צו גרעסערער דיווידענדע. אָבער דווקא דערפאַר, וואָס מיר ווייסן עס, גיבן מיר זיך אָפּ אַ קלאָרן דין וחשבון, אַז מ'דאַרף נישט צוהעלפן דעם יצר־הרע מיט קינסטלעכע אָרגאַניזאַציעס. נאָר אַז די אויפגאַבע פון אַ העכערער מלוכה־פירונג איז צו האַמפּערן די דאָזיקע מענטשלעכע שוואַכקייט, און אויב נויטיק – באַשטימען איר ברוטאַל (!) גרענעצן און ראַמען..."

ב) ס'איז געוואָרן איינגעפירט אַן אומבאַגרענעצטע אָנפירערשאַפט פונם אונטערנעמער אין די פאַבריקן. דר. לעי זאָגט:

„דער קאָרפּאָראַטיווער אויפבוי גיט איבער דעם נאַטירלעכן פירער פון אַ פאַבריק, ד. ה. דעם אונטערנעמער די גאַנצע אָנפירונג און די גאַנצע אחריות. דער פאַבריקס־ראַט פון אַן אונטערנעמונג באַשטייט פון אַרבעטער, אָנגע־שטעלטע און אונטערנעמער. ער האָט אָבער נאָר אַ בּאַ־ראַטנדיקע שטים. דעצידירן קען נאָר דער אונטערנעמער. אַ סך אונטערנעמער האָבן זינט יאָרן געבענקט נאָכן „בעלעבאָס פון הויז". איצט וועלן זיי ווידער זיין „בעלעבאָטים פון הויז".

ג) די „פעסטע" טאַריף-אָפּמאַכן פון דער פאַרגאַנגענהייט דאַרפן אָפּגעשאַפט ווערן. זיי מוזן „זיין ווי ווייט מעגלעך לעבעדיק און באַוועגלעך".

ד) ביי די ביזאיצטיקע אַרבעטס-געריכטן איז צוגענומען געוואָרן די לעצטע שיין פון אומאָפּהענגיקייט. אויף זייער אָרט ווערן איינגעפירט אַ. ג. „קאָרפּאָראַטיווע געריכטן", וועלכע באַשטייען פון פאָרשטייער פון די אונטערנעמער און פון אויסגעזוכטע פאַשיסטן אין דער מאַסקע פון אַרבעטער- און אָנגעשטעלטע-פאָרשטייער.

דר. לעי'ס פּראָגראַם איז נישט קיין פּריוואַטע זאַך, נאָר ס'איז דער פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי און פון דער רעגירונג. זיין אַרבעטער-פיינטלעכקייט און אונטערנעמער-פריינטלעכקייט איז בולט. דער „קאָרפּאָראַטיווער אויפבוי", וועלכער האָט כלומרשט געזאָלט באַזייטיקן די קלאַסן-צעטיילונג און קלאַסן-קאַמף, ברענגט פּאַקטיש אַ פאַרשאַרפטע קלאַסן-דיקטאַטור פון די אונטערנעמער אויף אַלע געביטן.

יעדער טאָג אין דייטשלאַנד באַווייזט אָבער, אַז די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישע פירער מיט זייער צעשטערונגסמאַניע, הפקרות און מאָרד-אינסטינקטן וועט נישט געלינגען צו באַרניכטן די דייטשע קלאַסנקעמפערישע אַרבעטער-באַוועגונג. מ'קען צעשטערן אירע לעגאַלע אָרגאַניזאַציעס, אָבער צענדליקער טויזנטער מוטיקע און איבערצייגטע קעמפער פירן ווייטער דעם קאַמף פאַרן סאָציאַליזם!

# דער קרייצצוג קעגן קולטור

צוזאַמען מיט זייער קאַמף קעגן דעם דייטשן אַרבעטער-קלאַס, פירן היטלער און געבעלס גלייכצייטיק אַ מלחמה קעגן די בעסטע שיכטן פון דער דייטשער אינטעליגענץ. דער שטיוול פון די שטורמיסטן צעשטערט דאָס לעבנס-ווערק פון די בעסטע געלערנטע און קינסטלער. זיי צעטרעטן אין געשטעבלעכן זין פון וואָרט די ברוטאַל באַהאַנדלטע קערפּערס פון אַ סך אינטעליגענטן, וועלכע ווערן געהאַסט דורך די נאַציס אַלס אומאָפּהענגיק, פּראָגרעסיוו און פרייהייט-לעך, הגם זיי האָבן קיינמאָל נישט געהאַט די מינדעסטע שייכות מיט די קעמפנדיקע אַרבעטער.

געבעלס קאָמאַנדעוועט מיט די ברוינע אינקוויזיטאָרן, וועלכע גלויבן, אַז זיי וועלן קענען צוריקדרייען דאָס ראָד פון דער געשיכטע אין די צייטן פון פאַר דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. אַלץ, וואָס איז „יידיש", „ליבעראַל" אָדער בלומרשט-מאַרקסיסטיש, וואָס פאַרקערפּערט דעם פּראָגרעס און די אויפקלערונג פון די לעצטע 150 יאָר, דאַרף אויסגעראָטן ווערן. פאַריאָגט פון זייערע פּראָפעסאָרישע קאַטעדרעס, פון דער בינע און דיריגענטן-פּלעצער; פאַריאָגט פון די קליניקעס, פאָרשונגס-אינסטיטוטן און אַקאַדעמיעס! די שייטערהויפנס אויף די פּלעצער פון די דייטשע שטעט זאָגן אָן מיט זייערע פלאַמען-צייכנס דער גאַנצער וועלט, אַז די ברוינע באַרבאַרישקייט וויל נישט נאָר פיזיש אויסראָטן די מוטיקסטע און מסירת-נפשדיקסטע אַנטיפאַשיסטן, נאָר זי וויל אויך פאַרניכטן אַלץ, וואָס די בירגערלעכע קולטור האָט גע-

שאַפן ווערטפולעס און לעבנס־פעאיקעס און וואָס איז פּראָ־
גרעסיוו אפילו פון בירגערלעכן שטאַנדפונקט.

די לעצטע פאָן־טרעגער פונם גייסטיקן „ליבעראַליזם״
ווערן איצט אין דייטשלאַנד גייסטיק און קערפּערלעך אויס־
געמאָרדעט דורך דער ברוינער געוואַלט, וועלכע די הערשנ־
דיקע מאַכט האָט גערופן צום לעבן, כּדי אָפּצוהאַלטן פון
אונטערגאַנג דעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם. די לעצטע גע־
שעענישן אין דייטשלאַנד האָבן באַוויזן קלאָרער ווי ווען
נישט איז, אַז די צוקונפט פון דער קולטור איז אין אונ־
זערע צייטן אומצערייסבאַר פאַרבונדן מיטן פרייהייטס־קאַמף
פונם אַרבעטער־קלאַס.

•

מ׳פארפאלגט וויסנשאפטס־לייט. די טויט־שנאה פון
פאַשיזם ווענדט זיך זעלבסטפאַרשטענדלעך קעגן די אינטע־
ליגענטן, וועלכע אָנערקענען אָפן זייער אָנגעהעריקייט צום
אַרבעטער־קלאַס אָדער שטייען נאָענט צו פּאַציפיסטישע אָרגאַ־
ניזאַציעס. די אַטאַקע קעגן זיי האָט זיך אָנגעהויבן שוין אין
די ערשטע טעג נאָך דער רייכסטאַג־שרפה. די ערשטע אַרעסטן,
וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן באַלד נאָך דער פּראָוואָקאַציע
פון די ברוינע אונטערצינדער, האָבן שטאַרק געטראָפן די
דייטשע גרופּע פון דער אינטערנאַציאָנאַלער דאָקטוירים ליגע
קעגן אימפּעריאַליסטישן קריג, וועלכע האָט זיך געגרינדעט
אין אַמסטערדאַם. דער פירער פון דער גרופּע, דר. פעליקס
בענהיים, זיצט אין היטלערס תּפיסה פון פעברואַר אָן.

דר. בענהיים איז אַ העכסט־געשעצטער ספּעציאַליסט
אין אינערלעכע קראַנקייטן און האָט זיך געמאַכט באַרימט
מיט זיינע צאָלרייכע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן. ער האָט
נישט געהערט צו קיין שום פּאַרטיי. צוליב דער גרויסער

באַדייטונג פון זיינע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס לייטער פון איינעם פון די גרעסטע בערלינער שפיטעלער. דער פאַקט אַליין, וואָס פאָלגנדיק זיין געוויסן האָט ער זיך געשטעלט אינם שפיץ פון דער דאָקטוירים־באַוועגונג קעגן קריג, איז געווען גענוג אַרויסצורופן קעגן אים אַ בלינדע שנאה פון די היטלעריסטן. זיי האָבן פאַרשריגן זיין טעטיקייט אין דער אינטערנאַציאָנאַלער דאָקטוירים־געזעלשאַפט אַלס „הויך־פאַראַט". מ'האָט אים נישט דערלויבט זיך צו נעמען יורידישע הילף. נישט קוקנדיק אויף זיין חדשים־לאַנגער תפיסה האָט מען אים נישט דערלויבט זיך צו זען מיט זיין פאַמיליע.

מאַקס האָדאַן, וועלכער איז באַקאַנט מיט זיין טעטיקייט אויפן געביט פון געשלעכטלעכער אויפקלערונג פון פראָלעטאַרישע פרויען און מענער, מחבר פון פיל פאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע ווערק, געפינט זיך זינט חדשים אין די אענט פון די היטלערישע תלינים.

אַ גאַנצע רייע פראָלעטאַרישע שרייבער און וויסנשאַפטלער זענען אַרעסטירט געוואָרן און אַ סך פון זיי געפינען זיך אין אַ געפערלעכן געזונט־צושטאַנד. אין אַלע וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוטן, אוניווערסיטעטן און שולן איז דורכגעפירט געוואָרן אַ „רייניקונג". אַפילו דייטש־נאַציאָנאַלע זענען באַזייטיקט געוואָרן פון זייערע אַמטן. מיט באַרבאַרישער ריקזיכטלאָזיקייט באַזייטיקט מען פּראָפעסאָרן און לערער, וועלכע זענען געמסרט געוואָרן דורך אומפעיקע אויפיר־וויסנשאַפטלער, וואָס ווילן פאַרנעמען זייערע פלעצער.

## דער קרייצצוג קעגן דייטשער וויסנשאַפט.

פיר נעמען אַרויס פון דער רוזיקער ליסטע פון דעמיסיעס

געצווּנגענע „אורלויבן" און רדיפות נאָך אַ פּאָר פּאָלן.

אַממערסטן באַקאַנט איז דער פאַל פון וועלט־באַרימטן פיזיקער פּראָפעסאָר אַ ל ב ע ר ט א יי נ ש ט יי ן. אַלבערט איינשטיין, אַ שווייצאַרישער בירגער, מיטגליד פון דער פּרייסישער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע, האָט געצויגן אויף זיך די שנאה פון די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן מיט זיינע לינקדעמאָקראַטישע פּאָליטישע אָנשויאונגען, מיט זיין אַקטיוון אינטערעס פאַר יידישע פראַגן און מיט זיינע וועלט־באַרימטע וויסנשאַפטלעכע לייסטונגען. איינשטיינס וויסנשאַפטלעכע ווערק זענען פאַרברענט געוואָרן אויפן שייטערהויפן פון דער בערלינער אוניווערסיטעט אונטער דעם יובל פון די נאַציס. בלויז די דאָזיקע האַנדלונג מאַכט שוין היטלער־דייטשלאַנד צו שפּאָט אין דער וועלט פון מאָדערנער וויסנשאַפט.

אָן עקזאַקטע וויסנשאַפטן קאָן נישט בליען קיין שום צווייג פון הויך־אַנטוויקלטער אינדוסטריע. און דאָך האָט דער היטלער־רעזשים פאַרטריבן די פּראָמינענטסטע פאָרשטייער פון נאַטורוויסנשאַפט און מאַטעמאַטיק. די אוניווערסיטעט אין געטינגען האָט אַן אַלטע טראַדיציע און האָט דערצויגן במשך פון די לעצטע 50 יאָר אַ גאַנצן דור ערשטקלאַסיקע פאָרשער. די וויכטיקסטע פּראָפעסאָרן פון דער דאָזיקער אוניווערסיטעט זענען פאַרטריבן געוואָרן. ד ז ש ע מ ס פ ר אַ נ ק, אַ וועלט־באַרימטער פיזיקער, באַזיצער פון דער נאָבעל־פּרעמיע, איז אַלס ייד געצוואונגען געוואָרן צו „פּרייוויליקער" דעמיסיע. פ ר אָ פ ע ס אָ ר ב אָ ר ן, אויך אַ באַרימטער פיזיקער, קען ווייטער נישט פירן אין דייטשלאַנד זיינע „נישט־דייטשע" פאָרשונגען. אַ גאַנצע רייע ערשטקלאַסיקע פיזיקער און מאַטעמאַטיקער זענען פאַרטריבן געוואָרן פון זייערע בלצצער.

די דאָזיקע רדיפות קעגן פאָרשטייער פון עקזאַקטע

וויסנשאַפטן זענען זעלבסטמערדעריש אָפּילו פונם שטאַנד־
פונקט פון דער מאָדערנער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט.
זיי שטייען אין אַ שאַרפן קאָנטראַסט צו די גרויסע מעג־
לעכקייטן, וועלכע ראַטן־פאַרבאַנד לייגט פאַר אַלע ערלעכע
וויסנשאַפטס־לייט.

צווישן די קרבנות פון דער נאַצי־רייניקונג געפינט זיך
אויך דער באַזיצער פון דער נאָבעל־פרעמיע פריץ האַבער.
האַבער, דער קאָפּ פון אַ גרויסער שולע כעמיקער, איז שוין
פאַר דער מלחמה געווען אַן ערשטקלאַסיקע וויסנשאַפטלעכע
קראַפט. ער האָט דער ערשטער אויסגעאַרבעט אַ מעטאָדע
אַרויסצובאַקומען שטיקשטאָף פון דער לופט. ער איז אַלץ
וואָס איר ווילט, נאָר נישט קיין פּאַציפיסט. דורך זיינע
דערפינדונגען האָט האַבער געלייסטעט גרויסע פאַרדינסטן
פאַר ווילהעלמס דייטשלאַנד בעת דער מלחמה. זיין נאָמען
פאַרקערפּערט די העכסטע אַנטוויקלונג פון מאָדערנער דיי־
טשער כעמיע. דער „טיימס" (4. מאַי, 1933) מאַכט אַ ריכ־
טיקע באַמערקונג, אַז ס'איז אַן איראָניע פון דער געשיכטע,
ווען די נאַציס פאַרטרייבן אַ מענטשן, וועמען דייטשלאַנד
האָט צו פאַרדאַנקען דאָס, וואָס זי איז געווען אימשטאַנד
צו פירן מלחמה במשך פון גאַנצע פיר יאָר.

אַלע דאָ אויסגערעכנטע וויסנשאַפטס־לייט זענען באַ־
קאַנטע פאָרשער און פּראָפעסאָרן, וועלכע האָבן גרויס אָנזען
אין פאַכמענישע קרייזן. שוין די דאָזיקע קורצע נישט־פול־
קאָמע רשימה באַווייזט אונז, אַז מיר האָבן דאָ צו טון מיט
אַן אמתער צעשטערונג פון דער דייטשער וויסנשאַפט, אַז
דער דייטשער פאַשיזם באַקעמפט מיט אינקוויזיציע און שיי־
טערהויפנס יעדן וויסנשאַפטלעכן פאָרשריט.

געלערנטע באַקומען נישט קיין פּעסער. חוץ פּראָפ. איינשטיין איז איינגעלאַדן געוואָרן דורכן אינסטיטוט דע פראַנס און פּראָפ. זאָנדעק דורך דער שטאָקהאָלמער אוני־ווערסיטעט, איז ביי די נאַציס ערנסט באַטראַכט געוואָרן די פראַגע וועגן נישט אַרויסגעבן קיין פּעסער די באַזייטיקטע דייטשע פּראָפעסאָרן. דער „נישט־דייטשער" גייסט פון די דאָזיקע וויסנשאַפטסלייט טאָר, זעט אויס, נישט דינען אויך אויסלענדישע אוניווערסיטעטן.

די רעכטע „טעגלעכע רונדשוי" פון 7 אַפּריל 1933 האָט אין שייכות מיטן איינלאַדן איינשטיינען דורכן אינסטי־טוט דע פראַנס געפאָדערט ביי דער דייטשער רעגירונג, זי זאָל תּיכּף צונעמען ביי די 16 דעמיסיאָנירטע פּראָפעסאָרן זייערע אויסלענדישע פּעסער, ווייל קיינער קען נישט גאַ־ראַנטירן, אַז אין אַ צייט אַרום וועלן זיי נישט זיצן אין פּאַריז, לאָנדאָן אָדער אָקספאָרד און נישט פירן פון זייערע קאַטעדרעס קיין אַנטי־דייטשע פּאָליטיק. מ'דאַרף נישט פאַר־געסן, אַז טייל פון זיי באַזיצן אויסגעצייכנטע פאַרבינדונגען אין אויסלאַנד."

די גרעסטע דייטשע דאָקטוירים קאָנען נישט אַרבעטן אין דייטשלאַנד. בערנאַרד זאָנדעק איז געשיל־דערט געוואָרן דורכן שוועדישן נאָבעל־פּרייז־באַזיצער פאַר מעדיצין דר. איילער, אַלס „דער איינציקער גאון פון דער היינטיקער מעדיצין". זאָנדעק האָט אַנטדעקט אַ מעטאָדע צו דערקענען דורך אַן אורין־אַנאַליז די שוואַנגערשאַפט אין דעם פריסטן סטאַדיום. די דאָזיקע מעטאָדע האָט אַ גרויסע באַדייטונג סיי פאַר מעדיצין און סיי פאַר סאָציאַלער היגיענע.

ואָנדעקס אויסערגעוויינלעכע וויסנשאַפטלעכע לייסטונגען האָבן אים געמאַכט אַ נאָמען אין דער גאַנצער וועלט. און אַזאַ וויסנשאַפטלעכע קראַפט פאַרטרייבט די היטלער-רעגירונג פון דער קאַטעדרע.

אין אונזער רשות געפינט זיך אַ ליסטע מיט איבער טויזנט דאָקטוירים־נעמען, וועלכע קענען מער נישט אויספירן אין היטלער־דייטשלאַנד זייער פראָפעסיע, ווייל זיי זענען יידן אָדער סאָציאַליסטן. אַ סך פון זיי האָבן גרויסע פאַר־דינסטן פאַר דער וויסנשאַפט און געראַטעוועט טויזנטער מענטשלעכע לעבנס. אַ סך פון זיי זענען אַרעסטירט און אַ גאַנצע רייע איז דערמאָרדעט געוואָרן.

## ווי אזוי האט מען חרוב־געמאכט הירשפעלדס

אינסטיטוט? אַ זיכערער עדות־ראיה שילדערט אויף פאָלגנ־דיקן אופן די באַרבאַרישע פאַרניכטונג פונם וועלט־באַרימטן פאָרשונגס־אינסטיטוט פאַר געשלעכטלעכע וויסנשאַפטן:

„דעם 6 מאַי 1933 אינדערפרי האָט „בערלינער לאָ־קאַל־אַנצייגער" געבראַכט די ידיעה, אַז אינם דאָזיקן טאָג וועט זיך אָנהויבן די ריי ניקונגס־אַקציע פון אַלע בערלינער ביבליאָטעקן, און אַז סטודענטן פון דער גימנאַסטישער אַקאַ־דעמיע האָבן בדעה צו פאַרברייטערן די דאָזיקע אַקציע אויף הירשפעלדס אינסטיטוט פאַר סעקסואַל־וויסנשאַפט. דער דאָזיקער אינסטיטוט איז געגרינדעט געוואָרן דורך דר. מאַג־נוס הירשפעלד אין 1918 יאָר און איז דערנאָך איבערגעגע־בען געוואָרן דורך דער פרייסישער רעגירונג אַלס געזעל־שאַפטלעך־נוצלעכע אינסטיטוציע. ער האָט געהאַט אַ שם

אויף דער גאַנצער וועלט צוליב זייַנע אייַנציקאַרטיקע זאַמ-
לונגען, אַרכיוון און ביבליאָטעקן. אַ סך אויסלענדישע גע-
לערנטע, דאָקטוירים און שרייבער פלעגן ספּעציעל קומען
קיין בערלין, כדי דאָרט צו אַרבעטן.

„נאָכן איבערלייענען די דאָזיקע נאָטיץ האָט מען אָנ-
גענומען מיטלען צו ראַטעווען באַזונדערס ווערטפולע ביכער
און דאָקומענטן און באַהאַלטן זיי אין אַ זיכער אָרט; דער
יינגערמאַן, וועלכן מ'האָט אַוועקגעשיקט מיט די ביכער, איז
אָבער פאַרן טויער אַרעסטירט געוואָרן דורך אַ וואַך, וועל-
כע האָט אַרומגערינגלט דעם אינסטיטוט נאָך ביינאַכט. אַלע
ביכער האָט מען ביי אים צוגענומען. האַלב צען אינדער-
פרי זענען פאַרן אינסטיטוט פאַרפאָרן עטלעכע לאַסט-אויטאָס
מיט אַן ערך 100 סטודענטן און אַן אָרקעסטער פון בלאָז-
אינסטרומענטן. אין מיליטערישע רייען און מיט מוזיק זע-
נען זיי אַריין אינם אינסטיטוט.

„די ביוראָען פונם אינסטיטוט זענען נאָך געווען גע-
שלאָסן און ס'זענען געווען אָנוועזנד נאָר אייניקע פרויען
פונם הויז-פּערסאָנאַל. אַזוי ווי די טירן זענען געווען גע-
שלאָסן, האָבן זיי די סטודענטן אויפגעבראָכן. זיי זענען
אַרויף אויפן ערשטן שטאָק און אין די אויפנאַמס-זאַלן פון
אינסטיטוט אויסגעגאָסן אַלע טינטערס אויף מאַנוסקריפּטן
און דיוואַנען. דאַן האָבן זיי זיך גענומען צו די ביכער-
שענק. זיי האָבן צוגענומען אַלץ, וואָס ס'איז זיי נישט געפעלן
געוואָרן, לויט אַ „שוואַרצער ליסטע", וואָס זיי האָבן מיט-
געבראַכט מיט זיך. זיי האָבן אָבער אויך צוגענומען אַנדע-
רע ווערטפולע ביכער און זשורנאַלן. פונם אַרכיוו האָבן זיי

באַווייטיקט גרויסע וואַנט-בילדער, וועלכע זענען אויסגעפּאַר־טיקט געוואָרן אין 1913 יאָר פאַר דער אויסשטעלונג פונם אינטערנאַציאָנאַלן דאָקטוירים-קאָנגרעס אין לאָנדאָן. די דאָ־זיקע בילדער האָבן זיי אַרויסגעוואָרפן דורכן פענסטער צו די חברים, וועלכע זענען געשטאַנען אונטן.

„אַנדערע וויכטיקע בילדער און פאָטאָגראַפיעס האָבן זיי אַראָפּגענומען פון די ווענט און געשפּילט מיט זיי פוס־באָל, אַזוי אַז ס'זענען פון זיי געבליבן פיצלעך. איינער פון די סטודענטן האָט געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז דאָס איז דאָך וויסנשאַפטלעך, מעדיציניש מאַטעריאַל. אַ צווייטער האָט אים אָבער געענטפערט, אַז ס'האַנדלט זיך נישט וועגן קאָנ־פיסקירן אַ פּאָר ביכער און בילדער, נאָר וועגן פאַרניכטן דעם אינסטיטוט. איינער פון די סטודענטן האָט געהאַלטן אַ לענגערע רעדע, נאָך וועלכער מ'האָט אַרויסגעוואָרפן דורכן פענסטער אַ מאָדעל אין נאַטירלעכער גרויס. זיי האָבן אויך קאַליע געמאַכט מעדיצינישע אינסטרומענטן, וועלכע האָבן גע־דינט צו באַהאַנדלען די קראַנקע. זיי האָבן אויך צוגענומען אַ סך קונסטווערק און אַ פּאָר הונדערט ביכער פון דער ביבליאָטעק.

„במשך פון דער גאַנצער צייט איז דאָס פּערסאָנאַל געווען באַוואַכט און די מוזיק האָט כסדר געשפּילט, אַזוי אַז אַרום דעם אינסטיטוט האָט זיך פאַרזאַמלט אַ גרויסער המון נייגיריקע. 12 אַ זייגער האָט דער אָנפירער געהאַלטן אַ גרויסע שלוס-רעדע און ביי די קלאַנגען פון עם־ציק־שונד-לידער און פונם „האָרסט-וועסעל ליד" זענען די סטודענטן צוועק.

(המשך קומט)

# דאָס בּרוינע בּוך

## װעגן רייכסטאָג-אונטערצינדונג
## און היטלער-טעראָר

ארויסגעגעבן דורכן אינטערנאַציאָנאַלן הילפס-קאָמיטעט
פאַר די קרבנות פון דייטשן פאַשיזם.
מיט אַ פאָררעדע פון לאָרד מאַרליי

**אויטאָריזירטע יידישע אויסגאַבּע**

(מיט 20 בּילדער)

## העפט 4

פאַרלאַג „גראָשן-בּיבּליאָטעק"
1933 װאַרשע

„די איינוואוינער פונם אינסטיטוט זענען שוין געווען זיכער, אַז דערמיט איז די זאַך געענדיקט. אָבער אַ זייגער 3 נאָכמיטאָג זענען ווידער דערשינען אַ פּאָר לאַסט-אויטאָס מיט שטורמיסטן. די שטורמיסטן האָבן דערקלערט, אַז די קאָנפיסקאַציע מוז פאָרגעזעצט ווערן, ווייל די גרופּע פון אינדערפרי האָט נישט געהאַט קיין צייט, פדי גרינטלעך אַלס אויסצורוימען. די צווייטע גרופּע האָט ווידעראַמאָל דורכגעפירט אַ גענויע רעוויזיע און צוגענומען אַלע ווערט-פולע ביכער און מאַנוסקריפּטן, צוזאַמען צוויי גרויסע לאַסט-אויטאָס. פון זייערע זידל-ווערטער איז געווען קלאָר, אַז די נעמען פון די מחברים זענען זיי מערסטנטיילס געווען באַקאַנט. זיי האָבן אַרויסגעוואָרפן דאָס בילד פונם „יידישן חזיר פרויד", די ביכער פון אָסקאַר אוּאַיילד, פונם אַמעריקאַנישן יוגנט-ריכטער לינדסיי, פון זאָלאַ א. א. וו. א. א. וו. זיי האָבן אויך צוגענומען גאַנצע יאָרגענג פון פאַרשידענע צייטשריפטן און זשורנאַלן, דאָס גאַנצע מאַטעריאַל פון דער „וועלט-ליגע פאַר סעקסואַל-רעפאָרם" און אַ גאַנצע רייע נאָך נישט געדרוקטע מאַנוסקריפּטן און דאָקו-מענטן.

„זיי האָבן זיך כסדר נאָכגעפרעגט, ווען קומט דר. הירשפעלד. זיי ווילן, האָבן זיי געזאָגט, זען זיין מינע, ווען ער וועט צוריקקומען. נאָך פאַר דעם אָנפאַל אויפן אינסטיטוט זענען אַ פּאָר מאָל געקומען אַהין שטורמיסטן און זיך נאָכגעפרעגט אויפן דר. הירשפעלד. ווען מ'האָט זיי געזאָגט, אַז ער איז קראַנק אויף מאַלאַריע און געפינט זיך אין אויסלאַנד, האָבן זיי געענטפערט: „נו, לאָמיר האָפן, אַז ער וועט פגרן אויך אָן אונזער הילף; דאַן וועלן מיר פאַרשפּאָרן אים אויפצוהענגען אָדער שלאָגן צום טויט".

ווען די בערלינער און אויסלענדישע פרעסע האָט אויפן צווייטן טאָג געבראַכט די ידיעה וועגן דעם פּאָגראָם אויפן אינסטיטוט, האָט דאָס פּרעזידיום פון דער וועלט־ליגע אריינגעשיקט אַ טעלעגראַפישן פּראָטעסט צום בילדונגס־מי־ניסטער. אינם פּראָטעסט איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז צווישן די צוגענומענע מאַטעריאַלן געהערן אַ סך צו אויסלענדער און מ'בעט זיי נישט צו פאַרברענען. דאָס מיניסטעריום האָט אויף דער דעפּעשע גאָרנישט געענטפערט און אויפן אַנדערן טאָג זענען אַלע צוגענומענע ביכער און בילדער פאַרברענט געוואָרן אויפן אָפענעם־פּלאַץ צוזאַמען מיט אַנדערע ביכער אויפן עפנטלעכן אויטאָ־דאַ־פע. די צאָל פאַרניכטעטע בענדער פון דער אינסטיטוט־ביבליאָטעק האָט באַטראָפן איבער צען טויזנט. אין דעם פאַקל־צוג האָבן די סטודענטן געטראָגן דעם ביוסט פון דר. מאַגנוס הירשפעלד, וועלכן זיי האָבן אויך אריינגעוואָרפן אויפן שייטערהויפן.״

אין די היטלעריסטישע באַריכטן איז דער דאָזיקער „קולטורעלער אויפטו״ געשילדערט געוואָרן אויף פאָלגנדיקן אופן:

## *ענערגישע אַקציע קעגן אַ גיפט־קוואַל*

**דייטשע סטודענטן אויסגערוימט דעם „אינסטי־טוט פאַר סעקסואַל־פאָרשונג״.**

„דער קרייז X פון די דייטשע סטודענטן־אָרגאַניזאַציעס האָט נעכטן באַזעצט דעם „אינסטיטוט פאַר סעקסואַל פאָר־שונג״, וואָס איז געפירט געוואָרן דורכן ייד מאַגנוס הירש־פעלד. דער דאָזיקער אינסטיטוט, וועלכער האָט זיך באַמיט צו באַהאַלטן אונטער אַ וויסנשאַפטלעך מענטעלע און איז במשך פון דער 14־יעריקער מאַרקסיסטישער הערשאַפט גע־

וואָרן געשטיצט דורך די דאָמאָלסדיקע מאַכטהאָבער, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס אַ נעסט פון שמוץ און זנות. אַ גאַנצער לאַסט-אויטאָ פול מיט פּאָרנאָגראַפישע בילדער און שריפטן, ווי אויך אַקטן און קאַרטאָטעקן, איז קאָנפיסקירט געוואָרן... מיט אַ טייל פונם געפונענעם מאַטעריאַל וועט זיך פאַרנעמען די קרימינאַל-פּאָליציי, דער צווייטער טייל וועט עפנטלעך פאַרברענט ווערן."

(„אָנגריף", 6 מאַי 1933).

**אויפן שייטערהויפן!** „אין בערלין האָט די פּאָליטישע פּאָליציי קאָנפיסקירט אַן ערך 10.000 צענטנער ביכער און צייטשריפטן, וועלכע וועלן געבוי קאָנטראָלירט ווערן. דאָס קאָנפיסקירן די ביכער איז פאָרגעקומען נישט אָן ריי-בונגען. באַלד ווי מ'האָט זיך דערוואוסט וועגן דער אַקציע, האָבן אַ סך בוכהאַנדלונגען באַהאַלטן זייערע ביכער, כּדי די פּאָליציי זאָל זיי נישט קענען געפינען. די גרעסטע טייל באַהעלטעניש האָט מען אָבער אַנטדעקט. אַ סך ביכער האָט מען געפונען אין רעמיזעס, קעלערס, שייערן, אונטער דער ערד און אין פּריוואַטע וואוינונגען."

(„פעלקישער באָאָבאַכטער", 21 מאַי 1933)

„מיר זענען נישט און ווילן נישט זיין דאָס לאַנד פון נעטע און איינשטיין. דווקא דאָס נישט."

(„בערלינער לאָקאַל-אַנצייגער", 7 מאַי 1933)

„ווען דער קאַליף האָט געוואָלט פאַרברענען די באַרימטע ביבליאָטעק אין דער שטאָט אַלעקסאַנדריע, האָט מען אים געבעטן, ער זאָל שוינען די דאָזיקע ווערטפולע זאַמלונג.

„— צו וואָס ? — האָט געפרעגט דער קאַליף. — אויב אין די דאָזיקע ביכער שטייט דאָס זעלביקע, וואָס אין קאָ-ראַן, זענען זיי איבעריק. אויב ווידער ס׳שטייט אין זיי עפּעס אַנדערש, זענען זיי שעדלעך.״¹

„און די ביבליאָטעק אין אַלעקסאַנדריע איז פאַרברענט געוואָרן.״

דעם 10 מאַי האָבן אויפגעפלאַקערט אויפן בערלינער אָפּערע פּלאַץ, אַנטקעגנאיבער דער אוניווערסיטעט, די פלאַ-מען פון אַ גרויסן שייטערהויפן. דער גאַנצער פּלאַץ איז געווען אַרומגערינגלט מיט ברוינע און שוואַרצע שטורמיסטן-אָפּטיילונגען. לאַסט-אויטאָס האָבן געבראַכט ריזיקע הויפנס ביכער. אָרקעסטערס האָבן געשפּילט, אויסרופן האָבן פאַר-הילכט די לופט, דער פּראָפּאַגאַנדע-מיניסטער געבעלס איז געקומען צופליען מיט זיין אויטאָ. אין דעם יאָר טויזנט ניין הונדערט דריי און דרייסיק איז פאָרגעקומען דאָס דאָזיקע איינציק אַרטיקע שוישפּיל פון פאַרברענונג, באַגלייט דורך קלאַנגען פון „האָרסט וועסעל״ און „דייטשלאַנד, דייטשלאַנד איבער אַלעס!״.

ס׳זענען געפלויגן אויפן שייטערהויפן די ווערק פון קאַרל מאַרקס, פרידריך ענגעלס, פון לענין און סטאַלין, פון ראָזע לוקסעמבורג, קאַרל ליבקנעכט און אויגוסט בעבעל. „דייטשלאַנד, דייטשלאַנד איבער אַלעס!״

ס׳זענען געפלויגן אין די פייער-צונגען די ווערק פון פּאַציפיסטישע מחברים, בירגערלעכע דיכטער און סאָציאַלע רעפאָרמאַטאָרן, וועמענס נעמען האָבן באַדייט דעם העכסטן ראַנג אין בירגערלעכן דייטשלאַנד. דאָס פייער האָט פאַר-שלונגען די ביכער פון טאָמאַס מאַן און היינריך מאַן, לעאָנאַרד פראַנק, מאַגנוס הירשפעלד, זיגמונט פרויד, יאַקאָב

וואַסערמאַן, סטעפאַן צווייג א. א. „דייטשלאַנד, דייטשלאַנד איבער אַלעס!"

די קאָנקרעטע פלאַמען פאַר דער בערלינער אוניווערסיטעט, דער זיך שלענגלענדיקער רויך איבער די קעפ פון אַ שאָוויניסטיש צערייצטן המון, אַ רעדע פון פּראָפּאַגאַנדע-מיניסטער געבעלס — דאָס אַלץ האָט געשאַפן אַ שוישפּיל, וועלכן די היטלערישע „12-אור-בלאַט" האָט מיט אַן אומבאַהױסטויניקער איראָניע באַצייכנט אַלס „געשפּענסטלעך". פאַרגעסן זענען געוואָרן די אַלע שלעכטע דערפאַרונגען, וועלכע די אונטערדריקער פון אַלע יאָרהונדערטער האָבן געמאַכט מיט זייערע שייטער-הויפנס! די געשפּענסטער פון מיטלאַלטער זענען אויפגעשטאַנען תחית-המתים. די פלאַמען פאַר דער בערלינער אוניווערסיטעט האָבן געזאָלט צוזאַמען מיט מאַרקסיסטישע ווערק פאַרברענען אויך די מייסטערווערק פון דער בירגערלעכער קולטור און וויסנשאַפט פאַר די לעצטע 150 יאָר אין דייטשלאַנד.

אין אַלע טיילן פון דייטשלאַנד בושעוועט די צעשטערונגס-מאַניע קעגן די פּראָגרעסיווע ליטעראַטור. צענדליקער טויזנטער פּריוואַטע ביבליאָטעקן און ביכער-זאַמלונגען זענען קאָנפיסקירט געוואָרן בעת די הויז-רעוויזיעס, און פאַרניכטעט אויפן אָרט אָדער צושלעפט. די ביבליאָטעק אין לייפּציקער פאָלקסהויז, איינע פון די ווערטפולסטע און גרעסטע ביכער-זאַמלונגען אין דייטשלאַנד, מיט זעלטענע ווערק פון דער אַרבעטער-באַוועגונג, איז געפאַלן אַלס קרבן פון דער שנאה פון די היטלעריסטישע „קולטור-טרעגער" צום מאַרקסיזם.

**אַ ברוינע ליסטע.** די „נאַכט-אויסגאַבע", הוגענבערגס אָרגאַן, האָט פאַרעפנטלעכט ד. 26 אַפּריל 1933 די

פאָלגנדיקע רשימה פון ביכער, וועלכע מ׳דאַרף פאַרברענען:

בעלעטריסטיק: שלום אַש, אַנרי באַרביס, מאַקס בראָד, אַלפרעד דעבלין, איליאַ ערענבורג, ליאָן פויכטוואַנגער, עגאָן ערווין קיש, היינריך מאַן, רעמאַרק, לודוויק רען, ערנסט טאָלער, אַרנאָלד צווייג, סטעפאַן צווייג, אייפטאָן סינקלער און אַ רייע אַנדערע.

פּאָליטישע וויסנשאַפט: לענין, קאַרל ליבקנעכט, קאַרל מאַרקס, וואַלטער ראַטענוי, אויגוסט בעבעל בוכאַרין, לאַסאַל און אַ גאַנצע רייע אַנדערע.

די רשימה אַנטהאַלט אויך אַ גאַנצע רייע היסטאָרישע ווערק, וועלכע די היטלעריסטן האַלטן פאַר פּאַציפיסטיש, אַלע פּראָ-סאָוויעטישע ביכער א. א. וו.

פאַרברענט האָט מען אָבער אויך אַ סך ביכער, וועלכע גייען נישט אַריין אין דער רשימה.

דער דאָזיקער פאַרניכטונגס-קריג פון די ברוינע הערשער קעגן וויסנשאַפט און ליטעראַטור, זייער שטרעבונג צו באַזייטיקן פון די עפנטלעכע ביבליאָטעקן אַלץ, וואָס איז נויטיק כּדי צו פאַרשטיין די געשיכטע פון קולטור און וויסנשאַפט — דאָס אַלץ באַווייזט די אידעאָלאָגישע שוואַכקייט פון היטלעריזם.

אָבער דאָס פאַרברענען דורך היטלערן אַלע ווערק פונם דייטשן פּראָגרעסיוון געדאַנק דאַרף אויף קיין איין רגע נישט אויסמעקן פון אונזער זכרון, וואָס די מענטשהייט האָט צו פאַרדאַנקען אין דער פאַרגאַנגענהייט דעם גייסטיקן לעבן פון דייטשלאַנד. די פלאַמען פון די שייטערהויפנס האָבן נישט פאַרברענט דייטשלאַנדס פעיקייטן צו דינען דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער קולטור. נישט היטלער, גערינג און געבעלס זענען די פאָרשטייער פון „אמתן דייטשן

גייסט". דייטשלאַנדס אמתדיק גרויסע שעפערישע קראַפט איז פאַרקערפערט אין די מיליאָנען מענטשן, וועלכע דער היטלער-רעזשים פאַרפאָלגט איצט אַזוי אַכזריותדיק אַלס אַנטיפאַשיסטישע אַרבעטער, וויסנשאַפטסלייט, קינסטלער און אינטעליגענץ.

**די „ריייניקונג" פון דער פרייסישער ליטעראַרישער אַקאַדעמיע.** בעת מיר שילדערן היטלערס קרייצונג קעגן דער פרייסישער ליטעראַרישע אַקאַדעמיע, ווילן מיר דאָ נישט באַרירן די פראַגע, צי די דאָזיקע אַקאַדעמיע האָט במשך פון די לעצטע יאָרן געלייסטעט באמת פּאָזיטיווע און שעפערישע אַרבעט. אויב מיר וועלן זיי מעסטן מיט זייערע האַקנקרייצלערישע נאָכפאָלגער, ווייזן זיך אַרויס די אַרויסגעוואָרפענע מיטגלידער פונם דאָזיקן אינסטיטוט אַלס גיגאַנטן פון גייסט און וויסן.

צווישן די „אויסגערייניקטע" מיטגלידער פון דער פרייסישער ליטעראַרישער אַקאַדעמיע געפינט זיך טאָמאַס מאַן, אַ נאָבעל־פרייז באַזיצער און אפשר דער אָנגעזעענסטער שרייבער פונם בירגערלעכן דייטשלאַנד. זיין „חטא" איז באַשטאַנען דערין, וואָס במשך פון די לעצטע יאָרן האָט ער זיך דערנענטערט צו דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און אַפילו אַ פּאָר מאָל אויפגעהויבן זיין שטים קעגן געבלאַנטע יוסטיץ-מאָרדן, ווי אין די פאַלן סאַקאָ־וואַנצעטי און ראַהאָסי. ער האָט זיך אַמאָל געהאַט אויסגעדריקט וועגן די נאַציס, אַז זיי זענען „די פאַרדאָרבנסטע אויסוואורפן פון אונזער צייט" און דעם דאָזיקן פאַרברעכן וועט מען אים קיינמאָל נישט מוחל זיין.

זיין ברודער היינריך מאַן האָט געפרווּט צו פאַרנעמען די פּאָזיציע פון אַ „פרייהייטלעכן אומאָפּהענגיקן

גייסט". ער האָט געשילדערט אין קאַריקאַטור סיי דעם בירגער פון קייזערלעכן דייטשלאַנד, סיי דעם בירגער פון דער רעפּובליק. ער האָט אונטערגעשטיצט דעם אַמסטערדאַמער אַנטי־מלחמה קאָנגרעס. דעריבער האָט מען פאַרברענט זיינע ווערק און אים גופא פאַרטריבן.

אַ דריטער שרייבער, וועלכער האָט געצויגן אויף זיך די שנאה פון די נאַציס, איז יאַקאָב וואַסערמאַן, וועמענס ווערק זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין פאַרשידענע שפּראַכן. זיין הויפּט־פאַרברעכן באַשטייט אין דעם, וואָס ער איז אַ ייד און דריקט אויס אין זיינע ראָמאַנען ליבעראַלע אידעען.

אַלפרעד דעבלין איז פון פאַך אַ דאָקטאָר אין אַ בערלינער אַרבעטער־קוואַרטאַל. זיין לעצטער גרויסער ראָמאַן איז „בערלין אַלעקסאַנדער־פּלאַץ". דעבלין האָט זיך אַליין גערופן „קלאַסן־באַוואוסטזיניקער בירגער".

ס'זענען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פראַנץ ווערפעל און לעאָנאַרד פראַנק, געאָרג קייזער און בערנאַרד קעלערמאַן און אַ סך, אַ סך אַנדערע.

געבליבן אין דער אַקאַדעמיע איז צווישן אַ פּאָר פאַרבלאָזע און אומבאַקאַנטע שרייבער אויך גערהאַרט האַרטמאַן, דער מחבר פון „די וועבער". ער האָט שוין דורכגעמאַכט אין זיין לעבן נישט איין גלגול. בעת דער מלחמה האָט ער מיט נאָך 93 אינטעלעקטועלע אונטערגעשריבן אַ מאַניפעסט פאַר דער מלחמה. נאָך דער מלחמה איז ער געוואָרן דער הויף־פּאָעט פון דער דייטשער רעפּובליק. ער האָט עקשנותדיק געשוויגן, ווען דער היטלער־טעראָר האָט פאַרטריבן פון לאַנד די בעסטע שרייבער און וויסנשאַפטס־לייט.

און איצט וועלן מיר זען, ווער ס'זענען די געשטאַלטן,

וואָס די היטלעריסטן האָבן אַריינגעפירט אין דער אַקאַדעמיע. זייער הויפּט-פיגור איז האַנס יאָסט, וועלכער האָט אַמאָל געזינדיקט מיט רעוואָלוציע, ווען די נאַציס האָבן אָבער מוחל געווען דאָס אַמאָליקע „פאַרברעכן". ער איז דער איינציקער נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישער שרייבער, וועלכער האָט זיך געשאַפן אַ געוויסן נאָמען. הונדערטער דייטשע טעאַטערן שפּילן איצט לויטן באַפעל פון דער רעגירונג זיין דראַמע „שלאַגעטער". דער העלד פון דער דראַמע דערקלערט ווערטלעך:

„ווען איך דערהער דאָס וואָרט קולטור, נעם איך אַרויס מיין רעוואָלווער!"

אויסער די דאָזיקע געפינען זיך אין דער אַקאַדעמיע אומבאַדייטנדע און ווייניק-באַקאַנטע שרייבערלעך, וועלכע דאַרפן רעפּרעזענטירן די „ברוינע קולטור".

**די ברוינע קונסט.** דר. יאָזעף געבעלס, פּראָפּאַגאַנדע-מיניסטער פון דריטן רייך, האָט אָנגעשריבן אַ ראָמאַן: „מיכאַעל, אַ דייטשער גורל אין דער פאָרם פון טאָג-בוך". מיכאַעל, די זינדיקע דייטשע נשמה, האָט וויזיעס. דער שטן דערשיינט פאַר אים אין דער געשטאַלט פונם רוס איוואַן און וויל אים מאַכן פאַר אַ באָלשעוויק. מיכאַעלס נשמה ראַנגלט זיך מיט דעם פאַרפירער:

„אָבער איך בין שטאַרקער ווי ער.
איצט כאַפּ איך אים אָן ביים גאָרגל,
איצט גיב איך אים אַ שליידער אויף דר'ערד.
אָט ליגט ער,
כאָרכלענדיק מיט אויגן אָנגעלאָפענע מיט בלוט.
פּגר, דו שטן! כ'טרעט אים אויפן שאַרבן.
און איצט בין איך פריי!"

דאָס איז דער גייסט, וועלכער מאַכט איינעם רייף אַריינגענומען צו ווערן אין דער היטלעריזירטער אַקאַדעמיע: „כ׳טרעט אים אויפן שאַרבן! פּגר, דו שטן!"

דער באַקאַנטער שרייבער האַנס היינץ עווערס, וועלכן געבעלס האָט באַשטימט אַלס פּאָרזיצער פון דייטשן שרייבער-פאַריין, איז אָפיציעל נאָך נישט קיין מיטגליד פון דער אַקאַדעמיע. זיינע פּאָרנאָגראַפישע ראָמאַנען („אַלראַונע" און „דער וואַמפּיר") זענען שפּעטער אַרויסגעשטעלט געוואָרן דורך די נאַציס גופא אויף דער ליסטע פון שונד- און שמוץ ליטעראַטור (און זיי זענען די איינציקע, וועלכע פאַרדינען דאָס באמת!). ער איז אָבער דער אָפיציעלער ביאָגראַף פונם נאַציאָנאַל-סאָצ-אַליסטישן העלד האָרסט וועסעל, וועגן וועלכן ער האָט אָנגעשריבן אַ דראַמע. מ׳האָט שוין וועגן אים געהאַט אינגאַנצן פאַרגעסן אין די לעצטע יאָרן, ביז ער איז איצט אויפגעשטאַנען תחית-המתים אַלס הויף-זינגער פונם „דריטן רייך". אין 1922 האָט עווערס אָנגעשריבן אַ זייער יידן-פריינטלעכע הקדמה צו ישראל זאַנגווילס בוך „די שטים פון ירושלים". די קאָניונקטור האָט זיך אָבער געענדערט. עווערס איז געוואָרן אַן אַנטיסעמיט.

אַזוי זעט אויס די באַנייטע אַקאַדעמיע. און איצט לאָמיר זען אירע „לידער":

**„אַלע פייגלעך זענען שוין דאָ"**

(זינגען מיט דער מעלאָדיע: „אַלע פייגלעך")

זיי געזונט, מיין ליבעס היימלאַנד,
אין שטראַסבורג אויף די אָקאָפּעס
הויבט זיך אָן אַ גרויסער טרויער.
היילע דיר אינעם זיגער-קראַנץ.

ס'דונערט אַ רוף איבערן גאַנצן לאַנד.
ראָזע לוקסעמבורג שווימט אין קאַנאַל,
קאַרל ליבקנעכט הענגט אויפן... בוים.

א. א. ח.

(פונם בוך „דייטשלאַנד ערוואַכע",
לידער-זאַמלונג פאַר קינדער 8-טע (!) אויפלאַגע).

מ'דאַרף נישט מיינען, אַז דאָס איז אַן אויסנאַם. אויך אַנדערע נאַצי-לידער זענען פונם זעלבן מין:

„ווען יידיש בלוט רינט פונם מעסער,
וועט אונז גיין צווייִמאָל בעסער."

אָדער:

„צעשלאָגט אויף טויט דאָס רויטע געזינדל,
די שטורמיסטן מאַרשירן – מאַכט אַ וואַרע!"

## דער קרייצצוג קעגן „נישט-דייטשע" מוזיק.

הער יאָזעף געבעלס, היטלערס פּראָפּאַגאַנדע-מיניסטער, האָט ד. 9 מאַי דערקלערט פאַר דייטשע טעאַטער-לייטער און קינסטלער: „קונסט קומט פון קענען און נישט פון ווילן". כדי צו אילוסטרירן די דאָזיקע שיינע ווערטער, ברענגען מיר ווייטערדיקע פאַרלוסטן-ליסטע פון דער דייטשער קונסט:

צו די בעסטע דייטשע קינסטלער האָט מען שטענדיק פאַררעכנט די דיריגענטן ברונאָ וואַלטער, אָטאָ קלעמפּערער און פריץ בוש. אָטאָ קלעמפּערער איז במשך פון אַ פּאָר יאָר געווען לייטער פון דער בערלינער אָפּערע, וועלכע ער האָט פאַרוואַנדלט אין אַ מאָדערנעם מוזיק-צענטר. אַזוי ווי ער שטאַמט פון יידן, האָט ער געמוזט פאַרלאָזן זיין פּאָסטן.

ברונאָ וואַלטער, אַ וועלט־באַרימטער דיריגענט, איז אַ ייד, און אַזוי ווי „קונסט קומט פון קענען" – קען ער מער נישט טעטיק זיין אין דייטשלאַנד. אויף זיין אָרט האָט מען גענומען עפּעס אַ העכר פּוזעל, לייב־מוזיקער פון די נאַציס, ביי וועלכן ס'קאָן קיין רייד נישט זיין פון קונסט און נישט פון קענען.

בוש, דער מוזיק־דירעקטאָר אין דרעזדען, איז אַ בלאָנדין, אַזוי אַז זיין „אַרישע" אָפּשטאַמונג שטייט אויסער צווייפל. ער איז אַ קאָנסערוואַטיסט, אָבער צופעליק נישט קיין נאַצי. ער האָט אַריינגעבראַכט נייַ לעבן אין דער באַרימטער דרעזדענער אָפּערע. אין די טעג פון „נאַציאָנאַלן אויפהויב" איז אין מיטן אַ פאָרשטעלונג דערשינען אויף דער סצענע אַ נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער מסור און האָט אויפגעפאָדערט בושן זיך אָפּצוזאָגן פון זיין אַמט.

„בערלין, 8 מערץ. – 60 שטורמיסטן האָבן נעכטן אין אָוונט באַזעצט די בינע פון דער שטאָטישער אָפּערע, בעת ס'איז געשפּילט געוואָרן אונטער בושס לייטונג די אָפּערע „ריגאָלעטאָ". לויט אַ שילדערונג פון דער „פאָסישער צייטונג" האָט דער שטורמיסטן־אָנפירער דערקלערט דעם פּובּליקום, אַז אויף להבא וועט ער אַליין זיין דער לייטער פונם טעאַטער און בושס אָרט וועט תיכף איבערנעמען דער דיריגענט שטריגער. ווען בוש האָט פונדעסטוועגן געוואָלט ווייטער דיריגירן, האָבן די שטורמיסטן אויפגעהויבן אַ שרעקלעכן טומל. בוש איז געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזן די אָפּערע און זיין אָרט אַלס דיריגענט האָט פאַרנומען שטריגער."

ס'זענען אויך באַזייטיקט געוואָרן דורך די נאַציס אַ גאַנצע רייע אָנגעזעענע און וועלט־באַרימטע קאָמפּאָזיטאָרן און דיריגענטן, וועלכע האָבן אָוועקגעשטעלט די דייטשע

מוזיק אויף דער העכסטער מדרגה. זיי זענען אָבער במעט אַלע יידן און אין היטלער-דייטשלאַנד איז פאַר זיי נישטאָ קיין אָרט.

באַזונדערס האָט זיך די שנאה פון די היטלעריסטן געווענדעט קעגן דעם ערשטן פּראָלעטאַריש-רעוואָלוציאָנערן קאָמפּאָזיטאָר האַנס אייזלער, וועלכער איז אויך פאַרטריבן געוואָרן קיין אויסלאַנד. אין די לעצטע יאָרן האָט ער געגעבן דעם דייטשן אַרבעטער-קלאַס אַ רייע גרויסע כאָר-געזאַנגען און פּאָפּולערע קאַמפּס-לידער, וועלכע זענען דורך די מאַסן געזונגען געוואָרן מיט דער גרעסטער באַגייסטערונג אויף די גאַסן, פאַרזאַמלונגען און אין אַרבעטער-שטובן, און וועלכע זענען באַקאַנט אויך אין אַנדערע לענדער. אין דייטשלאַנד האָט אים דערוואַרט אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער אָדער אַ מאַרטירער־טויט אין אַ נאַצי־קאַזאַרמע.

ביי דער דייטשער מוזיק האָט מען צוגערויבט די בעסטע קרעפטן. דערדאָזיקער פאַקט האָט געצווונגען דעם באַרימטסטן דיריגענט אין דער וועלט אַרטוראָ טאָסקאַניני זיך אָפּצוזאָגן פון דער באַטייליקונג אינם פעסטיוואַל, וועלכער איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין ביירויט לכבוד ריכאַרד וואַגנערס אָנדענק. אָנהויב יוני האָט ער געשיקט צו דער פרוי ויניפרעד וואַגנער (וואַגנערס אייניקל) פאָלגנדיקע טעלעגראַמע:

„אַזוי ווי די געשעענישן אין דייטשלאַנד, וועלכע באַליידיקן מיינע געפילן אַלס קינסטלער און מענטש, ווייזן נישט אַרויס קיין שום ענדערונג, האַלט איך פאַר מיין חוב איבערצוגרייסן מיין שווייגן און אייך מיטצוטיילן, אַז איר זאָלט בעסער נישט טראַכטן וועגן מיין קומען קיין ביירויט. אַרטוראָ טאָסקאַניני".

טעאַטער — מאָלעריי — פילם. שלאָגטעטער און האָרסט וועסעל באַהערשן איצט די דייטשע בינע. אונס דייטשן טעאַטער זענען פאַרטריבן געוואָרן די בעסטע כּחות מיט מאַקס ריינהאַרדטס בראש. אַלע אַקטיאָרישע אָרגאַניזאַציעס זענען געשטעלט געוואָרן אונטער דער קאָמאַנדע פון פאַשיסטישע קאָמיסאַרן.

די פילם-געזעלשאַפט „אופאַ" האָט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדנונג, אַז יידישע אַקטיאָרן קענען שפּילן נאָר אין נעגאַטיווע „שלעכטע" ראָלן. יידישע אַקטיאָרן דאַרפן אויפטרעטן אין די פילמען נאָר אַלס שווינדלער, פאַרברעכער און נישט-נאָרמאַלע טיפּן.

די זינלאָזע צעשטערונגס-אַרבעט פון די נאַציס שפּרייט זיך אויס אויף אַלע געביטן פון דער קונסט. דער פּאָרזיצער פון דער קונסט-אַקאַדעמיע, דער גרויסער מאַלער מאַקס ליבערמאַן איז געצווונגען געוואָרן צו דעמיסיאָנירן צוליב אַרישן פּאַראַגראַף. ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז קעטע קאָלוויץ, די געניאַלע מאַ־ערין פון דער אַרבעטער-וועלט, איז פאַרטריבן געוואָרן.

די באַרימטסטע פילם-רעזשיסערן מוזן זוכן באַשעפטיקונג אין אויסלאַנד. אַלע פּ־אָלעטאַרישע און פּראָגרעסיווע פילם-אַרטיסטן און פילמען זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף דער שוואַרצער ליסטע.

דר. אַ. שטייגלער, דירעקטאָר פון אַ פּאָלקס-פילם-געזעלשאַפט, וועלכע האָט צוו. אַנד. צוליב ריין געשעפטלעכע טעמים געהאַט אויסגעבאָרגט אַ פּאָר סאָוויעטישע פילמען, איז אין די אויגן פון זיין גאַנצן פּערסאָנאַל אכזריותדיק צעממיטס געוואָרן דורך די שטורמיסטן. דאָס ביוראָ איז

געוואָרן פאַרמאַכט, די פילמען קאָנפיסקירט און דאָס גאַנצע פערסאָנאַל אַרעסטירט.

## די שולן פון „דריטן רייך".

„מ'זאָגט, אַז אין אייערע שולן פאַרמעסטן זיך יינגלעך און מיידלעך נאַקעט אין וועט-קאַמפן און ווערן אַזוי אַרום דערצויגן אַלס קריגס-לייט. צי לערנען זיי אָבער אויך עפּעס? און צי ווערן נישט זייערע חושים אויפגערייצט, ווען זיי קוקן זיך אַזוי אָן?

„חס וחלילה, מיין פריינט, ווייל מיר מאַטערן זיי אַזוי, אַז ס'פעלט זיי אויס דער אָטעם, און ווען זיי זענען מיד, קענען זיי נישט טראַכטן און נישט פילן קיין גלוסטונג.

„אָבער ווי האַלט עס מיט די וויסנשאַפטן און ידיעות, וועלכע זיי דאַרפן זיך אויסלערנען, מיין קלוגער געזעצגעבער?

„זיי דאַרפן גאָרנישט לערנען און גאָרנישט טראַכטן, ווייל דער וואָס קאָן טראַכטן, קאָן טראַכטן שלעכט, דער אָבער וואָס איז גוט פאַרפולקאָמט קערפּערלעך און ווערט געשוגדן א גאַנצן טאָג, דער קאָן ווערן א גוטער בירגער".

(פון א געשפּרעך אין אַלטן גריכנלאַנד וועגן ספּאַרטאַנישע דערציאונג).

אָט דאָס איז דער אידעאַל פון דער היטלערישער שול. זי דאַרף נישט שאַפן קיין געבילדעטע מענטשן, זי דאַרף נאָר פּראָדוצירן גוט-אויסגעמושטירטע, געהאָרכזאַמע סאָלדאַטן פון דריטן רייך. כדי איינצורעדן די קינדער, אַז אויף דער וועלט איז נישטאָ קיין שום בעסערע זאַך, ווי

דאָס דריטע רייך, מוז מען זיי אַזוי שילדערן די וועלט, ווי זי האָט קיינמאָל נישט אויסגעזען. מ'מוז אַלזאָ פעלשן די געשיכטע אויפן נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישן שטייגער. אין די „נייע לערנביכער פון געשיכטע" דאַרף שטיין ווי אַמ-ווינציקסטן. „ס'איז נויטיק די גרעסטע פאַרקירצונג". דערי-בער דאַרף מען „הויפּטזעכלעך לערנען די געשיכטע פון די לעצטע צוויי צענדליק יאָר".

אַלס צולאָג צו אַזאַ מין „געשיכטע", רחמנא ליצלן, דאַרף מען ספּעציעל לערנען „ראַסן-וויסנשאַפט" און „פאַמיל-יען-פאָרשונג". אַזוי האָט דער בערלינער מלוכה-קאָמיסאַר דר. מיינסהאַוזען דערקלערט אין אַ רעפעראַט וועגן רעפאָרמירן דאָס שול-וועזן:

„צו אַלע ליבעראַליסטישע קאָפּ-פאַרדרייעניש דאַרף מען מאַכן אַ סוף... בנוגע צו דער יידן-פראַגע דאַרף גילטן דער פּרינציפּ: „סענטימענטאַליטעט איז פאַלקס-פאַראַט".

אַלס פועל-יוצא דערפון האָט מען אַרויסגעוואָרפן אַלע פאַרדעכטיקע לערער. אַלע וועלטלעכע שולן האָט מען פאַרי-מאַכט. די ערשטע לייסטונג פון דער ברוינער שול-פּאָליטיק איז געווען צוריק איינפירן דאָס שמייסן די קינדער. מ'האָט אויסגעראָטן אַלע שטרעבונגען צו אַ מאָדערנער שול.

מ'האָט פאַרטריבן פון די אוניווערסיטעטן יידישע פּראָ-פעסאָרן און יידישע סטודענטן. נאָר אָנדערטהאַלבן פּראָצענט „נישט-אַרישע" סטודענטן ווערן צוגעלאָזט אין די העכערע לערן-אַנשטאַלטן. אַלע לערער מוזן געהערן צום היטלעריס-טישן לערער-פאַריין, אַנישט פאַרלירן זיי זייערע פּאָסטנס.

פאַר היטלעריסטישע סטודענטן און מיטגלידער פון נאַציאָנאַלע געזעלשאַפטן האָט מען באַשטימט באַזונדערע לייכטערע עקזאַמענס, כּדי „צו געבן זיי אַ פאַרגיטיקונג פאַר

דער צייט, וואָס זיי האָבן אָוועקגעגעבן אין דינסט פון פאָטערלאַנד און זיך נישט געקאָנט לערנען".

ווי ס'זעט אויס דער „גייסט" פון די דאָזיקע סטודענטן, קאָן מען זען פון זייערע „12 טעזן", וואָס זיי האָבן אויסגעהאָנגען אויף די מויערן פון בערלינער אוניווערסיטעט. צווישן די דאָזיקע טעזן לייענען מיר:

„אונזער געפערלעכסטער שטערער איז דער ייד. דער ייד קאָן טראַכטן נאָר יידיש. אויב ער שרייבט דייטש, ליגט ער. מיר פאָדערן פון דער צענזור, אַז יידישע ווערק זאָלן דערשיינען נאָר אין דער העברעישער שפּראַך. אויב זיי דערשיינען אין דייטש, דאַרף מען אויפשרייבן, אַז דאָס זענען איבערזעצונגען."

די פּרעסע. נאָך פאַר דער רייכסטאַג-אונטערצינדונג איז כמעט די גאַנצע אַרבעטער-פּרעסע אָפּגעשטעלט געוואָרן. נאָך דער רייכסטאַג-פּראָוואָקאַציע האָט זיך אָבער אָנגעהויבן אַן אמתער פּאָגראָם קעגן קאָמוניסטישע, סאָציאַליסטישע און בירגערלעך-פּראָגרעסיווע צייטונגען. לינקע זשורנאַליסטן האָט מען אַרעסטירט און געפּייניקט אין די שטורמיסטן-קאַזאַרמעס. די דעמאָקראַטישע בלעטער האָבן זיך גענומען צופּאַסן צום נייעם פּאָגראָם-רעזשים. די גרויסע דעמאָקראַטישע פאַרלאַגן אולשטיין און מאָסע האָבן אָנגעהויבן „פּריווויליק" צו באַזייטיקן אַלע יידישע, פּאַציפיסטישע און סתם-זשורנאַליסטן, וועלכע האָבן נישט נושא חן געווען ביי די נאַציס. אויך די דאָזיקע פּרעסע האָט געפּייערט די „היסטאָרישע געשעענישן פון די לעצטע טעג" און זיך דערקלערט אין ליבע היטלערן. זי האָט פאַרשוויגן די ידיעות וועגן די שחיטות אין די אַרבעטער-קוואַרטאַלן, זי האָט פאַרשוויגן די גרויל-

טאַטן, וועלכע זענען אָפּגעטון געוואָרן אַ פּאָר טריט פון דער רעדאַקציע. די „יידישע בלעטער" האָבן אָפּגעלייקנט די יידן-פאַרפאָלגונגען.

די אויסלענדישע פרעסע, וועלכע האָט נישט געוואָלט פאַרשווייגן די אוממענטשלעכע אַכזריותן, איז גיך אַריינגע-פאַלן אין אַ קאָנפליקט מיט דער היטלער-רעגירונג. די רע-גירינג האָט געדראָט, אַז אויב די אויסלענדישע זשורנאַליסטן וועלן נישט אויפהערן צו פאַרשפּרייטן „בייזוויליקע" ידיעות, וועט מען אָננעמען קעגן זיי ערנסטע מיטלען. דעם 5-טן אַפּריל האָט די היטלער-רעגירונג געליטן אַ שווערע מפּלה אינם פאַריין פון אויסלענדישער פרעסע. די רעגירונג האָט געדראָט דעם פאַריין מיט באָיקאָט, אויב ער וועט נישט אַראָפּזעצן זיין פאָרזיצער מאָורער, קאָרעספּאָנדענט פון „טשי-קאַגאָ דיילי ניוס". די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פונם פאַריין האָט מיט 60 שטימען קעגן 7, ביי 3 אָפּגעהאַלטענע, באַ-שלאָסן אָפּצוואַרפן מאָורערס דעמיסיע. אונטערן דרוק פון דע־ אויסלענדישער עפנטלעכער מיינונג האָט היטלער גע-מוזט נאָכגעבן די אויסלענדישע זשורנאַליסטן.

אַלע פאַריינען פון פרעסע-מיטאַרבעטער זענען היטלע-ריזירט געוואָרן און באַשלאָסן נישט צוצולאָזן אין זייערע רייען קיין יידישע און מאַרקסיסטישע זשורנאַליסטן.

די „גערמאַניזירונג" פון זיין רעדאַקציע-פּערסאָנאַל האָט אָבער קנאַפּ וואָס געהאָלפן דעם פאַרלאַג רודאָלף מאָסע, וועלכער האָט אַרויסגעגעבן דעם „בערלינער טאַגעבלאַט". אין די ערשטע טעג פון אַפּריל איז דער פאַרלאַג פאַקטיש צוגענומען געוואָרן ביי מאָסען און ס'איז באַשטימט געוואָרן אַ היטלעריסטישער קאָמיסאַר אָסט. מ'האָט באַשטימט אַ נייע היטלעריסטישע רעדאַקציע. דער קאָמיסאַר אָסט איז אָבער

איגניכן אָרעסטירט געוואָרן, ווייל ער האָט צוגעלקחנט אַ פּאָר מאָל הונדערט טויזנט מאַרק. נאָך 3 חדשים היטלערישע באַלעבאַטישקייט האָט דער פאַרלאַג באַנקראָטירט.

ס'איז אוממעגלעך אויסצורעכענען אַלע רעפּרעסיעס לגבי בירגערלעכע צייטונגען און זשורנאַלן. די גאַנצע דײַטשע פּרעסע איז געענדערט געוואָרן. דער לעזער-עולם איז מיט אַן אייזערנער וואַנט אָפּגעגרענעצט פון אַלע אמתע ידיעות. העכער 250 אויסלענדישע צייטונגען זענען פאַרבאָטן אין דייטשלאַנד, מערסטנטייל טשעכאָסלאָוואַקישע, עסטרייכישע, פראַנצויזישע, שווייצאַרישע און פּוילישע.

דייטשלאַנד איז געווען דאָס לאַנד פון דער גרעסטער ליטעראַרישער פּראָדוקציע. שוין אין די ערשטע וואָכן פון היטלערס הערשאַפט איז די דאָזיקע פּראָדוקציע געפאַלן מיט איבער 30 פּראָצענט.

אין אַלגעמיין זענען ביז איצט באַזייטיקט געוואָרן קנאַפּע 300 פּראָפעסאָרן, דאָצענטן, קונסט-אַקאַדעמיקער, אַ פּאָר טויזנט אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים, זשורנאַליסטן, ליטעראַטן און אַרטיסטן.

## קאַפּיטל VII:
# פּייניקונגען און רדיפות

די נאַצי-פּאַרטיי, וועלכע איז זינט יאָרן אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך די דייטשע אינדוסטריע און אַגראַר-מאַגנאַטן, האָט זיך אויסגעלערנט שפּילן איר ראָל פון דער געשיכטע. זי האָט קיין שום נייעס נישט ערפינדן; זי האָט שטודירט די פריערדיקע אונטערגאַנגס-עפּאָכעס, ווייל זי האָט געוווסט אַז זי אַליין דאַרף דינען דער אונטערגייענדיקער וועלט.

זי האָט זיך אויסגעלערנט פון נעראָנען, ווי אַזוי אונ־טערצוצינדן, פון מיטלאַלטער ווי אַזוי צו מאַכן בלבולים און פאַרפאָלגן דאָס יידנטום, פונם סאָציאַליסטן-הענקער מו־סאָליני—האָט זי געלערנט דעם בלוטיקן טעראָר. די פאַרטיי פון די נאַציס האָט יאָרנלאַנג אין אירע אָפיציעלע דאָקומענטן אָנגעזאָגט איינצוואָרדנען אַ באַרטאָלאָמעאוס-נאַכט; אָפיציעל האָט עס געהייסן: „די נאַכט פונם לאַנגן מעסער". די דאָ־זיקע נאַכט איז אָנגעקומען מיט דעם אָוונט פון דער רייכס־טאָג-שרפה. זי איז נאָך ביז איצט נישט פאַרענדיקט. צו שטאַרק איז דער ווידערשטאַנד פון די רעוואָלוציאָנערע אַר־בעטער און פויערן; צופיל מיליאָנען זאַמלען זיך שוין אַרום ד קעמפער פאַר פרייהייט. די נאַצי-פאַרטיי האָט דעריבער געמוזט פון דער באַרטאָלאָמעאוס-נאַכט מאַכן אַ באַרטאָלאָ־מעאוס-יאָר, אַ יאָר פון שטאָלערנע ריטער, אַ יאָר וואָס מיר קאָנען דאָ דערציילן דערווייל בלויז וועגן זיינע ערשטע דריי חדשים.

די פריינט פון היטלער-רעזשים חזרן גערן איבער די דערקלערונג פון דער רעגירונג, אַז אין דייטשלאַנד הערשט רו און אָרדענונג. אָפיציעלע הכחשות ווילן באַרואיקן אויסלאַנד, פייערונגען און פאַראַדן דאַרפן אָפציען די אויפ־מערקזאַמקייט פון די פאַקטישע געשעענישן. פאַרוואָס קאָנען אַ סך די אמתע פאַקטן נישט זען?

די קליינע צאָל אויסלענדישע טוריסטן, וועלכע האָבן נאָך חשק צו באַזוכן דאָס טיראַניזירטע דייטשלאַנד, ווערן נישט געפירט נישט אין קיין קאַזאַרמע פון די שטורם־אָפטיילונגען, נישט אין קיין קאָנצענטראַציע-לאַגער. די פיי־ניקונגען, וואָס קומען פאָר אין מיטן דער נאַכט, די דער־

שיסונגען „ביים ווען אנטלויפן", די ראַפינירט־אָרגאַניזירטע מאָרדן — דאָס אַלץ קאָן דער אויסלענדישער באַזוכער נאָר גאַנץ צופעליק באַמערקן.

און דער אויסלענדישער זשורנאַליסט? געפינט זיך דען נישט יעדער טעלעפאָן־געשפרעך זיינער, יעדע טעלע־גראַמע זיינע אונטער דער שטרענגסטער צענזור? ווערט נישט יעדער טריט זיינער נאָכשפּיאָנירט? דראָט אים נישט טעגלעך אַרויסגעשיקט צו ווערן?

ווען אָבער די געשרייען פון די געפייניקטע אין די שטורמיסטן־קאַזאַרמעס רייסן זיך אַרויס צו הויך און צו שטאַרק און דרינגען אַריין אין די אויערן פון די איינ־וואוינער, ווען עס באַווייזט זיך פּלוצלונג איבער די גאַסן אַ פּרוי פון אַ געפייניקטן און שרייט מיט אַ יעמערלעך, אימהדיק קול, ווען די גרוילעכע מעשים פון די נאַצי־לייט ווערן צו שטאַרק אָנזעעוודיק אין די אויגן פון הונדערטער מענטשן, דאַן געפינט מען שוין באַלד דעם פּאַרטיקן תירוץ: „דאָס איז אַן אויסנאַמס־פאַל". דעם 10־טן מערץ האָט אָבער רייכסמיניסטער גערינג געלאָזט פאַלן אויף אַ מיטינג אין עסען די ווערטער: „וואו מען האַקט האָלץ, פאַלן שפּענער".

צו דעם דאָזיקן דראַסטישן מיניסטערס וואָרט ווילן מיר צוגעבן, אַז „דאָס פאַלן פון שפּענער" איז שוין פון לאַנג אָרגאַניזירט; די מיטלאַלטערלעכע מעטאָדן, וועלכע עס ווענדן איצט אָן די נאַצי־לייט זענען שוין פון זינט יאָרן פּראָפּאַגאַנדירט און אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך די נאַצי־פירער.

די נאַצי־פירער האָבן איינגעפירט מיטלאַלטערלעכע פּאָגראָמען, די לינטשערײַ־יוסטיץ, די ווילקירלעכע אַרעסטן (דעם אַזויגערופענעם „שוצהאַפט"), די שייטערהויפנס, דאָס

יאָגן אַרעסטירטע אונטער בייטשן און די פייניקונגען פון דער ערשטער, צווייטער און דריטער מדרגה. אויף וויפל דאָס האָט געניצט לשם פּראָפּאַגאַנדע, זענען די מיטלאַלטער־לעכע מעטאָדן אָנגעווענדט געוואָרן עפנטלעך. אָבער די פּיי־ניקונגען זענען דורכגעפירט געוואָרן אין געהיים. מ׳האָט זיי געוואָגט דורכצופירן נאָר אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט. ביזן היינטיקן טאָג ווייסן מיליאָנען דייטשן גאָרנישט פון דעם אַלעם. אונזער בוך עפנט זיי די אויגן.

**דער נאַכט־טעראָר.** פון דעם 27־טן פעברואַר אָן בושעוועט דער געהיימער טעראָר. מען „רעכנט זיך אָפּ". מען אַרעסטירט סיסטעמאַטיש, מען פייניקט מיט אויסרעכע־נונג. אויף די טענות וועגן מעגלעכע, נישט באַרעכטיקטע ענוים קשים, איז דער מיניסטער ווידער געקומען מיט אַן ענטפער, אין וועלכן ער ווייזט אָן, ווי ווייט מען קאָן רודפן:

„אַזוי לאַנג, ווי איך זע נישט אַרומלויפן קיין קאָמו־ניסטן מיט אָפּגעשניטענע אויערן און נעז, איז נישטאָ קיין גרונד זיך אויפצורעגן."

אָט אַזוי ווייט קאָן מען רודפן! מען איז נישט פאַרפליכטעט געווען צו באַטראַכטן די קרבנות און געווען אויסצופאָרשן די מסירות. די שטורמיסטן, וועלכע האָבן פון זייער פאָליציי־שעף באַקומען אַזעלכע אומצווייטיקע אָנ־ווייזונגען, האַנדלען ביי אַרעסטירן אין הסכם מיט די ווער־טער פון יענעם פראַנצויזישן קאַרדינאַל, וועלכער האָט אין אַן ענלעכער צייט (בעת דער באַרטאָלאָמעאוס־נאַכט, וועלכע האָט די נאַציס געדינט אַלס ביישפיל) דערקלערט פאַר די, וועלכע האָבן אים געפרעגט, וועמען צו הרגענען: „הרגעט

זיי אַלע, גאָט וועט שוין צווישן זיי אויסגעפינען ווינע קריסטן"...

טאָגטעגלעך קומען צו אונז די קרבנות פון די דאָזיקע נאַכט-פייניקונגען און ווייזן זייערע אַלץ נאָך נישט פאַרהיילטע וואונדן. זיי דערציילן וועגן די שרעקלעכע יסורים, וואָס זיי האָבן געליטן, מיט דעם כאַראַקטעריסטישן ציטער פון געפייניקטע, וועלכע מ'האָט נישט בלויז קערפּערלעך בלוטיק געשלאָגן, נאָר אויך אין זייערע נשמות אויסגעבּרענט דעם נישט אויסגעלאָשענעם האַס קעגן די פייניקער.

מיר פאַרעפנטלעכן דאָ פּראָטאָקאָלן און באַריכטן, וועלכע מיר האָבן מיט דער גאַנצער זאָרגפעלטיקייט און גרינדלעכקייט אויסגעפאָרשט, ווי עס פאָדערט פון אונז אונזער זאַך.

**די פייניקונגס-קאַמערן.** עס ליגט פאַר אונז אַ באַריכט, וועלכער רעדט אָפן וועגן אַ שמיץ-טאַקסע, וועגן וועלכן עס דאַרפן וויסן די שטורמיסטן:

„פאַר געוויינלעכער אָנגעהעריקייט צו דער ס. ד. ווערט מען באַשטראָפט מיט דרייסיק שמיץ פון אַ גומי-בייטש אויפן נאַקעטן לייב. מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי דאַרפן בכלל געננומען קריגן פופציק שמיץ. פאַר פונקציאָנערן פון די פּאַרטייען, אָדער פראָפ. פאַריינען דאַרף די צאָל שמיץ געהעכערט ווערן. בכלל גענומען איז די גרויס פון דער שטראָף אָפּהענגיק פון דעם פאַרהאַלטן זיך פון דעם אַרעסטירטן."

דעם אַרבּעטער-פונקציאָנער בערנשטיין פון בערלין-נידערשענעווייִדע האָט מען אין אַ שטורמיסטן-קאַזאַרמע אַנידערגעוואָרפן אויף אַ באַנק און געגעבן פופציק שמיץ, ווייל

ער איז אַ קאָמוניסט; דערנאָך האָט ער באַקומען נאָך פּאָפּ־ציק שמיץ, ווייל „ער איז אויך אַ ייד".

ווי מיר זעען, זענען פאַראַן פאַרשידענע מדרגות פון פייניקונגען. די פּראַקטאָקאָלן באַשטעטיקן עס. לאָמיר נאָכ־פאָלגן די געפאַנגענע אויף זייער ליידנס־וועג:

די פייניקונגען הויבן זיך אָן מיט דעם מאָמענט, ווען מען קומט „נעמען" דעם קרבן פון דער וווינונג. די, וועלכע עפענען די טיר, טרעפן אָנגעשטעלט אויף זיך אויסגעשטרעק־טע רעוואָלווערן; די פאַמיליע־מיטגלידער דראָט מען, מען צעהאַקט דאָס מעבל, ביכער ווערן צוטרעטן, אָדער אַרויס־געוואָרפן אויף דער גאַס. ביי שריפטשטעלער ווערן זייערע מאַנוסקריפּן כּאַ־ניכטעט פאַר זיי אין די אויגן, מאַנוסקריפּן איבער וועלכע מ׳האָט חדשים־לאַנג געאַרבעט; ביי אַרבעטער ווערט געלייגט אַן אַרעסט אויף זייער לעצטער פּענסיע. די פאַמיליע איז ביי דעם אַלעם אָנוועזנט. די קינדער קוקן צו נישט קאָנענדיק זיך באַהערשן, ווי אומבאַקאַנטע יונגעלייט שלאָגן זייער פאָטער אין פּנים אַריין, ווי ער שטייט שוצ־לאָז. און שוין הויבט זיך אָן די שרעקלעכע זאָרג וועגן דעם, מיט וואָס דאָס אַלץ וועט זיך ענדיקן. די פרוי קוקט זיך צו צו די רויע געזיכטער פון די יונגען, וואָס זענען געקו־מען אַרעסטירן איר מאַן. זי הויבט אָן צו פאַרשטיין, וואָס עס שטייט אים פאָר. זי וויל זיך מער דערוויסן. זי פרעגט, וואוהין מען פירט איר מאַן. אָבער זי הערט בלויז באַליי־דיקנדיקע תשובות און דאַן שטויסט מען דעם געפאַנגענעם אַרויס פון דער שטוב, מען טרייבט אים אַראָפּ איבער די טרעפּ אויף דער גאַס אַרויס און מען שלעפּט אים אַריין אין דעם צוגעגרייטן אויטאָ.

ווייל מ׳האָט מורא פאַר דער עפנטלעכער קריטיק, פירט

מען די גאַנצע זאַך דורך אין דער צייט, ווען דער בירגער שלאָפט. כאַפּן זיך אויף די איינוואוינער פון הויז, ווערט די זאַך דערליידיקט, ווי אַ גאַנץ געוויינלעכער אַרעסט. אין אַ באַריכט ווערט דערציילט, אַז בעת אַזאַ מין אַרעסט, האָט מען שוין אויף די טרעפּ אָנגעהויבן צו שלאָגן דעם אַרעסטירטן. פלוצלונג הערט דער אַרעסטירטער דעם באַפעל פון דעם שטורמיסטן-פירער: „אַכטונג, נישט שלאָגן!" די קלעפּ הערן אויף און דער אַרעסטירטער זעט, ווי אין אַנטקעגנאַי־בערדיקן הויז האָבן זיך מענטשן אויפגעכאַפּט פון שלאָף. די עפנטלעכקייט איז דערשינען, די שטורמיסטן ווערן „דיס־ציפּלינירט".

די דאָזיקע פאָרזיכטיקייט דאַרפן זיי אין זייערע קע־לערס נישט האָבן. מיטן מאָמענט, ווען דער געפאַנגענער האָט באַטרעטן די שטורמיסטן-קאַזאַרמע, איז ער אויסערן געזעץ, אַזוי ווי די פירער פון די שטורמיסטן האָבן אים זינט יאָרן געדראָט. ער האָט נאָך נישט באַוויזן צו כאַפּן זיך, ווי שוצלאָז ער איז געוואָרן, האָט אים שוין אַ גע־פלאָכטן בייטשל אַרויפגעיאָגט אויף די טרעפּ פון פייניקונגס־הויז. ס'איז שטענדיק אַ חרפה פאַר אַ קעמפער צו אַנטלויפן פאַר אַ געפאַר. אָבער אַריינצופאַלן פולשטענדיק שוצלאָז אין די הענט פון זיינע פיינט, ווערן געטריבן פון איין גומי־בייטשל צום אַנדערן און האָבן דאָס באַוואוסטזיין, אַז דאָס מינדסטע אַנטקעגנשטעלן זיך ברענגט מיט זיך טויט — דאָס פאַרשאַפט שרעקלעכע יסורים.

יעדע מינוט זיין אין דעם הויז פון פייניקונגען רייסט אויף פרישע וואונדן. ווייל מען זעט אויף יעדן שריט און טריט, אַז ס'איז נישטאָ אין דעם דאָזיקן אָרט קיינער, וואָס זאָל אין דער מינדעסטער מאָס מיטפילן דעם הילפלאָזן

קרבן. וועד נאָר עס באַגעגנט דעם געפאַנגענעם אויף די טרעפ, צי אין די קאָרידאָרן, שלאָגט אים, אָדער טרעט אויף אים. פּחדנים זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מערדער, — דעריבער ווייסן זיי נישט פון קיין שום ריטערלעך געפיל. טאָגטעגלעך שטייען זיי פאַר די צימערן, אין וועלכע מען פירט דורך די פייניקונגען פון דער ערשטער מדרגה, און וואַרטן אויף די טראַנספּאָרטן. די געפאַנגענע מוזן אַדורכ־לויפן דורך זייער שפּאַלער. בייטשן פייפן, שטיוול קלאַפּן אין דעם געזעס, גומי־שטעקנס לאָזן זיך דומף אַראָפּ איבער די קעפּ.

דאַמאָלס עפנט זיך די טיר צום שטורמיסטן־פירער. עס הויבט זיך אָן דער „פאַרהער".

פאַר דעם געהיים־געריכט. ביי אַ טיש זיצט דער געהיים ריכטער. אויפן טיש־ברעט שטעקן בלאַנקע קינזשאַלן און שווערדן; אָפּט ציטערן פון רעכטס און לינקס די פלאַ־מען פון ליכט. דער געפאַנגענער ווערט אַ שטויס געטון צום טיש. האַרט נעבן אים שטעלן זיך אַוועק די שטורמיסטן. ער פילט זיי נעבן זיך, זיי באַלייטן זיינע תשובות מיט קלעפּ. פאַרזיכערט ער, אַז ער איז אומשולדיק, שלאָגן זיי אים אין די זייטן, אין רוקן. יעדע פאַרטיידיקונג ווערט זינלאָז, ווייל עס האַנדלט זיך דאָך נישט וועגן אמת. דאָס געריכט איז בלויז אַ פאַרס, אַ פאָרשפּיל צו נייע מאַטערנישן.

פלוצלינג דערוויסט זיך דער געפאַנגענער, פון וואַנען עס שטאַמט די מסירה, וואָס האָט אים געבראַכט אַהער. ער איז זיכער, אַז אים וועט געלינגען צונישט צו מאַכן די אָנקלאַגע קעגן אים. ער הויבט ליידנשאַפטלעך אָן צו געבן באַווייזן פאַר זיין אומשולד, אָבער באַלד הויבן אָן צו פאַלן

אויף אים די גומי-בייטשלעך. „דו דאַרפסט רעדן נאָר ווען מ׳וועט דיך פרעגן!”. מען וויל וויסן אַדרעסן. מען דאַרף נייע קרבנות. מען גלויבט צו דערגרייכן פּאָליטישע דער-פאָלגן און שלאָגן קאַפּיטאַל, ווען מען וועט אומעטום קאָנען פאַרשפּרייטן די ידיעה, ווי אַזוי די פירער פון דער אַרבע-טער-באַוועגונג האָבן זיך קאַנגזייטיק פאַרראַטן. אָבער מען טרעפט אָן אויף עקשנות. די חברים גיבן קיין שום זאַך נישט אויס. און עס הויבן זיך ווידער אָן אין סאַדיסטישן גרימצאָרן נייע קלעפּ.

עס וועט פאַרבלייבן אַן ערן-בלאַט אין דער געשיכטע פון דער דייטשער אַרבעטער-באַוועגונג, אַז טויזנטער אַרבע-טער האָבן אונטער די גרעכטע קלעפּ פון די שטורמיסטן זיך נישט געבראָכן. קיין שום ברוטאַלקייט האָט נישט געווירקט; די אַרעסטירטע זענען ליבערשט אומגעקומען, איידער זיי זאָלן דאַרפן אויסליפערן די תלינים נייע קרבנות. די געהיים-גע-ריכטן פון 1933 האָבן געקאָנט בלויז טרעפן די קערפער פון די רעוואָלוציאָנערן, מאַכן זיי אויף אייביק פאַר קאַלי-קעס, אָבער אַנטקעגן דעם מוט פון די רעוואָלוציאָנערן בלייבן זיי מאַכטלאָז. זיי האָבן געקאָנט אַ מענטש פייניקן, מיט דער הילף פון סיסטעמאַטישער אַכזריותדיקייט אים דער-שלאָגן, זיי האָבן געקאָנט הונדערטער געפאַנגענע טרייבן צו זעלבסטמאָרד, אָבער זייער ריזיקער אַפּאַראַט האָט קוים באַ-וויזן אויסצופּרעסן אַ נישטיקע צאָל פון פאַראַט. די דאָזיקע פעסטע האַלטונג פון די געפאַנגענע איז אַמבעסטן באַוויזן געוואָרן דורך די ווייטערע מאָסמיטלען פון די שטורמיסטן: זיי האָבן געמוזט אויסגעפינען אַ צווייטע מדרגה פון פייני-קונגען.

די שמייס־קעלערן. נאָכן פאַרהער פירט מען די געפאַנגענע אַראָפּ אין די קעלערן. די אומגליקלעכע הויבן אָן צו ציטערן. ס׳איז שרעקלעך דאָס געפיל פון געפינען זיך פולשטענדיק אַליין צווישן בלויז מערדער. ס׳איז נאָך מער שרעקלעך, ווען מען ווייסט, אַז דאָס דאָזיקע פייניקונגס־הויז געפינט זיך אין אַ מאָדערנער, גרויסער שטאָט, אַז מיליאָנען מענטשן ליגן רואיק אין זייערע בעטן און זיי גייט גאָרנישט אָן די שאַנדטאַטן, וואָס ווערן נאַכט בײַ נאַכט אויסגעפירט אין נאָמען פון אַ רייכס־רעגירונג. די געפאַנגענע זעען אין דער האָלבטונקלקייט די זינט וואָכן צוגעגרייטע שמייס־בענק, פון די ווענט און סופיט אַראָפּ שפּירט מען דעם ריח פון פאַרטריקנט בלוט און אַנגעטרלעכן שווייס.

און ווידער זעט אַלץ אויס, ווי אַ געשפּענסט: דאָס זענען די טעג, ווען היטלער האַלט זײַן ערשטע רעדע אין דער פאָטסדאַמער קירכע פאַרן קבר פון פרידריך דעם גרויסן. אומעטום קלינגען די קירכן־גלאָקן, הונדערטער טויזנטער מענטשן שטייען אויף די גאַסן, די באַגייסטערונג יובלט, מען רעדט וועגן דער ווידעראויפלעבונג פון דער נאַציע. דער געפאַנגענער האָט שוין די דאָזיקע פראַזן געהערט און איצט, ליגנדיק אויף דער פּריטשע, פילט ער, וויפל שרעקלעכע פאַלשקייט ס׳איז פאַראַן אין דעם אַלעם.

דער רעגירונגס־אַקט אין פאָטסדאַם איז זייער סימבאָליש: דאָרט רעדט דער „פירער״ פאַר גענעראַלן און די האָהענצאָלערן־פּרינצן און דאָ אין די קעלערן שמייסט און פייניקט די שטורמיסטן־גוואַרדיע שוצלאָזע אַרבעטער, אין די קעלערן, פון וואַנען עס דערגרייכט נישט אַרויס אינדרויסן קיין מינדסטער קלאַנג. דער געפאַנגענער ווערט געוואָרפן

אויף דער פריטשע און שטאָלערנע ריטער שניידן זיך איין אין זיין לייב.

ברענענדיק אויפן גאַנצן קערפּער, מיט אַ געוואַלדיקן אינערלעכן צאָרן, רייסט זיך אויף דער געפאַנגענער פון זיין אָרט. דאַן וויקלט מען איין זיין קאָפּ אין ברודיקע שמאַטעס. ער בייסט זיך איין אין פלייש פון די אויסוואורפן. ער דערפילט אַ דערלייכטערונג, ווען דאָס בלוט פון זיינע וואונדן הויבט אָן צו רינען אויסער די קליידער, אָבער די פרישע קלעפּ און שמיץ, וואָס קומען נאָכדעם, צערייסן נאָך מער דאָס רויע, פאַרוואונדעטע פלייש.

פיר אויסוואורפן שמייסן איין מענטש. עס פאַרפעלט פשוט אָרט אויפן צאַפּלענדיקן קערפּער פאַר די צאָלרייכע קלעפּ. דערנאָך ווערן די אויסוואורפן מיד. דאָס קרעכצן פון דעם געשלאָגענעם קלינגט ווי מוזיק אין זייערע אויערן. זיי חוזקן פון אים און באַליידיקן אים. ערשט דאַמאָלס יאָגן זיי אים אַריין אין דעם זייטיקן קעלער, וואו ער איז שוין נישט מער אליין. אין די ווינקלען קראַמפן זיך פאַר ווייטיק אויך אַזעלכע פאַרפייניקטע, ווי ער. טייל זענען פולשטענדיק צוּ־זאַמענגעבראָכן און וויינען. אויף שטרוי־ און קאַרטאָפל־זעק קאָרטשען זיך אין דרייען שווער פאַרוואונדעטע. משוגעת און וואַנזין ציטערט אין דער לופט. פון דער שמייס־קאַמער הערט מען די געשרייען פון דעם נייעם קרבן

די אמתע אונטערמענטשן. די מערדער לאָזן אים אַ ווײַלע צורו. זייענדיק מיד, ווילן זיי כאָטש אַ געוויסן מאָמענט הנאה האָבן פון יענעמס גייסטיקע פייניקונגען. זיי טראַכטן דעריבער אויס דאָס נידערטרעכטיקסטע: דער געפאַנגענער זאָל זיך אליין אויסטון.



די 50־יעריקע
פרוי יאַנקאָווסקאַ,
וועלכע איז אַכוריות־
דיק צעקאַטעוועט גע־
וואָרן דורך שטורמיסטן.
אויפן בילד זעען מיר
די פאָלגן פון די גרוי־
זאַמע פייניקונגען: די
אונטערשטע טייל פון
קערפער איז איין בלו־
טיקע מאַסע.
(זע זייט 254)

דער סאַדיזם פון די געמאַלענע תּלינים באַקומט דאָ אַ נייע אָנווענדונג. צו אונז איז געקומען אַ פּאָטער פון אַ פאַמיליע, אַן אַרבעטער, אַן אָרגאַניזאַטאָר פון אַ קוך פאַר אַרבעטסלאָזע און דערציילט — זיין שטים האָט געציטערט ביים דערמאָנען זיך אָן דעם אַלעם — ווי ער האָט זיך אין אַ שטורמיסטן־קעלער געמוזט אַראָפּבויגן און אויס־שטרעקן זיין נאַקעט געזעס פאַר די גוטגעצילטע קלעפּ. די שטורמיסטן האָבן אים אַ לענגערע צייט געלאָזט שטיין אין דער דאָזיקער פּאָזיציע און זיך געקוויקט מיט זיינע ליידן. דער געפאַנגענער מוז מיט אַ הויכער שטים ציילן די שמיץ און קלעפּ, וואָס ער באַקומט. דאָס ציילן מישט זיך אויס מיט דעם יסורים־געשריי, די קלעפּ ווערן שאַרפער, די הויט פּלאַצט נאָכן פערטן שמיץ.

איצט ווערט פאַרבונדן די צווייטע מדרגה פון פּייניקן מיט דער דריטער: מיט דעם פּייניקן די נשמה פון געפאַנגענעם. די דאָזיקע מדרגה איז דערפונדן געוואָרן דורך די העכערע שטורמיסטן־פירער. דאָס, וואָס ביי די געוויינלעכע שטורמיסטן איז פּרימיטיוו, ווערט ביי די פירער פאַרוואַנדלט אין ראַפינירטן סאַדיזם. די צוקונפט וועט באַווייזן אויף וויפל די אומנאַטירלעכע סעקסועלע נייגונגען פון אַ סך שטורמיסטן־פירער האָבן געהאַט אַ שייכות מיט זייערע סאַדיסטישע האַנדלונגען. די אָנווענזנהייט פון דעם האָמאָסעקסואַליסט גראַף העלדאָרף, דעם איצטיקן פּאָטסדאַמער פּאָליציי־פּרעזידענט, ביי פיל פּייניקונגס־סצענעס, גיט אַ גענוגיקן גרונד פאַר דעם חשד, אַז אַ סך קרבנות זענען געווען אָביעקטן פאַר די חיהשע, סאַדיסטישע נייגונגען פון די שטורמיסטן־אַנפירער.

אַט וואָס עס דערציילט אַ דאָקומענט וועגן די פּאָר־העלטענישן אין שטורמיסטן־לאָקאַל אין דעמוט־קעפּעניק:

„אין דעם דאָזיקן שמייסן האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט דער זון פון ווירט. חוץ דעם, דער שטורמיסטן־פירער הערבערט שאַריש פון קעפּעניק. אין די ערשטע צייטן האָט דעם ווירטס זונדל געלאָזט אין גאַנג דעם מאָטאָר פון זיין מאָטאָציקל, כדי מ'זאָל נישט הערן די געשרייען פון די קרבנות. חוץ דעם לייגט מען אַרויף טיכער אויף די פּנימער פון די געפּייניקטע. די איינוואוינער פון דעם הויז האָבן זיך שוין צום צווייטן מאָל געווענדט צו דער פּאָליציי. די איינוואוינער, וועמענס שלאָפצימערן עס גייען אַרויס אויפן הויף, האָבן געענדערט די וואוינונגען און שלאָפן איצט אין די צימערן, וועלכע גייען אַרויס אויף דער גאַס, כדי נישט צו הערן די געשרייען, וואָס רייסן זיך ביינאַכט אַרויס פון דעם שטורמיסטן־לאָקאַל. אין די פענסטער, וואָס גייען אַרויס אויפן הויף, טאָר זיך קיינער נישט באַווייזן. תמיד שטייט אויפן הויף אַ באַוואָפנטער שטורמיסט. אויך מיר זענען נישט זיכער מיט אונזער לעבן, באַזונדערס, ווען מען נעמט אין אַכט, וואָס מיר טראַכטן וועגן איצטיקן דייטשלאַנד.״

סאַדיסטן זענען דערפינדעריש. דער האַלב־באַוואוסטלאָזער צוש־אָגעגנער געפאַנגענער ווערט אַראָפּגעשלעפּט פון דער באַנק. די געזיכטער פון די שטורמיסטן ווערן שטרענג, דער שטורמיסטן־פירער שטעלט זיך אַוועק נעבן דעם פאַרבלוטיקטן, האַלב־טויטן קרבן און זאָגט אים אָן די בשורה: „און איצט ווערסטו דערשאָסן״.

פון שרעק קומט דער געפאַנגענער ווידער צו זיך. מען פירט אים צו צו דער וואַנט, מען דרייט אים אויס מיטן

פנים צו דער וואַנט פון קעלער, ס׳וועלט טויט-שטיל. דער געפאַנגענער הערט בלויז הינטער זיך די מאַניפולאַציעס פון די תּלינים, עס קנאַקן דומף די פאַרזיכערונגס-קלאַפּעס פון די רעוואָלווערן. אָבער קיין שאָס הערט זיך אַלץ נישט. דער געפאַנגענער שטייט פאַרגליווערט נעבן דער וואַנט, ער טראַכט איצט וועגן זיין משפחה, וועגן זיינע חברים. זאָל ער דער-ציילן דאָס, וואָס ער ווייסט נישט? איז זיך נאָך מעגלעך צו ראַטעווען? דאָס פאַרוואונדעטע לייב ברענט, די קליידער קלעבן זיך צו צו די בלוטיקע וואונדן, די יסורים וואַרפן אים אַריין אין אַ צושטאַנד פון אָנמאַכט. ער שטייט ווי גע-ליימט. און אָט פאַלן די שאָסן. ער הערט ווי זיי פייפן פאַרביי פאַר זיינע אויערן, זיי זענען פאַר אים ווי אַ דער-לייזונג. אָבער אָט איבערצייגט ער זיך, אַז זיי האָבן אים נישט געטראָפן. ס׳איז שווער צו גלויבן, אַז די תּלינים האָבן אים נישט געוואָלט טרעפן. ער שטייט מיט פונאַנדערגע-שפרייטע פיס, אַזוי ווי זיי האָבן אים באַפוילן צו שטיין. און אָט פילט ער, אַז זיי האָבן געשאָסן צווישן זיינע פיס. עס כאַפּט אים אָן אַ קראַמף פון שרעקלעכע ווייטיקן. דער שטערבלעכער שאָס איז נישט געקומען, און פלוצלונג גיט ער אַ פאַל אַנידער אויף דר׳ערד. און בעת ער האַלט שוין ביים פאַרלירן דאָס באַוואוסטזיין, הערט ער דאָס געלעכטער פון די שטורמיסטן.

זאָל מען נישט מיט אומגלויבן שאָקלען מיטן קאָפּ, זאָל קיינער נישט צווייפלען אין דער דאָזיקער אוממענטשלעכער האַנדלונג. הונדערטער באַריכטן האָבן פעסטגעשטעלט דעם דאָזיקן פאַקט.

הונדערטער געפאַנגענע האָבן דאָס דאָזיקע אַריבערגע-טראָגן. מ׳האָט זיי אַרויסגעשלעפּט פון דעם פייניקונגס-צימער

און אריינגעוואָרפן אין דעם „וואַרטע־צימער", צו די חברים. אין דעם לעצטן מאָמענט, ווען זיי פאַלן שוין אַנידער פולי־שטענדיק דערשעפּט אויף די זעק, זאָגט מען זיי, אַז מען וועט זיי צומאָרגנס דערשיסן. די שמערצן מאַכן זיי גלייכ־גילטיק לגבי דער נייער דראָאונג. אָבער ווען זיי כאַפּן זיך שפּעטער אויף, דערמאָנען זיי זיך. קיינער האָט נישט קיין שום סיבה צו צווייפלען אין דער דאָזיקער דראָאונג. זיצן זיי אַזוי צווישן די זיפּצנדיקע פריינט און דערוואַרטן זייער לעצטן מאָרגן. די נאָציאָנאַלע רעוואָלוציע גרייט פאַר זיי צו „אַ נאַכט פאַרן גיין צו דער תּליה". יעדע מינוט ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן אייביקייט און ברענגט פונדעסטוועגן שנעל מיט זיך דעם סוף.

דער טונקעלער פרימאָרגן־שיין, וואָס רייסט זיך אַריין אין דעם פינצטערן קעלער, זאָגט אָן די לעצטע שעה. ביי־נאַכט איז דאָ שטילשווייגנדיק אַריינגעקומען די וואַך, האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער טיר און איראָניש געזונגען אַ ליד: „מאָרגנרויט, מאָרגנרויט, דו לייכטסט מיר צו צו מיין פריצייטיקן טויט". מ'הערט שוין טריט איבער דעם סופיט. אָבער מען באַמיט זיך, אַז די שרעקלעכע נאַכט זאָל זיך אַלץ ווייטער ציען.

זייער אָפט לייענען מיר אין די פּראָטאָקאָלן, ווי די געפאַנגענע בלייבן אַ סך טעג אונטער אַזעלכע דראָאונגען אין דעם שוידערלעכסטן צושטאַנד פון צווייפל. זיי הערן, ווי דער־נעבן קומען פאָר די שמיץ־פּייניקונגען. מען עפנט אויף די טיר פון דער פּייניקונגס־קאַמער און זיי זעען די פּייניקונגס־סצענעס. פון צייט צו צייט רופט מען איינעם פון זיי אַרויס און מען „פאַרהערט" אים ווידער.

ריצנא״יל! די בסדרדיקע שרעק האָט במעט ביי אַלע געפאַנגענע פאַרטעמפּט די געפילן. אָבער בסדר זענען זיי גייע פאָרמען פון פייניקונגען. זיי ווילן שוין מער נישט אַריינקוקן אין די פייניקונגס־קאַמערן, אָבער אַלע מינוט הע־מערט זיי אין קאָפּ אַן אימהדיקער געשריי פון אַ געפּייניקטן. אָט האָט מען אין דעם פייניקונגס־קעלער אַריינגעשלעפּט אַ מאַן מיט אַן אינטעליגענטן אויסזען. די גע־פאַנגענע זעען, ווי מען האַלט אים פעסט צו דעם קאָפּ, מען רייסט אים פונאַנדער דאָס מויל, אַ שטורמיסט הויבט אויף אַ פלאַש מיט ריצנאייל און גיסט עס אַריין אין דער זיך שטיקנדיקער קעל פון דעם קרבן. דער געפאַנגענער שטיקט זיך פון עקל און די שטורמיסטן לאַכן. איצט האַלטן זיי זיך „העפלעך". זיי פאָדערן פון געפאַנגענעם, אַז ער זאָל אַראָפּלאָזן די הויזן, זיי „בעטן וועגן דעם". מיט וואַנזיניקע אויגן קנעפּלט דער געפאַנגענער אויף די קליידער, עפנט אויף דעם פאַסעק, די הויזן לאָזן זיך אַראָפּ. איצט וואַרפט מען אים שוין נישט אַנידער אויף דער באַנק. איצט לאָזט מען אים שטיין אין אַן איינגעבויגענער פּאָזיציע מיטן נאַ־קעטן געזעס אַרויס. די טיר איז אָפן און די געפאַנגענע פון דער צווייטער קאַמער קוקן זיך צו מיט שרעק און פּיין צו דער דאָזיקער סצענע. די שטורמיסטן מאַכן זייערע באַ־מערקונגען. לכתחילה איז נישט פאַרשטענדלעך אויף וואָס זיי וואַרטן. ענדלעך נעמען זיי די שטאָלענע ריטער. די שמיץ פון די דאָזיקע ריטער פרעסן זיך איין אין דעם מאָ־גערן קערפּער פון דעם אינטעלעקטועלן מאַן.

ער שפּרינגט אַלע ווייל אויף און שרייט און ווערט ווידער צוגעדריקט צו דער ערד. פּלוצלונג הויבט ער אָן שווער צו ברעכן און כאַפּט זיך אַן ביים בויך. די שטור־

מיסטן שלאָגן ווייטער. דאָס געזעסווערט רויט און אין מיטן פון די שרעקלעכע קלעפּ ליידיקן זיך אויס די געדער־רים פון דעם הונדערטפאַך געפּייניקטן מענטש.

די נאַצי־פירער וועלן די דאָזיקע גרויל־מעשים אָפּלייקענען. אָבער אונזער אַרכיוו וועט שטעמפּלען זייערע ליגנס. נישט בלויז די פּראָטאָקאָלן פון שריפטשטעלער און אַרבעטער, וועלכע האָבן אַליין איבערגעלעבט די דאָזיקע פּייניקונגען, דערציילן וועגן דעם. וועגן דעם דערציילט אויך דער באַריכט פון אַ פּאַרטרוילעכער זיצונג פון די בערלינער שטורמיסטן, אויף וועלכער דער איצטיקער מיניסטער פאַר פּראָפּאַגאַנדע, דר. געבעלס, האָט דערקלערט, ווי אַזוי ער וואָלט געהאַנדלט אַלס אינערן־מיניסטער לגבי רעדאַקטאָרן, וואָס וואָלטן אים נישט געפאָלגט:

„דאַן מוזן די שטורמיסטן אַוועקגיין אין די רעדאַקציעס פון די באַשטימטע צייטונגען און איינגעבן די רעדאַקטאָרן אַ ליטער ריצנאייל."

ווי מען זעט, האַנדלען די שטורמיסטן לויט אינסטרוקציעס, וועלכע זיי באַקומען. דעריבער ווערן זיי נישט גערירט ביים אָנבליק פון די שרעקלעכסטע ליידן פון זייערע קרבנות.

## די „באַרמהערציקייט" אין די שטורמיסטן־קעלערן.

נאָך די שמיץ־פּייניקונגען ליגן די געפאַנגענע אויף דער ערד פון די קעלער־קאַמערן אָן הילף, אָן שום לינדערונג, אָן דער מינדסטער טרייסט. דאָס שטילע קרעכצן פון די שווער־פאַרוואונדעטע, דאָס וויינען פון די צוזאַמענגעבראָכענע לאָזט זיי נישט שלאָפן. די נאַצי־דאָקטוירים זענען אין גאַנצן פאַרנומען בלויז אָנצוזען ווען מ'פּייניקט די קרבנות.

זיי דאַרפן נישט ברענגען הילף, זיי דאַרפן בלויז פעסט·
שטעלן, צי דער געשמיסענער איז פּיק אויסצוהאַלטן ווײַ·
טערדיקע שמיץ. דאָס זענען די אמתע פּייניקונגס·דאָקטוירים,
וועלכע זענען זער גוט באַקאַנט פון די אינקוויזיציע·קאַמערן.
די פּייניקונגען הערן אויף, ווען דער דאָקטאָר דערקלערט,
אַז דער געפּייניקטער קאָן שטאַרבן.

אַלע באַריכטן באַשטעטיקן עס, אַז מעדיצינישע הילף
ווערט געגעבן נאָר דאַן, ווען מ'האָט מורא, אַז דער קרבן
קאָן שטאַרבן. איינשפּריצונגען ייערן געמאַכט ערשט
אין דער לעצטער מינוט. דאָס אָפּטראַנספּאָרטירן די קראַנקע
אין די שפּיטעלער קומט פאָר דאַמאָלס, ווען דער עקספּערט
פאַרזיכערט, אַז מיטן געפאַנגענעם האָט שוין שמאָל.

אויך די נאַצי-סאַניטאַרן אַרבעטן אויפן זעלבן אופן.
עס ווערן גענוצט באַנדאַזשן, וואָס זענען זער ווייט פון
ריינקייט. דאָס אמתע פּרצוף פון די דאָזיקע „באַרמהערציקע"
לייט ווייזט זיך אַרויס בעת זיי לייגן צו מיט קאַלטער ברו·
טאַלקייט די פאַרשיידענע פּלאַסטערן און גאַזע אויף די
וואונדן פון די געפּייניקטע. מיט ברוטאַלער קראַפט שלעפּן
זיי די שווער פאַרוואונדעטע אין דער אָביקאַציע. טייל מאָל
באַפאַלט איינעם פון די שטורמיסטן אַ שרעק ביים אָנבליק,
ווי אַזוי מען באַגייט זיך מיט די אומגליקלעכע מענטשן.
אין איינעם פון הונדערטער טראָטאָקאָלן האָבן מיר געלייענט,
ווי אַ סאַניטאַר האָט פון זיין פלאַש שנאַפּס געגעבן צו
טרינקען אַ געפּייניקטן, וועלכער איז געפאַלן פון איין אָנ·
מאַכט אין דער אַנדערער. איינאונאיינציק מאָל קומט עס
פאָר. אָבער הונדערט מאָל שטייט אַ ברוטאַלער יונג גלייכ·
גילטיק איבער דעם לעצטן כאָרכל פונם געפאַנגענעם. אומע·
טום האָט מען אָפּגעזאָגט צו געבן די אומגליקלעכע חאַסער

צו וואַשן, אָפּטמאָל איז דער דאָזיקער אָפּזאָג באַגלייט געװאָרן מיט באַליידיקנדיקע אויסדרוקן.

שכורע מערדער. די געפאַנגענע ליגן אין שמוץ און געשטאַנק. די שוואַכסטע מאַכן אונטער זיך אורין און אומריינקייט. די לופט ווערט וואָס אַמאָל מער פאַרפעסטעט. אָוונטצייט הערט זיך פון דערווייטנס דאָס ריטשען פון די פייניקונגס-קנעכט. זיי פייערן זייער „רעוואָלוציע". זיי זויפן זיך פול אָן מיט ביר, וואָס ווערט זיי געגעבן בחנם. אָנגעשכורטע וועלן זיי נאָך דער סעודה אין מיטן דער נאַכט אַראָפּקומען אונטן צו די אומגליקלעכע און ווידער אָנהייבן דעם „פאַרהער".

אַ געפאַנגענער, וועמענס פרוי ס׳איז מוטיק מיטגעגאַנגען מיט איר מאַן אינם שטורמיסטן-גיהנום, דערציילט וועגן אַ שפּיצעל, וועלכן מ׳האָט אים אַריינגעשיקט אין דער קאַמער, ווען ער איז שוין געלעגן אַ שטערבלעך קראַנקער אויף דר׳ערד. דער שפּיצעל האָט אים געצדאַרפט צווינגען זיך מודה צו זיין. דער געפאַנגענער האָט זיך דרייסט אַנטקעגנגעשטעלט דעם שפּיצעל. דער שטורמיסטן-שפּיצעל האָט גענומען טרינקען בראָנפן, כדי עס זאָל אים לייכטער אָנקומען צו דערפילן זיין אויפגאַבע.

„ער בויגט זיך איבער מיר אַריבער, פון אים האָט געשטונקען מיט בראָנפן: „גלויבסטו דען, דו הונט איינער, אַז דייטשלאַנדס מאַכט וועט זיך פאַר דיר בויגן, דו מנוול איינער! איך וועל דיך באַלד אַרויסוואַרפן פון דאַנען". ער ציט אַרויס דעם רעוואָלווער. איך בין געלעגן שטום און אומבאַוועגלעך: „אָדער איז אייך דאָס לעבן נישט ליב און ווילט איר ווייטער פאַרגעסן אייער פרוי פיינלעכע יסורים?"

ער רעדט און ענדערט פּלוצלינג דעם טאָן: „און דאָס לעבן איז דאָך אַזוי שיין. איך האָב די סלאַוון ליב, זיי זענען אַ ליבלעך, פיין פאָלק. איך בין געווען אויף אוקראַינע. זייט זיך ענדלעך מודה, אַז איר זענט אַ טשעקאַ-שפּיאָן! איך קען אויך אַ סך בולגאַרן. איר דאַרפט מיר נישט ענטפערן, נאָר די אַנדערע, וועלכע וועלן אייך שטעלן פראַגן."

דער שפּיצעל פאַלט ענדלעך אום, ווייל צוליבן טרינקען קאָן ער זיך נישט האַלטן אויף די פיס און ער הויבט אָן צו רעדן זינלאָזע ווערטער. ער הויבט אָן צו זידלען, טרעט מיט די פיס דעם שווער-פאַרוואונדעטן געפאַנגענעם און שרייט:

„דאָס זאָגט אייך נישט אַבי-ווער, נאָר דער באַאויפטראַגטער פון דער רעגירונג, דער קאָמיסאַר פאַר מיליטערישע ענינים" (אַרויסגענומען פונם פּראָטאָקאָל פון בולגאַרישן דאָקטאָר אַנגעלושעוו).

טיילמאָל איז איינער פון די קרבנות מנדב דעם שנאַפּס; אין אַ באַריכט פון אַן אַנטלאָפענעם ווערט דערציילט:

„איך האָב אין אָוונט געהערט, ווי אַ ייִדישער געפאַנגענער, וועלכער האָט נאָך געהאַט ביי זיך געלט, האָט מיטן מנדב זיין שנאַפּס פאַר די פייניקער, געפּרוווט לייכטער צו מאַכן זיין גורל. צוליב דעם האָט מען אים אויך מיטגענומען צו דער סעודה. מעגלעך, אַז ער האָט שוין געגלויבט, אַז אים וועט שוין קיין שום שלעכטס נישט געשען. אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר געהערט דעם ליאַרם פון די באַזויפענע. אינדערפרי איז אָנגעקומען אַ שטורמיסט, כּדי צו טוישן דעם ביינאַכטיקן שומר;

דער שטורמיסט איז נאָך געווען שכּור, האָט זיך קוים גע־האַלטן אויף די פיס און מיט אַ שטאַמלענדיקער שטים דער־ציילט: „דו מענטש איינער, האָבן מיר זיך דאָס אָנגעזויפן. מיר זענען געווען אַזוי אָנגעטרונקען, אַז מיר האָבן דעם ראָזיקן וואָלפּזאָן דורכן פענצטער אַרויסגעוואָרפן. ער האָט זיך געמוזט ריכטן דערויף, דער דאָזיקער פחדנישער חזיר."

פון די דאָזיקע שכּורע תּפיסה־וועכטער קאָן מען זיך ריכטן אויף יעדער געוואַלטטאַט און אויף יעדער מין פּיי־ניקונג.

## די מאָראַלישע פּייניקונגען. איין לעצטע טרייסט

איז נאָך געבליבן פאַר די אומגליקלעכע: זיי אַליין האָט מען „צוגענומען", אָבער זייערע פרויען און קינדער זענען כאָטש ניצול געוואָרן פון די הענט פון די תּלינים. אָבער לאַנגזאַם פאַרשווינדט אויך די דאָזיקע זיכערקייט. מען מוז באַמערקן, אַז אויך די קרובים זענען נישט זיכער פאַר די דאָזיקע שטורמיסטן. די געפאַנגענע פרעגן. זיי ווילן עפּעס הערן וועגן זייער פאַמיליע. זיי ווייסן, אַז זייט מ'האָט זיי אַרעס־טירט, איז אין זייער שטוב קיין ברויט נישטאָ. די לעצטע פענסיע איז בעתן אַרעסט אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די שטורמיסטן. זיי זעען זייערע קינדער שטיין וויינענדיקע נעבן זייער פאַרצווייפלטער מוטער. זיי האָבן מורא, אַז ווען די פרויען וועלן זיך ווענדן וועגן אַ זעאונג מיט זייערע אַרעס־טירטע מענער, וועט מען ביי זיי צונעמען די אונטערשטי־צונג (אַ הונדערט מאָל באַשטעטיקטער פאַקט). זיי פרעגן נאָכאַמאָל ביי די וואַך־שטורמיסטן וועגן גורל פון דער פאַ־מיליע. „אייערע פרויען, — ענטפערט מען די מענטשן, וועלכע

קאָנען נאָך אין זייער שרעקלעכסטער לאַגע טראַכטן וועגן זייערע ליבסטע און נאָנטסטע, — אייערע ווייבער האָבן זיך זייער גוט פאַרזאָרגט; אין ניין מאָנאַטן אַרום וועלן אין אייער שטוב אַרומקריכן קליינע היטלערלעך". היטלערס „ערן-גוואַרדיע" רימט זיך דערמיט, וואָס זי פאַרגוואַלדיקט פרויען. דער דאָזיקער באַריכט איז גענומען פון דער שטורמיסטן-קאַזאַרמע אויף דער גענעראַל פּאַפּע-גאַס אין בערלין. ס'איז פאַר אונז פולשטענדיק אַלץ איינס, צי דער דאָזיקער שטורמיסט האָט אמת געזאָגט, אָדער ער האָט בלויז געוואָלט רייצן די געפאַנגענע ביז צו פאַרצווייפלונג.

זיי זינגעו דעם „אינטערנאַציאָנאַל". די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער האָבן זיך נישט געלאָזט פּראָוואָצירן פון די פּייניקונגס-קנעכט. פעלזנפעסט זענען זיי געשטאַנען אַנטקעגן זיי. דאָס דערפינדן אַלץ נייע און נייע מינים פּייניקונגען באַווייזט עס. די ברוינע באַנדעס האָבן געמוזט אויסטראַכטן הונדערטער נייע ענוים קשים, כּדי צו ברעכן די שטאָלצע האַלטונג פון די געפאַנגענע. זיי האָבן געקאָנט פאַרפּייניקן די קערפּערס, זיי האָבן געקאָנט צווינגען די שוצלאָזע צו דערנידעריקונגען, זיי האָבן געקאָנט מיט דער הילף פון וואָכנלאַנגע טאָרטורן צעשרויפן דעם נערוון-סיסטעם, אָבער יעדעס מאָל איז פאַר זיי ווידער דערשינען אַ נייער מענטש און זיי געצוואונגען צו פאַרשטאַרקן זייערע פּייניקונגען. ווען זיי פייערן אַלס נצחון דאָס, וואָס קאָמוניסטן זאָגן די קריסטלעכע מאָרגן-תּפילה, וואָס יידן רופן זיך אַליין אָן „חזירים", שטעלן מיר דאָ פעסט, אַז קלעפּ מיט דער הילף פון עלעקטרישע קאַבעלן צווינגען דערצו די קרבנות. שטאָלצע ריטער און לעדערנע קאַנטשיקעס מוזן

פייפן אין דער לופטן, כדי די שווער פאַרוואונדעטע זאָלן טרייען „הייל היטלער!" מ'מוז צושטעקן צו די פוס־טריט ברענענדיקע פאַפּיראָסן, כדי אַרויסצובאַקומען פון די יסורים־פולע מיילער דאָס האָרסט־וועסעל־ליד.

אָבער ווען די פייניקער פאָדערן צו זינגען דעם „אינ־טערנאַציאָנאַל", שטייען די אַרבעטער שטילשווייגנדיק (אַ באַ־ריכט פון עסען דערציילט וועגן דעם דאָזיקן העראָאישן עפּיזאָד). די אַרבעטער דערמאָנען זיך וועגן הונדערטער פאַר־זאַמלונגען, אויף וועלכע זיי האָבן צוזאַמען מיט זייערע קינ־דער געזונגען דאָס דאָזיקע ליד, דאָס ליד פון פרייהייט, דאָס ליד, וואָס נעמט אַרום די גאַנצע וועלט, דעם הימן פון דער ערשטער אַרבעטער־מלוכה אויף דער וועלט, זייער היי־ליק ליד. אין אַ מחנה פון צענער טויזנטער האָבן זיי עס נאָך געזונגען אין יאַנואַר 1933, חברים נעבן חברים. זיי וועלן ליבערשט שטאַרבן, אָבער פאַר די דאָזיקע תּלינים וועלן זיי דאָס דאָזיקע ליד נישט זינגען. מען שלאָגט זיי מיט גומי־שטעקנס, עס פאַלן אַריין אין די קאַמערן אַלץ נייע און נייע ברוינע באַנדעס, אַלע צוזאַמען שלאָגן זיי די מענטשן, פון וועמענס מויל און שלייף עס שפּריצט שוין דאָס בלוט.

די אויגן פון די געפּייניקטע פיבערן, זיי האַלטן זיך נאָך פאַר די הענט, אָבער זיי זינגען נאָך אַלץ נישט. די קלעפּ האָגלען, די געשלאָגענע קרעכצן און פאַלן ענדלעך אַנידער אויף דער ערד. מיט הוזק־געלעכטער לאָזן די פּיי־ניקער זיי אָפּ און שטעלן זיך אַוועק ביי דער וואַנט.

בלויז איין מינוט איז שטיל. פּלוצלונג הויבט שטיל אָן צו שטייגן, אַלץ העכער און העכער אויף ציטערנדיקע שטי־מען געטראָגן, פון דעם געקנויל פון די געפאַנגענע אַרויס,

דאָס דאָזיקע געזאַנג. און די נאַצי-לייט מיינען, אַז דאָס האָבן זיי געצוואונגען די געפאַנגענע צו זינגען. ליגנדיק אויף דער ערד, פאַרפייניקטע און צעבלוטיקטע, אָבער נישט געבראָכן, זינגען זיי דאָס, וואָס קיין שום געוואַלטטאַט אין דער וועלט קאָן נישט דערשטיקן: „שטייט אויף, איר אַלע, ווער ווי שקלאַפן!" אַ רגע שטייען די שטורמיסטן ווי פאַר-גליווערט, אָבער באַלד שפּרינגען זיי צו און הויבן אָן שלאָגן דעם זינגענדיקן מענטשן-קנויל, ביז ער בלייבט אַנטשוויגן און פאַלט אַריין אין אָנמאַכט. וואָס לינדערט די יסורים, אָבער דאָס ליד הענגט אין דער לופטן, פילט אויס דעם גאַנצן חלל, דרינגט אַדורך די מויער פון דער פייניקונגס-קאַמער און קלינגט העכער, ווי דאָס פייפן פון די שטאָלע-נע ריטער.

## גרויל-לעגענדעס.

„אַ ייד. דאָקטאָר איז אין אַ שטורמיסטן-קאַזאַרמע בלוטיק צעשלאָגן געוואָרן און איז געלעגן אַ שווער-פאַרוואונדעטער אויפן שטרוי-זאַק. אַן אַריינגעקומענער שטורמיסט האָט גע-פאָדערט פון שווער-פאַרוואונדעטן, אַז ער זאָל אויפשטיין. אַ צווייטער שטורמיסט האָט אים אָבער אויפגעקלערט אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד דער דאָקטאָר געפינט זיך. די דאָ-זיקע דערקלערונג האָט שטאַרק אויפגערעגט דעם אַריינגע-קומענעם שטורמיסט און ער האָט אָנגעהויבן צו שרייען. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט פון זיין פירער געהערט פאָלגנדיקע שוידערלעכע בבא-מעשה: אַלע דאָקטוירים, וואָס זענען יידן, נעמען נקמה אָן די דייטשע מיידלעך, וועלכע ווערן געברענגט אין די שפּיטעלער, אויף אַזאַ אופן: זיי שניידן ביי זיי אויס די אייערשטאָקן, כדי בלויז דאָס „יידי-שע ערב-רב" זאָל זיך פאַרמערן און באַקומען די הערשאַפט איבער דייטשלאַנד."

די בלוטיקע שולד פון די נאַצי-פירער. אויף װי־
װייט די נאַצי-פירער זענען פאַראַנטוואָרטלעך נישט בלויז
פאַר די מיטלאַלטערלעכע מעטאָדן פון זייערע ברוינע באַנ־
דעס, נאָר אויך פאַר דער מאָרד-שטימונג פון זייערע אָנ־
הענגער, קאָנען באַווייזן די פאַרשידענע ווערטער פון די
פירער פאַר און נאָך דער דערהאָבערונג פון דער מאַכט.

דער איצטיקער רייכס-מיניסטער דר. פריק האָט דער־
קלערט:

„עס מאַכט גאָרנישט אויס, אויב עטלעכע צענדליק
טויזנט מאַרקסיסטישע פונקציאָנאַרן וועלן אומקומען.“

שטעהר, דער געוועזענער וויצע-פרעזידענט פון רייכס־
טאַג, האָט אויף אַ מאַסן-פאַרזאַמלונג זיך אַזוי אויסגעדריקט:

„מיר וועלן געבן אַ סך צו פאַרדינען די שטריק־
פאַבריקאַנטן.“

דיזעלבע ליבע צו דער לינטש-יוסטיק און צו דער
תליה ווייזט אַרויס דער פרעמיער-מיניסטער פון אָלדענבורג,
רעיווער:

„מיר וועלן די מאַרקסיסטן און די צענטרום-לייט לאָזן
אויף דער תליה אַלס שפּייז פאַר די קראָען.“

דער קרייז-פירער טעלשאָוו האָט אויף אַ פאַרזאַמלונג
דעם 22 אָקטאָבער 1929 אין נויהאַוז דערקלערט פאָלגנדעס:

„מיר וועלן דעם קאַמף פירן מיט אַלע מיטלען. אין
קאַמף מוזן זיין טויטע. אויב עס האַנדלט זיך וועגן דער
יידישער פאַרפלייצונג, וועלן מיר אויך גיין איבער טויטע
קערפּער. עס קאָן אויך געשען, אַז געוויסע מוטערס זאָלן
פאַרלירן זייערע זין“.

דעם 10־טן מערץ 1933 האָט אויף אַ מאַסן-פאַרזאַמלונג

אין דער אויסשטעלונגס־האַלע פון עסען גערעדט דער רייכס־מיניסטער גערינג. דאָס לאַנד איז פול מיט געשריי קעגן די פון די קייטן אָפּגעלאָזטע שטורמיסטן. אָבער דער מיניסטער גערינג ערקלערט פאַר דער פאַרזאַמלונג:

„בעסער שיס איך עטלעכע מאָל צו נאָנט און צו וייט, אָבער איך שיס ווייניקסטנס".

דעם רייכס־מיניסטער גערינגס ווערטער זענען גע־פאַלן אויף אַ פרוכטבאַרן באָדן. ענדע אַפּריל האָט דער דאָרטמונדער פּאָליציי־פּרעזידענט שעפּמאַן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, וועלכער שטייגט איבער אַלע פּאָליציייִשע באַפעלן פון דער נייער געשיכטע:

„אין דער לעצטער צייט זענען ווידער פּילמאָל פאַר־טיילט געוואָרן קאָמוניסטישע פּראָקלאַמאַציעס. איך באַפעל די מיר אונטערליגנדע פּאָליציי־אָרגאַנען אין יעדן פאַל פון פאַרטיילן קאָמוניסטישע פּראָקלאַמאַציע תּיכּף צו געברויכן שיס־געווער".

## דער טעראָר איז געוועזן אָרגאַניזירט!

1. אין דער נאַכט פון רייכסטאַג־שׂרפה זענען בלויז אין בערלין צו־געגרייט געוואָרן פאַר די אכזריותדיקע מעשים דרייסיק שטורמיסטן־קאַזאַרמעס. עס זענען איינגעקויפט געוואָרן שטאָ־לערנע ריטער, קאַנטשיקעס, קייטן, שטריק צו בינדן, וואַ־סערקובלען און ריצנאייל. אין דערזעלבער נאַכט זענען זיי שוין גענוצט געוואָרן. צו אַלע קאַזאַרמעס זענען צוגעטיילט געוואָרן דאָקטוירים.

2. מיר האָבן פון אַ סך דייטשע שטעט באַריכטן, וועלכע זאָגן עדות, אַז אין דעם דאָזיקן אָוונט האָבן זיך

די שטורמיסטן געפונען אין דער העכסטער אַלאַרם־גרייטקייט און די וואוינונגען פון די אַרבעטער און ארבעטער־פירער, ווי אויך באַן־וואָקזאַלן און פּאָסט־אַמטן זענען געווען אונטער אַ וואַך.

3. אַן ענלעכער אויסוואַל פון די קרבנות איז פאָרגעקומען אין אַלע דייטשע שטעט.

4. די אַרעסטן זענען איבערגעגעבן געוואָרן אויסצופירן די שטורמיסטן און זייערע ספּעציעלע אָפּטיילונגען. די פּאָליציי, מיט וועלכער מען איז נאָך נישט זיכער געווען, איז בלויז געווען אָנוועזנט ביי די אַרעסטן.

5. דעם 22־טן פעברואַר האָט זיך אָנגעהויבן דאָס באַשטימען די שטורמיסטן אַלס הילפס־פּאָליציי; אַ זיכערער באַווייז, אַז מ׳האָט זיך געגרייט צו גרעסערע אַקציעס און דערביי איינגעהאַלטן אויף ווי ווייט מעגלעך אַ שיינבאַר־קייט פון לאָיאַליטעט.

6. שוין דעם 17-טן פעברואַר האָט גערינג אַלס קאָמיסאַר פון פּרייסן געגעבן די פּאָליציאַנטן, מיט זיין דער־לויבניש צו שיסן, פולע פרייהייט פאַר יעדן מין טעראָר אין דורכפירן טויט-אורטיילן אָן וועלכן ס׳איז געריכט. דער דאָזיקער באַפעל האָט געהאַט פאַר אַן אויפגאַבע נישט נאָר צו וואָרענען די אָפּאָזיציאָנעלע און נישט זיכערע עלעמענטן אין דער פּאָליציי גופא, נאָר אויך צו לעגאַליזירן די מאָרד־טאַטן פון די שטורמיסטן:

„ווער עס וועט ביים אויספירן די דאָזיקע פליכטן מאַכן געברויך פון זיין שיס־געווער, וועט נישט געקוקט אויף די רעזולטאַטן, פון מיר געדעקט ווערן. ווער אָבער עס וועט אין פאַלשער אזיסרעכנונג נישט מאַכן קיין געברויך פון זיין שיס-געווער, האָט צו דערוואַרטן שטראָפבאַרע

פאָלגן. יעדער פאָליציי־באַאַמטער דאַרף תּמיד אין זינען האָבן, אַז דאָס אָפּהאַלטן זיך פון געברויכן דאָס שיס־געווער איז ערגער, ווי ער וואָלט זיין פליכט פון שיסן יאָ דער־פילט."

7. אין דעם בלוטיקן קעלער פון דער העדעמאַן־שטראַסע און אין אַנדערע קאַזאַרמעס האָבן זיך שטענדיק אויפגעהאַלטן הויכע פונקציאָנאַרן פון דער נאַצי־פּאַרטיי, זיי האָבן אָנגעפירט מיט די פּייניקונגען און דורכגעפירט די פאַרהערן. עס איז אַ פעסטגעשטעלטע זאַך, אַז דער שטורמיסטן פירער גראַף העלדאָרף, וועלכער שטייט אין טאָג־טעגלעכער פאַרבינדונג מיט געריגגן און היטלערן, האָט איינגעאָרדנט פאַראַדן פון די געפייניקטע.

**אונזערע דאָקומענטן.** אין אונזערע אַרכיוון ליגן 536 פּראָטאָקאָלן פון שווער געפייניקטע. די פאַקטן זענען אויסגעפאָרשט און פעסטגעשטעלט.

137 צייכענישן באַשטעטיקן שווערע כראָנישע באַשעדיקונגען פון די דאָזיקע קרבנות.

375 פּראָטאָקאָלן דערציילן וועגן באַשטעטיקונגען, וואָס די קרבנות האָבן נאָך די פּייניקונגען געמוזט אונטערשרייבן. די געפּייניקטע האָבן נאָך אין פּייניקונגס־הויז געמוזט באַשטעטיקן, אַז „מ'האָט זיי גוט באַהאַנדלט".

אונזער מאַטעריאַל פון די שטעט און דערפער פון דריטן רייך באַווייזט, אַז זינט דעם 28 פעברואַר זענען אומגעפער זעכציק טויזנט מענטשן געוואָרן געפייניקט.

און איצט לאָזן מיר רעדן די קרבנות אַליין:

**זיי רופן זיך אַרבעטער־פריינט...** ביי אַן אַרבעטלאָזן, וועלכער האָט געבעטלט ביי קאָמוניסטן און דאַרף

געפונען הויו-אַרבעט, האָט מען געפאָדערט, אַז אַלס באַלוי-נונג דערפאַר זאָל ער זיי פאַרראַטן. אָבער זיין מוטיקע האַלטונג האָט אים געבראַכט פאָלגנדע פייניקונגען. ער שרייבט:

„מאָנטיק, דעם 6 מערץ, 5 אַזייגער נאָכמיטאָג, זענען צוויי שטורמיסטן מיט אַ שטורמיסטן-פירער דערשינען פאַר דער טיר פון דער וואוינונג פון דעם דעפוטאַט איקס און האָבן געפאָדערט, מען זאָל זיי אַריינלאָזן. היות איך האָב זיך דאַמאָלס געפונען אין דער וואוינונג, כדי צו סאָרטירן די וועש, האָב איך געעפנט די טיר, אָבער בלויז אויפן קייטל. תיכּף האָט זיך אין דער שמאָלער עפענונג אַריינגע-רוקט אַ רעוואָלווער און דער שטורמיסט האָט געפאָדערט, אַז מ'זאָל אינגאַנצן עפענען די טיר. מען האָט זיך געפרעגט, וואו עס געפינט זיך דער חבר איקס, איך האָב אָבער וועגן דעם נישט געוואוסט. דאַן האָבן זיי מיך מיטגענומען מיט זיך. זיי האָבן מיך געבראַכט אויף דער בעטכערשטראַסע. דאָרט האָבן זיך אָנגעהויבן די פייניקונגען. ביז צום איצ־טיקן מאָמענט, ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות, האָב איך נאָך בולטע צייכנס פון די קלעפּ און ענוים קשים, וואָס זיי האָבן מיר אָנגעטון: ביידע אויגן זענען אונטערגעהאַקט און בלוין און בלוי, אויף דער לינקער זייט פון שטערן אַ 4 צענטימעטערדיקע וואונד, די הענט, מיט וועלכע איך שרייב, זענען נאָך געשוואָלן און צעקלאַפּט. דאַן האָבן זיי מיר גע-הייסן אָפּוואַשן דאָס בלוט. דאָס בלוט איז מיר גערונען פון שטערן, פון מויל און פון דער נאָז. נאָכדעם ווי איך האָב זיך אָפּגעוואַשן, האָט מען מיך ווידער אַריינגעפירט אין פאָ-דערשטן צימער און אויפסניי מיך אָנגעהויבן צו שלאָגן. איך בין אַרויפגעשפּרונגען אויף אַ באַנק, וואָס איז געשטאַנען אין

צימער, האָב פאַרדעקט מיטביידע הענט דאָס פּנים, כּדי זיך צו שיצן פון די קלעפּ, אין קעגנפאַל וואָלטן זיי מיר זיכער צעבראָכן די קינבאַק. אָבער דאָס איז נאָך פאַר זיי געווען ווייניק.

צוזאַמען מיט נאָך צוויי אַרעסטירטע האָט מען מיך אין אַ טאַקסי־אויטאָ אַוועקגעפירט אויף דער העדעמאַן־שטראַסע. צוויי מאָטאָציקלען האָבן אונז באַוואַכט. ביים אָפּ־פאָרן האָט מען מיר געזאָגט, אַז איך מעג זיך פרייען, וואָס זיי האָבן מיך באַהאַנדלט אַזוי מענטשלעך. אין דער אַנדע־רער גרופּע ווערט אַנדערש „געאַרבעט”. איך האָב מיך שיר נישט געוואָלט צעלאַכן.

אויף דער העדעמאַן־שטראַסע האָב איך ביים פאַרהער דערקלערט, אַז איך פלעג אַרומגיין בעטלען און, אַז ביי דער טיר פון איקס האָב איך תּמיד עפּעס באַקומען. פון דאַמאָלס אָן פלעג איך אָפט דאָרט אַריינקומען און די פרוי איקס פלעגט מיר געבן אויסצופירן פאַרשידענע שטוב־אַרבעט. איך האָב די שטורמיסטן דערקלערט, אַז איך בין זייער צו־פרידן געווען דערפון, ווי פיין די קאָמוניסטן האָבן מיך באַהאַנדלט. איך האָב אויך דערקלערט די שטורמיסטן, אַז איך סימפּאַטיזיר מיט די קאָמוניסטן און האָב געשטימט אויף דער ליסטע נומ. 3. דערויף האָט מיר דער אויספאָרשער געזאָגט: „אַזעלכע, וואָס זענען זיך מודה, וועלן מיר נאָך אָרנטלעך באַהאַנדלען. אייך דאַרפן מיר נישט, מיר דאַרפן צו האָבן אייערע פירער, מיט וועלכע מיר וועלן זיך אָפּ־רעכענען און פאַרניכטן זיי.”

...אבער אין דער ווירקלעכקייט פאַרפאַלגן זיי טויזנטער ארבעטער. אָט איז אַ באַזונדערס דייטלעכער

באוויזן פאר דעם. עס דערציילט אן ארבעטער, וועלכער איז פארשלעפט געווארן אין דער העדעמאן־שטראסע.

„דעם 5־טן מערץ בין איך מיט נאך זעקס ארבעטער ארעסטירט געווארן דורך שטורמיסטן. דער ארעכט איז פאר־געקומען אין א לאקאל, אין וועלכן מיר האבן אפגעווארט די רעזולטאטן פון די וואלן צום רייכסטאג. מיט אויסגע־שטרעקטע רעוואלווערן אין די הענט האט מען אונז גע־צוואונגען מיטצוגיין אין זייער שטורמיסטן־לאקאל. דארטן זענען מיר קודם כל צעשלאגן געווארן אלס „קאמוניסטישע חזרים". דערנאך האט מען אונז אין אן אויטא אפגעפירט אין דער שטורמיסטן־צענטראלע אויף העדעמאן־שטראסע 6. מ׳האט אונז ארויפגעטריבן אויפן 4־טן שטאק און אונטער פויסטן־קלעפ און שמיץ מיט בייטשן האט מען אונז געיאגט דורך א לאנגן קארידאר. דער קארידאר איז פון אויבן ביז אונטן געווען „אויסגעצירט" מיט „דעראבערטע" סאציאלדע־מאקראטישע פענער און טראנספארענטן. ביי דער וואנט איז געהאנגען א פיגור אויף א תליה אין רויטן פראנט־קעמפער אוניפארם. די פיגור האט געדארפט פארשטעלן ערנסט טעל־מאנען.

„מען האט אונז אריינגעטריבן מיט שמיץ אין אן אל־געמיינעם זאל. דאן האט מען אונז געצוואונגען אויסצורופן „הייל היטלער" און אנידערצוקניען, צו זאגן די מארגן־תפילה און צו זינגען דאס הארסט־וועסעל־ליד. ווער ס׳האט תיכף נישט געפאלגט דעם באפעל איז געקאטעוועט געווארן ביזן פארלירן דאס באוווסטזיין. נאכדעם האט מען אונז צוגעשלעפט צו דער וואנט און גענומען שיסן הארט איבער אונזערע קעפ. נאכדעם, ווי מען האט אונז א ווייל צורו געלאזט, האט זיך אנגעהויבן די ערשטע „אויספארשונג".

יעדער פון אונז איז אַרייַנגעדופן געוואָרן אין אַ באַזונדער צימער, וואו עס זענען געשטאַנען זעקס שטורמיסטן מיט דראָטענע בייטשלעך אין די הענט. איינער איז געזעסן בײַ אַ שרייב־מאשין. מיר האָבן זיך געמוזט אויסטון פולשטענדיק נאַקעט און דערביי האָט מען אונז דערקלערט, אַז מ׳וועט אונז אַזוי לאַנג שלאָגן ביז וואַנען מיר וועלן אַלץ נישט אויסזאָגן. מען האָט געפאָדערט פון אונז די אוממעגלעכסטע דערקלערונגען. מ׳האָט געפרעגט וועגן נעמען און אַדרעסן פון קאָמוניסטישע פונקציאָנאַרן, וווּ עס געפינט זיך באַהאַלטן געווער און העקטאָגראַף־אַפּאַראַטן. בעת דער דאָזיקער אויספאָרשונג האָט מען אונז אויף קיין איין סעקונדע נישט אויפגעהערט צו שלאָגן. דערנאָך האָט מען אונז געגעבן אַ האַלבע שעה זיך צו באַדענקען און נאָך דער האַלבער שעה האָבן זיך ווידער אויפסניי אָנגעהויבן די פּייניקונגען.

„עטלעכע אַנטיפאַשיסטן, וועלכע האָבן פריער געהערט צו דער נאַצי־פּאַרטיי, האָט מען אָפּגעראַזירט דעם קאָפּ, אױבערלאָזנדיק אין מיטן אַ קליין בינטל האָר. מ׳האָט אונז דערקלערט, אַז די דאָזיקע מענטשן װעלן מאָרגן דערשאָסן ווערן. ווען מיר זענען געקומען, זענען זיי געלעגן אין אַלגעמיינעם זאַל אין אַ באַוואוסטלאָזן צושטאַנד. חוץ אונז האָבן זיך אין דעם דאָזיקן זאַל געפונען נאָך פּופציק סאָציאַלדעמאָקראַטישע און קאָמוניסטישע אַרבעטער. ווען מ׳האָט אונז אָפּגעלאָזט, האָט מען אונז פאָרגעלייגט אונטערצושרייבן אַ באַשטעטיקונג, אַז מיר פאַרלאָזן דעם שטורמיסטן־לאָקאַל פולשטענדיק געזונט און פריש. מיר האָבן אונטערגעשריבן. צוויי פון מיינע מיטאַרעסטירטע חברים האָב איך שפּעטער געטראָפן אין שפּיטאָל, איינעם — מיט אַ דורכגעשאָסענעם האַלז.״

**באַדעקט מיט וואונדן.** „דער אַרבעטער י. מ. פון בערלין איז אין דער נאַכט פון 27־טן אויפן 28 מערץ אַרעסטירט געוואָרן דורך שטורמיסטן און אין דער נאַצי־קאַזאַרמע שרעקלעך געפייניקט געוואָרן. זיין גאַנצער קערפּער איז באַדעקט מיט אָפענע וואונדן."

**אוריז צו שטילן דעם דורשט.** דער סאָצ. דעמ. דעפּוטאַט, געוועזענער מיניסטער, ווילהעלם זאָלמאַן, שרייבט וועגן דעם, ווי אַזוי די שטורמיסטן האָבן אים אַרעסטירט און געפייניקט:

„דאָנערשטיק, דעם 9־טן מערץ, דריי אַזייגער נאָכמיטאָג זענען פאַר מיין הויז פאַרפאָרן דריי אויטאָס מיט שטורמיסטן. איך האָב גראָד געריעדט דורכן טעלעפאָן מיט אַ שטאָט ראַטמאַן און האָב נאָך באַוויזן אַריינצושרייען אין טעלעפאָן טרייבל: „שטורמיסטן רייסן זיך אַריין אין מיין הויז, אַליאַרמירט תיכף די פאָליציי".

אין דעמזעלבן מאָמענט האָט זיך אין מיין אַרבעטסצימער אַריינגעריסן אַ מחנה מענטשן מיט רעוואָלווערן, העק און אויפגעהויבענע מעסערס אין די הענט. איידער כ'האָב נאָך באַוויזן אויסצורעדן אַ וואָרט, האָט מען מיך אַ שלייַדער געטון אויף מיין שרייבטיש. די מענטשן זענען געווען ווי משוגע פון שנאה און פרייד, אַז זיי קאָנען זיך אָן מיר נוקם זיין. די גרעסטע טייל פון די חברה־לייט האָבן זיך צעשאָטן איבער אַלע צימערן און במשך פון עטלעכע מינוט איז אַלץ געוואָרן צעהאַקט אויף פיצלעך. שלאָגנדיק מיט די פויסטן, האָט מען מיך אַריינגעוואָרפן אין אַן אָפענעם אויטאָ. מיין פרוי האָט אַ געשריי געטון: „וואוהין פירט איר

מיין מאַן?״ איינער האָט גראָב געענטפערט: „איך וועס זיך שוין דערוויסן״. לכתחילה איז מען געפאָרן מיט מיר איבערן פעלד, אין דער ריכטונג צום וואַלד. היות, ווי נעבן מיר איז געזעסן אַ שטורמיסט און מיר כסדר געדראָט מיטן רע־וואָלווער, בין איך געווען זיכער, אַז מ׳וועט מיך אין גאַנצן וואַלד פאַרטיק מאַכן. אָבער מ׳איז ווייטער געפאָרן, גלייך אין שטאָט אַריין, נישט אויפהערנדיק מיך כסדר צו זידלען מיט די גרעבסטע ווערטער. אויף די באַלעבטע גאַסן איז דער אויטאָ געפאָרן לאַנגזאַם און די שטורמיסטן האָבן גע־נומען שרייען, אָנווייזנדיק אויף מיר: „דאָס איז דער גרוי־סער זאָלמאַן! זעט ווי קליין ער איז!״ ענדלעך האָט מען מיך געבראַנגט אין דער קרייז־לייטונג פון די נאַציס. אויף די טרעפ האָט מען מיך אַרויפגעיאָגט מיט פויסט־קלעפּ, קאָ־פען אין אַלע זייטן און אַריינגעפירט אין אַ צימער. די לאָדנס זענען געווען פאַרמאַכט אַזוי, אַז אין צימער האָט געהערשט אַ האַלבטונקלקייט. דאָ האָב איך געדאַרפט שטיין פאַר אַ טריבונאַל. אויפן טיש איז געשטאַנען אַ האַקנקרייץ־צייכן. איך האָב באַמערקט ווי נעבן פענסטער איז געזעסן מיין רעדאַקציע־קאָלעגע עפּעראַט, וועלכער איז געווען פונקט אַזוי צעהרגעט, ווי איך. ווי נאָר איך האָב זיך אָוועקגעזעצט נעבן עפּעראַטן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ פייניקונג, וועלכע האָט געדויערט צוויי שעה צייט.

אַ מאַן אין אַ שטורמיסטן־אוניפאָרם האָט לכתחילה געהאַלטן אַ קורצע רעדע קעגן עפּעראַטן, איבער וועלכן מ׳האָט איצט זיך באַמיט נקמה צו נעמען. דאַן זענען אויף אונז אַרויפגעפאַלן שטורמיסטן און אונז אָנגעהויבן צו שלאָגן מיט די פויסטן.

כמעט אַ האַלבע שעה זענען מיר, איך און עפּעראַט,

געלעגן אויף דר׳ערד אַזוי דערשעפּט, אַז מיר האָבן זיך פון אָרט נישט געקאָנט רירן. דערווייל האָט מען אונז ווייטער געשלאָגן מיט די פויסטן, געקאָפּעט אין בויך אַריין, געריסן ביי די האָר און געהאַקט אונזערע קעפּ איין קאָפּ אין אַנ־דערן.

ענדלעך האָט מען אונז אַ שלעפּ געטון פון דר׳ערד און אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול. איינער האָט אונז אַרונ־טערגעדרייט די הענט אונטערן שטול־אָנלען, דער צווייטער האָט אונז מיט געוואַלט אויפגעריסן ס׳מויל און דער דריטער האָט אַריינגעגאָסן אין דער קעל אַ פערטל ליטער ריצנאייל. איינער פון די אויסוואורפן האָט אַ געשריי געטון, מ׳זאָל ברענגען זאַלץ, כדי אונז צו פאַרשטאַרקן די יסורים, נאָר גראָד האָט זיך אַזוי שנעל קיין זאַלץ אויפן אָרט נישט געפונען. דאַן האָט מען אונז ווידער צורו געלאָזט עטלעכע מינוט. איך האָב געבעטן אַ גלאָז וואַסער. ווען מען האָט עס מיר דערלאַנגט, האָב איך באַמערט, אַז דאָס וואַסער האָט אַ פאַרדעכטיקטע קאָליר און איך האָב עס דעריבער באַנוצט בלויז אָפּצוּוואַשן מיינע שטאַרק פאַרבלוטיקטע הענט. זעענ־דיק דאָס, האָט איינער אַ געשריי געטון: „פאַרוואָס זויפסטו נישט דאָס וואַסער ?" מ׳האָט אונז כסדר געדוצט. אין דעם זעלבן מאָמענט האָט ער גענומען דאָס גלאָז מיט דער פלי־סיקייט און עס מיר אַ שליידער געטון אין געזיכט. און ווידער האָט זיך אָנגעהויבן אַ קלאַפּן מיט די פויסטן און קאָפּען אין בויך.

פלוצלונג זענען עפּעס די פייניקונגס־קנעכט געוואָרן אומרואיק. איך האָב גערעכנט, אַז די פּאָליציי האָט זיך דערווייל דערוואוסט וועגן דעם, אַז די שטורמיסטן האָבן

אונז פאַרשלעפּט. אַרום פינף אַ זייגער האָבן אונז שטור־
מיסטן אַ כאַפּ געטון און מיטן אויסגעשריי: „אין קעלער
אַראָפּ!" האָט מען אונז בוכשטעבלעך אַראָפּגעוואָרפן פון די
טרעפּ. מ'האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, ווי דער קעלער עפנט
זיך נישט און ס'איז געווען צו באַמערקן, אַז מען וויל פון
אונז וואָס גיכער פּטור ווערן. דאַן דאָרט מען אונז אַרויס־
געטריבן אויף דער גאַס, שלאָגנדיק און קאָפּענדיק כסדר.
אונזערע געזיכטער האָבן שוין באַוויזן צו באַקומען אַ גע־
שטאַלט פון איין גאַנצער בלוטיקער מאַסע. אויף דער גאַס
האָט שוין געוואַרט אַן אויטאָ. מ'האָט אונז באַפוילן אַוועק־
צולייגן אויפן באָדן פון פאַרמאַכטן אויטאָ און דער שטור־
מיסט, וועלכער איז געזעסן נעבן שאָפער, האָט זיך געווענדט
צו די רעשט שטורמיסטן: „קאָפּעט זיי אין הינטן!" דער
באַפעל איז תיכף אויסגעפירט געוואָרן.

אין פאַרמאַכטן אייטאָ האָבן זיך די פּייניקונגען איבער־
געחזרט. איך האָב באַקומען אַ זעץ מיט דער פויסט אין
רעכטן אויג. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביים פּאָליציי־פּרע־
זידיום. דער רייכסטאַג־דעפּוטאַט שאַלער, וועלכער האָט אונז
באַגלייט, האָט געעפנט דאָס טויער. און כאָטש מיר זענען
געווען אינגאַנצן אָן כוחות האָט מען אונז ווידער גענומען
יאָגן איבער די טרעפּ און קאָרידאָרן... איינער דערקלערט:
„צומאָרגנס וועט איר מוזן מאַרשירן בראש פון גרויסן נאַ־
ציאָנאַל־סאָציאַליסטישן פאַקל־צוג און דערנאָך וועט מען אייך
אויף די צונויפגענומענע פאַקעלן פאַרברענען"... דער פּאָליציי־
פּרעזידענט לייגט אונז פאָר, אַז מיר זאָלן גיין אין שוץ־
אַרעסט. איך ווייז אָן אויף מיין דעפּוטאַטישער אומבאַרירלעכקייט.
ער איז מסכים מיט מיר, אָבער פונדעסטוועגן בעט ער מיך, אַז
איך און עפּעראָט זאָלן זיך לאָזן אויפנעמען אין תפיסה־שפּיטאָל.

אין שפיטאָל האָט מען אונז באַנדאַזשירט און פאַר־
ניים די ווונדן. בעת די פיניקונגען האָט איינער פון די
שטורמיסטן קאַלטבלוטיק און אויסגערעכנט אַריינגערוקט
אַ פּעראַטן אַ מעסער אין דער זייט. דער דאָקטאָר האָט
דערקלערט, אַז ווען די ווונד וואָלט געווען טיפער מיט
איין צענטימעטער, וואָלט עפּעראַט געשטאָרבן. צומאָרגנס איז
געווען אַ באַריכט אין די צייטונגען, אַז מיר זענען באַפאַלן
געוואָרן פון פּאָליטישע קעגנער און „לייכט' פאַרווונדעט גע־
וואָרן."

זיי פּייניקן אַ דאָקטאָר און זיין פרוי. אַ געפאַנ־
גענער, וועלכער איז זינט זיבן יאָר געווען לייטנדער דאָק־
טאָר אין אַ בערלינער שפּיטאָל דערציילט, ווי אַזוי מ'האָט
אים געשלאָגן אין דער שטורמיסטן־קאַזאַרמע:

„זיי האָבן זיך אַרויפגעוואָרפן אויף מיר מיט בעסטיאַ־
לישער רציחה און אָנגעהויבן מיך צו קאַטעווען מיט גומי־
שטעקנס, לעדערנע קאַנטשיקעס און שטאָלערנע ריטער.
קודם כל האָבן זיי געשלאָגן אין קאָפּ. אַרויפשפּרינגנדיק
אויף טישן און שטולן האָבן זיי אכזריותדיק געקאַטעוועט פון
אויבן, איבערן קאָפּ. מיין געזיכט האָט זיך באַגאָסן מיט
בלוט, מיינע הילפסרופן זענען באַלד פאַרשטומט געוואָרן.
עטלעכע קלעפּ מיט אַן אייזערנער שטאַנג, אַ פּייפעריי אין
לינקן אויער. איך ווער צעמישט און פאַל אַוועק באַוווּסט־
לאָז.

„אינם צימער זענען געזעסן בלאַסע מענטשן, טייל
מיט באַנדאַזשירטע קעפּ. זיי האָבן געוואַרט אויפן פאַרהער.
די אַריינקומענדיקע שטורמיסטן האָבן כסדר געפאָדערט פון
די אַרעסטירטע צו באַגריסן זיי מיט „הייל היטלער" די,

וואָס האָבן דעם דאָזיקן באַפעל נישט אַזוי שנעל אויסגע־פירט, האָט מען מיט קלעפּ געצוווּנגען זיך אויפצוהויבן און אָוועקצוזעצן.

„עס קומען אַריין שטורמיסטן און נעמען אַרויס פון די שופלאָדן רעוואָלווערן און אַנדער געווער. די שופלאָדן זענען פול געווען מיט רעוואָלווערן און יעדער איינער האָט זיך אויסגעזוכט דעם בעסטן.

„מען מעלדעט, אַז מ׳האָט געבראַכט דעם אַרבעטער שולצע. אַלע שטורמיסטן לויפן אַרויס פון צימער. אין אַ פערטל שעה אַרום הערט מען אויפן קאָרידאָר ווילדע געלעכטערס. דערנאָך ווערט אין דער טיר אַריינגעשטופּט אַ נידעריקער, דרייסיק־יעריקער אַרבעטער. זיין רעכט אויג איז פאַרלאָפן מיט בלוט. בעתן פאַרהער האָט ער דערקלערט, אַז ער איז אַ מיטגליד פון דער „רויטער הילף״. מען באַשולדיקט אים אין אָנטייל נעמען אין אַ מאָרד איבער אַ שטור־מיסט. ער לייקנט עס אָפּ. ער דערקלערט, אַז מ׳האָט אים שוין וועגן דעם דאָזיקן חשד אויסגעפאָרשט און באַפרייט. מ׳הויבט אים אָן צו שלאָגן מיט יעגער־בייטשן און מען באַפעלט אים, אַז אויף יעדער פראַגע מוז ער ענטפערן „יאָ״. און מען שלאָגט אים אַזוי לאַנג, ביז ער ענטפערט „יאָ״. „ביזט דו דער מערדער, דו חזיר איינער?״ „ניין״ ענטפערט דער אַרבעטער. „ניין?״ מען שלאָגט אים נאָך שטאַרקער. דאָס גאַנצע געזיכט איז שוין באַגאָסן מיט בלוט, ער ווישט אָפּ דאָס פאַרבלוטיקטע פּנים מיטן אַרבל. „האָסט זיך מודה געווען, האַ?״ ענטפער: „דאָס איז געוואָרן אויס־געפּרעסט״. זיי שלאָגן אים ווידער.

„דערנאָך שיקט מען אים אין דער קיך צום ראַזירן דעם קאָפּ. ווען ער קומט צוריק, ווערט ער אָוועקגעשטעלט

אַנטקעגן אַן אַכציק־יעריקן מאַן. דער אַלטער, גרייז־גרויער מאַן באַקומט אַ באַפעל צו דערלאַנגען דעם אַרבעטער די האַנט און זאָגן אים: „גוט מאָרגן, חבר!" דער זקן שטרעקט אויס זיין האַנט און זאָגט צום אַרבעטער: „איך דריק אייך די האַנט, איר זענט אַ ליידנדער מענטש". אַלע לאַכן. „אַזוי גאָר, דו באַגריסט אַ מערדער?" דער זקן ענטפערט: „און ווען אַפילו ס'זאָל זיין אמת, איז ער דאָך אַ געפּלאָגטער מענטש, און איר זענט די פאַרקערפּערונג פון געוואַלט, אַ זאַך וואָס איז נישט אייביק. מיט קיין גומי־שטעקנס וועט איר מיין איבערצייגונג נישט אַרויסטרייבן פון מיר. איר זענט נאַציאָנאַל און איך בין אינטערנאַציאָנאַל." די דאָזיקע מוטיקע האַלטונג פון דעם גרייז־גרויען זקן האָט אַפילו געווירקט אויף עטלעכע שטורמיסטן. און ווען אימיצער פון די פייניקער האָט זיך געוואָלט וואַרפן אויפן אַלטן, האָבן אים די אַנדערע דערפון אָפּגעהאַלטן.

אין מיטן דער נאַכט האָבן מיך אַ סך הענט אַוועקגעשלעפּט אין אויספאָרשונגס־צימער. דאָרטן האָב איך געטראָפן מיין פרוי, זי איז געווען בלאַס, ווי דער טויט. זי האָט געשעפּטשעט צו מיר אין איר־מוטערשפּראַך: „איך קאָן עס שוין מער נישט אויסהאַלטן! איך וועל מיך דורכן פענסטער אַראָפּוואַרפן! איך קאָן שוין נישט מער! זיי זאָגן, אַז דו ביסט אַ טשעקאַ־שפּיאָן און וועלן דיך דערשיסן!" „רעד נישט קיין נאַרישקייטן, האַלט דיך פעסט". דער שטורמיסט, וועלכער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין דרימל (אפשר שכור!), האָט אַ געשריי געטון אויף אונז. מ'האָט מיין פרוי באַלד אַרויסגעפירט פון צימער."

היות ווי דער דאָקטאָר איז געווען אַ בולגאַר, האָט מען אין דער קאַמער אַריינגעשיקט אַ שפּיצעל, וואָס רעדט בולגאַריש. ער האָט דאָס געדאַרפט ביים געפייניקטן אויס־

פרעסן דעם „אמת"... און דער דאָקטאָר דערציילט ווייטער:

„דער שפּיצעל האָט אַרויסגעצויגן זיין רעוואָלווער און אויסגערופן: „דריי קוילן, איינע אין שטערן, איינע אין מויל און איינע אין בויך און פּאַרטיק, און דערנאָך — אויפן מיסט-קאַסטן." איך בין געלעגן שטום צון אומבאַוועגלעך... ער הויבט אויף ביידע געפּיילטע פויסטן און גיט מיר אַ זעץ אין געזיכט: „אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז דיין סוף. אָט דאָ אויפן פענסטער וועל איך דיך אויפהענגען. אָט אַזוי האָב איך מענטשן געהאָנגען אין קיעוו. נאָך עטלעכע מינוט גיב איך דיר צייט, און גיי איך אַרויס פון דעם צימער, ווען שוין זיין צו שפּעט. ביסטו זיך מודה, אָדער נישט ז דו הונט איינער! זאָג, וואָס טוט די טשעקאַ, וואָס טוט די געפּעאו?"

„איך בין ווייטער געלעגן אומבאַוועגלעך. אין פולער רציחה האָט ער מיך אַ קאָפּע געטון אין בויך. איך האָב פאַרלוירן דאָס באַוואוסטזיין."

מען שמייסט אַ פּופּציקיעריקע פרוי. אין דער נאַכט פון 20-טן אויפן 21 מערץ איז אַרעסטירט געוואָרן די פרוי-ראַטמאַן מאַריע יאַנקאָווסקאַ. צוואַנציק שטורמיסטן זענען באַפאַלן איר וואוינונג און האָבן זי פאַרשלעפּט אין דער קעפּעניקער שטורמיסטן-קאַזאַרמע. אַוועקגעפירט האָט מען זי אין אַן אויטאָ צוזאַמען מיט צוויי קאָמוניסטישע פונקציאָנערן.

מ'האָט זי אַריינגעפירט אין אַ שאָפּע און געצוואונגען זיך אויסצוטון נאַקעט און אַוועקצולייגן אויף אַ באַנק, אויף וועלכער ס'איז געלעגן די שוואַרץ-רויט-גאָלדענע (רעפּובלי-קאַנישע) פאָן. פיר מאַן האָבן זי פעסט צוגעהאַלטן, איינער

האָט צוגעדריקט איר געזיכט צו אַ בינטל אַלטע שמאַטעס. צוויי שעה נאָכאַנאַנד האָט מען די דאָזיקע פרוי געשמיסן מיט גומי-שטעקנס, שטאָלערנע ריטער און קאַנטשיקעס.

נאָך די דאָזיקע ענוים-קשים האָט מען זי אַרויסגעוואָרפן אויף דער גאַס. פינף פאַרטאָג האָבן זי פאַרבייגייער געפונען ליגן אויפן טראָטואַר און זי אין אַן אויטאָ אָפּגעפירט אהיים. די דאָקטוירים האָבן פעסטגעשטעלט, אַז זי איז לעבנס-געפערלעך. איין ניר איז געווען אונטערגעהאַקט. ניט געווען קיין אָרט אויפן קערפּער, וואָס זאָל האָבן געבליבן גאַנץ. אין שפּיטאָל האָט פרוי יאַנקאָווסקאַ געגעבן פאָלגנדיקע דערקלערונגען פאַרן פּראָטאָקאָל:

„בעת מ׳האָט מיך געשלאָגן, האָט מען מיר כּסדר באַפוילן אויסצוגעבן נעמען און אַדרעסן פון אַרבעטער. דערביי האָט מען מיר געשטעלט אַזעלכע פראַגן, ווי: „האָסטו געגעבן צו עסן קאָמוניסטן? האָסטו געגנבעט שיך פון אַרבעטס-לאַגער?" און יעדעס מאָל, ווען איך האָב געענטפערט ניין, האָב איך באַקומען אַ האָגל קלעפּ. נאָכדעם, ווי איך האָב שוין באַקומען מינדעסטנס הונדערט שמיץ, בין איך אַראָפּגעפאַלן פון דער באַנק. מ׳האָט מיך ברוטאַל אויפגעהויבן און דערביי געגעבן אַזאַ זעץ אין געזיכט, אַז איך בין אַוועקגעפלויגן אין אַ ווינקל, צעקלאַפּנדיק זיך שטאַרק די קניען. נאָכדעם האָב איך געמוזט צוזאַמען מיט די צוויי קאָמוניסטישע אַרבעטער, וועלכע מ׳האָט אויך געפייניקט, זינגען „דייטשלאַנד, דייטשלאַנד איבער אַלעס".

וואָס האָט געצוואונגען די נאַצי-יונגען אויף אַזאַ מוראדיקן אופן צו פייניקן די דאָזיקע פרוי. וועלכע האָט לויט אירע יאָרן געקאָנט דאָך זיין זייער מוטער? די דאָזיקע נאַצי-לייט האָבן געהאַנדלט לויטן באַפעל פון דער שטור-

מיסטן-אָנ[illegible] די פירער האָבן דאָס דאָזיקע פאַרבראַכן נישט בלויז אַפּראָבירט, זיי האָבן נאָך אַפילו די שטערבלעך-קראַנקע פרוי יאַנקאָווסקאַ באַשולדיקט אין „פאַרשפרייטן גרויל-פּראָפּאַגאַנדע״ און פאַרפירט קעגן איר אַ פּראָצעס נאָכדעם, ווי דער דאָזיקער געוואַלט-טאַט איז באַקאַנט געוואָרן אין אויסלאַנד.

## אַ נערוון-דאָקטאָר דערציילט וועגן גרויזאַמקייטן.

דער נערוון-דאָקטאָר פרענקעל, וועלכער איז פאַרשלעפּט און געפּייניקט געוואָרן אין אַ בערלינער שטורמיסטן-קאַזאַרמע, גיט איבער פאָלגנדיקע שוידערלעכע פּרטים:

„אין דער צייט, וואָס איך האָב זיך געפונען אין דער קאַזאַרמע, האָט מען אין דעם צימער, וואו איך בין געזעסן, געבראַנגט ביז פופצן יונגע אַרבעטער. איך זאָג דערמיט עדות, אַז די דאָזיקע יונגע אַרבעטער זענען אויף דעם גרויזאַמסטן אופן געפּייניקט געוואָרן. אַלס דאָקטאָר האָב איך געקאָנט פעסטשטעלן, אַז אַכט פון די דאָזיקע אַרבעטער, האָבן פון די מוראַדיקע קלעפּ געמוזט אומקומען. נאָכדעם ווי מ׳האָט די אַרבעטער געבונדן און זייערע פוסטריט געברענט מיט ברענענדיקע פּאַפּיראָסן, האָבן די נאַצי-יונגען זיי נאָך שעהנלאַנג מוראַדיק געפּייניקט. צוזאַמען מיט מיר איז אויך פאַרשלעפּט געוואָרן דער דאָקטאָר פיליפּסאַל פון בערלין. מ׳האָט אים שווער פאַרוואונדעט און איך האָב שטאַרק מורא פאַרן ווייטערדיקן גורל פון דעם דאָזיקן דאָקטאָר.״ (דער דאָקטאָר פיליפּסטאַל איז דעם 23 מערץ איבערגעפירט געוואָרן אין שפּיטאָל און איז טאַקע דאָרט געשטאָרבן).

(המשך קומט)

# אָס ברוינע בוך

## וועגן רייכסטאָג-אונטערצינדונג
## און היטלער-טעראָר

אַרויסגעגעבן דורכן אינטערנאַציאָנאַלן הילפס-קאָמיטעט
פאַר די קרבנות פון דייטשן פאַשיזם.
מיט אַ פאָררעדע פון לאָרד **מאַרליי**

**אויטאָריזירטע יידישע אויסגאַבע**

(מיט 20 בילדער)

## העפט 5

רלאַג „גראָשן-ביבליאָטעק"

1933 ארשע

א העץ-פילם אָנשטאָט א מיטאָג. „מאָנטיק, דעם
2־טן אַפּריל, בין איך אַרעסטירט געוואָרן דורך צוויי שטור-
מיסטן. און כאָטש עס האָט זיך ביים פאַרהער אַרויסגעוויזן,
אַז מ׳האָט נישט געהאַט קיין שום גרונט מיך צו אַרעסטירן,
האָט מען מיך מיט נאָך צוויי אַנדערע געפאַנגענע אַראָפּגע-
געשלעפּט אין אַן אייז-קעלער. דאָס איז געווען אַן אונטער-
ערדישע קאַמער פון דריי מעטער די לענג און צוויי די
ברייט. אין דעם דאָזיקן לאָך איז נישט צוגעקומען נישט
קיין לופט און נישט קיין ליכט. זען איינער דעם אַנדערן
האָבן מיר געקאָנט נאָר שטייענדיק זער נאָנט נעבן זיך.
באַלד ווי מיר זענען אַריין אין דעם דאָזיקן קעלער האָבן
מיר זיך אָנגעהויבן צו שטיקן צוליב מאַנגל פון לופט. מיר
האָבן זיך געפּרוּווט אַוועקלייגן, כדי דעם אָטעם צו כאַפּן.
בלויז אַן אַלט פעלד-בעטל איז געשטאַנען אין דער קאַמער,
קיין צודעק און קיין מאַטראַץ איז נישט געווען. אויף דר׳ערד
זענען געלעגן עטלעכע זעק, וועלכע מיר האָבן באַנוצט אַלס
צודעק. נישט געווען קיין וואַסער צו טרינקען, אַפילו וואַסער
צו וואַשן האָט מען אונז אָפּגעזאָגט. יעדער מאָלצייט איז א
קוואַל פון פּיין און דאָס עסן איז תמיד געווען קאַלט.
„איינער פון די געפאַנגענע אַ ייד, האָט בעת דער אויספאָר-
שונג באַקומען דעם שטרענגן אָנזאָג, אַז יעדעס מאָל, ווען
אין דער קאַמער וועט אַריינקומען אַ שטורמיסט, מוז דער
ייד אויסרופן: „איך וויל פאָרן קיין פּאַלעסטינע". מיר האָט
עס פאַרשאַפט גרויס פּיין, ווייל אָן זיין שטים האָב איך באַ-
מערקט, ווי שווער עס קומט אים אָן די דאָזיקע דערנידע-
רונג.
„דאָנערשטיק האַלב צוועלף ביינאַכט האָט מען אונז ענד-
לעך אַרויסגעפירט פון קעלער און אַריינגעפירט אין אַ גרויסן

זאָל. פּראַקטיק האָבן מיר געהאַט דעם איינדרוק, אַז מען גייט אונז באַפרייען, אָבער מ׳האָט בלויז געטריבן מיט אונז אַ חוזק־שפּיל. די פאַשיסטישע באַפעלקערונג פון דער אומגעגנט איז געוואָרן צונויפגערופן און ווען מ׳האָט אונז אַרויסגעפירט אויף דער גאַס און אַריינגעזעצט אין אויטאָ, איז די דאָזיקע באַפעלקערונג געשטאַנען קעפּ אויף קעפּ און אונז באַגעגנט מיט באַליידיקנדיקע אויסרופן. זיי האָבן געמוזט באַמערקן, ווי אַזוי מיר האָבן זיך געפילט, אָבער סונדעסטוועגן האָבן זיי הנאה געהאַט פון אונזערע ליידן. צו אונזער שטוינונג זענען מיר געפאָרן אין קינאָ. דער פילם, וואָס מ׳האָט אונז געוויזן, האָט געטראָגן דעם טיטל: „דאָס בלוטיקנדיקע דייטשלאַנד”. ס׳איז געווען אַ העץ־פילם קעגן פראַנקרייך. אויך דאָס דערשיסן שלאַגעטערן איז אין דעם דאָזיקן פילם דעמאָנסטרירט געוואָרן. איינער פון די אָנוועזנדע נאַצי־לייט האָט גענומען האַלטן אַ רעדע. ער האָט זיך איינגערעדט, אַז ער איבערצייגט אונז. אָבער פאַר אונז איז פיל מער געווען איבערצייגנד דער פאַקט, אַז מיר האָבן נאָך אין דעם דאָזיקן טאָג גאָרנישט געהאַט געגעסן.

„נאָך דעם אַלעם האָבן מיך צוויי שטורמיסטן, אָנשטאָט אין אַרעסט־הויז, אַוועקגעפירט אין אַ וואַלד אַריין. דאָרטן האָבן זיי מיך אַנידערגעשליידערט אויף דר׳ערד, איינגעדריקט דאָס פּנים אין פייכטן גראָז און געפרעגט: „ווו האָסטו דאָס געוואָרן?” „איך ווייס נישט פון קיין שום געווער” האָב איך געענטפערט. דאַן האָט מען מיך אָנגעהויבן מוראדיק צו קאַטעווען. איך בין געלעגן מיטן פּנים אַראָפּ און אַריינגעאָטעמט די שטיקנדע לופט פון דער פייכטער ערד, אין מויל איז מיר אַריין זאַמד און ביי יעדן קלאַפּ האָב איך געפילט, אַז איך הויך־אויס די נשמה.

„אין אַ ווייל אַרום פרעגן זיי מיך ווידער: „וואו געפינט זיך דאָס געווער?". איך האָב געוואָלט אויפשפּרינגען, ווייל מיר איז שוין געווען אַלצאיינס, אָבער דאָ האָב איך באַמערקט, אַז זיי זענען שוין מיד פון שלאָגן. אָבער פּלוצלונג האָב איך באַקומען אַזאַ פעסטן זעץ אין הינטערשטן טייל פון קאָפּ, אַז איך האָב פאַרלוירן דאָס באַוואוסטזיין.

„ווען איך בין ווידער געקומען צו זיך, זענען שוין די שטורמיסטן נישט געווען. איך האָב מיך קוים אַהיימגעשלעפּט. איך האָב אַרויסגערופן אַ דאָקטאָר. ער איז געווען אַזאַ פּחדן, אַז ער האָט מיר מורא געהאַט אַרויסצוגעבן אַ צייגניש.

„איך האָב גערעדט מיט אַ באַפרייטן פון די נאַצי־קאַזאַרמעס. ער האָט מיר דערציילט, אַז נאָכדעם ווי מ'האָט אים שעהן־לאַנג געפּייניקט, האָט ער אונטערגעשריבן אַ צייגניש, אַז ס'איז אים גאָרנישט געשען. אָבער נאָכדעם ווי ער האָט שוין געהאַט אונטערגעשריבן, האָט מען אים אויפסניי אָנגעהויבן צו שלאָגן און דערביי מיט חוזק צוגעגעבן: „אָבער איצט האָבן מיר שוין דיין אונטערשריפט, אַז דיר איז גאָרנישט געשען."

ער מוז לעקן זיין אייגן בלוט. אין אַ בערלינער בעקעריי האָט דעם 24־טן מערץ 1933 דער אַרבעטער ציגלער זיך אויסגעדריקט קריטיש וועגן היטלער־רעזשים. באַלד איז צו אים צוגעשפּרונגען דער שטורמיסט מילער, וואָס האָט אויך געאַרבעט אין דערזעלבער בעקעריי און אים געדראָט מיט נקמה. מילער איז אַוועק צו זיינע חברים און ציגלער איז באַלד פאַרשלעפּט געוואָרן אין אַ שטורמיסטן־קאַזאַרמע. וועגן דעם, וואָס עס איז ווייטער געשען מיט ציגלערן, האָט ציניש איבערגעגעבן אַ שטורמיסט: „ער האָט

מיט זיין אייגענעם שטעקן אַזוי לאַנג געקריגן געשלאָגן, ביז דער שטעקן איז צובראָכן געוואָרן אויף צווייען. נאָכ־דעם האָט ער זיין אייגן בלוט געמוזט אָפּלעקן. נאָכדעם האָבן מיר אים זיין צונג מיט דער באַרשט אויס־גערייניקט און איך האָב אים אַזוי געזאָגט: „דו הונט איינער, דו געפינסט זיך איצט אויף היטלערס ערד און ער וועט דיך נאָך טייער קאָסטן".

אַן אמתער אַריער פילט דעם טעם פון דריטן רייך. אין די לעצטע טעג פון אַפּריל איז אַרעסטירט גע־וואָרן אין דרום־דייטשלאַנד ראַבינדראַנאַט טאַגאָרעס (באַרימ־טער אינדישער פּאָעט) אַ פּלימעניק אונטערן פּאַרדאַכט, אַז ער האָט צוגעגרייט אַן אַטענטאַט אויף היטלערן. די שיל־דערונג, וועלכע ער גיט וועגן דער תפיסה אין דריטן רייך, איז געשריבן גענוג אומפּאַרטייאיש און אָביעקטיוו. נאָכדעם, ווי מ'האָט אים במשך פון עטלעכע טעג געפייניקט און דערנידריקט, האָט מען אים סוף־כל־סוף געמוזט באַפרייען. ער דערציילט:

„דאָס אָרט, ווו מ'האָט מיך געבראַנגט, האָט זיך גע־פונען אין אַ פינסטערן, דושנעם קעלער. אין דעם דאָזיקן אָרט האָט מען איינגעזעצט צוויי און צוואַנציק מיטגלידער פון די לינקע פּאַרטייען, הויפּטזעכלעך קאָמוניסטן. אַ סך פון זיי האָבן זיך שוין דאָ געפונען העכער אַ חודש צייט און נאָך קיין איינציק מאָל נישט אויסגעפאָרשט געוואָרן.

„ס'האָט זיך געהערט אַ יאָמערלעך שרייען און באַלד דערויף איז אין דער קאַמער ווידער אַריינגעשטויסן געוואָרן אונזערס אַן אָח לצרה. קרעכצנדיק שווער, האָט ער אונז

געוויזן די שפורן פון די גרויזאַמקייטן, וועלכע ער איז אדורכגעגאַנגען.

„אַ קאָמוניסטישער דעפּוטאַט האָט מיר געוויזן צייכנס פון קלעפּ און פייניקונגען און דערביי האָט ער פּשוט דער־קלערט: „אָט זעט, דאָס רופט זיך אָן נאַציאָנאַלע דייטשע קולטור". אין דעם טאָג, ווען מ'האָט מיך אַרעסטירט, האָט מען אַרויסגערופן פון דער קאַמער אַ יונגענמאַן מיטן נאָמען ראָם. ער איז צוריקגעקומען מיט אויפגעריסענע און צעבלוי־טיקטע זייטן. שטורמיסטן האָבן אים געשלאָגן מיט שטאָ־לערנע ריטער דערפאַר, וואָס ער האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנ־צוגעבן קעגן זיינס אַ חבר אַ פאַלשע עדות־דערקלערונג. מיר האָבן זיך מיט גרויסע שוועריקייטן אַוועקגעלייגט אויפן שטיינקנדיקן שטרוי, וואָס האָט אונז געדינט פאַר אַ געלע־גער, אָבער ער האָט זיך בשום אופן נישט געקאָנט אַוועק־לייגן, ווייל די וווּנדן אויף זיין רוקן האָבן דאָס אים נישט דערלויבט.

„דינסטיק אינדערפרי האָט מען אין אונזער קאַמער אַריינגעוואָרפן איינעם, וועלכער האָט זיך קוים געקאָנט האַלטן אויף די פיס. די האַנט, וועלכע איז אינגאַנצן געווען פאַר־שוואָלן, האָט ער געהאַלטן אויף אַ בינדע און זיין גאַנץ פנים איז געווען פאַרבלוטיקט. ער האָט געהייסן פולער און איז געווען אַ פונקציאָנאַר פון אַ פראָפ. פאַריין. אין דעם לאָקאַל פון פראָפ. פאַריין זענען אַריינגעפאַלן שטור־מיסטן און פאַרלאַנגט אַרויסצוגעבן זיי דאָס כלומרשט באַ־האַלטענע געווער. אַזוי ווי פולער האָט נישט געקאָנט דערפילן דעם באַפעל, האָבן זיי זיך אויף אים געוואָרפן, אויפגעריסן אים די אויבערשטע ליפּ כמעט ביז אונטער די אויגן, אָנגע־דערגעשליידערט אויף דר'ערד און אים געטרעטן מיט די פיס.

„ביינאַכט איז אוממעגלעך געווען אַן אויג צוצומאַכן. ווידער האָט דאָס געפענגעניש אָפּגעהילכט מיט די געשרייען פון די געפאַנגענע און מיט דעם געזאַנג און געלעכטער פון אונזערע פייניקער. אין דער שכנישער קאַמער האָט אַ געפאַנגענער אוממאויפהערלעך גערופן זיין מוטער. גאַנץ אָפט פלעגן אין די קאַמערן אַריינפאַלן שטורמיסטן און באַפרידיקן דאָרט זייערע חיהשע אינסטינקטן.

„דאָס עסן, וואָס מ׳האָט אונז געגעבן, איז געווען גע־נוג, אָבער שלעכט. און אָט אין דעם דאָזיקן גיהנום בין איך געלעגן אָפּגעריסן פון דער גאַנצער וועלט, נישט ווי־סנדיק אין וואָס מען באַשולדיקט מיך, אַ געפאַנגענער אין דער דאָזיקער תפיסה פון אַ פרעמד לאַנד, אין די הענט פון אומ־באַקאַנטע און גרויזאַמע פיינט.״

א דאקומענט, וועלכן אפילו געבעלס וועט נישט קאָנען אפלייקענען. ס׳איז אַן אָפיציעלע מעלדונג פון דער פאָליציי אין בילעפעלד. אַ דאָקומענט, וועלכער באַ־ווייזט אַן איבעריק מאָל, ווי אומבאַשטראָפט מען קאָן אין דייטשלאַנד רעדן וועגן אייגענע פאַרברעכנס:

„בילעפעלד, 3־טער אַפּריל 1933. דער ס. ד. דעפּוטאַט און ראַטמאַן שרעק איז נעכטן אַרעסטירט געוואָרן; ער ליגט דערווייל אין שפּיטאָל.״

אַ קלאַסישער ביישפּיל. אַרעסטירן איז דאָס זעלבע וואָס שווער פאַרוואונדן.

## „יודא, פערעקעז"

איינע פון די ערשטע טאָטן פון דער נייער נאַציאָנאַליסטישער לאַנדעס-רעגירונג אין טירינגען איז געווען דער פאַרבאָט פונם צענטראַל-פאַריין פון דייטשע בירגער פון יידישן גלויבן. די רעגירונג האָט דערביי אָפּגעגעבן פאָלגנדע דערקלערונג:

„איינער פון די הויפּט־צילן פון דעם צענטראַל-פאַריין איז דער קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם. היות, ווי אין דייטשלאַנד עקזיסטירט נישט קיין אַנטיסעמיטיזם, האָט דער צענטראַל-פאַריין מער נישט קיין עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג. דעריבער איז ער פון היינטיקן טאָג אָן אויפגעלעזט."

עס האַנדלט זיך דאָ וועגן פאַקטן. אויטענטישע באַריכטן און עדות-זאָגן וועגן פייניקונגען, רדיפות, רעכטלאָזיקייט און אויסהונגערונג פון די יידן, וואָס לעבן אין דייטשלאַנד, וועלן געווען אָנצייכענען די גרענעץ צווישן „גרויל-ידיעות" און דער שמערצלעכערווירקלעכקייט. עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז די אַזוי גערופענע „גרויל-ידיעות" זענען ווייט נישט איבערגעטריבן, אָדער נישט-געענוי. פאַרקערט, די אמתע אכזריותדיקע מעשים זענען נאָך צו שוואַך געשילדערט. דערמיט וויל געזאָגט ווערן אָט וואָס: ווען מ'האָט, למשל, דערציילט וועגן אַ געוויסן הער קאָהן, אַז מ'האָט אים איינציקווייז אויסגעריסן די האָר פון קאָפּ, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער דאָזיקער קאָהן געפינט זיך שוין אַן אומבאַשעדיק-

טער לאַנג אין אויסלאַנד. אָבער דערפאַר איז דאָ אַ הער לעחי, וועלכן מ׳האָט נישט בלויז די האָר אויסגעריסן, נאָר אויך די אויגן אויסגעהאַקט אַזוי, אַז ער ליגט שוין אין שפּיטאָל זינט עטלעכע וואָכן שטערבלעך קראַנק. עס זענען פאָרגעקומען טעותים וועגן דער פּערזאָן און דעם אָרט פון דער געשעעניש; אָבער אויף יעדן איינצלנעם פאַל, וועלכער האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר נישט ריכטיק און פאַלש, זענען פאָרגעקומען הונדערטער אמתע פאַלן פון פּייניקונגען, פון פאַרקאַטעוועז צום טויט און באַרויבונגען, פאַלן, וועלכע זענען לגמרי נישט באַקאַנט געוואָרן, ווייל אונטער אַ טויט־דראָאונג האָט מען די באַטרעפנדע פּערזאָנען פאַרבאָטן אויסצוזאָגן דעם אמת וועגן די מעשים תעתועים, וואָס קומען טאָגטעגלעך פאָר אין היטלער־דייטשלאַנד.

**היטלער וועגן יידן.** מיר נעמען אַרויס עטלעכע מוסטערן פון דעם אָפּיציעלן ווערק פון נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם, פון היטלערס בוך „מיין קאַמף“, וואָס ווערט פאַרשפּרייט אין הונדערטער טויזנטער עקזעמפּליאַרן: „דער שוואַרצהאָריקער יידן־יונג לויערט שעהן־לאַנג מיט אַ טייוולאָנישער פרייד אויף דעם יונגן מיידל, וועלכע ער שענדעט מיט זיין בלוט, כדי זי צוצורויבן פון איר פאָלק“. „ער (דער ייד) גראָבט אונטער די יסודות פון דער ליטעראַטור, קונסט און טעאַטער, רייסט אַראָפּ אַלע באַגריפן פון שיינקייט און דערהאַבנקייט, פון גוטסקייט און איידלקייט, און אָנשטאָט דעם שלעפּט ער אַראָפּ די מענטשן אין דעם אייגענעם קרייז פון זיינע נידעריקע אינסטינקטן“. „ווי נאָר דער ייד דערגרייכט די פּאָליטישע מאַכט, וואַרפט ער פון זיך אַראָפּ די לעצטע מאַסקע, וואָס ער טראָגט נאָך. פון דעם דעמאָקראַטישן ייד

ווערט אַ בלוטיקער ייד און אַ טיראַן פון די פעלקער".

מען מוז נעמען אין אַכט, אַז די דאָזיקע געדאַנקען זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין אַ בוך, וואָס רעפּרעזענטירט דעם היטלעריזם. דאָס, וואָס מיר האָבן דאָ ציטירט, איז אַ נול אין פאַרגלייך מיט דער אַנטיסעמיטישער אַגיטאַציע, וואָס דאָס דאָזיקע בוך אַנטהאַלט. אויף די פאַרזאַמלונגען און אין צייטונגס-אַרטיקלען קומט אויס צו הערן פיל ערגערע ווער־טער. יאָרנלאַנג האָבן די נאַצישע צייטונגען געהאַט אַזעלכע קעפּלעך: „די ציצן ביי דעם יידישן חזיר", אָדער „די יידי־שע וועלט־מגפה" א. ד. גל. מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז דער וויכטיקסטער קאַמפּס-רוף פון דער היטלער-באַוועגונג איז: „יודאַ פערעקע!"

**דער טאָג פון אָפּרעכנונג.** מ'מוז זיך אָכאַמאָל אָפּגעבן אַ דין-וחשבון וועגן דעם, ווי אומזיניק עס זענען די הכחשות פון די נאַצי-געוועלטיקער בנוגע די ידיעות וועגן רדיפות אויף יידן און ווי קאָמיש זעט אויס די באַהויפּטונג, אַז אונ־טער דער אַפּוטרופּסות פון אַדאָלף היטלער געשעען די יידן קיין שום שלעכטס נישט. פופצן יאָר צייט האָט מען די יידן פאָרגעשטעלט אַלס די וועלט-מגפה, אַלס חיהשע אונטערמענטשן, די אָנהענגער פון דער נאַצי-באַוועגונג האָט מען געגעבן פרייע הענט די יידן צו פייניקן און פאַרפאָלגן. מ'האָט סיסטעמאַטיש אַנטוויקלט די שנאה קעגן יידן. מ'האָט פופצן יאָר כסדר צוגעזאָגט „זיך אָפּצורעכענען". איז דען אַ וואונדער, וואָס מיט דעם אָנהויב פון דער אַזויגע־רופענער „נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע" איז די דאָזיקע מאָרד־זריעה געוואָרן צייטיק. יעדן יונגן נאַצי האָט מען כסדר אַריינגעקלאַפּט אין קאָפּ, אַז ס'איז זייער אַן אָרנטלעכער

טאַט, אַז ס׳איז די העכסטע אויפגאַבע, צו וועלכער ער איז
אַלס דייטש באַרופן: דאָס אויסראָטן יידן. ווי אַזוי קען מען
איצט אויפקלערן דעם יונגן שטורמיסט, וועלכער איז ביי
דער מאַכט, אַז מען דאַרף די יידן שוינען? מען גיט דעם
יונגן שטורמיסט הבטחות, מען זאָגט אים כסדר צו, ווייל
פון אַלע זאַכן, וואָס מ׳האָט אים צוגעזאָגט, קאָן מען נאָר
איין חשק באַפרידיקן: דעם חשק צו מאָרדן. מ׳קאָן דאָך
נישט אַלע נאַצי-אָנהענגער געבן ברויט און אַרבעט, מען
קאָן נישט פאַרבעסערן דעם ווירטשאַפטלעכן קריזיס, מען קאָן
נישט דערפילן אַלע הבטחות, וועלכע מ׳האָט געגעבן, —
אָבער אַזוי לאַנג ווי מען דערלויבט די קליינבירגערלעכע
מאַסן צו רודפן און פאַרפייניקן די יידן, אַזוי לאַנג זעען
נישט די דאָזיקע מאַסן דעם גרויסן שווינדל, פון וועלכן זיי
אַליין זענען אויך אַ קרבן. דעריבער וועט מען אין היטלער־
דייטשלאַנד נישט אָפּשטעלן די יידן-העצע. ס׳וואָלט געווען
אַ מוראדיקער טעות צו מיינען, אַז די יידן-רדיפות זענען
בעת היטלערס איבערנעמען די מאַכט געווען בלויז אַ פאַר־
בייגייענדיקע דערשיינונג. די דאָזיקע יידן-רדיפות זענען אין
די ראַמען פון דעם געוואַלדיקן באַשווינדלען דאָס פאָלק אַ
סיסטעמאַטיש און נויטווענדיק פּאָליטיש מיטל. ווי זאָגט דער
הער מיניסטער געבעלס אין זיין בראָשור „נאַצי-סאָצי”: „די
פרייהייט פון דער דייטשער נאַציע קאָן נאָר דערגרייכט
ווערן קעגן די יידן. געוויס איז דער ייד אויך אַ מענטש...
אָבער די פלוי איז אויך אַ באַשעפעניש — אָבער נישט קיין
אָנגענעמע באַשעפעניש... עס איז דער חוב פאַר אונז און
פאַר אונזער געוויסן אים צו מאַכן אומשעדלעך.”

„יידן קוקן אויף דיר". אלס באַווייז, אַז די אַנ-טיסעמיטישע העצע האָט נישט אויפגעהערט, נאָר ווערט נאָך שטאַרקער פאַרשפּרייט און געטריבן מיט אַלע מיטלען, קאָן דינען דאָס בוך פון דר. יאָהאַן לעערס א. ט. „יידן קוקן אויף דיר". ס'איז אַ מישמאַש פון פאָטאָגראַפיעס, וועלכע דאַרפן דעם „דייטשן פאָלק" געוויזן ווערן אַלס שרעקנס-בילדער. צווישן די דאָזיקע כמעט 60 פאָטאָגראַפיעס פון דייטשן און אויסלענדער געפינען זיך אויך בילדער פון קאַרל ליבקנעכט, וועלכער ציט זיין אָפּשטאַמונגס-יחוס פון מאַרטין לוטער, פון דעם קאַטוילישן פירער ערצבערגער, פון ווילי מינצענבערג, אין וועלכן עס געפינט זיך נישט קיין טראָפּן „יידיש בלוט", פון גזשעשינסקי, פון דעם קאַטוילישן אוי-בערבירגערמייסטער אַדענאַוער, פון דעם פּאַסטאָרס זון ער-ווין פּיסקאַטאָר, — אָט די אַלע זענען דאָך מיט דער נאַציאָ-נאַל-סאָציאַליסטישער תורה „ריין ראַסיקע" דייטשן. אָבער אין היטלער-דייטשלאַנד גיט מען זיך נישט די מי אויסצו-פאָרשן אַפילו די פרימיטיווסטע פאַקטן. ס'איז גענוג בלויז צו זאָגן, ס'איז גענוג בלויז אויסצוטראַכטן אַ בלבול. ווער ס'איז אומבאַקוועם פאַרן היטלער-רעזשים, דער איז אַ „ייד" און — באַסטאַ. דער באַגריף „פאַראַנטוואָרטלעכקייט" איז די דאָזיקע נאַצישע „שרייבער" פולשטענדיק פרעמד. זיי האָבן פרייע הענט צו זאָגן ליגן. און פאָדערט פון זיי עמיצער אַ דין-וחשבון, ווען שוין די נאַצישע שטורמיסטן באַנ-דעס מאַכן שטום יעדן איינעם, וואָס שטעלט קשיות. דעריבער וואַגט קיינער נישט אָפּצולייקענען די נאַרישסטע באַהויפּטונגען און ווייל קיינער לייקנט נישט אָפּ, גלויבט די אויפגעהעצטע מאַסע אין אַלעם.

אין דעם דאָזיקן בוך, וועלכן מיר ווינטשן, אַז עס

זאָל פאַרשפּרייט ווערן וואָס מער, ווייל ס׳ וועט ווי־כטיק אויפקלערן דעם „גייסט“, וואָס באַפליגלט דאָס זיריטע רייך, — אין דעם דאָזיקן בוך געפינען מיר צווישן אַנדערע אויך די פאָטאָגראַפיעס פון ראָזאַ לוקסעמבורג, פּראָפ. איינשטיין, געאָרג בערנהאַרד, ליאָן פויכטוואַנגער, טעאָדאָר וואָלף, עמיל לודוויג, מאַקס ריינהאַרדט, טשאַרלי טשאַפּלין, אַלפרעד קער און די פאָטאָגראַפיע פון אַמעריקאַנישן באַנ־קיר אָטטאָ ה. קאַהן. קיינער, וואָס איז נישט קיין נאַציאָנאַל־סאָציאַליסט, וועט אין די דאָזיקע פאָטאָגראַפיעס נישט גע־פינען קיין שום אָפּשטויסנדיקעס. דאָס זענען מערסטנטייל פּרעכטיקע מענטשן מיט זייער ערנסטע, קלוגע אויגן און הויכע שטערנס, מענטשן פון אמתער אינטעלעקטועלער באַ־דייטונג. אָפּשטויסנדיק זענען בלויז די באַמערקונגען, מיט וועלכע דער הער דר. לעערס האָט די דאָזיקע פאָטאָגראַפיעס פאַרזען. ביי ראָזאַ לוקסעמבורג שטייט געשריבן: „אויסגעפירט דעם אורטייל“. ביי לעווינע: „אויפגעהאָנגען“. ביי ערצבערגערן: „ענדלעך אויסגעפירט דעם אורטייל. די יונגע דייטשן, וועלכע האָבן אים דערשאָסן, זענען נאָך דער נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע באַפרייט געוואָרן פון יעדער שטראָף.“ נעבן איינשטיינען שטייט קורץ: „נישט אויפגע־האָנגען“. דאָס איז אַ ליבלינגס־אויסדרוק פון דעם דאָזיקן הער דר. לעערס. ער באַנוצט אים ביי אַלע, וועלכע זענען נאָך נישט דערמאָרדעט געוואָרן. וועגן ריינהאַרדט שטייט גע־שריבן: „זיין מינדערווערטיקע גייסטלאָזע קונסט א.א.וו.“. טשאַפּלין ווערט באַצייכנט אַלס „פּונקט אַזוי לאַנגווייליקער, ווי עקלהאַפטער קליינער צאַפּלדיקער ייד“. וועגן טאָלערן ווערט דערקלערט: „ אַרעסטירט געוואָרן נאָך אַדאָלף היטלערס איבערנעמען די מאַכט“, אָבער דאָס שטימט

איוף אַ האָר נישט מיטן אמת, ווייל ערנסט טאָלער האָט זיך צו יענער צייט אינגאַנצן נישט געפונען אין דייטשלאַנד.

„יודן פּערעקע". דער הער האַנפסטענגל, דער נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישער „אויסלענדישער פּרעסע-שעף" האָט דעם 27-טן מערץ 1933 געגעבן דעם קאָרעספּאָנדענט פון דער אַמעריקאַנישער „טעלעגראַף-יוניאָן" פאָלגנדן אינטערוויו:

אויף דער פראַגע: „צי זענען די באַריכטן וועגן די אָנגעגעבענע יידן-רדיפות אמת אָדער נישט אמת?", האָט האַנפסטענגל געענטפערט: „דער רייכס-קאַנצלער, וועלכער האָט מיט מיר מיט עטלעכע מינוט צוריק גערעדט בעת זיין אויסשטייגן אויפן מינכענער פלי-פּלאַץ, האָט מיך באַאויפטראַגט אייך צו דערקלערן, אַז די אַלע ידיעות זענען אַ געמיינער ליגן".

אויף די באַזונדערע פראַגן מכּח די יידן-פאַרפאָלגונגען האָט האַנפסטענגל געענטפערט:

„די אויספאָרשונגען, וואָס זענען אין דער ריכטונג דורכגעפירט געוואָרן דורך די שוועדישע און האָלענדישע געזאַנדשאַפטן, האָבן פעסטגעשטעלט, אַז קיין איין ייד איז נישט דערמאָרדעט געוואָרן."

דריי און פערציק דערמארדעטע. די דורך אונז אויסגעפאָרשטע רשימה אַנטהאַלט ביז איצט 43 נעמען פון יידן, וועלכע זענען דורך די שטורמיסטן דערשאָסן געוואָרן, אָדער געוואָרן פאַרקאַטעוועט צום טויט. אין די דאָזיקע 43 פאַלן, זענען די קרבנות נישט אומגעבראַכט געוואָרן אַלס „מאַרקסיסטן", נאָר אַלס יידן. די דאָזיקע 43 אויטענטישע פאַלן,

וואָס יעדערער פון זיי איז באַזונדער גענוי אויסגעפּרשט גצוואָרן, שטעלן מיט זיך פאָר אַ זייער קליינע טייל פון דער אמתער צאָל, וועלכע וועט קאָנען פעסטגעשטעלט ווערן ערשט דאַמאָלס, ווען ס׳וועט מעגלעך ווערן אַ גענויערע אויספאָר־שונג איבער די היטלערישע מעשים־תעתועים. די אָזיקע 43 דערמאָרדעטע יידן זענען אויסגעקליבן געוואָרן פון הונ־דערטער נעמען. אַלע פאַלן, וועגן וועלכע מ׳האָט נאָר גע־קאָנט האָבן דעם מינדסטן ספק, זענען דאָ ניט אָנגעגעבן געוואָרן.

דעם 18 מערץ 1933 האָט אַ טראַגישער אומגליק אַוועקגעריסן פון אונז אין גלטער פון 18 יאָר אונזער הייסגעליבטן זון און ברודער

**זיגבערט קינדערמאַן**

בעקער־געזעל

מאָריץ קינדערמאַן און פרוי

דער דאָזיקער יידישער יונגערמאַן, וועגן וועמענס „טראַגישן אומגליק" עס דערציילט דער אומשולדיקער נעקראָ־לאָג, איז אַלס מיטגליד פון דעם אַפּאָליטישן ספּאָרט־פאַריין „בר־כוכבא" אין יאָר 1932 באַפאַלן געוואָרן דורך נאַצי־לייט. איין נאַצי־יונג איז צוליב דעם דאָזיקן אָנפאַל פאַרמשפּט געוואָרן דורכן געריכט. כּדי „נקמה צו נעמען" פאַר דעם דאָזיקן געריכטס־אורטייל, האָט מען נאָך היטלערס איבערנע־מען די מאַכט דעם יונגן קינדערמאַן פאַרשלעפּט אין אַ שטורמיסטן־קאַזאַרמע, אים בוכשטעבלעך פאַרקאַטעוועט צום



אַן אַרבעטער אכזריותדיק געפּייניקט
דורך שטורמיסטן.

טויט און דערנאָך אַרויסגעוואָרפן אויף דער גאַס. אויף זיין ברוסט איז געווען אויסגעשניטן אַ גרויסער האַקנקרייץ.

אַ ביישפּיל פון קאַסעל. אין אַ באַריכט פון קאַסע־לער דאָקטאָר אָ. מ. ווערט דערציילט:

„פרייטיק, דעם 17-טן מערץ 1933, האָבן דורך דער שטאָט קאַסעל דורכמאַרשירט נאַצי-באַנדעס, כדי צו פאַרשלעפּן די אָרטיקע יידן און דורכפירן איבער זיי אַ „געריכט". עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז קיין איינער פון די קרבנות איז קיינמאָל נישט געווען פּאָליטיש אַנגאַזשירט. איך וועל דאָ בלויז איבערגעבן וועגן די ערנסטערע פאַלן:

„דער אַדוואָקאַט דר. מאַקס פּלאַוט איז אין דעם דאָזיקן טאָג אַרויסגעשלעפּט געוואָרן דורך אַ גרויסער באַנדע פון זיין קאַנצעלאַריע אַרויס און אין אַ געשלאָסענער קייט פון שטורמיסטן געפירט געוואָרן איבער די גאַסן. אויפן גאַנצן וועג האָט מען אים מיט קלעפּ פון גומי־שטעקנס גע־צוואונגען צו שרייען „הייל-היטלער" און ביי יעדן אויסרוף האָט די נאַצישע מאַסע ווילד געריטשעט. מ'האָט פּלאַוטן אָוועקגעפירט אין דעם הויפּט-קלוב פון די נאַציס און דאָרטן האָט מען איבער אים דורכגעפירט אַן אַזוי-גערופענעם שטאַנד־געריכט. אַ מיטגליד פון דעם דאָזיקן שטאַנד-געריכט זאָל, לויט גלויבנסווירדיקע עדות, האָבן געווען דער אינטענדענט פון קאַסעלער שטאָט־טעאַטער, דער געוועזענער אָפּערן־זינגער שילינג. פּלאַוט איז צוליב מפלומרשטע אָמטלעכע מיסברויכן פאַרמשפּט געוואָרן צו 200 שמיץ מיט אַ גומי-שטעקן. כדי אַדורכצופירן די דאָזיקע פּראָצעדור, האָט מען פּלאַוטן אַראָפּ געפירט אין אַ קעלער און פעסט צוגעבונדן צו אַ באַנק. דאָן האָבן זיך אָנגעהויבן די שוידערלעכע פּייניקונגען, וועל־

כע האָבן געדויערט העכער צוויי שעה צייט. אין אַ געוויסן מאָמענט איז פלאַוט געפאַלן אין חלשות. מ'האָט אים דאַן באַגאָסן מיט קאַלט וואַסער, ביז ער איז צוריקגעקומען צום באַוואוסטזיין און אַזוי־גערופענע „באַרמהאַרציקע שוועסטער" האָבן אים געגעבן צו דערפרישן זיך מיט אַלקאָהאָלישן געטראַנק. ווען ער איז אַביסל צו זיך געקומען האָבן זיך אויסנייי אָנגעהויבן די זעלבע פייניקונגען. נאָכדעם, ווי עס האָט זיך געענדיקט דאָס דאָזיקע שוידערהאַפטע שמייסן, האָט שוין דער קרבן פולשטענדיק געהאַט פאַרלוירן דאָס באַוואוסטזיין און איז געבליבן ליגן אין אַ ווינקל אין אַ קאַלוזשע בלוט. נאָכדעם האָט מען פלאַוטן אַוועקגעטראָגן אין זיין וואוינונג, וואו ער איז במשך פון צען טעג ביז צו זיין טויט געבליבן ליגן צו בעט. די אַרויסגערופענע דאָקטוירים האָבן פעסטגעשטעלט מוראדיקע פאָלגן פון דער פייניקונג. אַזוי האָבן זיי פעסטגעשטעלט, אַז ביים קרבן איז אונטערגעהאַקט די נירן און די לונגען. דער רוקן און די פיס זענען געווען איין שטיק שוואַרצע מאַסע. מ'האָט פלאַוטן כסדר געמוזט געבן נאַרקאָטישע מיטלען, כדי צו שטילן זיינע יסורים, ווייל ווי נאָר ער פלעגט קומען צום באַוואוסטזיין, פלעגט ער צוליב די ווייטיקן אַזוי יאָמערלעך שרייען, אַז מ'האָט זיין געשריי געהערט אויף דער גאַס. דער דר. פלאַוט, וועלכער איז געווען זייער אַ קרעפטיקער מאַן, איז אין צען טעג אַרום ג ע ש ט אָ ר ב ן.

„אין דעם זעלבן טאָג איז אויף דעם זעלביקן אופן, ווי פלאַוט, און אין דעם זעלביקן אָרט, געפייניקט געוואָרן דער אַדוואָקאַט ד אַ ל ב ע ר ג. עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז מיט אַ קורצער צייט צוריק האָט דער געוועזענער אַדוואָקאַט און איצטיקער מיניסטעריאַל־דירעקטאָר, דר. פייזלער, געהאַט

אַ סכסוך אין געריכט מיטן דערמאָנטן דאַלבערג. בעת די פייניקונגען האָט מען דאַלבערגן דאָס דאַזיקע טאָקע פאַרגע־וואָרפן. עס אונטערליגט דעריבער נישט קיין שום צווייפל, אַז די פייניקונגען פון דאַלבערגן זענען געשען אויפן באַפעל פון דעם דאַמאָלסדיקן נאַצי־פירער אין קאַסעל און דעם איצטיקן ה״יכן פרייסישן מיניסטעריאַל־באַאַמטן, דר. פרייז־לער. ביי דאַלבערגן האָט מען אויך אָפּגעשניטן זיין לאַנגע באָרד. מ׳האָט אים אַזוי שרעקלעך געפּייניקט, אַז די דאָק־טוירים זענען במשך פון עטלעכע טעג געווען שטאַרק אומ־רואיק וועגן זיין גורל, מ׳האָט אים אויך געמוזט אָראָפּנעמען אַ פוס, אָבער צום גליק איז ער אַרויס פון דער געפאַר. ביזן היינטיקן טאָג ליידט נאָך דאַלבערג צוליב די איבער־געלעבטע מאַטערנישן.

„באַזונדערס שווער איז געפּייניקט געוואָרן אַ יינגער יידישער סוחר מיטן נאָמען מאָסבאַך. אים האָבן די נאַציס פאָרגעוואָרפן, אַז ער האָט פאַרפירט אַ קריסטלעך מיידל. די נאַציס זענען אַריין אין זיין וואוינונג און אים אַזוי מער־דערלעך געשלאָגן אין דער אָנוועזנהייט פון זיין מוטער, אַז ער האָט באַקומען שווערע וואונדן אין קאָפּ און אין די זייטן. דער דאָקטאָר סטעפאַן, וועלכער האָט אים שפּעטער באַטראַכט, האָט דערקלערט, אַז אפילו אין דער מלחמה האָט ער נישט געזען אַזאַ צעהרגעטן מענטש. אַ לענגערע צייט האָט מאָסבאַך געשוועבט צווישן לעבן און טויט און קוים אָפּגעראַטעוועט געוואָרן.״

אַז אויסגעפרעסטע דערקלערונג. דער 25־יעריקער זשורנאַליסט לעאָ קרעל, דער מיטאַרבעטער פון דער צייַ־טונג „בערלין אַם מאָרגען״, איז דעם 16 מערץ באַפאַלן

געוואָרן פון שטורמיסטן, וועלכע האָבן אים פאַרשלעפּט אין דער נאַצי־קאַזאַרמע און אים דאָרט פאַרפּייניקט צום טויט. ער איז געקומען צו קבורה אויפן יידישן בית־עולם. מיר דערמאָנען דעם דאָזיקן פאַקט צוליב זיינע נאָכוויי־ענישן. די אַלטע מוטער האָט באַקומען אַ בריוו מיט אַן אויפפאָדערונג צו קומען אין פּראָסעקטאָריום דערקענען איר זון. די אַלטע פרוי האָט בשום אופן נישט געקאָנט איר זון דערקענען. ער איז אינגאַנצן געווען איין פליישיקע מאַסע. אויפן געזיכט און איבעראַל אויפן גאַנצן קערפּער זענען געווען אויסגע־שניטן, אָדער אויסגעבערענט האַקנקרייצן. דאָס וואָס עס איז אַמאָל געווען איר קינד, איז איצט געלעגן פאַר איר אַלס בלוטיקע מאַסע. און אין דער אָנוועזנהייט פון דעם דאָזיקן צעפליישטן קערפּער האָט מען די מוטער געצוואונגען אָפּ־צוגעבן אַ דערקלערונג, אַז איר זון „איז נאָך אַ לאַנגער קראַנקייט געשטאָרבן אין שפּיטאָל".

אַזאַ דערקלערונג פלעגט מען אין יעדן פאַל פאָדערן פון די קרובים פון די צום טויט פאַרקאַטעוועטע. אויב עמצ־צער פון די קרובים פלעגט אפילו אין אייגענעם קרייז דער־ציילן וועגן דעם פאַקטישן פאַרלויף פון דער זאַך, האָט ער געקאָנט זיכער זיין, אַז דאָס געריכט וועט אים דערפאַר פאַר־משפּטן צו לאַנגע חדשים, אָדער טיילמאָל יאָרן תפיסה פאַר „גרויל־פּראָפּאַגאַנדע". בכלל דראָען די שטורמיסטן דעם קרוב פון די צום טויט־פאַרפּייניקטע: ווועט ער נישט „האַלטן דאָס מויל", וועט ער האָבן דעם זעלבן סוף.

## 300 באַוויזענע פאַלן פון באַרבאַרישער פּייניקונג.

ביז איצט האָבן מיר שוין 43 אויטענטיש דערקענטע, פאַר־שטומטע מתים און וויפל זענען פאַראַן טויזנטער האַלב־טויט

פאַרפּייניקטע און קאַליקעס אויפן גאַנצן לעבן; פון די מער ווי 300 פעסטגעשטעלטע ידיעות ברענגען מיר דאָ די פאָלגנדיקע:

אין מיטן פון חודש אַפּריל האָבן אַלע צייטונגען גע־ברענגט די ידיעה וועגן דעם העכער אַכציק יעריקן אויבער־ראַבינער יאָנאַס פּרענקעל, וועלכן שטורמיסטן זענען באַפאַלן אין זיין אייגענער וואוינונג און אים שווער פאַרוואונדעט.

די רעגירונג האָט די דאָזיקע ידיעה אָפּגעלייקנט.

די טאָכטער פון דעם אויבערראַבינער עללאַ פּרענקעל דערציילט דעם אמת וועגן דעם דאָזיקן געשעעניש:

**ווי אַזוי מ׳האָט געזאָלט דערמאָרדן מיין פאָטער**

פון עללאַ פּרענקעל.

„דעם 7 מערץ, אין אָוונט, האָבן זיך אין אונזער וואוי־נונג אַריינגעריסן דריי שטורמיסטן פון דער הילפס־פּאָליציי. צוויי פון זיי האָבן מיך פעסט צוגעהאַלטן און דערביי צו־געשטעלט צוויי רעוואָלווערן צום שטערן און צו דער ברוסט. דער דריטער שטורמיסט האָט גענומען שיסן צום פאָטער, וועלכער איז געזעסן ביים שרייב־טיש. צוויי קוילן האָבן אים געטראָפן אין קאָפּ. אַ פאַרבלוטיקטער איז מיין פאָטער אַני־דערגעפאַלן אויף דר׳ערד אין אַ באַוואוסטלאָזן צושטאַנד. איין שטורמיסט האָט אַ געשריי געטון: „איצט איז ער שוין אַ פאַרטיקער“. דערנאָך האָבן זיי אויפגעריסן דעם שרייב־טיש און אַרויסגעגנבעט דאָס גאַנצע געלט, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען (דאָרט איז געלעגן באַהאַלטן מיין נדן אין אַ סומע פון פינף טויזנט דאָלאַר און צוויי טויזנט מאַרק). איידער זיי זענען אַוועק, האָבן זיי מיך געוואָרנט, אַז איך זאָל נישט רופן קיין הילף און האָבן קאַליע געמאַכט די

עלעקטרישע אינסטאַלאַציע אַזוי, אַז די גאַנצע וואוינונג איז פאַרזונקען געוואָרן אין פינסטערניש. ווי מיר האָבן שפּעטער פעסטגעשטעלט, זענען די דאָזיקע „הילפס־פּאָליציאַנטן" געווען מיטגלידער פון דער שטורם־אָפּטיילונג אויף דער דראַגאָנער־שטראַסע.

„איך האָב צוגעשלעפּט דעם פאָטער פון שרייב־טיש צום פענסטער און אַ האַלבע שעה צייט געדופן הילף. די גאַס איז געווען אָפּגעשלאָסן דורך אַ סך אָפּטיילונגען נאַציס און פּאָליציי. יעדער איינער, וואָס האָט געוואָלט אַרויסגיין פון זיין וואוינונג, איז מיט גומי־שטעקנס געוואָרן צוריק אַריינגעטריבן. ענדלעך זענען אַריינגעקומען עטלעכע פּאָליציאַנטן, דערנאָך איז אויך געקומען די גיכע הילף, וועלכע די שכנים האָבן אַלאַרמירט. מ'האָט מיין פאָטער געוואָלט אַוועקפירן אין שפּיטאָל, אָבער איך האָב דערצו נישט דערלאָזט. אין צוויי טעג אַרום איז געקומען אַ באַאַמטער פון פּוילישן קאָנסולאַט. ער האָט נאָך געטראָפן אין דער וואוינונג אַ סך בלוט־פלעקן.

„פערצן טעג איז מיין פאָטער געלעגן צו בעט. יעדע שעה האָבן מיר מורא געהאַט, אַז עס קאָן קומען דער טויט. דעם 8־טן אַפּריל זענען ווידער געקומען אין אונזער וואוינונג עטלעכע שטורמיסטן און האָבן געפאָדערט זיי צוצולאָזן רעדן מיט מיין פאָטער. זיי האָבן דערקלערט, אַז אויב מיין פאָטער וועט שריפטלעך באַשטעטיקן, אַז נישט שטורמיסטן זענען אים באַפאַלן, נאָר יידן האָבן אים דאָס אַזוי צוגערעכט־געמאַכט, דאַן וועט אים אין דער צוקונפט גאָרנישט געשען. איך האָב זיי דערקלערט, אַז מיין פאָטער איז זייער קראַנק און דעריבער איז ער נישט אימשטאַנד צו שרייבן און זיי געבעטן, אַז זיי זאָלן קומען אין צוויי טעג אַרום. מיט אויס־

גנעשטרעקטע רעוואָלווערן האָבן זיי מיך און אים געצוואונ־
גען צו געבן דאָס ערגנוואָרס, אַז אין צוויי טעג אַרום וועלן
זיי באַקומען די דאָזיקע באַשטעטיקונג. היות ווי מיין פּאָ־
טער האָט בשום אופן נישט געקאָנט פּועלן ביי זיך צו געבן
אַזאַ באַשטעטיקונג, איז אונז עפּעס אַנדערש נישט איבערגע־
בליבן, ווי שנעל צו אַנטלויפן. צוויי פריינט האָבן אים
איינגעוויקלט אין אַ קאָלדרע און אים אַוועקגעטראָגן אין
מיטן העלן טאָג צו אַ באַקאַנטן, וועלכער האָט געוואוינט
אין אַ ווייט אָפּגעלעגן אָרט פון דער שטאָט. איך בין פאַר
שרעק שיער פון זינען נישט אַראָפּ. פריער האָבן מיר אַוועק־
געטראָגן די צוויי ספרי־תורות. די רעשט אַלע זאַכן האָבן
מיר געלאָזט אין שטוב. די וואוינונג האָב איך געמוזט פאַר־
לאָזן אין אַ בלויז שטוב־קלייד, אָן אַ הוט, ווייל דער הויז־
וועכטער פון אונזער הויז איז געווען אַ שטורמיסט, ער
וואָלט אונז באַלד געמסרט. דערנאָך זענען מיר אַוועקגע־
פאָרן מיט דעם צוג בערלין—ווין. מיין פאָטער, וועלכער
האָט געהאַט איינגאַנצן באַנדאַזשירט דעם קאָפּ, האָט געשפּילט
די ראָל פון אַ טויבן. איך האָב מיך אָנגעגעבן אַלס יונגע
דאַמע, וואָס פאָרט קיין ווין און באַדינט טיילווייז דעם
דאָזיקן אַלטן מאַן. גלייך נאָכן רירן פון צוג, איז אַריינגע־
קומען אַ שפּיצעל און מיך געגומען אויספרעגן. ער איז
אָבער אין דרעזדען אויסגעשטיגן פון וואַגאָן, ווייל איך האָב
אים געגעבן פולשטענדיק אומשולדיקע ידיעות.

„גלייך נאָך דרעזדען האָט זיך אָנגעהויבן די קאָנטראָל.
די דייטשע באַאַמטע זענען געלאָפן פון איין קופּע אין דער
צווייטער און יעדן איינעם געפרעגט: „זענט איר אַ ייד?“
איך האָב מיך אַוועקגעשטעלט ביי דער איינגאַנגס־טיר פון
קופּע, וואו חוץ מיין פאָטער, וועלכער איז געשלאָפן און די

צווי ספרי־תורות, האָט זיך מער קיינער נישט געפונען. די באַאַמטע זענען שוין געווען אינפאָרמירט דורכן שפּיצעל. זיי האָבן מיך דעריבער העפלעך באַגריסט און געזאָגט: „אַך, דאָס זענט איר עס די יונגע דאַמע, וואָס פּאַרט קיין ווין און באַדינט דעם טויבן זקן. מיר ווייסן שוין דערפון."

„אַזוי זענען מיר אַריבער די גרענעץ. אין רייכענבערג האָבן מיר געמוזט אָפּשטייגן, ווייל מיין פאָטער האָט זיך זייער שלעכט געפילט. דערנאָך זענען מיר געפאָרן קיין פּראָג. מיין פאָטער ליגט נאָך קראַנק ביזן היינטיקן טאָג."

ווען אין די פּראַגער צייטונגען האָבן זיך באַוויזן גע־נויע שילדערונגען פון דעם באַרבאַרישן אָנפאַל אויפן 80־יעריקן ראַבינער – האָט די היטלער־רעגירונג געהאַט דעם טרויעריקן מוט אָפּצולייקענען די גאַנצע מעשה אַלס גרויל־פּראָפּאַגאַנדע. די וואָלף־טעלעגראַפן־אַגענטור האָט געמאָלדן, אַז אַזאַ ראַבינער מיטן נאָמען פּרענקעל עקזיסטירט איבער־הויפּט נישט! מיר ברענגען דאָ דעריבער די פאָטאָגראַפיע פון הינדענבורגס אַ בריוו צום אויבערראַבינער פרענקעל (זע ז' 289). פון דעם בריוו זעען מיר, אַז אַזאַ ראַבינער עקזיסטירט שוין יאָ!

**באַפאַלן איז דער סינאַגאָגע.** לאָמיר דערציילן וועגן אַ צווייטן פאַל, וועלכער איז פאָרגעקומען אין דער סינאַגאָגע. דער ראַבינער בערייש אין דויסבורג איז בעתן דאַווענען אין דער סינאַגאָגע באַפאַלן און צעשלאָגן געוואָרן. דערנאָך האָט מען אים אַרויסגעשלעפּט אויף דער גאַס און אים איינגעהילט אין אַ שוואַרץ־רויט־גאָלדענע פאָן. אין מיטן פון אַ ריטשענדיקן המון האָט ער אין דעם דאָזיקן הילוך געמוזט מאַכן קאָזיאָלקעס. דער סוף איז געווען, אַז מ'האָט אים... אַרעסטירט אונטער דער באַשולדיקונג פון „שטערן די עפנט־לעכע רו אויף דער גאַס".

דער ראַבינער פֿון געלזענקירכען איז בעת דעם שבת־דיקן דאַווענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פֿון דער שול צוזאַמען מיט אַ געוויסע צאָל פֿרומע יידן. זיי זענען געטריבן געוואָרן איבער די גאַסן אין די שטורמיסטן־קאַזאַרמעס אַריין. דאָרט האָט מען זיי געצוואונגען צו שטעלן זיך מיטן פּנים צו דער וואַנט און כּסדר צו קניען. ווען דער ראַבינער האָט גענומען פּראָטעסטירן קעגן דער דאָזיקער ברוטאַליטעט, האָט מען אים אַרויפֿגעלייגט אויף אַ לייטער און געקאַטעוועט מיט אַ שטעקן. נאָכדעם, ווי מ׳האָט אים באַפֿרייט, איז אים געלונגען צו אַנטלויפֿן איבער דער האָלענדישער גרענעץ. קיין אַמסטערדאַם איז ער געקומען אין אַזאַ שווערן צושטאַנד, אַז ער האָט נישט געקאָנט נישט זיצן און נישט שטיין. איידער מען האָט אים באַפֿרייט, האָט ער געמוזט אונטערשרייבן אַ באַשטעטיקונג, אַז „זיין אַרעסט איז פֿאָרגעקומען צוליב אַ טעות״.

פֿאַגראַמען: די „פֿראַנקפֿורטער צייטונג״ פֿון 24־טן אַפּריל 1933 גיט איבער:

„וויסבאַדען, 23 אַפּריל. דאָ זענען פֿאָרגעקומען צוויי אָנפֿאַלן, וועלכע האָבן זיך געענדיקט מיט טויט. עס האַנדלט זיך וועגן הער סאַלאָמאָן ראָזענשטראַוך און דעם מילך־הענדלער מאַקס קאַסעל. דער פּאָליציאישער באַריכט מעלדעט: „שבת אַ זייגער האַלב־צוועלף ביינאַכט האָט מען פֿון הויז אויף ווערבערגאַס נומ. 43 דערהערט הילפֿס־רופֿן. גלייכצייטיק האָט זיך געהערט אַ שטאַרקע שיסעריי. אַ שאָפֿער פֿון אַ פֿאַרבייפֿאָרנדיקן אויטאָבוס האָט וועגן דעם פֿאַל געמאָלדן דער פּאָליציי, וועלכע האָט פֿעסטגעשטעלט, אַז די הילפֿס־רופֿן קומען פֿון דער וווינונג פֿון דעם 59־יעריקן מילך־

הענדלער מאַקס קאַסעל. ווען די פּאָליציי איז אַריין אין דער וווינונג האָט זי אין אַ צימער געפונען ליגן קאַסעלן אַ טויטן. דער קערפּער האָט געהאַט שטערבלעכע וווּנדן פון קוילן. די אויספאָרשונג האָט פעסטגעשטעלט, אַז עטלעכע מאַן האָבן זיך אַריינגעריסן אין דער וואוינונג דורך אויס־האַקן אַ שויב אין דער טיר, און ווען די פּערזאָן, וועלכע האָט זיך געפונען אין צימער, האָט געוואָלט אַנטלויפן דורכן פענסטער, האָבן די לייט זי דערשאָסן. אַז מ׳זאָל דאָ האָבן צו טון מיט אַ רויב־מאָרד איז נישט פעסטגעשטעלט גע־וואָרן. לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן האַנדלט זיך דאָ וועגן אַ נקמה־אַקט״.

וועגן צווייטן פאַל דערציילט דער אָפיציעלער באַ־ריכט:

„שבת, דרייפערטל צען אין אָוונט, איז די פּאָליציי אַרויסגערופן געוואָרן אין דער וואוינונג פון 58־יעריקן סוחר ר. אויף דער ווילהעלם־שטראַסע 20. אין איינעם פון די צימערן איז געלעגן אויף דער ערד דער דערמאָנטער ר., אַרויסווייזנדיק שוואַכע סימנים פון לעבן. קיין שום וואונדן האָט מען אויפן קערפּער נישט באַמערקט. דער אַרויסגערו־פענע׳ר דאָקטאָר האָט פאַראָרדנט דעם קראַנקן אָפּצופירן אין שפּיטאָל. אויפן וועג איז ר. געשטאָרבן צוליב אַ האַרץ־שלאַג. די אָנוועזנדע דינסט אין דער וואוינונג האָט איבערגעגעבן, אַז אַרום ניין אַ זייגער אין אָוונט האָבן צוויי יונגעלייט געקלאַפּט אין דער טיר און זיך געפרעגט אויף ר. ווען ר. האָט זיך באַוויזן, האָבן זיך ביידע יונגעלייט אַריינגעריסן אין דער וואוינונג און איינער פון זיי האָט אַרויסגעכאַפּט אַ רעוואָלווער. ר. איז אַנטלאָפן אין צווייטן צימער און איז פאַר שרעק אַנידערגעפאַלן. ביידע יונגעלייט האָבן באַלד

דערויף פאַרלאָזט די וואוינונג, נישט דערקלערנדיק נאָך וואָס זיי זענען געקומען. לויט דער שילדערונג פון דעם מיידל זענען די יונגעליים געווען אין עלטער פון 20 ביז 23 יאָר."

דאָס זענען די איינציקע, וויניקע פאַלן, וועגן וועלכע די פּאָליציי אַליין האָט געמאָלדן. אָבער יענע טויזנטער באַרבאַרייען, וועלכע ווערן פאַרשוויגן, כּדי מען זאָל זיך וועגן זיי נישט דערוויסן, הערן דערמיט נישט אויף צו זיין ריכטיק. די פאַרגעניגנס פון די שטורמיסטן זענען פאַרשידן. איינמאָל איז אין מיטן דער גאַס אין בערלין באַפאַלן געוואָרן דורך אַ גרופּע שטורמיסטן אין די אויגן פון זיין פאָטער דער זון פון שמש פ. מען האָט דעם אומגליקלעכן פעסט צוגעהאַלטן און איינער פון דייטשלאַנדס אויפריכטער האָט זיך געמאַכט אַ „וויץ" און דעם יונגענמאַן צוויי מאָל אַדורכגעשאָסן דעם רעכטן און דעם לינקן פוס. דעם שמשס זון איז דריי חדשים צייט געלעגן אין שפּיטאָל. ער וועט בלייבן אַ קאַליקע אויפן גאַנצן לעבן.

פאַרגוואַלדיקט. די יונגע יידישע נייטאָרין ק. ל. איז פון איר בערלינער וואוינונג פאַרשלעפּט געוואָרן אין אַ שטורמיסטן-קאַזאַרמע. איר פאַרברעכן איז באַשטאַנען אין חברן זיך מיט אַ קריסטלעכן יונגנמאַן. אין דער קאַזאַרמע האָט מען זי אַריינגעפירט אין אַ צימער, אין וועלכן ס'האָבן זיך געפונען אַן ערך 30 שטורמיסטן. די שטורמיסטן האָבן זיך תּיכּף אויף איר געוואָרפן, אַראָפּגעריסן פון איר די קליידער און זי צעקאַטעוועט. דערנאָך האָט זי געמוזט וואַרטן אויף די טרעפּ, וואו ס'האָבן זיך געפונען נאָך אַנדערע 10 שטורמיסטן. דער שטורמיסטן-פירער עריך שולץ האָט זי דאַן אַ כאַפּ געטון, זי פאַרגוואַלדיקט און אַוועק. נאָך זיין אַוועק-

גיין האָבן זי צוויי אַנדערע שטורמיסטן פּאַרגוואַלדיקט. שפּעטער האָט דער דאָזיקער שולץ דעם מיידל געמאַכט אַ ליבעס-דערקלערונג. ער האָט איר דערקלערט, אַז עס וועט איר קיין שום שלעכטס נישט געשען, אויב זי וועט זיך נאָר צו אים מעלדן יעדן אָוונט. וועט זי אָבער פּונדעסטוועגן פּרוּוון צו אַנטלויפן קיין אויסלאַנד, וועט מען זי דערשיסן. מ'האָט געגנוג מענטשן, וועלכע זאָלן אויף איר אַכטונג געבן. ק. ל. האָט דאַן געבעטן, אַז מ'זאָל זי באַפרייען. עריך שולץ זאָגט עס איר צו. ער גייט אַוועק און קומט באַלד צוריק. ער פירט זי אַוועק צו זיין מוטער, וועמענס וואוינונג עס האָט זיך געפונען אַנטקעגאיבער דער קאַזאַרמע. דאָרט האָט זי באַקומען אַנדערע קליידער, ווייל אירע פריערדיקע קליידער זענען געווען פולשטענדיק צוריסן. ערשט דאַן האָט מען זי באַפרייט.

איז די קליינע שטעטלעך. מיר געבן דאָ איבער אַן אויסגעצערטן בריוו, וועלכן מיר האָבן באַקומען צוגעשיקט: „אין דעם קליינעם ווירטעמבערגישן שטעטל נידערשטעטען ביי מערגנטהיים עקזיסטירט שוין זינט הונדערטער יאָרן אַ קליינע יידישע קהלה. די אָרטיקע יידן זענען ס'רוב סוחרים, וועלכע שטייען מער נעענטער, אויב זיי זענען שוין יאָ פּאָליטיש אַנגאַזשירט, צו די רעכטע, איידער צו די סאָציאַליסטן אָדער קאָמוניסטן. צווישן דער קריסטלעכער און דער יידישער באַפעלקערונג פון נידערשטעטען האָבן ביז דאָ נישט לאַנג געהערשט גאַנץ גוטע באַציאונגען.

אַן ערך 8 טעג פאַר פּסח איז קיין נידערשטעטען באַלד אינדערפרי אָראָפּגעקומען אַן אָפּטיילונג שטורמיסטן, האָבן באַזעצט דעם ראָטהויז און איבערגענומען די פּאָלי-

בייאישע מאַכט. דאָן האָט מען אין די יידישע הייזער גע־
מאַכט רעוויזיעס, זוכנדיק קאָמוניסטישע אויפרופן, וועלכע
מ׳האָט נאַטירלעך נישט געפונען. נישט קוקנדיק דערויף,
האָט מען צען יידן — אַלע אָנגעזעענע בירגער פון דער
שטאָט, — אַוועקגעפירט אין ראָטהויז. דאָרט האָט מען יעדן
איינעם אַריינגעפירט אין אַ באַזונדער צימער, פאַרשטאָפּט
דאָס מויל, אַנידערגעוואָרפן אויף אַ שטול און אַזוי לאַנג
געשלאָגן מיט שטאָלערנע ריטער, ביז יענער האָט ענדלעך
פאַרלוירן דאָס באַוואוסטזיין. נאָכדעם האָט מען די אומגליק־
לעכע, וועלכע האָבן זיך קוים געקאָנט האַלטן אויף די פיס,
אַריינגעפירט אין ראָטהויז־זאַל, וואו מ׳האָט זיי אַוועקגע־
שטעלט אין אַ שורה ביי דער וואַנט, — ביי דעם „כותל־
המערבי״, ווי מ׳האָט זיי מיט חוזק דערקלערט. נאָכדעם ווי
זיי האָבן אויפגעהויבן די הענט צום פאַשיסטישן גרוס, האָט
מען זיי באַפרייט. די מצרהייט פון זיי זענען געווען אַזוי
אָפּגעשוואַכט, אַז די קרובֿים האָבן זיי געמוזט אַהיימטראָגן,
אָדער אַהיימפירן אויף אַ דראָזשקע.

אַלע געפּייניקטע זענען עטלעכע וואָכן געלעגן צו
בעט, איינער פון זיי האָט אַפילו פאַרלוירן דאָס לשון.

עס איז ווערט צו באַגריסן, וואָס די גאַנצע נישט־
יידישע באַפעלקערונג, וועלכע האָט דעם 5־טן מערץ גע־
ווילט נאַציאָנאַליסטיש, איז געווען אויפגעבראַכט אויף דעם
דאָזיקן פאַל. אַן אַלטער פויער האָט, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ,
דערקלערט: „אָבער דאָס האָט דאָך היטלער נישט געוואָלט״.—
דער דאָזיקער אַלטער מאַן האָט נישט קיין ראַדיאָ־אַפּאַראַט,
אין קענגנפאַל וואָלט ער געוואוסט, אַז די דאָזיקע „דייטשע
מענער״ (ווי מ׳האָט איבערגעגעבן זענען זיי געווען פון הייל־
בראָן און זענען אין אַנדערע ערטער באַגאַנגען נאָך ערגע־

רע מעשים) האָבן בלויז אויסגעפּירט דאָס, וואָס די פירנדע פערזאָנען אין דייטשלאַנד פּראָפּאַגירן יעדן אָוונט דורכן ראַדיאָ אַלס זייער וויכטיקסטע אויפגאַבע."

אַלס דערגענצונג צו דעם דאָזיקן באַריכט וועגן דעם צושטאַנד אין די קליינע שטעטלעך אויף דער פּראָווינץ, ברענגען מיר נאָך דעם פאָלגנדיקן אויפרוף פון דער „אַקציאָנס-קאָמיסיע צו באַקעמפן דאָס יידנטום אין נוישטאַט ביים איי״ך". וועלכער איז דערשינען אין דער אָרטיקער צייטונג פון 18-טן מאַי 1933:

„...אונזער קאַמפּס-ציל איז אָפּצורייניקן נוישטאַט פון יידן און יידישע קנעכט. מיר ווילן דאָס דאָזיקע נאָכאַמאָל און מיט דער גאַנצער שאַרפקייט באַטאָנען, ספּעציעל פאַר די, וועמען דאָס דאָזיקע גייט אָן און זיי האָבן עס נאָך ביז איצט נישט פאַרשטאַנען... ווער עס האָט נאָך בדעה, נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעם, זיך אָנצונעמען פאַר די יידן, איז אין אונזערע אויגן אַ לומפּ, קעגן וועלכן מיר וועלן האַנדלען, פּונקט ווי קעגן די יידן..."

איז די שטורמיסטן-קאַזאַרמעס. ק. וו. פון בערלין דערציילט צווישן אַנדערן אויך פאָלגנדעס וועגן זיינע איבער-לעבענישן אין אַ שטורמיסטן-קאַזאַרמע: „צוזאַמען מיט מיר האָט מען אויך געבראַכט אַ יידישן יונגנמאַן פון אַ יאָר 26. דער דאָזיקער יונגערמאַן האָט מיר שפּעטער דערציילט, אַז מ'האָט אים אַרעסטירט בעת ער איז געפאָרן אויף אַ מאָ-טאָציקל. ער האָט זיך קיינמאָל אין קיין פּאָליטיק נישט גע-מישט און האָט נאָך קיינמאָל נישט אָנטיילגענומען אין קיין וואַלן. איצט האָט מען אים מיט אַ גרויסע שער אָפּגעשוירן די האָר און טיילווייז זיי אויסגעריסן. דאַן האָט זיך אָנגעהויבן

צווישן די שטורמיסטן גופא און אמפעריי וועגן דעם, וועד עס דארף אים קאטעווען, ווייל די, וועלכע האבן אים אהער־געבראכט, האבן די דאזיקע רעכט געפאדערט פאר זיך. דער שטורמיסט, וועלכער האט אים געברענגט, האט געזאגט: „איך וואלט דעם ייד אינגאנצן נישט געברענגט, ווען איך זאל אים נישט דארפן פארקאטעווען". די אנדערע האבן דערויף געענטפערט: „לאז אפ, דו ביזט שכור, ניי ניכ־טער זיך בעסער אויס".

„פון די גרעסטע טייל שטורמיסטן האט מען געשפירט בראנפן. דאן האט מען דעם ייד גענומען קאטעווען ווי די אנדערע, מ'האט אים געשלאגן מיט רימענס, מיט שטאלענע ריטער, מיט גומי־שטעקנס. נאכדעם האט מען אים אויפן נאקעטן געזעס געגאסן ספיריטוס און דערביי געשלאגן. דאן האט מען אים צוגעשטעקט צו דער ברוסט א קינ־זשאל און געזאגט: „איצט וועט מען דיך דערשטעכן". מ'האט אים בלויז געמאכט א קליינע וואונד און אים דערביי דער־קלערט: „מארגן אינדערפרי וועט מען דיך דערשטעכן".

„א פערטל אויף זעקס אינדערפרי האט מען מיך גע־ברענגט צום פארהער. היות, ווי מ'האט קענן מיר נישט געקאנט האבן קיין שום באווייזן, האט מען מיך ארייגגע־פירט אין שלאף־זאל, וואו עס זענען געלעגן אן ערך פערצ־ציק מאן. איך אליין האב באקומען בלויז עטלעכע קלעפ מיט גומי־שטעקנס און א קאפע אין רוקן. דא האט זיך אוין געפונען די אזוי גערופענע מארד־קאמער. אין דער דאזיקער מארד־קאמער האבן זיך געפונען 3 מאן. די דאזיקע מענטש האט מען אזוי לאנג געשלאגן, ביז זייערע קערפערס זענע אינגאנצן שווארץ געווארן. איינער פון זיי האט זיך שוי געוואלט אויפהענגען.



אויבערראַבינער
פ ר ע נ ק ע ל
מערדערלעך
צעשלאָגן דורך
שטורמיסטן.
די היטלעריסטן
האָבן שפּעטער
געטענהט, אַז אַזאַ
ראַבינער „עקזיס-
טירט איבער-
הויפּט נישט".

הינדענבורגס אַ
בריוו צום אויבער-
ראַבינער פרענקעל
וועלכער באַווייזט,
אַז ראַבינער פרענ-
קעל עקזיסטירט יאָ.

Herrn

Großrabbiner F r ä n k e l.

**Der Reichspräsident** Berlin, den 5. Januar 1933.

Herzlichen Dank für die mir zum Jahreswechsel übermittelten Glückwünsche, die ich bestens erwidere.

Mit freundlichem Gruß!

von Hindenburg

„צומאָרגנס 7 אינדערפרי איז געקומען דער דיזשורירנ־
דיקער אָפיציר פון דער שטורמיסטן־גרופע. מיר האָבן באַ־
קומען פרישטיק: קאַווע און טרוקן ברויט. דערנאָך האָט מען
אונז אַרויסגעטריבן אויפן הויף צו מאַכן איבונגען. פאַר דעם
האָבן מיר געמוזט זאָגן: „אַ זיג הייל פאַר אונזער רייכס־
קאַנצלער אַדאָלף היטלער". בעת די איבונגען האָבן מיר
געמוזט זינגען: „דייטשלאַנד, דייטשלאַנד איבער אַלעס" און
„איך האָב אַ קאַמעראַד". נאָכדעם האָט מען אונז געפרעגט,
צי מיר װעלן פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד, אויב עס וועט
אויסברעכן אַ קריג קעגן פוילן. מיר האָבן געענטפערט:
„יאָ". מען פרעגט אונז, וואָס מיר וועלן טון נאָכדעם, ווי
מ'וועט אונז באַפרייען, צי מיר וועלן אַריינטרעטן אין די
שטורם־אָפטיילונגען. מיר האָבן אויך געענטפערט: „יאָ". די
יידן, אין אַ צאָל פון צען מאַן, האָבן געמוזט באַזונדער
מאַכן איבונגען. זיי האָבן געמוזט אַרויסזאָגן מיאוסע ווער־
טער, ווי: „ספאָרט שטאַרקט דאָס וואַקסן פון די האָר, עס
שטאַרקט די מוסקולן און גיט דעם הינטער־חלק אַ געזונטע
פאָרם."

פון אַ מענגע פאַרשידענע מעלדונגען און פראָטעסטן,
וועלכע עס האָבן פאַרעפנטלעכט אין אויסלאַנד די קאָנסו־
לאַטן און באַטשאַפטן, נעמען מיר אַרויס פאָלגנדיקע:

די פוילישע פּראָטעסטן. „בערלין, 30 מערץ. דער
פוילישער געזאַנדטער אין בערלין, הער וויסאָצקי, האָט ביי
דער רייכס־רעגירונג באַלייגט אַ פּראָטעסט קעגן די רדיפות,
אויף וועלכע עס זענען אויסגעשטעלט די פוילישע יידן מצד
די היטלער־באַנדעס. הער וויסאָצקי האָט, צווישן אַנדערן,

אָנגעגעבן פאָלגנדע פאַלן, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין בערלין גופא:

„דעם 4-טן מערץ האָט מען אַרעסטירט אין זיין וואוי-נונג דעם הער ישראל ווייס און אים פאַרשלעפּט אין אַ גאַראַזש, וואו מ'האָט אים אַזוי שטאַרק געפּייניקט, אַז ער האָט פאַרלוירן דאָס באַוואוסטזיין. נאָכדעם האָט מען אים אַוועקגעפירט אין דער פּאָליציי, וואו מען האָט אים געהאַלטן ביזן 6-טן מערץ. בעת די פּייניקונגען האָבן די היטלער-אָנ-הענגער צוגענומען ביי אים זיין פּאַס און זיין רינג און האָבן די דאָזיקע זאַכן אים מער נישט אומגעקערט. דעם 6-טן מערץ איז מען באַפאַלן דעם הער אברהם לייב מי-טעלמאַן און אים פאַרשלעפּט אין אַ שענק, וואו מ'האָט אים מערדערלעך געשלאָגן און געצוואונגען צו טרינקען אַן עקל-האַפטע פליסיקייט. אין רעזולטאַט פון די דאָזיקע פּייניקונ-גען איז לייב מיטעלמאַן געוואָרן אומפעאיק צו וועלכער ס'איז אַרבעט. דעם 7-טן מערץ האָבן היטלעריסטן אַזוי לאַנג „באַאַרבעט" מיט גומי-שטעקנס מאיר וואולקען און זיינע אייניקלעך, ביז זיי האָבן פאַרלוירן דאָס באַוואוסטזיין.

„אין כעמניץ און פּלאַוען האָבן די היטלער-אָנהענגער באַהאַנדלט די יידן מיט אַ באַזונדערער, אומדערהערטער אכזריות. אַ סך פּוילישע יידן, וועלכע זענען אַרעסטירט גע-וואָרן אין כעמניץ, זענען אונטער אַ וואַך אַרומגעפירט גע-וואָרן איבער דער שטאָט און געמוזט אָפּקראַצן די קאָמוניס-טישע פּלאַקאַטן, וועלכע האָבן נאָך געשטאַמט פון דער צייט פון די וואַלן. די דאָזיקע אַרבעט האָבן זיי געמוזט אויס-פירן אונטער דער באַגלייטונג פון די שענדלעכסטע זידלע-רייען, וועלכע זייערע באַגלייטער האָבן זיי נישט געקאַרגט.

• אַ פּוילישער בירגער אַדאַלבערט דאַסנער האָט באַקו-

מען פּופּציק שמיץ מיט אַ בייטש. נאָך יעדן שמיץ האָט ער געמוזט זאָגן: „אַ שיינעם דאַנק". סאַלאָ רובינשטיין איז אַזוי שטאַרק צעשלאָגן געוואָרן, אַז אַ וואָך נאָך די פּייניקונגען איז זיין קערפּער נאָך געווען באַדעקט מיט אַ סך וואונדן און צייכנס פון די קלעפּ.

„אין דער פּלאָוצנער תּפיסה, וואו די היטלער-לייט האָבן איינגעזעצט אַ גרויסע צאָל יידן, זענען פּאָרגעקומען שרעק-לעכע, אַכזריותדיקע מעשים."

אין רעזולטאַט פון דער אינטערווענץ פונם פּוילישן קאָנסול אין צוויקאַו זענען אַכט פּוילישע יידן באַפרייט גע-וואָרן, אָבער צוליב די קלעפּ זענען זיי אויף אַ לענגערער צייט געוואָרן נישט אַרבעטספעיק.

דעם 12 מערץ איז דער פּאָליאַק סימאָן הער... אין זיין וואוינונג באַפאַלן געוואָרן דורך שטורמיסטן. אונטער אַ האָגל פון מוראדיקע קלעפּ האָט מען אים געיאָגט איבערן הויז-קאָרידאָר, אין וועלכן מ'האָט אין אַ סך טעג שפּעטער נאָך בולט געזען בלוט-פלעקן.

אמעריקעס פּראָטעסט. לויט אַ מעלדונג פון בערלין פון 9-טן מערץ האָט דער אַמעריקאַנער באָטשאַפטער סאַקעט באַלייגט אַ פּראָטעסט קעגן די רדיפות אויף די אַמעריקאַ-נער בירגער. עס האַנדלט זיך וועגן אַ געוויסע צאָל פאַלן, וואָס זענען פּאָרגעקומען אין בערלין גופא, אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג.

„פאַרשידענע יידן, צווישן זיי אויך אַמעריקאַנער בירגער, זענען אין בערלין באַהאַנדלט געוואָרן אויף אַ ברוטאַלן אופן. אַזוי האָבן זיך נאַצי-לייט אַריינגעריסן אין דער וואוי-נונג פון אַמעריקאַנער בירגער הער מאַקס שיסלער. פּדי

מ׳זאָל זיי אַריינלאָזן, האָבן זיי זיך אָנגעגעבן אַלס פּאַ־ליציאַנטן. זיי האָבן זיך אַריינגעריסן אין שלאָפצימער פון פרוי שיסלער און זי געצוואונגען זיך אָנצוטון אין זייער אַנוועזנקייט.״

## דאס אפיציעלע טשעכישע פרעסע־ביוראָ מעלדעט

דעם 2־טן אַפּריל: „אין וואַרנסדאָרפער שפּיטאָל געפינען זיך פיר שווער פאַרוואונדעטע דייטשע פליטים. נעכטן איינס ביינאַכט זענען זיי אונטער דער וואַך פון צוועלף שטורמיסטן געבראַכט געוואָרן אין אַ לאַסט־אויטאָ אין דעם אָרט גראָכשענאַו, וואָס ליגט נישט ווייט פון וואַרנסדאָרף. עס האַנדלט זיך וועגן פיר יידן, פון וועלכע איינער איז אַן עסטרייכישער בירגער, צוויי זענען פוילישע בירגער און איינער אַ שטאַאַטלאָזער. הונדערט טריט פון דער גרענעץ, נעבן וואַרנסדאָרף, איז דער לאַסט־אויטאָ געבליבן שטיין און מ׳האָט די יידן געהייסן אַראָפּגיין. נאָכדעם האָט מען זיי אין פעלד בלוטיק צעשלאָגן. און ווען די יידן האָבן געוואָלט אַנטלויפן איבער דער טשעכישער גרענעץ, האָבן די שטורמיסטן זיי נאָכגעשאָסן. אַלע פיר זענען שווער פאַר־וואונדעט. איינער פון זיי האָט חוץ אַנדערע וואונדן אויך באַקומען אַ וואונד אין קאָפּ און ליגט באַוואוסטלאָז.״

**אויף די גרענעצן.** די שטורמיסטן און שוץ־שטאַ־פעטן פון די גרענעץ־דערפער לאָזן פאַרשטייט זיך נישט צו, אַז די קרבנות פון ברוינעם טעראָר זאָלן קאָנען אַנטלויפן. יעדער דייטשער בירגער, וואָס ווערט געכאַפּט אויף דער גרענעץ ביים וועלן אַנטלויפן, ווערט אָנערקענט אַלס מלוכה־פאַררעטער.

פון פראג ווערט געמאלדן: „דער שנעל-צוג בערלין-
אטען, וועלכער ברענגט יעדן טאג הונדערטער פערזאנען קיין
פראג, איז דעם ערשטן אפריל אנגעקומען קיין פראג מים
אן איין-שעהדיקער פארשפעטיקונג און מיט בלויז 3 פאסא-
זשירן. די, וואס זענען אויסגעשטיגן פון צוג, האבן נאטאר-
יעל איבערגעגעבן וועגן די סצענעס, וואס האבן זיך אפגע-
שפילט אין דרעזדען. אויפן באן-פעראן האבן זיך פון ביידע
זייטן פון צוג אויסגעשטעלט צוויי קארדאנען נאצי-לייט,
א צווייטע אפטיילונג פון די נאציס איז אריין אין די וואג-
גאנען מיט דעם אויסגעשריי: „יידן ארויס!" אלע יידישע
פאסאזשירן, אפילו אויסלענדער, האבן געמוזט פארלאזן דעם
צוג.

„נאכדעם זענען אויך קאנטראלירט געווארן די פאפירן
פון די אנדערע פאסאזשירן, וועלכע מ'האט אויך געצוואונ-
גען אויסצושטייגן. אויפן פעראן האבן זיך די פאסאזשירן
געמוזט אויסשטעלן אין א ריי און דאן איז געגעבן געווארן
א באפעל: „מארשירן לינקס!" באוואכט פון נאצי-לייט איז
די גאנצע גרופע פאסאזשירן ארויסגעגאנגען דורכן וואקזאל
אין שטאט אריין. וועגן דעם ווייטערדיקן גורל פון די דא-
זיקע פאסאזשירן, וועלכע מ'האט בגוואלט ארויסגעזעצט פון
צוג און צווישן וועלכע ס'האבן זיך געפונען אויך פרויען
און קינדער, איז גארנישט באקאנט."

די דערקלערונג פון אויבערראבינער פון פראנק-
רייך. אין צוזאמענהאנג מיט די הכחשות פון די אפיציעלע
דייטשע אמטן, האט דער אויבערראבינער פון פראנקרייך
געגעבן א פארשטייער פון „פטי זשורנאל" פאלגנדיקע דער-
קלערונג וועגן די אנטיסעמיטישע רדיפות אין דייטשלאנד:

„ליידער בין איך געצוואונגען צו דערקלערן, אַז די ידיעות וועגן די גרויל־מעשׂים זענען אַבסאָלוט ריכטיק. מיר האָבן אין אונזער רשות די זיכערסטע באַווייזן און פאָטאָגראַפישע דאָקומענטן. גלויבט נישט, אַז מיר שטיצן זיך בלויז אויף די דערציילונגען פון די פליטים און גלויבן זיי אויפן וואָרט. מיר האָבן מיטלען אויסצופאָרשן, צי זיי זאָגן אמת. מיר האָבן אין אונזער רשות דאָקומענטן, וועלכע שטאַמען פון אַן אַבסאָלוט זיכערער קוועלע, וועלכע איך קאָן אייך אָבער נישט אָנגעבן. איך קאָן אייך נאָך אפילו זאָגן, אַז די דאָזיקע דאָקומענטן טראָגן אַן אָפיציעלן כאַראַקטער און שטאַמען פון אויסלענדישע רעגירונגען. עס האַנדלט זיך נישט בלויז וועגן רדיפות, נאָר וועגן גרויזאַמע טעראָר־אַקטן, וועלכע האָבן זייערע קרבנות און זייערע מאַרטירער. די דאָזיקע דאָקומענטן וועלן מיר דאַן פּאַרעפנטלעכן, ווען מ׳וועט אונז דערצו צווינגען.“

„ס׳איז געווען פיל שרעקלעכער!“ דער „מאַנטשעסטער גאַרדיאַן“ שטעלט פעסט: „די ווייטער אָנגעגעבענע ביישפילן פון די נאַצישע טעראָר־אַקטן זיינט די וואַלן באַווייזן, אַז דער טעראָר איז געוואָרן פיל שרעקלעכער, ווי מ׳האָט פריער געמיינט. די ענגלישע, פראַנצויזישע און אַמעריקאַנישע פרעסע האָט נישט נאָר נישט איבערגעטריבן די פאַקטן, ווי עס וויל האָבן די דייטשן, נאָר זי האָט וועגן די מוראדיקע מעשׂים געהאַט אַ קנאַפּע אַנונג. דאָס איז זעד נאַטירלעך, ווייל בלויז אַ קליינע טייל פון דעם פאַקטישן מאַטעריאַל האָט דערגרייכט צו דער אויסלענדישער פרעסע. אַמשרעקלעכסטן, — אפילו נאָך שרעקלעכער, ווי אין בערלין, — האָט געבושעוועט דער טעראָר אין קאַסעל און

אין שלעזיען, וואו דער אָמנעסטירטער געהיים־מערדער היי־
נעס פירט אָן מיט די ברוינע העמדלעך. דאָן אין וואָרמס
און אין אַ סך קליינע שטעטלעך און דערפער.

בלויז אַ גענויע שילדערונג פון די געשעענישן, וועלכע
זענען פאָרגעקומען אין די דערפער פון אויבערהעסען במשך
פון די לעצטע פיר וואָכן, וועט שוין שאַפן אַ בלוט־אויפ־
שוידערנדיק בילד. אָבער מער ווי עטלעכע איינצלנע פאַלן
איז שווער פעסטצושטעלן, ווייל יעדע אויספאָרשונג ווערט
באַשווערט דורך דער אַלגעמיינער שרעק פאַר נקמה און
תפיסה־שטראָפן. מיט עטלעכע טעג צוריק איז איינער פאַר־
משפט געוואָרן צו אַ יאָר תפיסה דערפאַר, ווייל ער האָט
פאַרשפרייט אַ „פאַלשע ידיעה", אַז די ברוינהעמדלדיקע
האָבן אויפגעהאָנגען אַ ייד. די „ידיעה" איז געווען אַ ריכ־
טיקע: דעם ייד, דעם הער... האָבן די ברוינהעמדלדיקע
געשלאָגן און דערנאָך אויפגעהאָנגען ביי די פיס מיטן קאָפּ
אַראָפּ. ווען זיי האָבן געענדיקט זייער אַרבעט, איז דער ייד
שוין געווען טויט. אַ דייטש, וועלכער וואָגט אין זיין אייגן
לאַנד אַרויסצוזאָגן איין אמת וואָרט וועגן דעם שרעקלעכן
טעראָר, איז אויסגעשטעלט אויף די מוראדיקסטע פאַרפאָל־
גונגען, אויף לאַנגע יאָרן תפיסה און אפילו אויף טויט. פאַר־
שטייט זיך, אַז קיינער וויל אויף זיך נישט נעמען אַזאַ
געפאַר."

## אן אויפרוף פון פראפעסאר איינשטיין. לאָמיר

דאָס דאָס דאָזיקע קאַפּיטל פון מאָרד און פון שוידער פאַר־
ענדיקן מיט אַ מענטשלעכן דאָקומענט, מיט דעם אויפרוף
פון דעם פון דייטשלאַנד פאַרטריבענעם פּראָפעסאָר איינ־
שטיין.

דעם 27־טן מערץ איז דער געלערנטער אָנגעקומען קיין האַוור אויפן דאַמפּער „בעלגענלאַנד". אויפן דעק פון דער שיף איז ער באַגריסט געוואָרן דורך אַ דעלעגאַציע פון דער אינטערנאַציאָנאַלער ליגע צו באַקעמפן דעם אַנטיסעמיטיזם, וועלכע ער האָט איבערגעגעבן דעם פאָלגנדן, אייגנהענטיק אָנגעשריבענעם אויפרוף:

„די מעשים פון ברוטאַלער געוואַלט און אונטערדריקונג לגבי אַלע פרייע גייסטער און יידן, די דאָזיקע מעשים, וועלכע זענען פאָרגעקומען און קומען נאָך פאָר אין דייטשלאַנד, האָבן צום גליק געוועקט דאָס געוויסן פון אַלע לענדער, וועלכע זענען טריי געבליבן די אידעאַלן פון הומאַניטעט און פאָליטישער פרייהייט.

„די אינטערנאַציאָנאַלע ליגע צו באַקעמפן דעם אַנטיסעמיטיזם האָט געהאַט אַ גרויסן פאַרדינסט ביים פאַרטיידיקן די גערעכטיקייט דערמיט, וואָס זי האָט פאַראייניקט די פעלקער, וועלכע זענען נישט אָנגעשטעקט מיט דעם דאָזיקן גיפט.

„ס'איז צו האָפן, אַז דאָס דאָזיקע אָנטקעגנשטעלן זיך וועט זיין גענוג שטאַרק אויף צו פאַרהיטן אייראָפּע פון דער געפאַר, צוריקצוקערן זיך צו די לאַנגפאַרגאַנגענע צייטן פון באַרבאַריזם. אַלע פריינט פון אונזער אַזוי שווער באַדראָטער ציוויליזאַציע דאַרפן קאָנצענטרירן אַלע זייערע אָנשטרענגונגען, כדי צו באַזייטיקן פון דער וועלט די דאָזיקע פּסיכישע קראַנקייט. איך בין מיט אייך."

# דער באָיקאָט

דער „קאזאק הנגזל". זינט דער נאַציאָנאַל־סאָציאַ־ליזם עקזיסטירט, האָט ער אָנגעווענדעט די מעטאָדע פון פאַרשטעלן זיך אַלס געראודפטער, פאַרפאָלגטער און באַדראָ־טער. דער ביז איצט אין דייטשלאַנד אומבאַקאַנטער פ אָ ל י־ט י ש ע ר ט ע ר אָ ר, וועלכער איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורכן היטלעריזם, איז כסדר געוואַקסן האַנט ביי האַנט מיטן אָ ר ג אַ נ י ז י ר ט ן ש ו י נ ד ל. דער באָיקאָט קעגן די יידישע געשעפטן, די אויסנאַמסגעזעצן קעגן די דייטשע יידן האָבן דער וועלט געוויזן אַן אומפאַרגלייכלעך שוישפיל פון די דאָזיקע מעטאָדן. די נאַציס דאַרפן אָפן זאָגן: „דאָס אויסראָטן יידן פון דייטשלאַנד שטימט מיט אונזער פראָגראַם, איז אין הסכם מיט אונזער לאַנגיעריקער הויפט־פאָדערונג".

וואָס טוען אָבער די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן, כדי צו באַגרינדן זייער באָיקאָט? זיי שרייען: „מיר זענען באַ־ד ר אָ ט! די יידן ווילן אונז, אָרעמע דייטשן, פאַרניכטן! מיר זענען געצוואונגען זיך צו פאַרטיידיקן!" דער אָרגאַני־זירטער טעראָר ווערט אָנגערופן אַלס „פאַרטיידיקונגס־באַוועגונג":

„דייטשע פאָלקסגענאָסן, דייטשע פאָלקסגענאָסינס! די שולדיקע אין דעם דאָזיקן בלבול־פאַרברעך, אין דער דאָזי־קער נידערטרעכטיקער גרויל־ און באָיקאָט־העצע זענען די יידן אין דייטשלאַנד. זיי האָבן גערופן זייערע ראַסן־גענאָסן אין אויסלאַנד צו פירן אַ קאַמף קעגן דייטשן פאָלק. זיי האָבן פאַרשפרייט אין אויסלאַנד ליגנס און בלבולים. דערי־בער האָט די מלוכהשע אָנפירונג פון דער דייטשער פרײ־

הייטס-באַוועגונג באַשלאָסן, אַלס אָפּוּוער-קאַמף קעגן דער פאַרברעכערישער העצע, צו דערקלערן שבת, דעם 1-טן אַפּ-ריל 1933, צען אַ זייגער פרי אַ באָיקאָט אויף אַלע יידישע געשעפטן, וואַרענהייזער, ביוראָס א. אַ. וו. דעריבער רופן מיר אייך, דייטשע פרויען און מענער, דעם דאָזיקן באָיקאָט דורכצופירן. קויפט נישט אין קיין יידישע געשעפטן און וואַרענהייזער! גייט נישט צו קיין יידישע אַדוואָקאַטן! מיידט אויס יידישע דאָקטוירים!"

די מלוכהשע אָנפירונג פון דער נאַצי-פּאַרטיי האָט דעם 28 מערץ פאַרעפנטלעכט אַן אויפרוף צו אַלע פּאַרטיי-אָרגאַ-ניזאַציעס. אין דעם דאָזיקן אויפרוף איז געזאָגט געוואָרן, אַז די דייטשע יידן וועלן באַשולדיקט אין פירן אַ „גרויל-העצע" קעגן דער „נאַציאָנאַלער רעגירונג"

די 11 פּונקטן פון פּראָגראַם: דעמזעלבן טאָג זע-נען פאַרעפנטלעכט געוואָרן די 11 פּונקטן, ווי אַזוי דורכ-צופירן דעם באָיקאָט. מיר גיבן זיי דאָ וואָרט ביי וואָרט:

1) יעדע אָרטיקע גרופּע און אָרגאַניזאַציע פון דער נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישער פּאַרטיי דאַרף תיכּף שאַפן אַן אַקציע-קאָמיטעט אויף דורכצופירן אַ פּראַקטישן, פּלאַנמע-סיקן באָיקאָט פון יידישע געשעפטן, יידישע סחורות, יידישע דאָקטוירים און יידישע אַדוואָקאַטן. די אַקציע-קאָמיטעטן זענען פאַראַנטוואָרטלעך דערפאַר, אַז עס זאָלן דערביי נישט ליידן קיין אומשולדיקע, אָבער דערפאַר זאָלן שטאַרקער ליידן די שולדיקע.

2) דער אַקציע-קאָמיטעט איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער פולשטענדיקער זיכערקייט פון אַלע אויסלענדער אָן אונטערשיד פון רעליגיע, אָפּשטאַמונג, אָדער ראַסע. דער באָי-

קאָם איז בלויז אַ פּאַרטיידיקונגס־מיטל, וועלכער איז געווענ־דעט אויסשליסלעך קעגן דעם דייטשן יידנטום.

3) די אַקציע־קאָמיטעטן דאַרפן תּיכּף צוטרעטן פּאָפּו־לאַריזירן דעם באָיקאָט דורך פּראָפּאַגאַנדע און אויפקלערונג. דאָס וויכטיקסטע איז: קיין שום דייטש קויפט נישט קיין סחורה ביי קיין ייד און לאָזט זיך נישט אַריינגאַרן קיין סחורה פון אים, אָדער פון זיינע אונטערגעשטעלטע מענטשן. דער באָיקאָט מוז זיין אַן אַלגעמיינער. ער מוז דורכגעפירט ווערן דורכן גאַנצן פאָלק און טרעפן דאָס יידנטום אויפן פילבאַרסטן אָרט.

4) אין צווייפלהאַפטע פאַלן זאָל מען זיך דערוויל אָפּהאַלטן פון באָיקאָטירן אַזעלכע געשעפטן און וואַרטן ביז אַ נייער פאַראָרדענונג פון צענטראַל־קאָמיטעט אין מינכען.

5) די אַקציע־קאָמיטעטן דאַרפן שטרענג אַכטונג געבן אויף די צייטונגען און זען, אויף ווי ווייט זיי פירן דורך די אויפקלערונגס־אַרבעט לטובת דעם קאַמף פון דעם דייטשן פאָלק קעגן דער יידישער גרויל־פּראָפּאַגאַנדע אין אויסלאַנד. וועלן געוויסע צייטונגען דאָס דאָזיקע נישט טון, אָדער עס טון אין אַ באַגרענעצטער מאָס, דאַן מוז מען זיי תּיכּף ומיד באַזייטיקן פון די הייזער, אין וועלכע עס וואוינען דייטשן. קיין שום דייטשער מאַן און קיין שום דייטש געשעפט טאָר נישט געבן קיין אַנאָנסן אין אַזעלכע צייטונגען. די דאָזיקע צייטונגען מוזן עפנטלעך פאַרהאַסט ווערן אַלס אַזעלכע, וואָס זענען געשריבן געוואָרן פאַר די יידישע ראַסן־גענאָסן און נישט פאַרן דייטשן פאָלק.

6) די אַקציע־קאָמיטעטן מוזן די דאָזיקע פּראָפּאַגאַנדע אויך אַריבערטראָגן אין די פאַבריקן, כּדי אויפצוקלערן פאַר די אַרבעטער די פאָלגן פון דער יידישער גרויל־

העצע פאַר דער דייטשער אַרבעט און דערמיט אויך — פאַר די דייטשע אַרבעטער. מ׳דאַרף באַזונדערס פאַר די אַרבע־טער אויפקלערן וועגן דער נויטווענדיקייט פון נאַציאָנאַלן באָיקאָט אַלס אָפּוואַר־מיטל אויף צו שיצן די דייטשע אַרבעט.

7) די אַקציע־קאָמיטעטן מוזן אַריינדרינגען ביז אין דעם קלענסטן דערפל און באַזונדערס אין די קליינע שטעטלעך, כדי צו טרעפן דערמיט דעם יידישן הענדלער.

8) דער באָיקאָט הויבט זיך נישט אָן שטופּנווייז נאָר מיטאַמאָל. די באַפעלן צו די שטורם־אָפּטיילונגען און שוץ־שטאַ־פּעטן מוזן תיכף איבערגיין צו דער באַפעלקערונג, וועלכע דאַרף געוואָרנט ווערן נישט צו באַטרעטן קיין שום יידיש געשעפט. דער באָיקאָט הויבט זיך אָן שבת דעם 1־טן אַפּריל 1933, צען אַזייגער אינדערפרי, מיטן פולן פאַרנעם. דער באָי־קאָט ווערט דורכגעפירט אַזוי לאַנג, ביז עס וועט נישט אָנ־קומען אַ נייער באַפעל פון דער פאַרטיי־לייטונג דעם באָי־קאָט אָפּצושטעלן.

9) די אַקציע־קאָמיטעטן דאַרפן אַגיטירן, אַז מען זאָל ביז אין דעם קלענסטן דאָרף צונויפרופן צענדליקער טויזנ־טער פאַרזאַמלונגען, וועלכע זאָלן פאָדערן איינצופירן פאַר די יידן אַ פּראָצענט־נאָרמע אַנטשפּרעכנד צו זייער צאָל לגבי דעם דייטשן פאָלק. כדי צו דערגרייכן די געהעריקע רעזול־טאַטן ביי דער דאָזיקער אַקציע, איז נויטיק צו פאָדערן באַגרענעצונגען בלויז דערווייל אויף דריי געביטן: 1) אין די דייטשע מיטל־און הויכשולן; 2) אין דעם דאָקטוירים־באַ־רוף און 3) אין דער אַדוואָקאַטור.

10) די אַקציע־קאָמיטעטן האָבן אויך פאַר אַן אויפ־

גאַבע צו זען, אַז יעדער דייטש, וועלכער שטייט אין וועל־
כער ס'איז ־ בריוולעכער, טעלעגראַפישער, אָדער טעלעפאָני־
שער פאַרבינדונג מיט אויסלאַנד, זאָל פאַרשפרייטן דעם
אמת, אַז אין דייטשלאַנד הערשט רו און אָרדענונג, אַז דאָס
דייטשע פאָלק האָט נישט קיין גרעסערן ווונטש, ווי פריד־
לעך צו לעבן און אַרבעטן און איך פרידלעך צו לעבן
מיט דער גאַנצער וועלט און, אַז דער קאַמף קעגן די יידישע
גרויל־העצער ווערט נאָר געפירט אַלס פאַרטיידיקונגס־קאַמף.

11) די אַקציע־קאָמיטעטן זענען אויך פאַראַנטוואָרטלעך
דערפאַר, אַז דער געמיינזאַמער קאַמף זאָל געפירט ווערן
אין פולשטענדיקער רו און ביי דער גרעסטער דיסציפּלין.
מיר וועלן אַ סוף מאַכן צו דער יידישער העצע מיט דער
הילף פון דער מעכטיקער קראַפט פון דידאָזיקע אָנגענומענע
מיטלען."

דער דאָזיקער אויפרוף איז געוואָרן באַגלייט מיט אַ
קילאָמעטער־לאַנגע דערקלערונג. יעדעס וואָרט איז בלויז
צביעות, אָבער ווי שטענדיק ביי די דאָזיקע הערן — מיט
אַ באַזונדערס פּאָמפּיעזן און שניידנדיקן טאָן. צום סוף ווערט
געזאָגט: „נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן! שבת, ווי נאָר דער זייגער
וועט אויסקלינגען צען, וועט דאָס יידנטום וויסן, מיט וועמען
עס האָט אָנגעהויבן דעם קאַמף!"

**אקציע־קאמיטעטן.** אומעטום זענען געשאַפן געוואָרן
אַקציע־קאָמיטעטן, וועלכע האָבן זיך געשטעלט פאַר אַן
אויפגאַבע פעסטצושטעלן, וועלכע געשעפטן, וואַרענהייזער,
אַדוואָקאַטן־קאַנצעלאַריעס א. אַ. וו. געפינען זיך אין
יידישע הענט. דער „צענטראַל־קאָמיטעט פאַר באַקעמפן
יידישע געשעפטן" האָט געגעבן פאָלגנדע אָנווייזונגען:

„די אַקציע־קאָמיטעטן דאַרפֿן איבערגעבן די שטורמיסטן רשימות פֿון פּ ע ס ט ג ע ש ע ט ע ל ט ע  י י ד י ש ע  ג ע ש ע פֿ ט ן. דאָס דאַרף געטון ווערן, כּדי די שטורמיסטן זאָלן שבת, דעם 1־טן אַפּריל 1933, פּונקט צען אַזייגער אינדערפֿרי אַוועקשטעלן די וואַכן. די וואַכן דאַרפֿן דערקלערן דעם עולם, אַז דאָס באַוואַכטע געשעפֿט געהערט צו אַ ייד. כּדי מ׳זאָל וויסן, אַז דאָס געשעפֿט איז אַ יידישס, דאַרף מען ביי דער איינגאַנגס־טיר אויפֿהענגען אַ פּלאַקאַט אָדער אַ שילד מיט אַ געלן פֿלעק אויף אַ שוואַרצן פֿאָן. די אַקציע־קאָמיטעטן דאַרפֿן פֿרייטיק איינאָרדנען אומעטום מאַסן־פֿאַרזאַמלונגען און דעמאָנסטראַציעס. ביז זונטיק צען אַ זייגער אינדערפֿרי דאַרפֿן אַלע באָיקאָט־אויפֿרופֿן שוין הענגען אין אַלע שטעט און דערפֿער. גלייכצייטיק מוזן באַנוצט ווערן לאַסט־אויטאָס, אָדער נאָך בעסער — מעבל־פֿורן, וועלכע דאַרפֿן זיין פֿאַרזען מיט טראַנספּאַרענטן און מוזן אַרומפֿאָרן איבער די גאַסן. די טראַנספּאַרענטן מוזן האָבן פֿאָלגנדיקע אויפֿשריפֿטן לויט דער ריי:

„צו דעם אָפּווער־קאַמף קעגן דער יידישער גרויל־ און באָיקאָט־העצע".

„באָיקאָטירט אַלע יידישע געשעפֿטן".

„קויפֿט נישט אין קיין יידישע וואַרענהייזער".

„גייט נישט צו קיין יידישן אַדוואָקאַט".

„מיידט אויס יידישע דאָקטוירים".

„די יידן זענען אונזער אומגליק".

„כּדי צו פֿינאַנסירן די אָפּוועד־באַוועגונג, דאַרפֿן די קאָמיטעטן איינאָרדנען ז אַ מ ל ו נ ג ע ן  ב י י  ד י  ד י י ט ש ע  ג ע ש ע פֿ ט ס ־ א י י נ ט י מ ע ר".

אויף צענדליקער פֿלאַקאַטן-סלוגאַנס פֿון גאַנץ דייטשלאַנד איז

אין די טעג פאַרן 1-טן אַפּריל געהאַנגען פאָלגנדע מעלדונג:

„ביז שבת 10 אַ זייגער
האָט דאָס יידנטום זיך נאָך צייט צו באַדענקען!
דאַן הויבט זיך אָן דער קאַמף!
די יידן פון דער גאַנצער וועלט ווילן פאַרניכטן דייטשלאַנד!
דייטשיש פאָלק! פאַרטיידיק זיך!
קויף נישט ביי קיין יידן!"

אַט זענען עטלעכע מעלדונגען, ווי אַזוי דער באָיקאָט איז דורכגעפירט געוואָרן. דאָס קאָנטי-ביוראָ מעלדעט פון אַננאַבערג (זאַקסן):

„היינט פאַרמיטאָג האָבן פאַר די יידישע געשעפטן דורכמאַרשירט גרויסע שטורמיסטן-אָפּטיילונגען און יעדן איינעם קויפער, וועלכער האָט פאַרלאָזט אַ יידיש געשעפט, האָט מען אויפן געזיכט אַרויפגעקלאַפּט אַ סטעמפּל מיט פאָלגנדיקער אויפשריפט: „מיר, פאַררעטער, קויפן ביי יידן"! אויף אַ פאַראָרדענונג פון דער נאַצי-אָרגאַניזאַציע האָבן די יידישע געשעפטן געדאַרפט ערשט צומאָרגנס באָיקאָטירט ווערן. ווי דאָס קאָנטי-ביוראָ מעלדעט, זענען אויך אין בערלין אָנגענומען געוואָרן אַזעלכע מיטלען, ווי אין אַננאַבערג."

די דייטש-נאַציאָנאַלע „לייפּציקער נויעסטע נאַכריכטען" מעלדן פון קאַסעל:

„אויך אין קאַסעל האָט זיך די אָפּוועהר-אַקציע אָנגעהויבן פינקטלעך צען אַזייגער פרי. אויף דעם פרידריך-פלאַץ, ביי דעם וואַרען-הויז פון טיץ, איז אָוועקגעשטעלט געוואָרן אַ גרויסע פירקאַנטיקע שטייג, אויף וועלכער ס'איז געהאָנגען אַ פלאַקאַט מיט פאָלגנדיקן אויפשריפט: „קאָנצענטראַציע-לאַגער פאַר ווידערשפעניקע בירגער, וואָס קויפן ביי יידן". אין דער שטייג האָט זיך געפונען אַ לעבעדיקער אייזל."

„פּראָוואָקאַטאָרן". די נאַצי-פּאַרטיי האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז די ווילדע מעשים תעתועים פון די פרייגעלאָזטע שטורמיסטן-באַנדעס זאָלן נישט פאַררעכנט ווערן אויפן חשבון פון דער באַוועגונג. צו דעם צוועק האָט מען אַ סך טעג פריער געוואָרנט פאַר „קאָמוניסטישע פּראָוואָקאַטאָרן" און אַלס רעזולטאַט דערפון, זענען אַלע אַכזריותדיקע מעשים, וואָס זענען פאָרגעקומען אין יענע טעג, פאַרשריבן געוואָרן אויפן חשבון פון די דאָזיקע אויסגעטראַכטע „קאָמוניסטישע פּראָוואָקאַטאָרן", וועלכע געפינען זיך שוין לאַנגע יאָרן אויף אַ מאָדנעם אופן אין די רייען פון דער נאַצי-פּאַרטיי. אָבער נישט אין אַלע פאַלן איז עס מעגלעך געווען צו לייקענען, אַז שטורם אָפּטיילונגען האָבן אויפן באַפעל פון העכערע, אָדער נידעריקערע פונקציאָנאַרן דורכגעפירט „אַרעסטן", בעת וועלכע דער אָדער יענער „יידישער הזיר" איז אומגעקומען.

## ריכטער אויף פורן פון מעל.

דערציילט פון אַן עד-ראיה אין קעלן: „פרייטיק, דעם 31-טן מערץ, האָט זיך פאַר דעם אויבער-געריכט אין קעלן, אויף דעם רייכערסבערגער פּלאַץ, אָפּגעשפּילט אַן עקלהאַפטע סצענע: נאַציונגען האָבן זיך אַריינגעריסן אין דער געביידע פון אויבערגעריכט און מיט געוואַלט אַרויסגעשלעפּט פון דאָרטן אַלע דאָרט אָנוועזנדיקע יידישע ריכטער און אַדוואָקאַטן, וועלכע מ'האָט פריער אַהין אַרויסגערופן. אין דער אָנוועזנהייט פון אַ גרויסן עולם האָט מען זיי אַרויפגעזעצט אויף פורן פון מעל און דער המון האָט געחוזקט און געלאַכט. אַ סך ריכטער און אַדוואָקאַטן האָבן נאָך געטראָגן זייערע טאָגעס.

אויף די פורן זענען געהאָנגען פּלאַקאַטן מיט פּאָלגנדיקע אויפשריפטן: „זיי ווערן אָפּגעפּירט אין דער מיל צו צע־מאָלן". די פּאָליציי האָט זיך צו דעם אַלעם רואיק צוגע־קוקט. די פורן זענען דאַן צוגעפאָרן צום פּאָליציי־פּרעזידיום, וואו מען האָט די פאַרהאַלטענע גצואַלט נעמען אין שוץ־אַרעסט.

דער אָפיציעלער באַריכט, וועלכער איז אַ חוצפּהדיקע פעלשונג, קלינגט אַזוי: „היות ווי אַ גרויסער המון האָט זיך פאַרזאַמלט פאַר דער געביידע פון אויבער־געריכט, האָבן די שטורמיסטן אין פאַרשטענדיקונג מיט דער פּאָליציי אָפּגע־פירט די יידישע ריכטער און אַדוואָקאַטן אין שוץ־אַרעסט לטובת זייער אייגענער זיכערקייט (!)".

אָבער דער דאָזיקער באַיקאָט האָט זיינע גרענעצן — ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ גוט פאַרדינסטל. די דאָזיקע אַלע פאַרפאָלגונגען האָבן דורכאויס געטראָפן דעם יידישן מיטלשטאַנד און די יידישע פּראָלעטאַרישע שיכטן, אָבער נישט דעם יידישן קאַפּיטאַליסט. וואו נאָר די טוריסטן פראַ־גע איז געשטאַנען אין געפאַר, האָבן דאָרט אויפגעהערט אַלע פאָראורטיילן, איז פאַרשוואונדן געוואָרן דער גאַנצער ראַסן־האַס, איז מיט איין מאָל דער ייד שוין מער נישט קיין „נידעריק באַשעפעניש", ער איז שוין נישט מער קיין „וועלט־מגפה", נאָר דער שטאַרק געוואונטשענער, צאָלנדיקער קור־גאַסט. לאָמיר לייענען אַ מעלדונג אין דער „פראַנקפור־טער צייטונג":

„וויסבאַדן, סוף מאַי. די געשעפטן אין דעם קוראָרט זענען ווייט נישט אַזעלכע, ווי מ'האָט לכתחילה געמיינט. די צאָל פון אויסלענדישע געסט, צום ביישפּיל, אין די ערשטע וואָכן פון חודש מאַי, וועלכע זענען פאַר וויסבאַדן דער

אויך-סעזאָן, באַטראָפן בלויז 1744. די אַלגעמיינע צאָל פון אַלע געסט האָט ביז אין מיטן מאַי באַטראָפן סך-הכל 27.000. עס ליגט דעריבער אין די געשעפטלעכע אינטערעסן פון אונזער קוראָרט, אַז דער מאַגיסטראַט, די קור-דירעקציע און די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישע קרייז-לייטונג זאָלן אַרויסלאָזן אַן אויפרוף סיי אין לאַנד, סיי אין אויסלאַנד. אין דעם דאָזיקן אויפרוף זאָל אויפגעקלערט ווערן, אַז דעם קוראָרט וויסבאַדן קאָנען אַלע אויך אונטער דער נייער רעגירונג פריי און אומגעשטערט באַזוכן און אַז די רו און אָרדענונג וועט דאָ קיינמאָל נישט געשטערט ווערן. די פאַרוואַלטונג פון קוראָרט וויסבאַדן מעלדעט אַלע וועלכע וועלן לענגער אָדער קורצער פאַרבלייבן אין וויסבאַדן, אַז צו וואָס פאַר אַ רעליגיע זיי זאָלן נישט געהערן און וואָס פאַר אַן אידעען זיי זאָלן נישט האָבן וועלן זיי אומגעשטערט, זיכער און אָנגענעם פאַרברענגען אין אונזער קוראָרט."

אויסנאַמס-רעכט. דער אָפּענער באָיקאָט פון 1 אַפּריל איז נישט פאָרטגעזעצט געוואָרן, הגם די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישע פרעסע און פאַרטיי האָבן פאַרזיכערט, אַז דער דאָזיקער היסטאָרישער שבת „דאַרף באַטראַכט ווערן אַלס גענעראַל-פּראָבע פאַר אַ ריי צוגעגרייטע מיטלען", וועלכע „וועלן ווייטער דורכגעפירט ווערן, אויב די וועלט, וועלכע איז איצט קעגן אונז, וועט נישט ענדגילטיק ענדערן איר מיינונג". פון יענעם טאָג האָט זיך טאַקע די מיינונג פון דער וועלט שטאַרק געענדערט, אָבער גראָד נישט צום גונסטן פון „דריטן רייך".

די מאַכטהאָבער אין דייטשלאַנד האָבן עס טאַקע באַלד

באַמערקט, ווי האָבן עס שוין באַמערקט נאָך פאַרן באָיקאָט און זיי האָבן איינגעפּונען, אַז די דאָזיקע אָפענע דעמאָנ־סטראַציע איז פאַר זיי אַ ש ל ע כ ט ג ע ש ע פ ט. די נאַצי־לייט פאַרמאָגן אפילו פּרינציפּן, אָבער זיי זענען תמיד גרייט זייערע פּרינציפּן צו פאַרקויפן פאַר אַ טאָפּ לינזן.

שוין אין דעם טאָג ערב דעם באָיקאָט האָט דער באָי־קאָט־קאָמיסאַר שטרייכער דערקלערט, — זעט אויס אונטערן דרוק פון דער רעגירונג, — אַז איבערחזרן דעם באָיקאָט וועט, ווי ס׳איז פאָרויסגעזען, נישט נויטיק זיין. און דער רייכסמיניסטער פאַר „פּראָפּאַגאַנדע און אויפקלערונג" האָט דעם 31־טן מערץ דערקלערט די פאָרשטייער פון דער אויס־לענדישער פּרעסע פאָלגנדעס: „די רייכס־רעגירונג האָט באַ־שלאָסן דעם באָיקאָט פאָרלויפיק דורכצופירן בלויז במשך פון שבתדיקן טאָג. מיר וועלן דאַן צוואַרטן ביז מיטוואָך. וועט די אינטערנאַציאָנאַלע פּרעסע ביז צו דעם דאָזיקן טערמין אויפהערן די העצע קעגן דייטשלאַנד, וועלן מיר אָפּשטעלן די ווייטערדיקע מיטלען פון קאַמף. וועט דאָס נישט געשען, וועלן מיר דאַן, מיטוואָך 10 אזייגער פרי, אָנהויבן אַ באָי־קאָט, וועלכער וועט ברענגען די דייטשע יידן אַ פולשטענדיקע פאַרניכטונג. די פאַר־אָרדענונג, אַז דעם ערשטן אַפּריל זאָלן די אייגנטימער פון די יידישע געשעפטן אויסצאָלן זייערע קריסטלעכע אָנגע־שטעלטע פאַר צוויי מאָנאַטן פאָרויס, איז געוואָרן צוריקגע־צויגן."

דער לעצטער זאַץ פון דער דאָזיקער מעלדונג באַ־ווייזט באַזונדערס בולט, אַז אונטערן דרוק פון די געשעענישן זענען די נאַציס געווען געצוואונגען אָפּצושאַפן די אייגענע פאַראָרדענונגען. מ׳האָט פריער געהאַט געמאָלדן,

אַז אַלע יידישע אייגנטימער פון די געשעפטן מוזן אויס־צאָלן זייערע קריסטלעכע אָנגעשטעלטע פאַר צוויי מאָנאַטן געהאַלט פאָרויס. אַלס רעזולטאַט דערפון זענען אַלע בענק געוואָרן באַלאַגערט פון אַ מאַסע יידישע געשעפטס־אייגנטי־מער, עס האָט געקאָנט קומען צו אַ קראַך, ווען מ׳וואָלט די דאָזיקע פאַראָרדענונג נישט צוריקגעצויגן.

דער אָפענער באָיקאָט איז געווען אַ דעמאָנסטראַציע און אַלס דעמאָנסטראַציע איז ער ווערט געווען אַן אויסגע־בלאָזן איי. דעם אָפענעם באָיקאָט האָט מען מער נישט אי־בערגעחזרט, אָבער דערפאַר האָט מען ווייטער געפירט דעם שטילן באָיקאָט, יענעם באָיקאָט, וועלכער קאָסט גאָר־נישט און וועלכער טרעפט נישט אַזוי שטאַרק די גרויסע און רייכע יידישע פירמעס, ווי די צענדליקער און הונדער־טער טויזנטער קליינע יידישע אָנגעשטעלטע, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, לערער, באַאַמטע, אוניווערזיטעטס־פראָפעסאָרן א. ד. גל. דאָס האָבן אויסגענוצט די, וואָס זענען ביי דער שיסל. הונדער־טער טויזנטער יידן האָבן פאַרלוירן זייער ברויט, איז גוט, וועלן זייער פלאַץ פאַרנעמען די אַלע נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן, וועלכע מ׳האָט צוגעזאָגט פאָסטנס.

**דאס באאמטו־געזעץ.** וואָס שייך די באַאַמטע, איז די „ראַסן־פראַגע״ רעגולירט געוואָרן דורך אַ געזעץ, וועלכער איז דערשינען אין אָנהויב אַפּריל:

„פאַר נישט קיין אַריער, — ווערט געזאָגט אין דעם דאָזיקן געזעץ, — ווערט באַטראַכט אַזעלכער, וועל־כער שטאַמט פון נישט אַרישע, באַזונדערס פון יידישע עלטערן, אָדער זיידעס. ס׳איז גענוג, אַז איינער פון די

עלטערן, אָדער זיידעס, איז נישט קיין אַריער. עס דאַרף באַזונדערס גענומען ווערן אין אַכט, ווען איינער פון די עלטערן, אָדער זיידעס, געהערט צו דער יידישער רעליגיע.
„יעדער באַאַמטער, וועלכער האָט פאַרן 1־טן אויגוסט 1914 נישט פאַרנומען קיין באַאַמטן־פּאָסטן, מוז באַווייזן זיין אַרישע אָפּשטאַמונג. איז די אַרישע אָפּשטאַמונג פון אַ באַאַמטן אין אַ ספק, מוז צוגעשטעלט ווערן אַ באַשטעטיקונג פון אַן עקספּערט פאַר דער ראַסן־פאָרשונג. אַלע באַאַמטע מוזן אויך אויסגעפאָרשט ווערן אין שייכות מיט זייער ביז־איצטיקער פּאָליטישער טעטיקייט, באַזונדערס פון 9־טן נאָוועמבער 1918 אָן. יעדער רעגירונגס־באַאַמטער איז מחויב צו געבן אויספירלעכע ידיעות וועגן זיין פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט.״

דער קאַמף קעגן יידישע דאָקטוירים. מיר ציטירן דאָ אַ דאָקומענט, וועלכער טראָגט די איבערשריפט: „אַוועק מיט די יידישע דאָקטוירים!״ און איז אָנגעשריבן געוואָרן דורך אַ געוויסן דאָקטאָר רופּין און איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין אַן אָפיציעלן בערלינער מעדיצינישן זשורנאַל. מיר לייענען דאָרטן:

„עס איז נויטיק פולשטענדיק צו באַזייטיקן אַלע יידן פון אַקאַדעמישע באַרופן. די פרייע אַקאַדעמישע פּראָפעסיעס, באַזונדערס די דאָקטוירים, קומען אין אַ פּערזענלעכער באַרירונג מיט די ברייטסטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג און געווינען זייער צוטרוי, האָבנדיק אַזוי אַרום אַן איינפלוס אויפן אופן פון דענקען פון די דאָזיקע קרייזן. מיר האַלטן עס פאַר נישט דענקבאַר, אַז אין אונזער נאַציאָנאַלער מלוכה זאָל זיך דער גייסט פון יידישן דענקען אויף אַזאַ אופן איבערטראָגן. צוליב דער פאַריידישונג פון די פרייע

באַרופֿן, זענען זיי פֿול געוואָרן מיטן יידישן געשעפֿטס-גייסט. דער דאָזיקער גייסט מוז אין אונזער דאָקטוירים-באַרוף פֿאַר-טיליקט ווערן און נישט דערלאָזט ווערן, אַז ער זאָל זיך צוריק אומקערן. מיר, דייטשע דאָקטוירים, פֿאָדערן דעריבער, אַז קיין שום יידישער דאָקטאָר זאָל נישט טאָרן באַהאַנדלען קיין שום דייטש, ווייל דער ייד איז די פֿאַרקערפּערונג פֿון ליגנס און שווינדל. מיר פֿאָדערן, אַז וועלכער יידישער דאָקטאָר ס׳וועט באַהאַנדלען פּאַציענטן דייטשן, זאָל באַשטראָפֿט ווערן מיט תּפֿיסה. מיר פֿאָדערן אויף אַלע נאַציאָנאַל-פֿעלקישע באַרופֿס-אָרגאַניזאַציעס זיך אָנצושליסן אָן אונזער פֿאָדערונג.״

אַלס דערגענצונג צו דער דאָזיקער העצע קעגן יידישע דאָקטוירים, ברענגען מיר דאָ נאָך דעם באַפֿעל פֿון דאָקטאָר וואַגנער, וועלכער לויטעט: „אין שייכות מיטן באָיקאָט קעגן יידן, באַפֿעל איך צו ווירקן אויף די מיטגלידער פֿון דער קראַנקן-קאַסע אין בערלין, אַז זיי זאָלן איבעררייסן דאָס ווייטערדיקע היילן זיך ביי יידישע דאָקטוירים. מען דאַרף אויך ווירקן, אַז די מיטגלידער זאָלן דערפֿילן זייער נאַציאָנאַלע פֿליכט און אויסמיידן יידישע אַפּטייקן, קליניקעס, דענטיסטן א. ד. גל.״

דאָס באַזייטיקן יידישע לערער. ווי אַזוי ס׳וועט אויסזען די לאַגע פֿון יידישע לערער אין דייטשלאַנד, קאָן מען זען פֿון בריוו פֿונם איינפֿלוסרייכן נאַצי-פֿירער דר. לעי-פֿעלמאַן.

„מיר מאַכן אויפֿמערקזאַם, אַז ס׳איז אומדערלאָזבאַר, וואָס יידישע לערער פֿאַרנעמען נאָך היינט פּאָסטנס אין פּרייסישע לער-אַנשטאַלטן, אין דער צייט, ווען דייטשע

פראָנט-סאָלדאַטן מוזן אַרומזוכן פּאָסטנס אין זייער אייגן פאָטערלאַנד. אין נאָמען פון דער נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישער פאַרטיי דאַרפט איר אָננעמען פאָלגנדיקע שריט:

„אַלע יידישע, ד.ה. די פון יידן אָפּשטאַמענדיקע לע-רער, מוזן תיכף אין אַלע פּרייסישע לער-אַנשטאַלטן באַקו-מען אַ געצוואונגענעם אורלויב. לגבי אַלע יידישע שילער און שילערינס, סטודענטן און סטודענטינס דאַרף איינגעפירט ווערן דער נומערוס קלאַוזוס, ד. ה., אַז נאָר איין פּראָצענט פון זיי האָבן רעכט זיך צו לערנען."

אין הסכם מיט דעם דאָזיקן בריוו זענען תיכף „בּ אַ-אורלויבט" געוואָרן אַלע יידישע לערער, וועלכע זענען געווען באַשעפטיקט אין די קאָמונאַלע און רעגירונגס-אינ-סטיטוציעס. אויף אַ באַפעל פון בערלינער שטאָט-פּרעזידענט זענען אויך באַזייטיקט געוואָרן די יידישע לערער פון די פּריוואַטע שולן.

דעם 25-טן אַפּריל האָט די רעגירונג אַרויסגעגעבן „אַ געזעץ קעגן דער פאַרפלייצונג פון פרעמדע עלעמענטן אין די דייטשע שולן און הויכשולן". אויפן סמך פון דעם דאָזיקן געזעץ זענען אויך באַזייטיקט געוואָרן אַ ריי יידישע און יידיש-אָפּשטאַמענדיקע פּראָפעסאָרן פון די הויכשולן.

## דאָס באַזייטיקן ייד. רעדאַקטאָרן און זשורנאַליסטן.

כמעט אַלע יידישע רעדאַקטאָרן פון די דייטשע צייטונגען זענען באַזייטיקט געוואָרן פון זייערע פּאָסטנס און ס'איז אויך צוגענומען געוואָרן די אַרבעט ביי אַלע מיטאַרבעטער, וועלכע האָבן געהערט צום יידישן גלויבן, אָדער האָבן גע-שטאַמט פון יידן. דערביי מוז פאַרצייכנט ווערן, אַז אויך די יידישע פאַרלעגער פון צייטונגען האָבן זייער מיאוס

געהאַנדלט. אַזוי, למשל, האָט דער יידישער אייגנטימער פון דער צייטונג „נויע באַדישע לאַנדעסצייטונג" אין מאַנהיים, גיטערמאַן, שוין דעם 1־טן מערץ באַזייטיקט אַלע זיינע יידישע רעדאַקטאָרן און אָנגעשטעלטע.

**איז ספארט זענען יידן אויך טריף.** אפילו אין ספאָרט זענען יידן טריף. אין דער צייט ווען אין אַמעריקע אַפילו דינט דעם נעגער דאָס רעכט אַרויסצוטרעטן אויף אַן עפנטלעכן באָקס־מעטש מיט אַ ווייסן, טאָר קיין דייטשער באָקסער, וועלכער געהערט צו דער יידישער רעליגיע, אָדער שטאַמט פון יידן, נישט אויפטרעטן אויף קיין דייטשע באָקסער־קאַמפן. דעם באָקסער ערידך זעליג איז פאַרבאָטן געוואָרן צו פאַרטיידיקן זיין מייסטערטיטל אין דייטשלאַנד. ערשט אין פראַנקרייך האָט ער דאָס געקאָנט דערגרייכן. דער דייטשער טעניס־מייסטער דאַניעל פרען, דער בעסטער דייטשער שפילער, טאָר נישט באַשטימט ווערן אַלס דייטשלאַנדס פאַרטרעטער אויף אינטערנאַציאָנאַלע טעניס־שפילן. די בעסטע יידישע ספאָרטלער זענען באַזייטיקט געוואָרן פון די דייטשע ספאָרט־אָרגאַניזאַציעס.

**באזונדערע צייטן צו באדן זיך.** ס'איז כמעט נישטאָ קיין איין פאַראָרדענונג פון די פאַרשידענע מאַכט־אָרגאַנען און שטאָט־פאַרוואַלטונגען, וואָס זאָל נישט האָבן דעם צוועק צו באַעוולהן די יידישע בירגער. באַזונדערס האָט זיך אין דער הינזיכט אויסגעצייכנט די שטאָט שפּעיער אין דער פפאַלץ. זי האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט פאָלגנדער פאַראָרדענונג: „אין אינטערעס פון דער עפנטלעכער זיכער־

קײלט דאַרפֿן די ײדן באַזוכן די שטאָטישע בעדער אין ספּע־
ציעל באַשטימטע שעהן".

דעם דאָזיקן בײַשפּיל האָבן באַלד נאָכגעטון אַנדערע
דײַטשע שטאָט־פֿאַרוואַלטונגען. די „פֿראַנקפֿורטער צײַטונג"
פֿון 24 מאַי 1933 שרײַבט: „אויף דער זיצונג פֿון דעם טי־
בינגער שטאָט־ראַט האָבן די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן אַרײַנגע־
טראָגן פֿאָלגנדן פֿאָרשלאָג: „ייִדן איז פֿאַרבאָטן זיך צו באַ־
נוצן מיט די שטאָטישע בעדער". דער פֿאָרשלאָג איז אָנגע־
נומען געוואָרן מיט אַלע שטימען קעגן דרײַ." נאָכדעם האָט
מען אין די אויבערשלעזישע צײַטונגען געקאָנט לײענען ענ־
לעכע פֿאַראָרדענונגען.

**דאָס באַזײַטיקן ייִדישע אַנגעשטעלטע.** ס'וועט זײַן
פֿאַלש צו מײנען, אַז די ייִדן זענען באַזײַטיקט געוואָרן
בלויז אין די אינטעליגענטע פּראָפֿעסיעס. מען רעדט זײער
װײניק וועגן די קלײנע ייִדישע אַ נ גע ש ט ע ל ט ע, וועגן
די ק ל ײ נ ה ע נ ד ל ע ר און ייִדישע אַ ר ב ע ט ע ר. אָבער
גראָד דאָ, אין די דאָזיקע קאַטעגאָריעס, זענען די מאַסן פֿון
ייִדישן קלײנבירגערטום פּונקט אַזוי פֿאַראָרעמט און אונטער־
דריקט, ווי די מאַסן פֿון נישט־ייִדישן קלײנבירגער און אַר־
בעטער. פֿאַר דער נאַצישער אָרגאַניזאַציע פֿון די פֿאַבריקס־
קאָמערלעך איז זײער נויטיק געווען, אַז די ייִדישע קלײנע
אָנגעשטעלטע, די ייִדישע קלײנהענדלער און די ייִדישע אַר־
בעטער זאָלן פֿאַרלירן זײער ברויט. אַ מעלדונג פֿון בערלין
דעם 31 מערץ זאָגט:

„אין הסכּם מיט דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטײ־
לײטונג טײלט מיט די אָרגאַניזאַציע פֿון די פֿאַבריקס־קאָ־
מערלעך פֿאָלגנדעס:

מאָרגן דאַרפן די פאָרשטייער פון די פאַבריקס־קאָמערציעל צוזאַמען מיט די פאָרשטייער פון די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס זיך מעלדן אין די יידישע געשעפטן מיט דער פאָדערונג וועגן אויסצאָלן די קריסטלעכע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע פאַר צוויי מאָנאַטן פאָרויס און גלייך אָפּזאָגן אַלע יידן. אויב עס וועט זיך ווער נישט אונטערוואַרפן דער דאָזיקער פאָדערונג, דאַרף מען וועגן דעם מעלדן דער פאַרטיי־לייטונג, וועלכע וועט שוין אָנ:עמען די געהעריקע שריט.״

## געשעפט איז געשעפט—אויך פאַר אנטיסעמיטן.

דער „פעלקישער באָאָבאַכטער״ פון 2־טן אַפּריל איז מלא שמחה פון דער באָיקאָט־באַוועגונג, וועלכע האָט זיך אויסגעדריקט „אין דער ספּאָנטאַנער האַסע אויף דער יידן־רייגער בערזע״. מיר ווייסן שוין, וואָס די דאָזיקע שמחה דאַרף באַדייטן: דאָס דאַרף באַדייטן, אַז דער קאַ:ף ווערט נ י ש ט געפירט קעגן דעם ס י ס ט ע ם, נ י ש ט קעגן .דעם ק אַ פּ י־ ט אַ ל י ז ם, נישט אפילו קעגן די פּ ע ל ע ר ן פון קאַפּיטאַליזם, נאָר עס האַנדלט זיך בלויז וועגן אַ קאָנקורענץ־קאַמף פון די נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ק ר ע מ ע ר קעגן דער יידישער קאָנקורענץ. ס'הייסט, אַז אויך אויף דער „יידן־ריינער בערזע״ קאָנען די בערזע־לייט מאַכן גוטע געשעפטן. דער קאַמף ווערט נישט געפירט קעגן קאַפּיטאַל און נישט קעגן דעם פּריוואַט־אייגנטום, דער קאַמף ווערט געפירט קעגן דעם אָרעמאַן, קעגן דעם „אַרישן״ אַרבעטער און קליינבירגער, וועלכער ווערט אָ פּ ג ע נ אַ ר ט און קעגן דעם יידישן אָנגעשטעלטן און קליינהענדלער, וועלכער ווערט פּ אַ ר נ י כ־ ט ע ט.

די „אַרישע״ פּרינציפּן ריכטן זיך בלויז לויט דער גרויס

פון געלטבייטל. אזוי האָט זיינערצייט דער פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון „די דייטשע באַנק און דיסקאָנטאָ־געזעלשאַפט", אָסקאַר וואַסערמאַן אַ פּגעגעבן אַ פערזענלעכע דער־קלערונג (אין „בערלינער טאַגעבלאַט" פון מערץ 1933), אין וועלכער ער האָט גאַנץ ריכטיק אָנגעוויזן, אַז אים איז להלוטין גאָרנישט געשען און, אַז די נייע געשעענישן האָבן אים, אפילו אויך געזעלשאַפטלעך, קיין שום שאָדן נישט גע־בּרענגט; און דעריבּער דאַרפן אויך היינט די אַ־דערע יידישע קאַפּיטאַליסטן זיך פרייען: די נאַציאָנאַלסאָציאַליסטישע רע־גירונג פאַרט־יידיקט מיט דער גאַנצער קראַפט זייערע מאַ־טעריעלע אינטערעסן. די נאַציס הייסן שווייגן די אַלע, וועלכע גלויבן נאָך, אַז דער נאַצי־אַנטיסעמיטיזם איז אַ פּועל־יוצא פון זיין קאַמף מיטן קאַפּיטאַליזם. די נאַציס שיצן, אויף נישט דעם ייד, איז דעם יידישן קאַפּיטאַל. דער קאַפּיטאַליזם דאַרף נישט זיין קיין קרבּן פון דער דאָזיקער „נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע". די „פראַנקפורטער צייטונג" פון 27־טן מערץ און דער „פעלקישער באַאָבאַכטער" פון דער זעלבער דאַטע בּרענגען אַ בּריוו פון דעם „מלוכהשן ווירטשאַפטס־קאָמיסאַר" דר. וואַגנער צו דעם פאָרזיצער פון קאָמונאַל־פּאָליטישן אַמט בּיי דער נאַצי־פּאַרטיי:

„איך האָב אין דער לעצטער צייט דערהאַלטן פון פאַרשידענע ווירטשאַפטלעכע קרייזן אַ רייע צירקוליאַרן, וועלכע איינצלנע קאָמונאַל־פאַרוואַלטונגען האָבן אַרויסגעשיקט צו אַ גרויסע צאָל פאַבּריקאַנטן און אַנדערע ווירטשאַפטלעכע אונטערנעמונגען. אין די דאָזיקע צירקוליאַרן פרעגן זיך די קאָמונאַל־פאַרוואַלטונגען אָן, צי די דאָזיקע אונטערנעמונגען זענען ריין „ד ײ ט ש ע פ י ר מ ע ס". די פראַגן, וועלכע געפינען זיך אין די צירקוליאַרן, ווילן פעסטשטעלן די גרויס

פון דעם קאַפּיטאַל פון דער באַטרעפנדער פירמע, און אויך ווי גרויס ס'איז די צאָל פון נישט אַרישע אָנפירנדע פּער־זאָנען א. ד. גל. הגם איך שטיי אויפן שטאַנדפּונקט, אַז די קאָמונאַל־פאַרוואַלטונגען דאַרפן מאַכן זייערע באַשטעלונגען אויסשליסלעך ביי דייטשע פירמעס, האַלט איך פונדעסטוועגן, אַז אַזאַ האַנדלונג דאַרף מער נישט האָבן קיין אָרט. דער גאַנצער קאָמפּלעקס פראַגן, וועלכע געפינען זיך אין די דאָזיקע צירקולאַרן זענען נישט אַזוי איינפאַך, אַז מען זאָל זיי קאָנען לעזן מיט „יאָ" און „ניין"־תשובות, אָדער מיט אָנגעגעבענע צאָלן. די רייכס רעגירונג דאַרף קודם כל מער זאָרגן דערפאַר, אַז יעדע אונטערנעמונג אין דייטשלאַנד אַלץ איינס פון וועמענס קאַפּיטאַל זי באַשטייט און ווער עס פירט מיט איר אָן זאָל איינגעגלידערט ווערן אין דער דייטשער פאָלקס־ווירט־שאַפט. אונזער ציל איז נישט צו צעשטערן יענע ווירטשאַפטלעכע אונטערנעמונגען אין דייטשלאַנד, וועלכע ווערן אויסגעהאַלטן פון פרעמדן קאַפּיטאַל, אָדער ווערן אפילו טיילווייז אָנגעפירט דורך פרעמדע פּערזאָנען. מ'דאַרף בלויז די דאָזיקע אונטערנעמונגען צווינגען, אַז זיי זאָלן האַנדלען דייטשיש און זיך פירן לויט דעם גרויסן הויפּט־פּרינציפּ פון אונזער פירער: „אַלעמענס נוצן שטייט העכער פאַרן אייגענעם נוצן". דעריבער בעט איך אייך, אַלס לייטער פון דעם קאָמונאַל־פּאָליטישן אַמט, צו ווירקן אויף די קאָמונאַל־פאַרוואַלטונגען, אַז זיי זאָלן מער אַזעלכע צירקו־לאַרן נישט אַרויסשיקן און זיי אויפמערקזאַם מאַכן, אַז אַזעלכע שריט קאָנען שטערן דאָס אַלגעמיינע ווירטשאַפט־לעכע לעבן און ביים בעסטן ווילן זענען זיי אין דער איצטיקער צייט נישט גוטיק."

„ביים בעסטן ווילן״ דאַרפן זיי נישט האָבן, אַז אַ װעלכער ס׳איז קאַפּיטאַליסט זאָל ליידן שאָדן פון דער דאָזיקער „נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע״. מיר ווייסן עס שוין פון לאַנג. און יענע, וועלכע גלויבן נאָך היינט הייליק אין דעם „סאָציאַליסט״ אַדאָלף היטלער, יענע, וועלכע דערוואַרטן נאָך פון אים דעם נס, אַז ער קאָן גלייכצייטיק שאַפן פאַר דעם פויער העכערע פרייזן און פאַר דעם קאָנסומענט – ביליקער לעבנסמיטל, אַז ער קאָן דעם אַרבעטער העכערן דעם לוין, אָבער גלייכצייטיק העכערן די פּראָדינסטן פון די אונטערנעמער, אַז ער קאָן אויסבעסערן די לוינען פון די באַאַמטע און דערביי איינשפּאָרן די מלוכה־קאַסע, – ווער עס גלויבט אין די דאָזיקע „וואונדער־נסים״, וועט מיט שרעק זיך באַלד איבערצייגן אין דעם פאַקטישן אמת, אַז אין דעם „דריטן רייך״ בעסערט מען קיינעם נישט אויס די לאַגע, חוץ די קאַפּיטאַליסטן, אַלץ איינס, צי זיי זענען יידן, אָדער קריסטן. אין דער צוקונפט וועלן אַלע נאָך האָבן די מעגלעכקייט זיך איבערצוצייגן, אַז די גאַנצע יידן־העצע האָט נישט געהאַט קיין שום אַנדערן צוועק, ווי אָפּצולענקען דעם קאַמף קעגן די אמתע שולדיקע, קעגן דעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם.

**די פּראַקטיק פון די ראַסן־אַמטן.** מיר רעדן וועגן דער פּראַקטיק. די „פראַנקפורטער צייטונג״ פון 5־טן מאַי, 1933 שרייבט: דער מלוכה־קאָמיסאַר פון דער שטאָט דאָרטמונד האָט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדנונג וועגן שאַפן אין דאָרטמונד אַ ראַסן־אַמט. אַלס פירער פון דעם אַמט איז באַשטימט געוואָרן דער דאָקטאָר בראַוס, וועלכער האָט פאַר דער פּרעסע רעפערירט די הויפּט־יסודות פון דעם ראַסן־

היגיענישן פראָבלעם. אין ראשות פון ראַסן־אַמט זענען גע־שטעלט געוואָרן די אַכציק טויזנט דאָרטמונדער שול־קינדער, כדי צו מאַכן די געהעריקע אויספאָרשונגען. די יוגנט, וועל־כע שטעלט מיט זיך פאָר דעם צוקונפטיקן דור, מוז קודם כל אויסגעפאָרשט ווערן. דאָס אויספאָרשן די רעשט באַפעל־קערונג וועט פאָרקומען אין די נאָנטסטע יאָרן. ס'איז צו האָפן, אַז אין דער נאָנטסטער צייט וועלן אַרויסגעגעבן ווערן געזעצן, וועלכע וועלן האָבן פאַר אַ ציל צו רייניקן און אויפלעבן די ראַסע. דער יסוד פון די דאָזיקע געזעצן וועט זיין דער שטרענגער פאַרבאָט פון געמישטע חתונות. אין דער צוקונפט וועט די באַפעלקערונג צעטיילט ווערן אויף אַזעלכע משפחות, וועמענס צוקונפטיקער דור עס איז פאַר דער מלוכה געוואונטשן און אויף אַזעלכע, וועמענס צוקונפ־טיקער דור עס איז פאַר דער מלוכה נישט געוואונטשן."

אַ יונגער קאַריעריסט, דער הער דאָקטאָר אַכים גער־קע, האָט זיך געלאָזט באַשטימען אַלס מיניסטעריאַל־רעפע־רענט און עקספערט פאַר ראַסן־פאָרשונג.

מענטשן און „אונטערמענטשן". דאָס אַלץ זעט נאָך אויס צו זיין גענוג „אומשולדיק". דאָס איז דערוויייל געווענדעט צו פאַרניכטן די יידישע באַפעלקערונג ווירט־שאַפטלעך, אָבער נישט דירעקט געווענדעט קעגן דעם לעבן פון ייד. אָבער ווייניקער אומשולדיק זעט אויס אַ קליין צעטל, וועלכעס ווערט אין די טויזנטער פאַרשפרייט אין אַלע עפנטלעכע ערטער און באַזונדערס ווערן זיי אַריינגעשטעקט אין די הענט פון יונגע מיידלעך, וועלכע מ'האָט געזען צו־זאַמען מיט אַ ייד.

אין דעם דאָזיקן דאָקומענט ווערט דאָס דייטשע מיידל, וועלכע געפינט זיך אונטערן חשד פון שטיין אין פריינט־

מ׳האָט אים אויסגעטשון נאַקעט און דריי שעה נאָכאַנאַנד געשלאָגן מיט שטאָלענע ריטער. דערביי האָט מען אים געצוואונגען אָפּצוווישן מיט זיינע קליידער דאָס בלוט פון דער פּאָדלאָגע. ווען ער איז אַנידערגעפאַלן אַ באַוואוסטלאָזער מיט פאַרהאַקטע ציין, האָבן די שטורמיסטן זיך באַכיט אים אַריינצוגיסן אין מויל זאַלץ־וואַסער. היות אָבער, ווי דאָס איז זיי תּיכּף נישט געלונגען, האָט מען אים מיט קראַפט אויפגעריסן דאָס מויל. דערביי האָט מען אים אַוועקגעריסן אַ טייל פון דער ליפּ. גראָטעהענע איז דעם 29־טן אַפּריל געשטאָרבן אין שרעקלעכע יסורים. דער טויטער קצר־פער איז געפּלמסט געוואָרן. אַלס די סיבה פון טויט איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אַ „געהירן־אַפּאָפּלעקסיע און אינערלעכע אָנצינדונג״. די פּראָקוראַטור האָט זיך פאַרנומען מיט דעם דאָזיקן ענין, אָבער ביז היינטיקן טאָג איז נאָך קיינער פון די שולדיקע נישט צוגעצויגן געוואָרן צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

בוכשטעבליך צעריסן אויף שטיקער. אין אָני־הויב מערץ איז פּריץ גימבערט פון היידענאַו גענומען געוואָרן אין שוץ אַרעסט. מ׳האָט אים באַשולדיקט, אַז ער האָט „באַגראָבן געווער״. מ׳האָט אים געברענגט אין האָהענשטיינער קאָנצענטראַציע־לאַגער. דאָרט האָט מען אים געשמידט אין קייטן און געפּייניקט. די פּייניקונגען זענען געווען אַזוי שרעקלעך, אַז ער איז געשטאָרבן. אַלס די סיבה פון זיין טויט האָט מען דער פרוי אָנגעגעבן: „געשטאָרבן פון אַ מאָגן־ און געדערים־קראַנקייט״.

(סוף קומט)

# אָס ברוינע בוך

## קעגן רייכסטאַג-אונטערצינדונג
## און היטלער-טעראָר

ארויסגעגעבן דורכן אינטערנאַציאָנאַלן הילפס-קאָמיטעט
פאַר די קרבנות פון דייטשן פאַשיזם.
מיט אַ פאָררעדע פון לאָרד **מאַרליי**

**אויטאָריזירטע ייִדישע אויסגאַבע**

(מיט 20 בילדער)

## העפט 7


אַרלאַג „גראַשן-ביבליאָטעק"

ואַרשע 1933

2) דעריבער דאַרף יעדער דערוואַקסענער דייטשער בירגער אונטער אַ שבועה אָנגעבן אין מעלדונגס-אַמט, צו וועלכער ראַסע ער געהערט. פאַר מינדעריעריקע דאַרפן אָנגעבן זייערע געזעצלעכע פאַרטרעטער. די, וואָס וועלן אָנגעבן פאַלשע ידיעות, וועלן באַשטראָפט ווערן מיט תפיסה און קאָנפיסקירונג פון פאַרמעגן.

3) די אַלע, וועלכע ווערן אָנערקענט אַלס אָנגעהעריקע צו אַ פרעמדער ראַסע, טאָרן זיך מער נישט באַצייכענען אַלס דייטשן, נאָר אַלס פרעמד-ראַסיקע (יידן פון דייטשלאַנד א. א. וו.)

„הויפן צו האָדעווען ריין-ראַסיקע". דער שוין דערמאָנטער פראָפעסאָר שטעמלער שרייבט: „דער ציל פון האָדעווען איז אויסצובילדן אַ קערפערלעך, מאָראַליש און גייסטיק געזונטן מענטש פון דער צאָנדיקער ראַסע". כדי דאָס צו דערגרייכן, האָט מען געפאָדערט צו שאַפן „הויפן אויף צו האָדעווען ריין-ראַסיקע". כדי צו האָבן אַ פאָרשטעלונג, ווי עס דאַרפן אויסזען די דאָזיקע „הויפן צו האָדעווען ריין-ראַסיקע" איז גענוג צו הערן די פלאַפלערייען פון אַ געוויסן פּראָפעסאָר ערנסט בערגמאַן, וועלכער שרייבט פאָלגנדעס:

„כדי צו באַפרוכפערן די פאַראַנענע פרויען און מיידלעך וועלן זיך געפינען גענוג וועלנדיקע און פלייסיקע (!) מענער און בחורים. צום גליק איז גענוג איין געזונטער יונג אויף צען ביז צוואַנציק מיידלעך, ביי וועלכע דער ווילן צו האָבן אַ קינד איז נאָך נישט אָפּגעטויט געוואָרן און וועלכע האַלטן נישט אַזוי שטאַרק פון דעם מאָנאָגאַמישן צוזאַמענלעבן, וואָס איז קעגן דער נאַטור."

לאָמיר די דאָזיקע דאָקומענטן פון באַרבאַרישקייט ענדיקן מיט דעם פאָלגנדיקן „פּראָ־עקט פון ריינהאַלטן די ראַסע". דאָרטן ווערט געזאָגט:

„1) חתונות צווישן דייטשן און פּרעמדראַסיקע זענען פאַרבאָטן. די עקזיסטירנדיקע בלייבן אין קראַפט, אָבער קיין נייע געמישטע חתונות טאָרן נישט פאָרקומען און וועלן נישט אָנערקענט ווערן.

2) אַ געשלעכטס־פאַרקער צווישן נישט חתונה געהאַטע דייטשן און פרעמדראַסיקע וועט באַשטראָפט ווערן: דער פרעמדראַסיקער מיט תפיסה און דער דייטש מיט אַרעסט. פּראָסטיטוטקעס פאַלן נישט אַרונטער אונטער דעם דאָזיקן געזעץ.

3) דאָס אַריינקומען אין לאַנד איז פרעמדראַסיקע דערלויבט נאָר אין באַזונדערע פאַלן. די איינוואַנדערונג איז פאַר זיי פולשטענדיק פאַרבאָטן.

4) דאָס ענדערן דעם נאָמען, כדי צו פאַרדעקן דער־מיט די ראַסן־צוגעהעריקייט, איז פאַרבאָטן. די אַלע, וואָס האָבן דאָס געטון זינט דעם יאָר 1914, וועלן מוזן צוריק ענדערן זייערע נעמען."

גענוג! אפשר וועט מען וועלן זאָגן, אַז אַזאַ משוגעת, וואָס קאָן נאָר באַטראַכט ווערן דורך דער פּסיכאָפּאַטאָלאָגיע, האָט נישט קיין שום שייכות מיט דער „מיליאָנען־באַוועגונג". מ'וועט אפשר טענהן, אַז די דאָזיקע „ראַסן־היגיעניקער" זענען געפאַלענע מענטשן, פאַר וועלכע די באַוועגונג קאָן נישט טראָגן קיין אחריות. אַזאַ מיינונג איז פאַלש. אַזאַ מענטש, ווי פּראָפעסאָר שטעמלער איז דער אָפיציעלער ראַט־געבער אין די דאָזיקע פראַגן. זיין געזעץ־פּראָיעקט אין דער ראַסן־פראַגע איז אַריינגעטראָגן געוואָרן דורך דער נאַציאָ־

נאַך סאָציאַליסטישער פּראַקציע אין רייכסטאַג. מ׳דאַרף זיי אָננעמען פּונקט אַזוי ערנסט אַלס אַגיטאַציע-מיטל, ווי זיי זענען טיפּיש פאַר דער נאַצי-באַוועגונג. פּונקט אַזוי ווי דער פּאָרנאָגראַף האַנס היינץ עווערס שטייט היינט אָפיציעל בראש פון דער דייטשער ליטעראַטור, פּונקט ווי דער בלוטדורשטיקער מאָרפיניסט גערינג האָט געקאָנט ווערן אַלמעכטיקער מיניסטער פון דריטן רייך, פּונקט ווי דער גייסטיקקראַנקער דאָקטאָר רוסט (אַ דייטש געריכט האָט אים אָנערקענט אַלס גייסטיק אומנאָרמאַל) האָט געקאָנט איבערנעמען דעם אַמט פון פּרייסישן בילדונגס-מיניסטער, פּונקט ווי שטרייכער, דער אַוואַנטוריסט, סקאַנדאַליסט, פעלשער און רכילות-טרייבער האָט געקאָנט געשטעלט ווערן בראש פון דעם יידן-באָיקאָט — פּונקט אַזוי קאָן דער דאָזיקער פּראָפעסאָר שטעמלער זיין אַ מאָסגעבנדער מענטש פון דעם הערשנדיקן רעזשים.

## די ליקווידאַציע פון דער יידן-פראַגע. איצט

בלייבט אונז איבער אונטערצופירן אַ סך-הכל. פון דעם ריזיקן אויסוואַל פאַקטן וועגן דעם אויסראָטונגס-קאַמף קעגן די זעקסהונדערט טויזנט דייטשע יידן, האָבן מיר בלויז געגעבן עטלעכע קליינע אויסצוגן, טיפּישע דאָקומענטן וועגן דעם קיסטלעך-געהאָרעוועטן האַס קעגן די יידן, וועלכע זענען אַן איבעריק מאָל אין אייראָפּעס געשיכטע געוואָרן דער שעירלעזאזל. מיר האָבן זיך באַמיט אויפצווייזן, אַז דער פאַנאַטיזם ווערט נישט געלענקט אין דער ריכטונג פון די בערזעלייט, גרויסע באַנקירן, גרויסע סוחרים און שפּעקולאַנטן. די „שנאה פון פאָלק“ ווערט כסדר אָפּגעלענקט אין דער ריכטונג פון יידישן מיטלשטאַנד און די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן.

אויסגעפּרעסטע הכחשות. וואָס אָבער טוען די יידן אין דייטשלאַנד? זיי פּראָטעסטירן קעגן דער אויסלענדישער „גרויל־פּראָפּאַגאַנדע". זיי שיקן אַרויס אין דער וועלט דאָקומענטן פון טויט־שרעק, וועלכע ווערן געשריבן אונטער די דראָאונגען פון די שטורמיסטן. אין זייער מורא זענען זיי אָפּטמאָל ווייטער אַוועק וויפל ס'איז נויטיק געווען. קיינער קאָן זיי אָבער דערפאַר נישט באַשולדיקן: נישט יעדער מענטש איז געבוירן געוואָרן אַ העלד. אַ פּיפּיקער געשעפטסמענטש האָט אפילו לעצטנס אַרויסגעגעבן אין אַ בוך פאָרם אַלע אויסגעפּרעסטע הכחשות פון די דייטשע יידן. דער טיטל פון דעם דאָזיקן בוך איז פאָלגנדיקער: „די גרויל־פּראָפּאַגאַנדע איז אַ ליגנערישע פּראָפּאַגאַנדע — זאָגן די דייטשע יידן".

• • •

אַ טיפע שטילקייט ליגט איבער דייטשלאַנד. די געפּייניקטע וואָגן אפילו נישט צו רופן נאָך הילף: דאָס איז פאַראַט.

דריי און פערציק צעבלוטיקטע קערפּערס פון יידן, וועלכע זענען געשלאָגן געוואָרן צום טויט מיט גומי־שטעקנס, שטאָלענע ריטער און לעדערנע רימענס, האָט מען אָנגעציילט ביז איצט — מענטשן, וועמענס איינציקער פאַרברעכן איז באַשטאַנען דערין, וואָס זיי זענען געווען יידן. מיר ווייסן נישט, וויפל אַזעלכע קערפּערס זענען געבראַכט געוואָרן צו קבורה אין געהיים. אפשר פינף הונדערט; אפשר טויזנט; אפשר נאָך מער. ערשט אין יאָרן אַרום וועט זיך אַרויסווייזן, אַז אַלע פאַרעפנטלעכטע באַריכטן וועגן די אכזריותדיקע מעשים־תעתועים די היטלערישע רוצחים, זענען ווייט הינטערשטעליק לגבי דער שוידערלעכערווירקלעכקייט.

## קאַפּיטל XI:

# קאָנצענטראַציע-לאַגערן

לויט די פאַרשידענע ידיעות אין דער פרעסע איז אין אָנהויב יולי די אַלגעמיינע צאָל פּאָליטישע אַרעסטירטע אין היטלער-דייטשלאַנד, געשאַצט געוואָרן אויף זעכציק ביז זי-בעציק טויזנט. דערפון האָבן זיך אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן געפינען פון פינף און דרייסיק ביז פערציק טויזנט פרויען און מענער. פאַר דער שאַפונג פון די קאָנצענטראַציע-לאַ-גערן איז נישט פאַראַן קיין שום געזעצלעכער יסוד. ס׳איז נישט פאַראַן קיין שום געזעץ, אָדער פאַראָרדנונג, וואָס זאָל רעגולירן די רעכט פון די געפאַנגענע אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן. שוין צוליב דעם אַליין קאָנען די קאָנצענטראַציע-לאַגערן כאַראַקטעריזירט ווערן אַלס דער ערגסטער ווילקיר-לעכער אַקט פון דער היטלער-רעגירונג.

„ביז דער פירער וועט זיך אויף זיי דערבאַ-רעמען!“ דאָס פאַרשיקן אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן, דער טערמין פון האַלטן דעם געפאַנגענעם אין קאָנצענטראַציע-לאַגער ווערט באַשטימט דורכן אַבסאָלוטן ווילקיר פון די פאַשיסטישע פירער.

אַמטרעפלעכסטן איז דער דאָזיקער שרעקלעכער מצב באַצייכנט געוואָרן דורך דעם לייטנאַנט קויפמאַן, איינער פון די לייטערס פונם קאָנצענטראַציע-לאַגער אין הויבערג (באַדען). אויף דער פראַגע פונם מיטאַרבעטער פון דער דע-נישער צייטונג „פּאָליטיקען“: „ווי לאַנג האָט איר בדעה דאָ צו האַלטן די געפאַנגענע?“ האָט לייטנאַנט קויפמאַן גע-ענטפערט:

„אַזוי לאַנג ביז דער פירער וועט זיך אויף זיי דער־
צאָרעמען".

די „דייטשע אַלגעמיינע צייטונג" פון 30 אַפּריל 1933 באַשטעטיקט די דאָזיקע מיינונג פון לייטנאַנט קויפמאַן דער־מיט, וואָס זי שרייבט, אַז „פּאַר אַ סך געפאַנגענע וועט די פרייהייט נישט אַזוי גרינג אָנקומען, ווייל ס'איז נישט לייכט צו ברעכן דעם ווילן פון די געפאַנגענע".

„ווען איך זאל כאטש וויסן, פארוואס מען האט מיך געפאנגען!" די פרויען און מענער, וועלכע זענען אינטערנירט אין די דייטשע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, זענען אַפילו לויטן פאַשיסטישן מלוכה־פּרינציפּ פולשטענדיק אומ־שולדיק. די אַלע סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך לויט דער מיינונג פון דער היטלער־רעגירונג פאַרזינדיקט קעגן די געזעצן פון פאַשיסטישן רעזשים, ווערן נישט פאַרשיקט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, נאָר פאַרשפּאַרט אין די תפיסות און געפענגענישן, און פאַרפאָלגט און געמשפּט דורך אויסנאַמס־געריכטן. אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן ווערן פאַרשיקט בלויז אַזעלכע מענער און פרויען, וועלכע דער פאַשיזם האַלט פאַר פּאָליטיש פאַרדעכטיק, אָבער קעגן וועלכע די פאַשיסטישע פּראָקוראָרן אַפילו, קאָנען נישט געפינען קיין שום סבה זיי געריכטלעך צו פאַרפאָלגן. די געפאַנגענע אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן זענען קיין שום פאַרברעכן נישט באַגאַנגען. די גרעסטע טייל פון זיי האָט מען אַרעסטירט תיכף נאָך דער רייכסטאַג־שרפה און נאָך די וואַלן פון 5־טן מערץ אַזוי, אַז ביים בעסטן ווילן האָבן זיי נישט געקאָנט פירן קיין שום אַקציע קעגן פאַשיסטישן רעזשים. אַט דאָס דאָזי־

קס העלט מען פֿאַר אין אַלע בריוו פֿון די געפֿאַנגענע. אין אַ באַריכט פֿון דער דעניש־ער צייטונג „פּאָליטיקען“, אין סוף אַפּריל, זענען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן עטלעכע בריוו פֿון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן:

„ווען איך זאָל כאָטש וויסן, פֿאַרוואָס מען האַלט מיך דאָ געפֿאַנגען“, שרייבט אַ יונגער אַרבעטער.

„נאָר אַן אַנאָנימע און פּערזענלעכע נקמה האָט גע־קאָנט זיין די סבה פֿון מיין פֿאַרשיקונג דאָ“, שרייבט אַן אַרעסטירטער דאָקטאָר.

וואָס פֿאַר נאַרישקייטן עס קאָנען עמיצן ברענגען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, באַווייזט דער פֿאַל מיטן יידישן רע־ליגיע־לערער קאַרל קרעבס אין בייערן. קעגן אים איז אַרויס־געגעבן געוואָרן פֿאָלגנדיקער באַפֿעל צו אַרעסטירן:

„דער יידישער רעליגיע־לערער קאַרל קרעבס, טשע־כישער אונטערטאַן, ווערט גענומען אין שוץ־אַרעסט. דעם 29־טן מערץ 1933 האָט קרעבס געשאָכטן עטלעכע הינער, אַרויסרופֿנדיק דערמיט גרויס אויפֿרעגונג ביי דער באַפֿעל־קערונג. די אויפֿרעגונג ביי דער באַפֿעלקערונג איז אַזוי שטאַרק, אַז מ'האָט קרעבסן געמוזט אָפּפֿירן אין שוץ־אַרעסט, כּדי אים צו שיצן פֿון אָנפֿאַלן.“

דער דאָזיקער מענטש זיצט נאָך ביז היינט אין אַרעסט.

45 קאָנצענטראַציע־לאַגערן. וויפֿל זענען פֿאַראַן קאָנצענטראַציע־לאַגערן און ווי גרויס איז די צאָל מענטשן, וואָס זענען דאָרט געפֿאַנגען? די דייטשע רעגירונג האָט שטאַרק מורא אָנצוגעבן די גענויע צאָל און דאָס באַווייזט אָמבעסטן, אַז איר געוויסן איז נישט ריין. אין אַ לאַנד,

וואו אַלץ ווערט אויפגענומען סטאַטיסטיש, פעלט די סטאַ־
טיסטיק פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. אויפן סמך פון
איינצלנע מאַסגעבנדע ידיעות פון דער דייטשער פרעסע,
געלעגנהייטלעכע דערקלערונגען פון נאַצי־פירער און באַזוכן
פון אויסלענדישע זשורנאַליסטן קאָן מען זיך מער־ווייניקער
שאַפן א פאָרשטעלונג וועגן דער צאָל קאָנצענטראַציע־לאַ־
גערן. ביי היינטיקן טאָג (אין אָנהויב יולי 1933) זענען
פאַראַן מינדעסטנס 45 קאָנצענטראַציע־לאַגערן מיט פינף
און דרייסיק ביז פערציק טויזנט געפאַנגענע.

דערפון זענען די גרעסטע אין דאַכאַו (פינף טויזנט
געפאַנגענע), הויבערג (צוויי טויזנט), פפאַלץ (צוויי
טויזנט), אָראַניענבורג (טויזנט פינפהונדערט), ווילזאַ־
דע (צוויי טויזנט). א. א. וו.

אין חודש מאַי האָט די דייטשע רעגירונג באַשלאָסן
צו שאַפן נאָך צען נייע קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

## פרויען אויז אינטעלעקטועלע איז די קאָנצענ־ טראַציע־לאַגערן.

צווישן די געפאַנגענע אין די קאָנ־
צענטראַציע־לאַגערן געפינען זיך הונדערטער פרויען. די קאָ־
מוניסטישע פרויען־דעפּוטאַטינס פון די לאַנדטאַגן און רייכס־
טאַג, וועלכע מ'האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו אַרעסטירן,
האָט מען פאַרן אָפּשיקן זיי אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן,
געהאַלטן אין דער בערלינער פרויען־תּפיסה. אין דרום־
דייטשלאַנד האָט מען אין אָנהויב יוני אויפגעשטעלט א באַ־
זונדערן קאָנצענטראַציע־לאַגער פאַר פרויען.

צווישן די געפאַנגענע זענען פאַרטרעטן אַלע וועלט־
אָנשויאונגען, אַלע פּראָפעסיעס און יעדע עלטער: קאָמו־
ניסטן, אַנאַרכיסטן, סאָציאַלדעמאָקראַטן, צענטרום־לייט, פּאַצי־

פיסטן, יידן; יונגע און אלטע ארבעטער, קינסטלער, סטו־דענטן, דעפוטאטן, אדוואקאטן, דאקטוירים, שריפטשטעלער, האנטווערקער; באקאנטע נעמען און אומבאקאנטע, מיטלוי־פער און קעמפער. צווישן זיי געפינען זיך: דער רעוואָ־לוציאָנערער פאציפיסט קארל פאן אָסיעצקי, ארויסגעבער פון דער „וועלט-בינע"; דער אנארכיסט עריך מיזאם; דער ביי־ערישער דעפוטאט אוער; דער דעמאָקראטישער דעפוטאט פישער; די ס.ד.-דעפוטאטן ראָסמאן און פליגער; דער גרייז־גרויער ציוניסטישער שרייבער מארטין בובער; דער אדוואָ־קאט האנס ליטען און א סך אנדערע.

דער אמת ברעכט זיך דורך א וועג. די היטלער־רעגירונג באמיט זיך צו פארבאהאלטן די פארהעלטעניש אין די קאָנצענטראציע-לאגערן. נישט קוקנדיק דערויף, איז געלונגען צו באקומען אויטענטיש מאטעריאל וועגן די שוי־דערלעכע מעשים, וואָס קומען פאָר אין די לאגערן. דער „הילפס-קאָמיטעט פאר די קרבנות פון היטלער-פאשיזם" האָט געהאט די מעגלעכקייט צונויפצוזאמלען אויפן סמך פון די דערקלערונגען פון די אנטלאָפענע געפאנגענע, א ריזיק מא־טעריאל וועגן די מעשים-תעתועים אין די דייטשע קאָנצענ־טראציע לאגערן.

דער אמת ברעכט זיך דורך א וועג. דער אמת מאכט זיך א וועג דורך די פארצווימונגען פון שטעכעדיקן דראָט און שטורמיסטן-וואכן. קיין שום טויט-דראָאונגען פון די נאצישע מאכטהאָבער קאָנען פאר אים דעם וועג נישט פארשטעלן. אויסלענדישע זשורנאליסטן האָבן געהאט באזוכט עטלעכע „מוסטער-לאגערן", ווי הויבערג, דאכאו און אראניענבורג. די שטורמיסטן זענען אויף יעדן טריט און שריט נאָכגע־

גאַנגען די מערסטע-פֿאָרשטייער און דער לאַגער איז ספּעציעל געוואָרן „צוגעגרייט”. עס האָט נישט געקאָנט פֿאָרקומען קיין שום שמועס צווישן די רעפּאָרטערן און געפֿאַנגענע, אַז די שטורמיסטן זאָלן נישט זיין דערביי. אַזוי אַרום זענען די שילדערונגען פֿון די אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן וועגן די קאָנצענטראַציע-לאַגערן מער איינדרוק איבער דער לאַנדשאַפֿט פֿון די דאָזיקע לאַגערן, ווי באַאָבאַכטונגען איבער זייער ווירקלעכן מצב. אין יענע פֿאַל אָבער, וואו די זשורנאַליסטן באַמיִען זיך נאָר אויף דעם באַשיידענסטן אופֿן אָביעקטיוו צו שילדערן די פֿאַרהעלטענישן, אָדער צו שטעלן די געפֿאַנ-גענע פֿראַגן אין אַ פֿרעמדער שפּראַך, — דאַן עפֿנט זיך תּיכּף פֿאַר אונז אַ תּהום פֿון אַבזורדיותדיקייטן. דאַן קלינגט אָפּ דער אמת אויך אין די בעריכטן פֿון די צייטונגען.

## איינגעפֿאַלענע כאַטעס און אַרבעטס-הייזער אַלס וואוין-ערטער.

די געפֿענגענישן זאָנענבורג און פֿולסביטל זענען שוין מיט יאָרן צוריק ליקווידירט געוואָרן, ווייל זיי זענען מיטלאַלטערלעכע און פֿולשטענדיק נישט היגיענישע תּפֿיסות. אפֿילו שווערע פֿאַרברעכער האָט מען נישט געוואַגט דאָרט איינצוזעצן. אין פֿולסביטעל זענען נישט פֿאַראַן קיין קלאָ-זעטן און קיין קאַנאַליזאַציע. דאָס זיצן אין דער דאָזיקער תּפֿיסה איז גלייך צו גיהנום-ליידן, באַזונדערס אין די הייסע צייטן פֿון יאָר. און אָט די דאָזיקע תּפֿיסות זענען איצט פֿאַרוואַנדלט געוואָרן דורך דער היטלער-רעגירונג אין קאָנ-צענטראַציע-לאַגערן. אין זאָנענבורג זיצן געפֿאַנגענע צווישן אַנדערע: ליטען, קאָספּער, אָסיעצקי און מיזאַם.

דער ציטאַוער קאָנצענטראַציע-לאַגער איז פֿריִער געווען אַ ביכער-לאַגער. מען קאָן זיך שוין פֿאָרשטעלן דעם „קאָמ

פּאָרט" אין דעם דאָזיקן לאַגער. לויטן באַריכט פון „דיילי טעלעגראַף" באַשטייט דער קאָנצענטראַציע-לאַגער אין דאַכאַו פון אַלטע, האַלב-איינגעפאַלענע כאַטעס. אָראַניענבורג איז יענער מוכטער-לאַגער, מיט וועלכן מען באַווייזט זיך פאַר אויסלענדישע זשורנאַליסטן און פון וועלכן די נאַציס פאַר שפּרייטן אַ גרויסע צאָל פאָטאָגראַפיעס.

„אַ פאַרלאָזטע פאַבריק, פריער געוועזן אַ ברויעריי, איינגעפאַלענע וואַרשטאַטן, די פענצטער מיט אויסגעהאַקטע שויבן און אויפן פאַבריקס-הויף וואַקסט מאָך און ווילדגראָז". אָט אַזוי שילדערט די „דייטשע אַלגעמיינע צייטונג" פון 30 אַפּריל 1933 דעם לאַגער אין אָראַניענבורג. מיר גיבן דאָ אַ פאַרטרויליכן באַריכט פון אַ דייטשער זשורנאַליסטין, וועלכע האָט אַלס דאָלמעטשערין באַגלייט אַן אויסלענדישן זשורנאַליסט בעת זיין באַזוך אין אָראַניענבורגער לאַגער:

„אויפן הויף געפינט זיך בלויז איין איינציקער פּלומפּ. הונדערט ביז צווייהונדערט געפאַנגענע מוזן זיך וואַשן אין פינף אַלטע שיסלען, וועלכע ווערן אַרויסגעשטעלט אויפן הויף. די ערטער, וואו די געפאַנגענע שלאָפן, זענען אַלטע, חרובע פאַבריקס-זאַלן. אויף דער קאַלטער, צעמענטענער פאָד- לאָגע ליגט אַביסל צעפּיילט שטרוי."

אויך „די דייטשע אַלגעמיינע צייטונג" פון 30 אַפּריל 1933 באַשטעטיקט, אַז די געפאַנגענע מוזן שלאָפן אויף שטרוי.

„אין דאַכאַו — שילדערט אַ מיטאַרבעטער פון „דיילי טעלעגראַף" — שלאָפן 54 געפאַנגענע אין אַ קליינער כאַטקע אויף פּרימיטיוו-געמאַכטע ברעטער, וועלכע זענען באַדעקט מיט שטרוי."

די שוין דערמאָנטע זשורנאַליסטין שילדערט דעם שוי- דערלעכן צושטאַנד פון אַזאַ שלאָף-אָרט אין אָראַניענבורג:

„שוין אין אָוונט, ווען די געפאַנגענע ווערן פאַרסלאָסן, הויבט אָן צווי שרעקלעך צו שטינקען, ווי אַ סטאַדע ווילדע חיות וואָלטן דאָ געשלאָפן. ס'איז שווער צו שילדערן די לופט, וואָס עס אַנטשטייט צוליב דעם צוזאַמענזיין פון פופציק מענטשן און מער, ווערמענס נישט געוואַשענע קליידער און פאַרשוויצטע קערפּערס עס גיבן פון זיך אַרויס אַ שלעכטן ריח.“

## דער מוסטער־לאַגער הויבערג.

דער קאָנצענטראַציע־לאַגער הויבערג איז די „צירונג“ פון אַלע לאַגערן. מען באַווייזט זיך דערמיט פאַר אַלע אויסלענדישע זשורנאַליסטן. אַלע באַריכטן פון די באַזוכער שילדערן דעם אויסערלעכן אויסזען פון דעם לאַגער און זיין אומגעבונג.

אָבער אָט וואָס אַ געפאַנגענער פון קאָנצענטראַציע־לאַגער אין הויבערג דערציילט אין איינעם פון זיינע בריוו (דעם נאָמען פון געפאַנגענעם קאָנען מיר נישט אָנגעבן, ווייל ער געפינט זיך נאָך אין לאַגער).

„אין הויבערג שמאַכטן צוויי טויזנט געפאַנגענע, פון וועלכע ס'רוב זענען קאָמוניסטן. זיי געפינען זיך אין זיבן־אַכט צוויישטאָקיקע געביידעס. יעדעס הויז איז אַרומגעצוימט מיט צוויי מעטער הויכן שטעכעדיקן דראָט. אין אַ צימער פון צוועלף מעטער די לענג און אַכט די ברייט ליגן דרייסיק מאַן. אין די בוידעם־שטיבלעך — פון 4 ביז 12 מאַן. די בעטן, וועלכע געפינען זיך צו צוויי, איינס איבערן אַנדערן, האָבן אויף זיך אַ שטרוי־זאַק און צוויי איבערגעצויגענע קאָלדרעס. קיין באָד איז נישטאָ. קיין וועש גיט מען נישט און קיין חעשערייי איז נישטאָ. קיין זייף גיט מען נישט. ווער עס וויל זיך גוט אָפּוואַשן, מוז זיך אַליין קויפן

זייף. צוויי געפאַנגענע האָבן איין האַנטוך. צו האָבן אַ ראַ-זיר-מעסער איז פאַרבאָטן צוזוי, צו ראַזירן זיך קומט אָן שווער. אַזוי אַרום איז דאָס טראָגן אַ באָרד ווידער אַריין אין דער מאָדע...״

דער לייטער פון לאַגער, קאַפּיטאַן בוק, האָט דער-קלערט פאַר דעם קאָרעספּאָנדענט פון „פּאָליטיקען״, אַז הרי-בערג איז נישט קיין סאַנאַטאָריע, און דעריבער איז דאָרט נישטאָ קיין קאָמפאָרט און קיין היגיענע. ער איז גערעכט. דער דאָזיקער לאַגער איז אַ נעסט פון קראַנקייט, פון וועלכן וועלטן ווער עס גייט אַרויס אַ געזונטער.

**קוילנוואַרפערס און פּאָליציייִשע הינט.** די גע-פאַנגענע אין די לאַגערן ווערן אויסערגעוויינלעך שטרענג באַוואַכט. אויף יעדן טריט און שריט פּאַטרולירן שטורמיסטן, באַוואָפנט מיט גומי-שטעקנס, ביקסן און רעוואָלווערן. אַ סך פּאַטרולן ווערן באַגלייט פון פּאָליציי-הינט. ווי עס גיט איבער דער מיטאַרבעטער פון „דיילי טעלעגראַף״, איז דער קאָנצענ-טראַציע-לאַגער דאַכאַו אַרומגעצוימט מיט אַ הויכער דראָט-פאַרצוימונג, דורך וועלכער ס׳איז אַדורכגעלאָזט אַן עלעק-טרישער שטראָם פון הויכער שפּאַנונג. אויף דער הויפּט-וואַך שטייען קוילנוואַרפערס גרייט צום שיסן. ביינאַכט איז דער לאַגער באַלויכטן מיט ריזיקע רעפלעקטאָרן. דאָס שטאַרקע העלע ליכט לאָזט נישט שלאָפן די געפאַנגענע.

„עפנט מען אַ פענצטער, כדי צו כאַפּן אַביסל דעם אָטעם, שיסט מען באַלד״, גיט איבער די האָלענדישע צײַ-טונג „דע טעלעגראַאַף״.

דער אָראַניענבורגער לאַגער געפינט זיך אויף איין וויט אין שכנות מיט נידעריקע פאַבריקס-געביידעס און פון

דער צווייטער זייט, וואו די געפאַנגענע מאַכן איבונגען – אין שכנות מיט נידעריקע קשאַקעס. ציי פרובירט נישט קיי־ נער פון די געפאַנגענע צו אַנטלויפן? די דאָזיקע פראַגע האָט אויך געשטעלט די זשורנאַליסטין, וועלכע דאָ געדינט צוליב דאַלמעטשערין פאַר אַן אויסלענדישן רעפּאָרטער.

ע נ ט פ ע ר: „דאָ איז נישטאָ קיין געפאַ̈ פון אַנט־ לויפן. די וועכטער זענען באַוואָפנט און האָבן אַ שטרענגן באַפעל תיכּף צו שיסן, אויב אַ געפאַנגענער טרעט אַריבער די אָנגעצייכנטע גרענעץ. און חוץ דעם, פאַרוואָס זאָלן זיי אַנטלויפן? זיי איז דאָך דאָ אַזוי גוט. אַפילו ווען מען באַפרייט זיי, גלוסט זיך זיי נישט אַוועקצוגיין."

ד י ז ש ו ר נ אַ ל י ס ט ן: „דאָס איז אוממעגלעך!"

ע נ ט פ ע ר: „אייערנעכטן האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל איינעם צו באַפרייען. ער האָט נישט געוואָלט אַוועק־ גיין און מ'האָט אים בגוואַלד געמוזט אַרויספירן. אדרבא, פרעגט די רעשט, צי ס'איז אמת."

און די דאָזיקע זשורנאַליסטין דערציילט ווייטער: „אמת טאַקי, עס זענען געווען פאַלן, ווען די געפאַנגענע האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דער פרייהייט, אָבער פאַרוואָס? דער באַפרייאונגס־באַפעל קומט מערסטנטייל אָן ביינאַכט, אָדער פאַרטאָג. אין דער דאָזיקער צייט קאָן מען ביים אַוועקגיין זער לייכט דערשאָסן ווערן און צו־מאָרגנס שרייבט מען אין די צייטונגען: „דערשאָסן אַ מאַרק... ט ביים ווען אַנטלויפן".

און באמת: די דאָזיקע נידעריקע קשאַקעס דאַרפן רייצן דעם חשק צו אַנטלויפן. אָבער אַנטלויפן באַדייט טויט.




א באָיקאָט־סצענע:
שטורמיסטן שטייען פאַר אַ יידיש געשעפט און לאָזן נישט
די קונים אַריינגיין.

אָדער ווילן שטעלן אַ ווידערשטאַנד, נישט געקוקט אויף דער געפאַר פון פאַרקאַטעוועט צו ווערן צום טויט, אָדער דער־שאָסן צו ווערן.

„דאָס עסן איז אַזוי גוט, אַז מיר ווערן אויסגעכאָגערט און זעען אויס שרעקלעך. אונזער עסן זעט אויס אַזוי: קרויט מיט לאָקשן, זייער שיטער, קאַרטאָפל מיט לאָקשן, רייז מיט קאַרטאָפל, דריי גראַם פלייש דורכשניטלעך (בוכ־שטעבלעך: דריי גראַם פלייש!). במשך פון עלף וואָכן האָבן מיר בלויז צוויי מאָל געגעסן פלייש און קאַרטאָפל, ווי עס דאַרף צו זיין. דאָס עסן איז אָן פעטס, האָט נישט קיין שום טעם און פאַרמאָגט אַ סך סאָדע. במשך פון עלף וואָכן האָבן מיר צוויי מאָל באַקומען פוטער. אַז מיר וועלן ביי אַזאַ עסן ביסלעכווייז גיין צו גרונט, איז אַ זעלבסטפאַרשטענד־לעכע זאַך."

די קאָמענדאַנטן פון די לאַגערן שטייגן איבער איינער דעם אַנדערן אין אויסגעפינען וואָס מער ראַפינירטע, אויס־געקליגלטע שטראָפן. דעם געפאַנגענעם ווערט פאַרקירצט די פרייע צייט. די דערלויבעניש צו שרייבן ווערט באַגרענעצט, אָדער בולשטענדיק צוגענומען אויף אַ לענגערע צייט. די געפאַנגענע ווערט פאַרבאָטן אין דער פרייער צייט זיך צו־זאַמענצוקומען. מ'איזאָלירט זיי. ס'ווערט שטרענג פאַרבאָטן צו רויכערן. די באַליבטסטע שטראָפן זענען: ביינאַכטיקע איבונגען, שטראָף־איבונגען, פאַרלענגערונג פון דער אַרבעטס צייט, באַזונדערס גיט מען אַזאַ שווערע אַרבעט, צו וועלכער מ'איז נישט צוגעוואוינט און ביי וועלכער מ'שטרענגט גע־וואַלדיק אָן די כוחות. אין טייל קאָנצענטראַציע־לאַגערן האַלט מען די מער „פאַרזינדיקטע" געפאַנגענע געשמידט אין קייטן.

לויט דעם באַריכט אין „דיילי טעלעגראַף" לאָזט מען די ווידער־שפּעניקע פון קאָנצענטראַציע־לאַגער אין דאַכאַו בכלל נישט פאַרלאָזן די קליינע כאַטקעס און נישט אַרויסגיין אויף דער פרייער לופט.

אין הויבערג האָט זיך אַן עלטערער אַדוואָקאַט באַקלאָגט אויפן שלעכטן עסן. פאַר דער דאָזיקער אָנקלאַגע איז ער פאַראורטיילט געוואָרן צו שלאָפן פופצן טעג אויפן דאַך פון באַראַק אָן אַ צודעק.

## דער גיהנום איז זאַנענבורג.

וועגן זאָנענבורגער קאָנצענטראַציע־לאַגער מוז מען רעדן באַזונדער. בריוו און דערציילונגען פון געפאַנגענע און אפילו די אָפיציעלע מעלדונגען באַווייזן מיט דער גאַנצער זיכערקייט, אַז זאָנענבורג איז אַן אמתער גיהנום. אַרבעטער־פירער און אינטעלעקטועלע האָבן דאָרט אויסצושטיין די דערנידערנדיקסטע פּייניקונגען. אין גאַנץ דייטשלאַנד רופט מען דעם דאָזיקן לאַגער: דער זאָנענבורגער גיהנום.

אַן אַרבעטער, וועלכן ס'איז געלונגען צו אַנטלויפן פון זאָנענבורג, גיט פאָלגנדע שוידערלעכע שילדערונג וועגן די דאָרטיקע פאַרהעלטענישן:

„די ערשטע טראַנספּאָרטן געפאַנגענע זענען אויפן זאָנענבורגער וואָקזאַל איבערגענומען געוואָרן דורך די שטורם־אָפּטיילונגען און פאָליציאַנטן. מ'האָט די געפאַנגענע געצוואונגען צו זינגען און אויפן גאַנצן וועג ביז צום לאַגער האָט מען זיי כסדר געשלאָגן. דערויף קאָנען עדות זאָגן די איינוואוינער פון זאָנענבורג. ווען די געפאַנגענע זענען שוין אָנגעקומען אין לאַגער, האָבן זיי געמוזט שטיין אויפן הויף אונטער אַ גאָס־רעגן. דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן אַריינצו־

פירן אין די צימערן. יעדער איינער האָט זיך אַליין געמוזט ברענגען שטרוי פון אַן אַנדער שטאָק. אויף די טרעפּ זענען געשטאַנען שטורמיסטן און מיט זייערע גומי־שטעקנס אומברחמנותדיק געקלאַפּט איבער די קערפּערס פון די געפאַנגענע. אין די צימערן האָט מען אונז ווידער געשלאָגן מיט דרענגלעך און גומי־שטעקנס. טייל חברים האָבן געמוזט רייניקן די קלאָזעטן פון די שטורמיסטן, דערביי האָט מען זיי ווידער אוממענטשלעך באַהאַנדלט. אַ שטורמיסט האָט אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ פון אַ געפאַנגענעם צווישן זיינע פיס און אַ צווייטער האָט גענומען שלאָגן. די חברים האָבן הויך געמוזט ציילן די קלעפּ. ס'זענען געווען אַזעלכע געפאַנגענע, וואָס האָבן באַקומען צו 185 קלעפּ. צו דעם אַלעם האָט מען נאָך געקאָפּעט מיט די פיס און פאַרשאַפט פאַרשידענע אַנדערע ליידן. אַמשטאַרקסטן האָבן געליטן די חברים ליטען, ווינער, בערנשטיין, קאַספּער, שנעלער און די יידישע געפאַנגענע. באַזונדערס שרעקלעך האָט געליטן אונזער אַלטער פריינט מיזאַם. איצט איז שוין אַביסל בעסער, אָבער דערפאַר הערשט דאָ אַן אומדערהערט שאַרפער מיליטערישער רעזשים, וועלכער איז ערגער, ווי אין דער צייט, ווען איך בין געווען אַ רעקרוט. מערסטנטיילס מוזן מיר אין דרויסן מאַכן איבונגען, מאַרשירן און זינגען.

„די ערשטע דריי וואָכן זענען געווען די שרעקלעכסטע. יעדן איינציקן באַזונדער פלעגט מען ביינאַכט באַפאַלן און מוראדיק קאָטעווען, ס'זענען פאַראַן חברים, ביי וועלכע דאָס לייב איז אינגאַנצן שוואַרץ. צי ליטען וועט אַרויס מיטן לעבן, ווייס איך נישט. ער אַליין האָט געבעטן דעם פּראָקוראָר מיטעלבאַך, אַז מ'זאָל אים אַריינשיסן אַ קויל אין קאָפּ, ווייל ער קאָן שוין מער נישט איבער־טראָגן אַזעלכע

אומפּענטשלעכע פּייניקונגען. דער פּראָקוראָר מיטצלבאַך איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אויסצופאָרשן די לאַגע אין זאָנענבורג ערשט נאָכדעם, ווי די געוואַלדיק אויפגערעגטע פּרויען פון די זאָנענבורגער געפאַנגענע האָבן באַלייגט אַ שאַרפן פּראָטעסט אין בערלינער פּאָליציי-פּרעזידיום.״

די דאָזיקע שילדערונג קאָן דערגענצט ווערן דורכן באַריכט פון „זאָנענבורגער אַנצייגער״ פון 7-טן אַפּריל 1933, וועלכער דערציילט: „די געפאַנגענע האָבן פון וואָקזאַל ביז צו דער אַמאָליקער תפיסה געמוזט מאַרשירן מיטן געזאַנג פון נאַציאָנאַלן הימן, דערביי האָבן שטאַרק מיטגעהאָלפן די גומי-שטעקנס פון דער בערלינער הילפס-פּאָליציי.״

די דאָזיקע עטלעכע שורות אַנטהאַלטן אין זיך אַ גאַנצן גיהנום.

מיזאַם, קאַספּער, בערנשטיין, אָסיעצקי אויף אַ שרעקלעכן אופן געפייניקט. די שילדערונג פון דעם זאָנענבורגער געפאַנגענעם באַקומט אַ דערשיטערנדיקע באַשטעטיקונג אין די בריוו פון פרוי מיזאַם און פרוי קאַספּער, וועלכע האָבן באַזוכט זייערע מענער אין זאָנענבורג. פרוי מיזאַם שרייבט:

„זיי האָבן אונזערע מענער געקאַטעוועט צום טויט. אָט דאָס איז עריך! איך האָב אים געזען! טערעזע, איך האָב אים נישט דערקענט, נישט דערקענט צווישן די אַנדערע! ווי זיי זענען צעקאַטעוועט! זיי האָבן אים אָפּגעשוירן די באָרד, אויסגעהאַקט די ציין. דעם גאַנצן וועג האָט ער געמוזט טראָגן זיין וואַליזע. ער איז געווען אָפּגעשוואַכט און נישט געקאָנט דערטראָגן. אויפן וועג איז ער אומגעפאַלן. דאַן האָבן אים די בעסטיעס אַזוי געשלאָגן,

פירן אין די צימערן. יעדער איינער האָט זיך אַליין געמוזט ברענגען שטרוי פון אַן אַנדער שטאָק. אויף די טרעפּ זענען געשטאַנען שטורמיסטן און מיט זייערע גומי־שטעקנס אומברחמנותדיק געקלאַפּט איבער די קערפּערס פון די געפאַנגענע. אין די צימערן האָט מען אונז ווידער געשלאָגן מיט דרענגלעך און גומי־שטעקנס. טייל חברים האָבן געמוזט רייניקן די קלאָזעטן פון די שטורמיסטן, דערביי האָט מען זיי ווידער אוממענטשלעך באַהאַנדלט. אַ שטורמיסט האָט אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ פון אַ געפאַנגענעם צווישן זיינע פיס און אַ צווייטער האָט גענומען שלאָגן. די חברים האָבן הויך געמוזט ציילן די קלעפּ. ס'זענען געווען אַזעלכע געפאַנגענע, וואָס האָבן באַקומען צו 185 קלעפּ. צו דעם אַלעם האָט מען נאָך געקאָפּעט מיט די פיס און פאַרשאַפט פאַרשידענע אַנדערע ליידן. אַמשטאַרקסטן האָבן געליטן די חברים ליטען, ווינער, בערנשטיין, קאַספּער, שנעלער און די יידישע געפאַנגענע. באַזונדערס שרעקלעך האָט געליטן אונזער אַלטער פריינט מיזאַם. איצט איז שוין אַביסל בעסער, אָבער דערפאַר הערשט דאָ אַן אומדערהערט שאַרפער מיליטערישער רעזשים, וועלכער איז ערגער, ווי אין דער צייט, ווען איך בין געווען אַ רעקרוט. מערסטנטיילס מוזן מיר אין דרויסן מאַכן איבונגען, מאַרשירן און זינגען.

„די ערשטע דריי וואָכן זענען געווען די שרעקלעכסטע. יעדן איינציקן באַזונדער פלעגט מען ביינאַכט באַפאַלן און מוראדיק קאַטעווען, ס'זענען פאַראַן חברים, ביי וועלכע דאָס לייב איז אינגאַנצן שוואַרץ. צי ליטען וועט אַרויס מיטן לעבן, ווייס איך נישט. ער אַליין האָט געבעטן דעם פּראָקוראָר מיטצולבאַך, אַז מ'זאָל אים אַריינשיסן אַ קויל אין קאָפּ, ווייל ער קען שוין מער נישט איבער־טראָגן אַזעלכע

אוממענטשלעכע פייניקונגען. דער פּראָקוראָר מיטעלבאַך איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אויסצופאָרשן די לאַגע אין זאָנענבורג ערשט נאָכדעם, ווי די געוואַלדיק אויפגערעגטע פרויען פון די זאָנענבורגער געפאַנגענע האָבן באַלייגט אַ שאַרפן פּראָ-טעסט אין בערלינער פּאָליציי-פּרעזידיום."

די דאָזיקע שילדערונג קאָן דערגענצט ווערן דורכן באַריכט פון „זאָנענבורגער אַנצייגער" פון 7-טן אַפּריל 1933, וועלכער דערציילט: „די געפאַנגענע האָבן פון וואָקזאַל ביז צו דער אַמאָליקער תּפיסה געמוזט מאַרשירן מיטן געזאַנג פון נאַציאָנאַלן הימן, דערביי האָבן שטאַרק מיטגעהאָלפן די גומי-שטעקנס פון דער בערלינער הילפס-פּאָליציי."

די דאָזיקע עטלעכע שורות אַנטהאַלטן אין זיך אַ גאַנצן גיהנום.

**מיזאַם, קאַספּער, בערנשטיין, אָסיעצקי אויף אַ שרעקלעכן אופן געפּייניקט.** די שילדערונג פון דעם זאָנענבורגער געפאַנגענעם באַקומט אַ דערשיטערנדיקע באַ-שטעטיקונג אין די בריוו פון פרוי מיזאַם און פרוי קאַס-פּער, וועלכע האָבן באַזוכט זייערע מענער אין זאָנענבורג. פרוי מיזאַם שרייבט:

„זיי האָבן אונזערע מענער געקאַטעוועט צום טויט. אָט דאָס איז ערגער! איך האָב אים געזען! טערעזע, איך האָב אים נישט דערקענט, נישט דערקענט צווישן די אַנ-דערע! ווי זיי זענען צעקאַטעוועט! זיי האָבן אים אָפּגעשוירן די באָרד, אויסגעהאַקט די ציין. דעם גאַנצן וועג האָט ער געמוזט טראָגן זיין וואַליזע. ער איז געווען אָפּגעשוואַכט און נישט געקאָנט דערטראָגן. אויפן וועג איז ער אומגעפאַלן, דאַן האָבן אים די בעסטיעס אַזוי געשלאָגן,

אַז ער איז געבליבן ליגן אין מיטן וועג און זיך נישט גע־
קאָנט אויפהויבן! ווען איך בין געקומען קיין זאַנענבורג,
איז ער געזעסן אַ פולשטענדיק צעבראָכענער און זיך דער־
שראָקן צוליב מיין קומען. זיינע ערשטע ווערטער זענען
געווען: „ווי אַזוי ביסטו געקומען אין דעם דאָזיקן גיהנום?
איר וועט שוין פון דאַנען קיין לעבעדיקע נישט אַרויס!
צוליב דעם, וואָס איר האָט געזען, ווי אַזוי מען האָט אונז
צורעכט געמאַכט, וועט מען אייך דערהרגענען."

„ווען איך האָב דערזען קאַספערן, האָב איך געמוזט
צוזאַמענעמען אַלע מיינע כּחות, כּדי נישט צו פאַלן אין
חלשות. ווייל איך האָב אים געזען מיט דריי טעג צוריק,
האָט עס אויף מיר געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק.
ער איז געשטאַנען אָנגעלענט אָן דער וואַנט, זיין געזיכט
איז געווען אָן אַ טראָפּן בלוט און אינגאַנצן פאַרענדערט.
נעבן אויג, וואָס איז געווען אינגאַנצן בלוי, האָט ער גע־
האַט אָן אָפענע וואונד, וואָס האָט דערגרייכט ביז צום מויל.
דאָס מויל איז געווען אַזוי אויפגעשוואָלן, ווי עמיצער
וואָלט אים מיט די פיס געטרעטן אויפן געזיכט.
ער האָט קוים געקאָנט רעדן און צוליב די יסורים, וואָס
ער האָט געהאַט אויפן גאַנצן קערפּער, האָט ער זיך נישט
געקאָנט רירן פון אָרט."

די פרוי בערנשטיין, וועלכע האָט באַזוכט איר מאַן,
דערציילט:

„איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז איך זע פאַר
זיך אַ פרעמדן מענטש. די אויגן און דאָס גאַנצע פּנים איז
געווען בלוטיק רויט און שטאַרק געשוואָלן. איבערן געזיכט
האָט מען געזעןברייטע פרענגעס פון קלעפּ מיט גומי־
שטעקנס. איך האָב מיין מאַן נישט געטאָרט באַרירן, אָבער

זיין גאַנצער קערפּער האָט געמוזט זיין אַזוי שטאַרק צעשלאָגן, אַז ער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אומבאַוועגלעך און אין אַ מאָדנער פּאָזיציע."

פרוי גייסלער דערציילט:

„מיין מאַן איז געווען אַזוי משנה צורה, דאָס פּנים איז געווען אַזוי שטאַרק אָנגעשוואָלן, אַז איך האָב מיך געמוזט באַהערשן, כדי זיך נישט יאָמערלעך צו צעשרייען."

אַ געפאַנגענער, וועמען ס'איז געלונגען צו אַנטלויפן פון זאַקסענבורג און אָנקומען קיין אויסלאַנד, דערציילט פאָלגנדיקעס:

„אין זאַקסענבורגער געפענגעניש געפינען זיך 414 פּאָליטישע אַרעסטירטע, צווישן זיי אויך קאַרל פאָן אָסיעצקי. אַ געפאַנגענער, וועלכער האָט דרייצן טעג פאַרבראַכט אין זאַקסענבורג און געפינט זיך איצט איבער דער גרענעץ, האָט אָסיעצקין געזען אין דער שפּיטאָל-אָפּטיילונג. „איינגעבויגן, אַ געל, קרענקלעך און איינגעפאַלן פּנים, נערוועזע באַוועגונגען, שלעפּט די פיס ביים גיין". אָט אַזוי שילדערט ער אָסיעצקין. איצט וועגן די אַנדערע: דעם דאָקטאָר ווינער האָט מען געמאַכט בלוין און בלויע צייכנס אויפן גאַנצן קערפּער, דעם קאָמוניסט בערנשטיין האָט מען אונטערגעהאַקט די נירן און ער מוז גיין מיט אַ שטעקן, דעם קאָמוניסט קאַספּער האָט מען אויסגעריסן די האָר ביים געשלעכטס-אָרגאַן. עריך מיזאַם און קאַספּער האָבן צוזאַמען געמוזט אויסגראָבן פאַר זיך אַ קבר. מ'האָט זיי דערביי געזאָגט, אַז מאָרגן וועט מען זיי דערשיסן. ביינאַכט האָט מען אויפגעריסן דאָס פענסטער פון קאַספּערס צעלע, אריינגעשטעקט אַ רעוואָלווער און אים געדראָט מיט דערשיסן. נאַכ-

דעם איז מען אַריין אין דער צעלע און מ׳האָט קאַספּערן „באַאַרבעט״ מיט גומי-שטעקנס.״

די מעשים תּעתּועים אין זאָנענבורגער קאָנצענטראַציע-לאַגער זענען אַזוי שרעקלעך, אַז דעם 11-טן אַפּריל איז דער נייבאַשטימטער קאָמענדאַנט געווען געצוואונגען אָפּצוגעבן אַ ראַפּאָרט דער העכערער ליייטונג. אויף אַ באַפעל פון אויבן האָט ער געמוזט פאַרניכטן די קאָפּיע פון דעם דאָזיקן ראַפּאָרט. די גרעסטע טייל שטיקלעך פון דער צעריסענער קאָפּיע איז אַריינגעפאַלן צו אונז אין די הענט. מיר לייענען דאָרט:

„ביי מיין איבערנעמען דעם אַמט דעם 11-טן אַפּריל 1933 האָב איך פעסטגעשטעלט, אַז אין דעם היגן פּאָליציי-געפענגעניש, באַזונדערס צווישן די שטורם-אָפּטיילונגען, הערשט נישט קיין אָרדענונג. קודם-כּל האָט עס אַ שייכות צו פאָלגנדיקע פונקטן:

1) די באַהאַנדלונג פון די געפאַנגענע דורך די שטור-מיסטן.

2) די באַציאונג פון די שטורמיסטן צו די באַאַמטע.

3) די באַציאונגען צווישן די שטורמיסטן גופא.

4) דאָס פאַרהאַלטן זיך פון די שטורמיסטן אין דער עפנטלעכקייט.

5) די לוין-פאַרהעלטענישן פון די שטורמיסטן.

צום פונקט 1): אַ טייל פון די געפאַנגענע, באַזונ-דערס די אָנגעזעענע מענטשן, זענען דורך די שטורמיסטן זייער שווער פאַרפאָלגט געוואָרן. כּדי אַ סוף צו מאַכן צו די פאַרפאָלגונגען, זענען די צעשלאָגענע געפאַנגענע איבער-געגעבן געוואָרן אונטער דער אויפזיכט (פעלט). איך וועל זיין געצוואונגען צו באַפרייען די גאַנצע שטורמיסטן-אָפּטיילונג.

צום פונקט 2): צווישן די באַמטע און די שטורמיסטן קומען פאָר פסדרדיקע רייבונגען מכּח די נישט־גלייכמעסיקע לוינען. נישט געקוקט דערויף, וואָס מען צאָלט זיי די ערשטע, פילן זיך די שטורמיסטן באַעוולט.

צום פונקט 3, צווישן די שטורמיסטן גופא קומען אָפט פאָר רייבונגען מכּוח נאַרישקייטן." (דאָ ווערט דער ראַפּאָרט איבערגעריסן).

שווייגן איז קלעפּ. אַ יונגער ס. ד. אַרבעטער, וועלכער איז אַנטלאָפן פון קאָנצענטראַציע־לאַגער האָהענשטיין דערציילט:

„מיר זענען געווען 800 מענטשן, ס. ד., קאָמוניסטן, יידן און אויך עטלעכע צענטרום־לייט. די קאָמוניסטן האָט מען געהאַלטן באַזונדער. זייער גורל איז געווען אַ פיל שווערער, ווי אונזער גורל.

זעקס אַזייגער אינדערפרי האָבן מיר אויפן וועק־רוף „הייל היטלער" געמוזט אַרויסשפּרינגען פון די בעטן און אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע זיך אָוועקשטעלן ביים בעט. אין אַזאַ צושטאַנד, ניסט אָנגעטון, נישט געוואַשן האָבן מיר געמוזט זאָגן אונזער ערשטע תּפילה: „גאָט העלף אונזער נאַציע און באַשיץ אונזער רייכסקאַנצלער היטלער".

דריי פערטל אויף זיבן: קאַווע־טרינקען. וואַרעם, שוואַרץ וואַסער (ווייל קיין קאַווע קאָן מען עס ביים בעסטן ווילן נישט אָנרופן) און אַ שטיק ברויט. דערנאָך: שטיין אויסגעצויגן, ווי אַ סטרונע און זינגען דאָס „האָרסט־וועסעל"־ליד און „דייטשלאַנד, דייטשלאַנד איבער אַלעס".

זיבן אַזייגער מאַרשירן מיר אַף אויפן הויף. איבונגען,

איינבויגן די קני, מיליטערישע איבונגען, אַנידערפאַלן, אויפֿשטיין, אַנידערפאַלן, אויפשטיין... און אין מאָגן — אַביסל וואַסער און אַ שטיקל ברויט.

„דערנאָך מאַכט מען איבונגען און מען פירט דורך פאַרשידענע אַרבעטן ביז צוועלף. 12 אַזייגער — אַ געמיינזאַמער אָפּמאַרש. מען זינגט ווידער דאָס „האָרסט-וועסעל"-ליד. שוין זיצנדיק ביים טיש, מוז מען זינגען „יעזוס איז אונזער גאַסט..." און „שיץ אונזער דייטשע נאַציע". מען עסט מיטאָג: זופּ און ברויט.

„פון האַלב איינס ביז דריי — איבונגען. 3 בייטאָג — אַפּעל. דער אָנפירער גייט פאַרביי און מיר מוזן שרייען „הייל היטלער", זינגען דאָס „האָרסט-וועסעל"-ליד און... ווידער מאַכן איבונגען ביז 5 אַזייגער. איצט האָבן מיר דאָס רעכט „פריי" אַרומצושפּאַצירן אויפן הויף, אָבער קיינער טאָר נישט אויסרעדן איינער צום אַנדערן קיין וואָרט.

„האַלב אַכט מוזן מיר זיך שוין לייגן אין די בעטן. ווידער ווערט געזונגען „דייטשלאַנד, דייטשלאַנד" און אָפּגעריכט אַ תּפילה.

„אַ גאַנצע נאַכט ברענט אין אונזערע צימערן דאָס ליכט. מיר זענען באַוואַכט פון שטורמיסטן מיט ביקסן אין די הענט. קיינער טאָר קיין פּיפּס נישט געבן. מיר זענען פאַרמשפּט צום שווייגן, סיי בייטאָג, סיי ביינאַכט. מיר הערן בלויז קאָמאַנדע-באַפעלן, זידלערייען, תּפילות, דאָס „האָרסט-וועסעל"-ליד און „דייטשלאַנד, דייטשלאַנד".

„מיר טראָגן אונזערע אייגענע קליידער, נאָר די קנעפּ שניידט מען אָפּ און אויך די שעלקעס ווערן צוגענומען. פאַר פירן אַ שמועס, אָדער אַן אַנדער „אומגעהאָרכזאַמקייט"

צעשלאָגט מען באַלד אויפן אָרט, אָדער מען זעצט איין אין קאַרצער.

„אַזוי גייט עס כסדר: גלייך שטיין, אַנידערוואַרפן זיך, אויפשטיין, זינגען נאַציאָנאַלע הימנען, אַרבעטן, הונגערן און־ש ו ו ײ ג ן.״

א צווייטער געפאַנגענער פון קאָנצענטראַציע־לאַגער קעניגשטיין שרייבט: „אין היגן קאָנצענטראַציע־לאַגער געפינען זיך 200 געפאַנגענע. באַלד ווי מיר זענען אָנגעקומען, האָט מען אונז שרעקלעך גענומען מאַטערן. לכתחילה האָבן מיר געמוזט לויפן דרייפערטל שעה אָן אָפּרו, דערנאָך האָט מען געמוזט שטיין אַ גאַנצע שעה אויסגעצויגן, ווי אַ סטרונע און זיך נישט געבן קיין ריר. דערביי האָט מען אונז געדראָט מיטן רעוואָלווער און געשלאָגן מיט גומי־שטעקנס, רימענס און ביקסן־קאָלבעס. דערנאָך האָט מען אונז באַפוילן צו קניען אַ גאַנצע שעה צייט און האַלטן דערביי דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד. טאָמער האָט עמעצער נישט אַזוי גענוי דורכגעפירט די דאָזיקע פּראָצעדור, האָט מען געקאַפּעט אין קאָפּ אַריין מיט געקאָוועטע שטיוול. נאָכדעם אַלעם האָט מען אונז ווידער אַ גאַנצע שעה צייט מכבד געווען מיט קלעפּ. עטלעכע מאָל האָט מען צעשלאָגן האַלב־טויט. מ'פלעגט אונז אָפּשניידן די האָר און אַריינשטעקן זיי אין מויל אַריין. די אַלע מאַטערנישן האָבן געדויערט פון זעקס אַזייגער נאָכמיטאָג ביז האַלב דריי ביינאַכט. אויך אין די שפּעטערדיקע וואָכן פלעגט דער שטורמיסטן־פירער פור־כאַן באַזונדערס אכזריותדיק זיך באַגיין מיט יענע געפאַנגענע, וועגן וועלכע ס'איז געווען באַוואוסט, אַז זיי האָבן געהאַט סכסוכים מיט נאַצי־לייט. ווען דער היידענאַוער חבר, דער פירער פון אַנטיפאַשיסטישן קאַמפּס־בונד, גומבערט (41

יאר אַלט) ‏. איז בעת אַזאַ פאַל פאַרקאַטעוועט געוואָרן צום טויט, זענען אָנגעקומען אין לאַגער העכערע שטורמיסטן און די לאַגע איז געוואָרן אַביסל בעסער. אין די ערשטע נעכט האָבן מיר אין די קאַלטע צימערן געמוזט שלאָפן אָן קאָלדרעס. שפּעטער האָט מען אונז געגעבן קאָלדרעס״.

ווענן די אכזריותדיקע מעשים אין „קעניגשטיין״ דערציילט דער פּראַגער „סאָציאַל־דעמאָקראַט״: „אַז די געפאַנגענע צווינגט מען אָפּצולעקן דאָס בלוט פון די צעקאַטעוועטע געווען פון זייערע חברים; אַז מען צווינגט די געפאַנגענע צו האַלטן דאָס געזיכט במשך פון דריי שעה צייט איבער דער פרישער צואה פון די שטורמיסטן; אַז שכורע שטורמיסטן וועקן אויף אין מיטן דער נאַכט די געפאַנגענע און צווינגען זיי, אונטער רעוואָלווער־דראָאונגען, אָפּצולעקן גענוצטע פּרעזערוואַטיוון; אַז די געפאַנגענע ציטערן, ווען זיי הערן ביינאַכט דאָס געזאַנג פון זייערע פּייניקער, ווייל זיי ווייסן דאַמאָלס, אַז זיי וועלן ווערן קרבנות פון סאַדיסטישע אָרגיעס; אַז מען צווינגט די געפאַנגענע זיך צו אָנאַניזירן אין דער אָנוועזנהייט פון זייערע פּייניקער און מען פאָדערט פון זיי צו האָבן האָמאָסעקסואַל־סטישע באַציאונגען מיט די אייגענע ליידנס־חברים; אַז מען גנבעט צו ביי די געפאַנגענע זייער געלט און דערנאָך צווינגט מען זיי צו דערקלערן, אַז זיי האָבן געהאַט פאַלש געלט; אַז מען וואַרפט אַריין די געפאַנגענע אין נאַסע און פייכטע קעלערן און מען לאָזט זיי דאָרטן נישט שלאָפן און נישט זיצן; אַז מען צווינגט אַלע געפאַנגענע אונטערצושרייבן אַ באַשטעטיקונג, אַז מ׳האָט זיי קיין שום שלעכטס נישט געטון. די אַלע מעשים־תעתועים זענען פאָרגעקומען אונטער דער אָנפירונג פון די שטורמיסטןפירער ביגערט און סורמאַן.״

די דאָזיקע צוויי „פירער" האָט מען לגמרי נישט באַשטראָפט, נאָר איבערגעטראָגן אויף אַן אַנדער אָרט

דאס געשריי נאָך ברויט. אין אַלע בריוו ווערט דערציילט, אַז דאָס עסן אַנטהאַלט נישט קיין שום פעטס. וואַקעגן שפּאָרט מען נישט קיין סאָדע, ווייל עס שוואַכט פּלומרשט אָפּ דעם געשלעכטלעכן טריב. אין דער אמתן צעשטערט סאָדע די באַפרוכפּערונגס-פּעאיקייט און מאַכט קראַנק דעם מאָגן.

אַ מענטש, וועלכער אַרבעט צוועלף שעה אין טאָג, באַקומט איין פונט ברויט! הונדערט גראַם פעטס אין דער וואָך! די געפאַנגענע הונגערן דעריבער. אָט איז אַ צעטעלע, וואָס אַ געפאַנגענער האָט אין געהיים אַרויסגעשיקט פון האָ-הענשטיינער קאָנצענטראַציע-לאַגער. דאָס צעטעלע איז איין חיי-געשריי:

„דערבאַרעמט אייך און שיקט אונז צו עסן, זאָל זיין ברויט, קאַרטאָפל, אַבי עפּעס צו עסן".

לאַנגע שעהן צוואַנגס-אַרבעט. דער נאַצישער מיניסטער פריק האָט דערקלערט, אַז דורך דער צוועקמעסי-קער אַרבעט וויל מען די געפאַנגענע פון די קאָ:צענטראַ-ציע-לאַגערן ווידער מאַכן פאַר נוצלעכע בירגער פון דער מלוכה. אין דער אמתן זענען די לאַנגע שעהן צוואַנגס-אַר-בעט נישט מער, ווי אַ מיטל צו פייניקן די געפאַנגענע.

די ענוים קשים פון דער דאָזיקער נישט געוואוינטער צוואַנגס-אַרבעט מוזן אויך אויסשטיין דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן און שרייבער. אַ סך פון זיי זענען שוין נישט אַזוי יונג און נישט צוגעפּאַסט צו אַזאַ שווערער אַרבעט. מיט די

בלויזע הענט מוז מען שלעפן ריזיקע קלעצער און דערביי טרייבן און יאָגן די שטורמיסטן די אַרבעטער, וועלכע האָבן שוין געקאָנט זיין זייערע זיידעס, מיט אַזעלכע באַליידי-קונגס-ווערטער: „אַלטער חזיר", „רויטער הונט" א. ד. גל.

ז'אָס איז די „דערציערישע אַרבעט" פון דעם רייכס-מיניסטער פריק!

אפגעריסן פון לעבן. פיל שרעקלעכער פון די גע-שילדערטע קערפּערלעכע פּייניקונגען, זענען די גייסטיקע טאָרטורן, וועלכע עס מוזן אויסשטיין די געפאַנגענע. זייענדיק אָפּגעריסן פון לעבן און זייער באַרוף, מוזן זיי זיך אָפּזאָגן פון די עלעמענטאַרסטע גייסטיקע און קערפּערלעכע באַדערפענישן. קיין שום פרייע צייט, קיין שום שמועסן, קיין אורלויב, קיין אָפּרו, קיין שום מעגלעכקייט פאַרצווזעצן די ווייטערדיקע בילדונג. צוואַנגס-אַרבעט און איבונגען – אָט אַזוי גייט אַדורך דער טאָג אין קאָנצענטראַציע-לאַגער. די צייטונג „דע טעלעגראַאַף" גיט איבער אין שייכות דערמיט אייניקע פּרטים: „קיין שום צימערן צו וואַשן זיך, קיין שום קאַנטינע, קיין שום באַזוך, קיין שום זאַכן צו לייענען, חוץ נאַצי-צייטונגען; רויכערן – פאַרבאָטן, בריוו – בלויז איינמאָל אין פערצן טעג אונטער אַ שטרענגער צענזור, אַ באָד–איינמאָל אין חודש (טייל זאָגן: בכלל נישט), קיין שום פעקלעך שפּייז טאָר מען נישט אַריינשיקן."

די צייטונג „פּאָליטיקען" גיט איבער עטלעכע אויסצוגן פון בריוו, וועלכע איר מיטאַרבעטער האָט געזען אין דער צענזור-שטעלע פון הויבערגער קאָנצענטראַציע-לאַגער. די דאָזיקע בריוו זענען דערשיטערנדיקע ווײ-געשרייען פון געפּייניקטע מענטשן.

—



אַן אָבלאַווע אין אַרבעטער־קוואַרטאַל אין דיסעלדאָרף. דער יינגער אַרבעטער רעכטס
איז אַזוי צעשלאָגן, אַז ער איז נישט אימשטאַנד אויפצוהויבן די הענט

„אַך, וויפל פאַרלאַנגען, וויפל טרויער, וויפל אומגליק, וויפל טרערן...״ „וויפל בקשות צום אויבערשטן, אַז ער זאָל שיצן אַ מוטער, אַ פרוי, די קינדער, וועלכע שטרעקן אויס זייערע דאַרע הענטלעך צו די נישט געזעענע קראַטן פון דעם דאָזיקן געפענגעניש.״

אַזוי מוזן זיי לעבן טעג און וואָכן. זיי זעען בלויז די שטעכיקע דראָט-פאַרצוימונגען און די מויערן אַרום זיך און מוזן מיט אַ טעמפּער מעכאַנישקייט מאַכן איבונגען, אָדער אויספירן זינלאָזע אַרבעט.

**דער וועג צום טויט.** יעדער מענטש, וואָס זיצט אין תפיסה, קאָן אויסרעכענען וויפל טעג עס טיילן אים נאָך אָפּ פון דער פרייהייט. יעדער טאָג ברענגט אים נענטער צו דער באַפרייאונג. אָבער דער געפאַנגענער אין קאָנצענטראַציע-לאַגער ווייסט נישט אויף ווי לאַנג מ׳האָט אים איינגעזעצט. אויף טעג, וואָכן, מאָנאַטן, יאָרן? אָט פלאַמט אויף די האָפענונג און ווערט באַלד פאַרלאָשן. די נישט זיכערקייט מאַכט אַ תל פון געפאַנגענעם.

די אַכזריותדיקע באַהאַנדלונג אין די קאָנצענטראַציע-גיהינמס, דער פּיין פון דער אומזיכערקייט, ברענגט פיל געפאַנגענע צו אַקטן פון פאַרצווייפלונג. זעלבסטמאָרדן זענען תמיד אויפן סדר-היום. „דע טעלעגראַאַף״ פון 5-טן אַפּריל 1933 רעדט וועגן „פסיכאָזן פון געפאַנגענע״ וועגן צאָלרייכע פרוּוון פון זעלבסטמאָרד און באַגאַנגענע זעלבסטמאָרדן.

**„דערשאָסן ביים וועלן אַנטלויפן״.** די אָפיציעלע דייטשע פרעסע ברענגט אַלץ מער ידיעות וועגן אַרעסטירטע, וועלכע „זענען דערשאָסן געוואָרן ביים וועלן אַנטלויפן״,

דער ליגן פון דער ראָזיקער באַהויפּטונג איז קלאָר און אָפן. די קאָנצענטראַציע-לאַגערן זענען זער שטרענג באַוואַכט: שטאַרק באַוואָפנטע שטורמיסטן-פּאַטרולן, פּאָליציי-הינט, רעפ-לעקטאָרן, וועלכע באַלויכטן בײַנאַכט העל דעם גאַנצן לאַגער. פאַרן געפאַנגענעם איז יעדער מין פּרווו צו אַנטלויפן אַן אויסזיכטלאָזע זאַך, דעריבער געשעט זער זעלטן, אַז אימי-צער זאָל פּרווון צו אַנטלויפן. נישט געקוקט דערויף ברענגט די פּרעסע זער אָפט ידיעות וועגן „דערשיסן בעתן וועלן אַנטלויפן". אַזוי אַרום ווערן די מאָרדן אין די קאָנצענ-טראַציע-לאַגערן פאַרענטפערט דורך דער רעגירונג מיטן באַ-קאַנטן פּזמון: „דערשאָסן בעתן וועלן אַנטלויפן".

**דער מאָרד-לאַגער דאַכאַו.** אין דעם דאָזיקן לאַגער מאָרדעט מען כסדר. בלויז במשך פון עטלעכע וואָכן זענען באַקאַנט געוואָרן פערצן מאָרד-פאַלן מיט אַלע זייערע פּרטים, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין דעם קאָנצענטראַציע-לאַגער דאַכאַו, בײַ מינכען.

אין מיטן אַפּריל האָט די אָפיציעלע וואָלף-אַגענטור געבראַכט פאָלגנדע ידיעה: „מינכען, דעם 14-טן אַפּריל. אין קאָנצענטראַציע-לאַגער דאַכאַו האָט אַ גרופּע קאָמוניסטן געפּרווט אַנטלויפן. די שטורמיסטן-פּאָליציי איז געווען גע-צוואונגען צו מאַכן אַ געברויך פון שיס-געווער. זיי האָבן אַוועקגעלייגט פיר קאָמוניסטן, פון וועלכע דריי זענען באַלד געבליבן טויט און דער פערטער געפינט זיך אין אַ האָס-פּיטאַל אין אַ האָפנונגסלאָזן צושטאַנד". די וואָלף-ביוראָ האָט פאַרשוויגן די נעמען פון די דערשאָסענע, אָנגעבנדיק בלויז, אַז זיי זענען קאָמוניסטן. באַלד איז אָבער באַקאַנט געוואָרן אין דער עפנטלעכקייט, אַז דאָס זענען גאָרנישט געווען קיין קאָמו-

ניסטן, נאָר פיר בירגערלעכע יידישע געפאַנגענע. און אַנט־לאָפענער פון דאַכאַו שילדערט דעם דאָזיקן שוידערלעכן מאָרד פון פיר יידישע שוצלאָזע אינטעלעקטואַליסטן.

„מיט עטלעכע טעג צוריק האָבן מיר ווי תמיד אַרויס־מאַרשירט צו דער אַרבעט. פלוצלינג האָבן די פיר יידישע געפאַנגענע גאָלדמאַן, באַנאַריע, און אַרטור און ערווין קאַהן באַקומען אַ באַפעל אַרויסצוגיין פון דער ריי. נישט אַרויס־רעדנדיק אפילו קיין וואָרט, האָבן די שטורמיסטן גענומען שיסן צו די געפאַנגענע, וועלכע האָבן אפילו נישט געמאַכט קיין מינע צו אַנטלויפן. אַלע פיר זענען באַלד געפאַלן טויט. אַלע פיר טויטע קערפּערס האָבן געהאַט שאָסן אין שטערן. מ׳האָט זיי באַלד באַגראָבן אין געהיים אויפן בית־עלמין, נישט צולאָזנדיק קיינעם צו דער קבורה. נאָכדעם האָט מען אונז אַלע צונויפגערופן, און אַ שטורמיסטן־פירער האָט געהאַלטן אַ רעדע, דערקלערנדיק דערביי, אַז ס׳איז זער גוט, וואָס די דאָזיקע פיר חזיר־יידן זענען שוין טויט. דאָס זענען געווען — האָט ער ווייטער געזאָגט, — פאָלקס־פרעמדע עלעמענטן, וועלכע האָבן נישט קיין רעכט צו בלייבן לעבן אין דייטשלאַנד. זיי האָבן זייער גערעכטע שטראָף באַקומען.״

די מאָרד־כראָניק אין דאַכאַו ציט זיך ווייטער. אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט די אָפיציעלע וואָלף־אַגענטור ווי־דער געמאָלדן, אַז דער געפאַנגענער הויסמאַן „איז דערשאָסן געוואָרן ביים וועלן אַנטלויפן״. נאָכדעם האָבן מיר דער־האַלטן ידיעות וועגן נייע צוואַנציק מאָרד־פאַלן פון געפאַנ־גענע אין דאַכאַו. די אָפיציעלע מעלדונגען האָבן אָנגעגעבן אָדער: „זעלבסטמאָרד״, אָדער: „דערשאָסן ביים וועלן אַנט־לויפן״. צווישן די דערמאָרדעטע געפינען זיך עטלעכע קאָ־

מוניסטישע לאַנדטאַג-דעפּוטאַטן, ווי פראַנץ דרעססעל, יאָזעף געץ א. א.

דער בעסטיאַלישער מאָרד פון די לאַנדטאַג-דע-פּוטאַטן דרעססעל און געץ. דער מאָרד פון די צוויי קאָמוניסטישע דעפּוטאַטן געהערט צו די שוידערלעכסטע פאַלן אין דאַכאַוער קאָנצענטראַציע-לאַגער, וועלכע זענען ביז איצט באַקאַנט געוואָרן. דער דאָזיקער היהשער מאָרד פון די ביידע דעפּוטאַטן, וואָלט ביז איצט געבליבן אומבאַקאַנט, אָדער אָנ-גענעבן געוואָרן דורך דער רעגירונגס-פּרעסע אַלס „דערשאָסן געוואָרן ביים וועלן אַנטלויפן", ווען נישט דער קאָמוניסטי-שער פונקציאָנאַר ביימלער, וועלכן ס'איז געלונגען צו אַנט-לויפן פון דאַכאַו און וועלכער איז געווען אַן עד-ראיה פון דעם דאָזיקן מאָרד. ביימלער, וועלכער איז געפייניקט גע-וואָרן, פונקט ווי זיינע חברים דרעססעל און געץ, און האָט אויך געזאָלט דערמאָרדעט ווערן, איז, נישט געקוקט אויף זיין שווערן צושטאַנד, אַנטלאָפן פון קאָנצענטראַציע-לאַגער אין דאַכאַו. אָט וואָס ביימלער גיט איבער וועגן דעם דאָ-זיקן מאָרד:

„דער קאָמוניסטישער דעפּוטאַט דרעססעל איז דורך די דאָזיקע בעסטיעס אַזוי לאַנג געפייניקט געוואָרן, ביז ער איז געשטאָרבן. דעם טויטן קערפּער האָבן זיי אַ נאַקעטן אָנ-דערגעוואָרפן אויף דער פּאָדלאָגע פון דער צעלע. דער קער-פּער איז געווען מוראדיק צעקאַליעטשעט. אויף יעדן אָרט — בלויע און שוואַרצע פּרעגנעס און וואונדן מיט שוואַרץ פאַר-גליווערט בלוט. פון די כסדרדיקע קלעפּ זענען די הענט געווען כמעט אויף צען צענטימעטער די דיק אָנגעשוואָלן. די פיס און די הענט זענען ענלעך געווען צו פאַרמלאָזע,

שוואַרץ־בלויע אָנגעשוואָלענע זעקלעך. דער טויטער קערפּער איז געלעגן מיטן פּנים אַראָפּ, איין האַנט איז געווען שרעקלעך אַרונטערגעדרייט אויף די פּלייצעס, די אָדערן פון פּולס — אויפגעשניטן, חוץ דעם זענען פון דער האַנט געווען אויסגעשניטן דרייקאַנטיקע שטיקער פלייש. נעבן טויטן קערפּער איז געלעגן אַ מעסער, כדי צו אימיטירן אַ זעלבסטמאָרד. ווען די שטורמיסטן האָבן שוין דרעססעלן געהאַט דערהרגעט, האָבן זיי אָנגעהויבן צו זינגען און צו שפּילן און איינגעאָרדנט אַן אמתן באַל. דעם 10 מאַי איז דרעססעל געקומען צו קבורה אין דאָרף בריטעלבאָך.

„די שטורמיסטן האָבן דעם נאַקעטן קערפּער אַריינגעוואָרפן אין אַ קאַסטן. ווען די אָנוועזנדיקע ביי דער קבורה האָבן אַ קוק געטון אויף דעם שרעקלעך־צעהרגעטן טויטן קערפּער, האָבן זיי אינגאַנצן אויפגעשוידערט.

„שוין עטלעכע וואָכן פאַר זיין דערמאָרדונג, איז דער קאָמוניסט זעפּ געץ אַזוי צושלאָגן געוואָרן, אַז ער איז געוואָרן טויב. די נאַציס האָבן אים ווייטער געשלאָגן, טאָגטעגלעך אים געקאַטעוועט און אים דערשאָסן כמעט אין דער זעלבער צייט, ווען זיי האָבן דערמאָרדעט דרעססעלן. געץ איז געקומען צו קבורה דעם 12־טן מאַי.

„אין משך פון די ערשטע פיר טעג נאָך זיין אָנקומען קיין דאַכאַו, האָט דער קאָמוניסט ביימלער נישט באַקומען קיין וואַסער און נישט קיין ברויט, נאָר שמיץ אויפן נאַקעטן קערפּער, אָנהויבנדיק פון קאָפּ ביז צו די פיס־טריט. אַלס שמייסאינסטרומענטן האָבן די דאָזיקע בעסטיעס באַנוצט מעטעראַלענע גראָבע רימענס.

„די שטורמיסטן־רוצחים האָבן ביימלערן אַריינגעשטופּט אין דער צעלע, אין וועלכער ס׳איז געלעגן דרעססעלס טוי־

סער קערפער, האָבן מיט חוזק אָנגעוויזן אויפן שיטן און געזאָגט: „דו וועסט מוזן טון דאָס זעלבע, וואָס ער!“ אָנ-ווייזנדיק אויפן מעסער, וועלכעס איז געלעגן נעבן טויטן, האָבן זיי צוגעגעבן: „מיר האָבן דאָס מעסער נישט אָוועק-געלייגט, כּדי צו שניידן דערמיט ברויט“. דאַן האָבן זיי גענומען צווינגען ביימלערן, אַז ער זאָל זיך אויפהענגען. זיי האָבן אים געדראָט, אַז אויב ער וועט זיך ביז מאָרגן אינדערפרי נישט אויפהענגען, וועלן זיי דאָס אַליין מיט אים טון. דערנאָך וואָלט מען אין דער אומפאַרשעמטער פרעסע, וועלכע שרייבט אַלץ, וואָס די נאַציס הייסן, געקאָנט לייע-נען אַזאַ מין נאָטיץ: „דער קאָמוניסט ביימלער האָט זיך אויפגעהאָנגען אין זיין צעלע“.

„בעת דער דאָזיקער טויט-געפאַר איז ביימלערן געלונ-גען צו אַנטלויפן. צוליב זעלבסטפאַרשטענדלעכע טעמים וועלן מיר נישט שילדערן ביי וואָס פאַרא אומשטענדן אים איז געלונגען צו אַנטלויפן. אין בלויזע זאָקן האָט זיך ביימלער אַ שווער פאַרוואונדעטער און צעקאַטעוועטער דער-שלעפּט ביז מינכען. דאָרטן האָבן רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער אים אַריינגענומען צו זיך און אים אָוועקגעפירט ווייטער.“

די רעגירונגס-פרעסע טענהט, אַז דרעססעל איז באַ-גאַנגען זעלבסטמאָרד.

דאַכאַו איז נישט קיין אויסנאַם, אויך אין אַנדערע קאָנצענטראַציע-לאַגערן קומען פאָר אַזעלכע ענלעכע מאָרדן. אין לאַגער קעניגשטיין איז דערמאָרדעט געוואָרן דער היי-דענאַוער קאָמוניסט גומבערט. אויב בלויז אין איין קאָנ-צענטראַציע-לאַגער דאַכאַו זענען במשך פון עטלעכע וואָכן באַקאַנט געוואָרן פערצן מאָרד-טאַטן, קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלן וויפל קרבנות עס זענען געפאַלן אין די 45

קאָנצענטראַציע-לאַגערן, קרבנות, וועגן וועלכע עס ווייסן בלויז זייערע אייגענע תּלינים.

**קיין שום ענוים קשים קאָנען נישט ברעכן דעם אַנטיפאַשיסטישן גייסט.** נישט געקוקט אויף אַלע מאָראַלישע און קערפּערלעכע ענוים קשים, וועלכע עס זענען אונטערגעוואָרפן די געפאַנגענע אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן, נישט געקוקט אויף דער שטענדיקער טויט-געפאַר, זענען די געפאַנגענע געבליבן טריי זייערע אַנטיפאַשיסטישע איבערצייגונגען.

די „דייטשע אַלגעמיינע צייטונג" פון 30 אַפּריל 1933 שרייבט: „מ'האָט זיך נאָך אַלץ נישט אָפּגעזאָגט פון לעצטן קאַמף. דער בייזער ווילן און פאַרעקשנטער פאַנאַטיזם ווערן זיך נאָך אַלץ קעגן דער איבערצייגונג, אַז די צייט פאַר באָלשעוויסטישע עקספּערימענטן אין דייטשלאַנד איז שוין פאַרשוואונדן."

אין ברעמען און אין אַנדערע ערטער האָט מען אויפסניי אַרעסטירט קאָמוניסטן, וועלכע מ'האָט שוין געהאַט באַפרייט, ווייל זיי האָבן ווייטער געפירט זייער אַנטיפאַשיסטישע אַרבעט. דער מינכענער פּאָליציי-פּרעזידענט הימלער איז געצוואונגען געווען דעם דאָזיקן פאַקט צו באַשטעטיקן אין אַ רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן:

„סאיז אוממעגלעך די דאָזיקע פונקציאָנאַרן ווידער צו לאָזן אויף דער פריי. ווי נאָר מיר האָבן געפּרוווט עטלעכע פרייצולאָזן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי העצן ווידער און הויבן זיך אָן צו אָרגאַניזירן."

די טריישאַפט צו די איבערצייגונגען און דער קאַמפּס-ווילן איז ביי די געפאַנגענע פעלזנפעסט. דער פאַלגנדיקער

פשוטער בריוו איז אַ העלדן-גערויכט פון פּראָלעטאַרישער קאַמפּס-גרייטקייט.

„נישט געקוקט אויף אַלע רדיפות בלייבן אונזערע חברים געטריי דער פּאַרטיי. און כאָטש די פאַרבינדונג מיט אונז איז זייער שווער, נעמען זיי אָן אַ שטעלונג צו אַלע פּאָליטישע פראַגן. דער „נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישער קוריער" (אַ קאָמוניסט, וועלכער שפּילט די ראָל פון אַ נאַצי-קוריער) מאַכט זיי קלאָר אַלע געשעענישן און זייער מאַרקסיסטישע אויסבילדונג גיט זיי די מעגלעכקייט צו שאַפן זיך אַ ריכ-טיק בילד וועגן דער לאַגע. נישט געקוקט אויף דער צענזור און דער אָפּגעשלאָסנקייט איז אוממעגלעך איבערצורייסן די פאַרבינדונג מיט אונז. די שטורמיסטן-וואַך קאָן אונז נישט צונעמען דעם מאַרקסיסטישן איינפלוס. לאָמיר נישט רעדן וועגן די פּרטים. איין זאַך איז קלאָר: דער קאָנצענ-טראַציע-לאַגער פּאַרפעסטיקט נאָך מער די חברים און שטאַרקט זיי אין זייער געטריישאַפט צו דער פּאַרטיי."

צענדליקער טויזנטער איז די אויספאָרשונגס-תפיסות און איז די געפענגענישן. די 35 ביז 40 טויזנט געפאַנגענע, וואָס געפינען זיך אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן, בילדן נישט די אַלגעמיינע צאָל פּאָליטישע אַרעסטירטע אין דייטשלאַנד. צו דעם קומען צו די געפאַנגענע, וועלכע שמאַכטן אין די אויספאָרשונגס-תפיסות, אָדער זיצן אָפּ זייערע אורטיילן אין די געפענגענישן און צוכטהייזער. זייער צאָל ווערט גרעסער פון טאָג צו טאָג. טאָג-טעגלעך ברענגען די צייטונגען ידיעות וועגן נייע מאַסן-אַרעסטן. אָפטמאָל דערגרייכט במשך פון איין טאָג די צאָל פון פרישע פּאָלי-טישע אַרעסטירטע ביז טויזנט. אין משך פון איין איינציקן

טאָג זענען, למשל, אַרעסטירט געוואָרן: אין זענפטענבערג — 267, זוין ברעמען — 80, אין ברוינשווייג, זאַקסן, בערלין א. א. שטעט — הונדערטער מענטשן.

די צאָל פון די פּאָליטישע אַרעסטירטע, וואָס שמאַכטן אין די תּפיסות, קאָן ווערן בלויז געשאַצט, ווייל קיין אָפיציעלע ציפערן זענען נישט פאַראַן. די צאָל פון טויזנט איז גיכער צו ווייניק, ווי צופיל.

די אויספאָרשונגס-תּפיסות זענען איבערגעפולט. די באַפרייטע געפאַנגענע פון די דאָזיקע תּפיסות דערציילן וועגן די שרעקלעכע פאַרהעלטענישן, וואָס הערשן דאָרט. אין די צעלן, וואו ס'איז דאָ אָרט פאַר איין מענטש, זיצן פיר און פינף מענטשן. אַ טייל פון די אַרעסטירטע מוז שלאָפן אויף דער הוילער צעמענטענער פּאָדלאָגע. נישטאָ מיט וואָס צוצודעקן זיך. דאָס עסן איז ווייניק און שלעכט. די פאַשיסטישע רעגירונג האָט געשאַפן אַ ספּעציעלע אַזוי-גערופענע „געהיימע שטאַאַטס-פּאָליציי", וועלכע רינגלט אַרום צוזאַמען מיט פּאָליציאַנטן און שטורמיסטן גאַנצע אַרבעטער-קוואַרטאַלן און פירט דורך מאַסן-אַרעסטן. די אַרעסטן קומען פאָר אויף אַ שרעקלעך-ווילקירלעכן אופן. אַ מסירה צוליב אַ פּערזענלעכן האַס איז גענוג, צו ווערן אַרעסטירט.

לויט אַ באַפעל פון רעגירונגס-קאָמיסאַר אין העסען דאַרף די פּאָליציי באַנוצן שיס-געווער אין יעדן פאַל, ווען עמיצער, וואָס טיילט פּראָקלאַמאַציעס, וועט וועלן אַנטלויפן.

אין די אויספאָרשונגס-תּפיסות געפינען זיך ביי היינטיקן טאָג אַ סך באַקאַנטע פונקציאָנערן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, פון דער ס. ד., ווי אויך אַ סך רעפּרעזענטאַנטן פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, פון דער פאָלקס-פּאַרטיי, פון די קאַטאָליקן און אַפילו פון די דייטש-נאַציאָנאַלע.

איינער פון די ערשטע פּאָליטישע פירער, וואָס זענען אַרעסטירט געוואָרן, איז געווען ערנסט טעלמאַן, דער פירער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין דייטשלאַנד. ערנסט טעלמאַן איז אַרעסטירט געוואָרן דעם 3־טן מערץ אין בער־לין־שאַרלאָטענבורג און איבערגעפירט געוואָרן אין תפיסה. אין אַלע רעגירונגס־טרייע און „גלייכגעשאַלטעטע" צייטונגען האָט מען מודיע געווען, אַז דער דאָזיקער אַרעסט שטייט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער רייכסטאַג־שרפה. דערמיט האָט מען געשאַפן אַ שטימונג פאַר אַלע ווייטערדיקע דערנידע־ריקנדיקע מעשים, מיט וועלכע מ'האָט גערעכנט צו טרעפן די רעוואָלוציאָנערע פירער. מ'דערציילט, אַז טאָג־טעגלעך פלעגט מען פאַר טעלמאַנס אָפּענער צעלע פאַרבייפירן שטורמיסטן, ווי מ'וואָלט זיי געוואָלט ווייזן אַ ווילדע חיה. מחנות יונגע בחורים האָבן מיט נייגעריקע בליקן און גראָבע זידלערייען פאַרביימאַרשירט פאַר דער צעלע פון ערנסט טעלמאַן, דעם אַרבעטער־קאַנדידאַט אויף פּרעזידענט, דעם פירער פון דער פּאַרטיי, וועלכע האָט באַקומען זעקס מיליאָן שטימען.

אין אויסלאַנד איז שווער זיך צו שאַפן אַ בילד וועגן דעם טעכנישן אופן פון די אַרעסטן, זינט היטלער איז גע־קומען צו דער מאַכט. די פּאָליציי און די שטורמיסטן ווערן ספּעציעל געשולט אין דער דאָזיקער ריכטונג. ערגעץ אויף אַ גאַס באַווייזט זיך אַן אומלעגאַל פלוגבלעטל. אַ פּאָליציי־אַגענט אָדער אַ נאַצי־אָנהענגער דענונצירט. באַלד דערנאָך קומען צו פליען די אויטאָס פון דער „פּאָליציי פאַר באַזונ־דערע ענינים", רינגלען אַרום דעם גאַנצן קוואַרטאַל, ניש־טערן אַדורך אַלע הייזער פון דאַך ביז צום קעלער, קאָנ־פיסקירן ביכער, שרייב־מאַשינען און נעמען מיט זיך מיט פולשטענדיק אומשולדיקע בירגער. יעדער פּראָטעסט ברענגט

מיט זיך תּיכּף קלעפּ. ווער עס קלאָגט זיך אויף דעם קאָני־פיסקירן פון זאַכן, ווערט אָפּגעשיקט אין תּפיסה.

די צייטונגען אין דייטשלאַנד ברענגען אָפּט ידיעות וועגן אַזעלכע מאַסן־אַרעסטן.

## דער טעראָר פון די געריכטן

בּיי די פּראָקוראָרן איז זינט דעם 27־טן פעברואַר הויך־סעזאָן. אין אַלע דייטשע גרעסערע שטעט אַרבּעטן ספּעציעלע געריכטן. דער שטראָם פון מסירות ברענגט אַלעמאָל אַלץ נייע קרבּנות פאַר די נאַצי־טריבּונאַלן. די בּאַשולדיקונגס־אַקטן זענען פּונקט אַזוי ווילד־קירלעך, ווי די אורטיילן פון די געריכטן.

אָפּט זיצן די אַרעסטירטע וואָכן לאַנג אין די תּפיסות אָן אַן אויספאָרשונג און ווערן ווידער בּאַפרייט. אויך נאָך דער בּאַפרייאונג זענען זיי כּסדר בּאַדראָט און מוזן זיך רעגלמעסיק מעלדן אין דער פּאָליציי. ס׳איז קלאָר, אַז די דאָזיקע מענטשן זענען בּאַפרייט געוואָרן נאָר דערפאַר, ווייל די תּפיסות זענען איבּערפולט און מען דאַרף מאַכן אַ פרייען פּלאַץ פאַר נייע קרבּנות.

עס ווערן פאָרגעפירט אָן אַ שיעור פּראָצעסן אין שייכות מיט „גרויל־העצע". אין ספּעציעלן געריכט בּערלין־מאָאַביט זענען בּמשך פון איין טאָג פאָרגעקומען פיר פּראָצעסן וועגן „גרויל־העצע".

ווי שטאַרק עס בּושעוועט דער טעראָר קאָן בּאַווייזן פאָלגנדער פאַקט: די פרויען פון די אַרעסטירטע קלאָגן זיך, אַז אין זעלטענע פאַלן געלינגט זיי צו געפינען אַן אַדוואָקאַט, וועלכער וואָגט איבּערצונעמען די פאַרטיידיקונג פון אַנטיפאַשיסטן.

ס׳איז שווער פעסטצושטעלן די צאָל פון די פּראָצעסן,

די דאָזיקע צאָל דערגרייכט אין צענדליקער טויזנטער. די צאָל פון אַרעסטן וואַקסט מיט יעדן טאָג, וואָס די היטלער־רעגירונג איז ביי דער מאַכט. צענדליקער טויזנטער פון „פאַ־ריייניקטן דייטשן פאָלק“ מוזן אַרויסגעשלעפּט ווערן פון זייערע וואוינונגען, כּדי די רעגירונג פון „נאַציאָנאַלן ווידער־געבורט“ זאָל ווייטער קאָנען עקזיסטירן.

די לאַגע פון די אַרעסטירטע איז נאָך ערגער געוואָרן דערמיט, וואָס די היטלער־רעגירונג האָט פאַרבאָטן די אָר־גאַניזאַציע „רויטע הילף“, וועלכע האָט במשך פון אַ סך יאָרן אומדערמידלעך געזאָרגט פאַר די פאַמיליעס פון די פּאָליטישע אַרעסטירטע. נישט געקוקט אָבער אויף די שאַרפ־סטע רדיפות זעצט „די רויטע הילף“ ווייטער פאָר איר אַרבעט. איר קומען אַקטיוו צו הילף די אָרגאַניזאַציעס פון דער „רויטער הילף“ אין אַלע לענדער. זי ווערט אויך אונ־טערגעשטיצט דורכן „הילפס־קאָמיטעט פאַר די קרבנות פונם היטלער־פאַשיזם“.

קיינמאָל איז דער דייטשער בירגער נישט געווען אַזוי נישט זיכער, ווי פון דעם מאָמענט אָן, ווען אַדאָלף היטלער האָט אַרויסגעגעבן די פאַראָרדענונגען וועגן „שוץ פאַר דער זיכערקייט פון דער מלוכה“. טויזנטער מענטשן געפינען זיך אונטער פּאָליצייאישער אויפזיכט, צענדליקער טויזנטער לעבן אין דערוואַרטונג פון ווערן אַרעסטירט, לעבן אין צושטאַנד פון פולשטענדיקער רעכטלאָזיקייט. יעדע מינוט, סיי ביי טאָג, סיי ביי נאַכט, קאָנען די פויסטן פון די ברוינע בעסטיעס, אָדער אָפיציעלע פּאָליציי אָנקלאַפּן אין יעדער דייטשער וואוינונג.

פונדעסטוועגן מעלדן די רעגירונגס־באַריכטן אין פאַ־

ליצייאישן זשאַרגאָן: „אין דייטשלאַנד הערשט רו און אָר־דענונג".

בית־הקברות־רו,

תפיסה־אָרדענונג.

## קאַפּיטל X:

## מ אָ ר ד.

„עס וועלן פאַלן קעפּ, יאָ עס וועלן פאַלן קעפּ."

(היטלערס דערקלערונג פאַרן געריכט אין יאָר 1930.)

איבער דייטשלאַנד בושעוועט אַ כוואַליע פון מאָרדן. פון די שטורמיסטן־קאַזאַרמעס ווערן אין פאַרמאַכטע קאַסטנס אַרויסגעטראָגן צעקאַליעטשעטע טויטע קערפּערס. אין די פינסטערע וועלדער געפינט מען טויטע, וועלכע זענען צע־טרייבערט ביז נישט צום דערקענען. די טייכן וואַרפן אַרויס אויפן ברעג צוזאַמענגעבונדענע טויטע קערפּערס. אין די פּראָזעקטאָריומס ליגן די טויטע קערפּערס פון „אומבאַקאַנטע":

עס שפּילן זיך אָפּ הונדערטער שוידערלעכע טראַגע־דיעס: די פרוי זעט איר מאַן שטיין צווישן די רעוואָלווערן און גומי־שטעקנס פון די שטורמיסטן. אינמיטן נאַכט האָט מען אים אַרויסגעשלעפּט פון בעט. זי ווייסט, אַז מער וועט זי שוין איר מאַן קיין לעבעדיקן נישט זען. צומאָרגנס גע־פינט מען אים מיט אַ צובראָכענעם שאַרבן, מיט אַ צענד־ליק מעסער־שטעך און מיט אַ צעקרומט געזיכט. אויב מ'שרייבט שוין יאָ וועגן דעם אין דער צייטונג, ווערט גע־מאָלדן: „דערשאָסן בעתן וועלן אַנטלויפן". טאָג און נאַכט הערט די מוטער אין הילפלאָזער פאַרצווייפלונג די יסורים־געשרייען פון איר געפאַנגענעם זון, זי וויל נישט גלויבן אין דעם שרעקלעכן, אָבער אין עטלעכע טעג אַרום קומט

פֿון די גרױליקסטע ידיעות, אַז „מ'זאָל זיך מעלדן נאָך זײַן טויטן קערפּער".

עמעצער ווערט בײַנאַכט „צוגענומען". אויף די הייסטסטע גאַסן הערט מען זײַנע געשרייען פֿון דער שטורמיסטן-קאַזאַרמע אַרויס, ביז ער שטאַרבט. עמעצער ווערט געטרעטן מיט די פֿיס, געשלאָגן, מוראדיק געפּײַניקט, ביז ער שפּרינגט אַרויס כּמעט שוין אַ וואַנזיניקער דורכן פֿענסטער. די תּלינים-קנעכט לאַכן: ער האָט געוואָלט אַנטלויפֿן דורכן פֿענסטער פֿון דריטן שטאָק. און אַנדערן געפֿינט מען ליגן אויפֿן תּפֿיסה-הויף מיט צעשמעטערטע גלידער. אַ דריטער ליגט מיט אונטערגעהאַקטע נירן: אויסערלעך זעט מען קיין שום וואונד נישט אָן. אָנשטאָט אורין לאָזט ער בלוט פֿון זיך. אין אַ קורצער צײַט אַרום שטאַרבט ער.

איבער דײַטשלאַנד בושעוועט דער מאָרד: כּיטרע, בעסטיאַלישע און פּלאַנמעסיק. וועלכע „גרויל-ידיעה" אין אויסלאַנד איז אימשטאַנד, אפֿילו אין אַ קליינער מאָס, צו געבן דאָס בילד פֿון די אמתע, שוידערלעכע גרויל-מעשים, וואָס ווערן אַלע טעג און נעכט באַגאַנגען אין די שטורם-סטן-קאַזאַרמעס און קאָנצענטראַציע-לאַגערן, אין די אַרבעטער-קוואַרטאַלן און אין די ווײַטע וועלדער אין נאָמען און אויפֿן באַפֿעל פֿון דער היטלער-רעגירונג! ס'איז אַ געשיכטלעכע דערפֿאַרונג, אַז דער הערשנדיקער קלאַס פֿון אַן אונטערגייענדיקער געזעלשאַפֿטלעכער אָרדענונג פּרוּווט אויפֿצוהאַלטן זײַן הערשאַפֿט מיט דער הילף פֿון אכזריותדיקער ברוטאַלקייט. אַדאָלף היטלערס דײַטשלאַנד איז אַ נייער באַווײַז דערצו.

בעת דער וועלט-מלחמה פֿלעגט מען פֿירן רשימות פֿון די אומגעקומענע. די דאָזיקע רשימות פֿלעגן אַפֿילו אויסגע-

טויטש ווערן צווישן די שונאים. די היטלער־רעגירונג איז, פאַרשטייט זיך, נישט אַזוי „ליבעראַל", כּדי צו פאַרעפנטלעכן די רשימה פון אירע קרבנות. נאָר אַ קליינער טייל פון די הריגות, ספּעציעל אין יענע פאַלן, וואו דער דערמאָרדעטער איז אַ באַקאַנטע פּערזענלעכקייט, אָדער צופיל מענטשן ווייסן שוין וועגן מאָרד און מען קאָן עס דעריבער נישט פאַרהוילן, — אין אַזעלכע פאַלן ווערט אָנגעגעבן: „דער־שאָסן בעתן וועלן אַנטלויפן", אָדער געמאָלדן אין אַן אַנ־דער געפעלשטער פאָרם. ווי צו דעם, וואָס וויל אויף וועלכן ס'איז אופן דערוויסן זיך דעם אמת! דעם דאָזיקן מענטש דערוואַרט דערזעלבער גורל: פּייניקונגען און דער טויט.

די הונדערטער מאָרדן, וועלכע זענען אויסגעפירט געוואָרן אין אויפטראַג פון די שטורמיסטן־פירער וועלן אונ־טערן היטלער־רעזשים קיינמאָל נישט קומען פאַרן געריכט. דעם 22־טן מערץ איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ גענעראַלע אַמנעסטיע פאַר די אַלע פאַרברעכנס, וועלכע זענען באַגאַנ־גען געוואָרן „אין קאַמף פאַר דער נאַציאָנאַלער ווידערגע־בורט". די דאָזיקע אַמנעסטיע האָט געגעבן פרייע הענט צו באַגיין די אַלע שוין געשעענע און צוקונפטיקע מאָרדן. דעם 23 יולי האָט גערינג נאָכאַמאָל גאַראַנטירט, אַז פאַר באַגיין די גרוילעכסטע מעשים „אין דינסט פון דער נאַציאָ־נאַלער אויפלעבונג" וועט קיינער נישט באַשטראָפט ווערן.

**היטלערס חברים פון פּאַטעמפּא.** ס'איז נישטאָ קיין גענויע רשימה פון די קרבנות, וועלכע זענען זינט היטלערס קומען צו דער מאַכט געפאַלן פון קוילן און מע־סערס. ווייער צאָל דערגרייכט אין די פיל הונדערטער:

סאָציאַלדעמאָקראַטישע, קריסטלעכע, קאָמוניסטישע און אומ־
פּאַרטייאישע אַרבעטער. דאַן ווען די נאַצי־פּאַרטיי געפינט
זיך אין אַ באַזונדערס שווערן פּאָליטישן מצב, אָדער ווען
דער עקשנותדיקער ווידערשטאַנד פון די אַרבעטער באַדראָט
איר ווייטערדיקע אַנטוויקלונג, הויבן זיך דאַמאָלס העכער
די כוואַליעס פון ברוינעם טעראָר. דאַן קומען פאָר באָמ־
בען־אַטענטאַטן, מען וואַרפט האַנט־גראַנאַטן, מען אָרדנט איין
מאָרד־איבערפאַלן אויף ס. ד., קאָמוניסטן און דעמאָקראַטן, ווי
דאָס אין פאָרגעקומען אין דער נאַכט נאָך די יולי־וואַלן
1932. ווי אונטער אַן אָפגערעדטן צייכן זענען דיזעלבע
געשעענישן פאָרגעקומען אין אַ ריי דייטשע שטעט.
אין יאַנואַר 1933, אונטער דער שלייכער־רעגירונג איז ראַש
געשטיגן די צאָל פון די נאַצישע געוואַלט־טאַטן. נאָכדעם,
ווי היטלער איז באַשטימט געוואָרן אַלס רייכס־קאַנצלער,
איז דער טעראָר פון טאָג צו טאָג געוואָרן הפקרדיקער.
בלויז אין דער ערשטער העלפט פון פעברואַר זענען באַ־
קאַנט געוואָרן 27 מאָרדן, וועלכע די שטורמיסטן האָבן אויס־
געפירט איבער אַרבעטער און אַרבעטערינס.

נאָך פאַר דעם 30־טן יאַנואַר האָבן די שטורמיסטן
שוין געהאַט זייער גוט־אויסגעאַרבעטע מאָרד־טאַקטיק. אָרטי־
קע שטורמיסטן האָבן אומעטום אויסגעשפּירט די געלעגנהייט
און צוגעגרייט די מאָרדן. דערנאָך זענען געקומען פרעמדע
שטורמיסטן־אָפּטיילונגען און גענומען שיסן פון אַ באַהאַלטן
אָרט. נאָכן אָוועקלייגן עטלעכע קעגנער זענען זיי געווען
געצוואונגען צו אַנטלויפן פון דער געגנט (ס׳רוב אין אוי־
טאָס). אַ סך אַטענטאַטן און דערשיסונגען זענען כאָרגעקו־
מען פון פאַרבייפליענדיקע אויטאָס, אָדער מאָטאָציקלען.
עס זענען געפאַלן שאָסן אין די אַרבעטער־לאָקאַלן,

אַרבעטער זענען אַנידערגעפאַלן און די שיסער זענען פאַר־שוואונדן, נאָך איידער מ׳האָט געקאָנט פעסטשטעלן ווער זיי זענען, אָדער טראַכטן וועגן פאַרטיידיקן זיך.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן יענער בעסטיאַלישער מאָרד, וועלכער איז פאָרגעקומען אין זומער 1932 אין אויבערשלע־זישן שטעטל פאָטעמפאַ און איז באַקאַנט געוואָרן אין דער גאַנצער קולטורעלער וועלט דורך היטלערס אָפענער צושטי־מונג צום מאָרד־טאַט. אַ מאָרד־אָפטיילונג פון שטורמיסטן, וועלכע האָט זיך פריער גוט אָנגעטרונקען אין אַ קנייפּע, כּדי צו האָבן מער לוסט צו מאָרדן, האָט זיך אַריינגעריסן אין דער וואוינונג פון אַ קאָמוניסטישן אַרבעטער, וועלכן מ׳האָט פּשוט צעריסן אויף שטיקלעך אין די אויגן פון זיין אַלטער מוטער. ווען דער דאָזיקער טאַט איז אין אַלע זייַנע חיהשע פּרטים באַקאַנט געוואָרן בעת די געריכטס־פאַר־האַנדלונגען און עטלעכע פון די מערדער זענען פאַראור־טיילט געוואָרן צום טויט, האָט זיך היטלער עפנטלעך סאָ־לידאַריזירט מיט די דאָזיקע מערדער־יונגען און אין דער טעלעגראַמע זיי אָנגערופן: „מיינע חברים״. די פאַפּען־רעגי־רונג האָט די דאָזיקע מערדער באַגנעדיקט.

גלייך נאָכן 5־טן מערץ, נאָך פאַר דער גענעראַל־אַמ־נעסטיע, זענען די דאָזיקע מערדער דורך היטלערן געוואָרן אַמנעסטירט און ווידער אַרויסגעלאָזט געוואָרן קעגן דער אַרבעטערשאַפט.

מען פאַרהוילט די מאָרדן. מיר באַנוצן זיך, ווי אומעטום אין דעם דאָזיקן בוך, בלויז מיט זאָרגפעלטיק אויסגעפאָרשט מאַטעריאַל. מיר באַגרענעצן זיך בלויז אויף צוויי סאָרטן קוועלן: אויף באַריכטן פון מענטשן אין דייטש־

לאַנד, וועלכע האָבן אַליין איבערגעלעבט די אַלע פעלן און ידיעות פון דער „גלייכגעשאַלטעטער" דייטשער פרעסע. די פרעסע-ידיעות אַנטהאַלטן נישט בלויז אַן אָפיציעלע באַ-שטעטיקונג פון די מאָרדן, נאָר באַווייזן אויך ווייער דראַס-טיש, מיט וועלכע מעטאָדן מען וויל פאַרדעקן די פאַקטישע געשעענישן און דערביי ווערן זיי קענן דעם אייגענעם ווילן אויפגעדעקט.

אין חודש מערץ פלעגן זיך נאָך אין דער פרעסע באַווייזן וועגן די פאָליטישע מאָרדן אַזעלכע ידיעות, וועלכע זענען באַאַרבעט געוואָרן פון דער פרעסע גופא. אָבער נישט געקוקט אויף דער הכנעהדיקייט פון דער פרעסע, האָבן נאָך פונדעסטוועגן דערגרייכט צו דער עפנטלעכקייט פאַרשידענע קאָמפּראָמיטירנדיקע ידיעות, אין וועלכע די היט-לער-רעגירונג האָט איינגעזען אַ געפאַר פאַר איר פרעסטיזש. פון דער לאָקאַלער צענזור פון די נאַצי-קאָמיסאַרן און „זעלבסט-צענזור" פון די צייטונגען איז דאָס פראָפּאַגאַנדע-מיניסטעריום איבערגעגאַנגען צו אַ צענטראַלער צענזור. דעם 2-טן אַפריל איז עפנטלעך געמאָלדן געוואָרן, אַז אין „דריטן רייך" זענען די באַריכטן וועגן מאָרדן נישט קיין ענין פון דער פאָליציי, אָדער פון דער פרעסע, נאָר פון דער פ ר אָ פּ אַ ג אַ נ ד ע.

„בערלין, 2 אַפּריל. וואָלף-אַגענטור. די רייכס-רעגירונג האָט די פאַרשידענע נאַכריכטן-ביוראָס געגעבן אַן אָנווייזונג, אַז די ידיעות וועגן פאַרשידענע פאָרפאַלן אין דייטשלאַנד טאָרן בשום אופן נישט פאַרעפנטלעכט ווערן אָן דער ספּע-ציעלער דערלויבעניש פון דער פרעסע-אָפּטיילונג ביים פראָ-פּאַגאַנדע-מיניסטעריום. יעדע ענדערונג פון די דערלויבטע ידיעות איז פאַרבאָטן."

אין רעזולטאַט פון דער צענטראַליזירטער צענזור זע־נען די ידיעות געוואָרן מער סטערעאָטיפּישער. די „גלייכגע־שאַלטעטע" פּרעסע האַנדלט שטרענג אין הסכם מיט די פאָרשריפטן. דאָס פּאַקטישע בילד פון אַ געשעענעם פאַל ווערט זעלטן אָנגעגעבן. די ידיעות ווערן כסדר געפעלשט און די סתירות זעען זיך בולט אַרויס.

אָט זענען פאַרשידענע מינים פעלשונגען:

ערשטנס: מען געפינט אַ מכלומרשט אומבאַקאַנטן, טויטן קערפּער. אין די גרעסטע טייל פאַלן געלינגט דער פּאָליציי פעסטצושטעלן די אידענטישקייט פון טויטן, וועגן וועלכן ס'איז מיט עטלעכע טעג צוריק געווען געמאָלדן, אַז ער איז „פאַרשלעפּט געוואָרן". די אידענטישקייט פון דעם טויטן ווערט פאַר דער עפנטלעכקייט געהאַלטן אין געהיים, אָדער ווערט אַגבֿ־אורחאדיק אָנגעגעבן ערשט אין עטלעכע וואָכן אַרום. צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע פעלשונגען גע־הערן די געהיימע מאָרדן, וועלכע ווערן אויסגעפירט איבער שטורמיסטן, וואָס בונטעווען זיך קעגן דעם היטלער־רעזשים.

צווייטנס: צוליב די גרויסע צאָל זעלבסטמאָרדן, וואָס קומען פאָר זינט דער אַנטשטייאונג פון פאַשיסטישן טעראָר, ווערן אַ גרויסע צאָל מאָרד־טאַטן אָנגעגעבן אַלס זעלבסטמאָרדן.

דריטנס: די קרבנות, וועלכע שטאַרבן נאָך די פּייניקונגען אין שפּיטאָל, ווערן באַצייכנט אַלס „געשטאָר־בענע מיט אַ נאַטירלעכן טויט". כּ'די צו שענדן די קרבנות ווערט אָנגעגעבן, אַז זיי זענען געשטאָרבן אין רעזולטאַט פון אַ ווענערישער קראַנקייט.

פערטנס: מען גיט נישט אָן, אַז עס האַנדלט זיך וועגן אַ פּאָליטישן מאָרד. עס פעלן די איינפאַכסטע ידיעות

וועגן די מאָטיוון פֿון מאָרד, אין קעגנפאַל וואָלט מען זיך דאָך באַלד געכאַפּט וועגן וואָס פאַר אַ מאָרד עס האַנדלט זיך. די אינהאַלטסלאָזיקייט פון אַזעלכע ידיעות דערמאַנט אָן די גאָרנישט-זאָגנדיקע, סטערעאָטיפּישע אָפיציעלע קריגס-באַ-ריכטן:

„די פּאָליציי מעלדעט: שבת אין אָוונט האָבן עטלעכע פּערזאָן באַפוילן דעם בעקער הענזעלער מיטצוגיין מיט זיי אויף לעסינגשטראַסע 21. באַלד נאָכדעם האָבן די איינוואוי-נער געהערט מערערע שאָסן. אַ שווער פאַרוואונדעטן האָט מען הענזעלערן געפונען ליגן אין דער הויז-קאַמער. מ'האָט אים אָפּגעפירט אין שפּיטאָל, וואו ער איז אין אַ קורצע צייט אַרום געשטאָרבן. די אומבאַקאַנטע מערדער זענען אַנט-לאָפן." („גערמאַניאַ" פון 15־טן מאַי).

פינפטנס: ווען קיין שום אַנדער־ער מאַנעוור העלפט שוין נישט, ווען מען קאָן שוין מער נישט באַהאַלטן, ווער ווי מ'זאָל עס האָט דערהרגעט און אַז דער מאָרד איז פאָרגע-י מען צוליב פּאָליטישע טעמים, באַנוצט מען זיך מיט אַ נאָ־מלע, וועלכע האָט זינט דער דערמאָרדונג פון קאַרל ליבקנעכט און ראָזאַ לוקסעמבורג אָנגענומען אַ גאַנץ באַ-ש־ימטן כאַראַקטער: „דערשאָסן בײם אַנטלויפן". „דערשאָסן בײם אַנטלויפן" באַדייט אויף דער פאַשיסטישער שפּראַך אַ ווילדע יאַגד אויף מענטשן. די דאָזיקע יאַגד איז אַזוי טע-ראָריסטיש, ווי דער גאַנצער היטלער-רעזשים.

## „שטאַרק געפאַלן די צאָל פּאָליטישע מאָרדן".

אונטער דעם קעפּל: „שטאַרק געפאַלן די צאָל פּאָליטישע מאָרדן זינט די נאַציאָנאַלע רעגירונג איז געקומען צו דער

מאַכט" פאַרעפנטלעכט די „דייטשע אַלגעמיינע צייטונג" פון 6 מאַי 1933 פאָלגנדע נאָטיץ:

„אָפיציעל ווערט געמאָלדן: לויט ווי עס מעלדעט דער פרייסישער פרעמיער-מיניסטער און אינערן-מיניסטער, ה׳ גע-רינג, דורך דער פאַרמיטלונג פון דעם לייטער פון דער גע-היימער מלוכה-פאָליציי, מערקט זיך זינט דער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג דאָס פאַלן פון דער צאָל פאָליטישע גע-וואַלטאַטן, וואָס ענדיקן זיך מיט טויט. כמעט גלייכצייטיק מיטן קומען פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג צו דער מאַכט און מיטן זיג פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג איז צו באַ-מערקן אַן אנטשפּאַנונג אין די פאָליטישע קעגנזאַצן און עס פאַלט גלייכצייטיק די צאָל טויט־פאַלן, וועלכע איז ביז איצט געווען גענוג גרויס. חוץ די בלויזע צוויי טויט-פאַלן אין אַפּריל איז איצט אַריינגעטרעטן אַ שטילשטאַנד, וועלכער איז שוין זינט אַ לענגערער צייט נישט פאַרנאָטירט געוואָרן". און אין דער זעלבער צייט, וואָס די היטלער רע-גירונג האָט פאַרעפנטלעכט די דאָזיקע צו שטאַרק דורכזיכ-טיקע מעלדונג, איז אויך אָפיציעל געמאָלדן געוואָרן, אַז „בלויז אין בערלינער פּראָזעקטאָריום אַליין זענען במשך פון חודש אַפּריל געבראַנגט געוואָרן 46 טויטע, ביי וועמען די פנימער זענען געווען צעקאַליעטשעט ביז צום נישט דער-קענען".

די פאַשיסטישע פרעסע גופא האָט אין חודש אַפּריל געבראַנגט ידיעות וועגן 50 פאַלן פון פאָליטישע מאָרדן, אָנ-געבנדיק דערביי די נעמען פון די דערמאָרדעטע.

מיר שילדערן דאָ עטלעכע פון די שוידערלעכסטע מאָרדן, וועלכע די שטורמיסטן האָבן אויסגעפירט איבער

אַרבעטער און אינטעלעקטואַליסטן. עס זענען פאַראַן מאָ־
מענטן, ווען דער לעזער הויבט אָן צווייפלען, צי די פאַקטן
זענען אמת און די פאַנטאַזיע קאָן נישט נאָכפאָלגן די שוי־
דערהאַפטע פרטים, וועגן וועלכע די באַריכטן דערציילן.
אָבער, ליידער, זענען זיי דאָך אמת און באַשטעטיקט דורך
אַ סך עדות, באַשטעטיקט אָפטמאָל אפילו דורך די מערדער
גופא. דער דאַזיקער באַשטעטיקטער אמת נעמט דאָ דאָס
וואָרט וועגן די מעשים־תעתועים פון דריטן רייך.

## „דער דאזיקער טאַט איז נישט קיין דייטשער

טאַט". דעם 4 אַפריל איז אין דיסעלדאָרף דערמאָרדעט גע־
וואָרן דורך שטורמיסטן דער אַרבעטער היינץ בעסלער. די „פראַנק־
פורטער צייטונג" און „דער אַנגריף" האָבן זיך באַמיט דעם מאָרד
פאָרצושטעלן אַלס „דערשיסונג ביים וועלן אַנטלויפן". היינץ
בעסלער איז געוואָרן אַ קרבן פון די ברוינע געהיים־געריכטן.
ביז דעצעמבער 1930 איז היינץ בעססלער געווען אַ מיט־
גליד פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פאַרטיי און אַ פי־
רער פון אַ שטורם־אָפטיילונג. ער האָט זיך פון דער נאָנט
צוגעקוקט צום נאַצי־שווינדל און איז אָן אַנטוישטער אַרויס־
געטרעטן פון די רייען פון דער נאַצי־פאַרטיי. ער האָט גע־
זוכט און געפונען דעם וועג צו דער קאָמוניסטישער פאַרטיי.
אָט דאָס איז געווען די סיבה פון מאָרד, דער מאָרד פון אַ
יונגן אַרבעטער, וועלכער האָט נאָך אַ שווערן אינערלעכן
קאַמף און אַ טיפער באַליטישער באַטראַכטונג פאַרלאָזט די
רייען פון דער נאַצי־פאַרטיי און איז אַריינגעטרעטן אין דער
רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג. דער פאָלגנדער בריוו
דעקט אויף דאָס פאַרברעכן פון די נאַציס אין זיין גאַנצער

נידערטרעכטיקייט. דעם דאָזיקן בריוו וואָלט מען געדאַרפט אין מיליאָנען עקזעמפּלאַרן פאַרשפּרייטן.

דער בריוו לייענט זיך ווערטלעך אַזוי:

„איז עס מעגלעך, אַז אונזער ליבער היינצל לעבט שוין נישט מער? עס גלויבט זיך קוים. אָבער גאָט וועט נקמה נעמען פאַר דעם דאָזיקן טויט. דער דאָזיקער טאָט איז נישט געווען קיין דייטשער טאָט.

„דינסטיק פיר אַזייגער פאַרטאָג איז ער געוואָרן אויפגעוועקט דורך 7 שטורמיסטן און צוויי קרימינאַל־אַגענטן. אונז האָט מען געדראָט מיט רעוואָלווערן. היינץ האָט זיך געמוזט אָנטון און מיט זיי מיטגיין. מיר האָבן געמוזט צושליסן די טיר און נישט געטאָרט עפענען קיין פענסטער. אָ, גאָט, ווי מערדערלעך זיי האָבן אונזער היינצל באַהאַנדלט. שוין דריי אַ זייגער האָבן זיי אָפּגעשלאָסן די גאַס און פיר אַ זייגער זענען זיי אַרויפגעקומען. און דערנאָך האָבן זיי אים מיטגענומען און אויף דער ש.-ערן־שטראַסע אים אָן שום אורטייל דערשאָסן. אָ, ווי דער או.-גליקלעכער בחור וואָלט געליטן, ווען איך גיי מיט! ער האָט דריי שאָסן אין האַרץ, איינעם אין דער האַנט, איינעם אין האַלז. איינעם אין רוקן און נאָך צוויי שאָסן, צוזאַמען אַכט שאָסן. זיי האָבן אים געלאָזט ליגן און פויערן האָבן אים געפונען, ווי אַ הונט. איך קאָן עס קוים גלויבן. צומאָרגנס בין איך תיכף אַוועקגעלאָפן צום הער מ., ווייל היינץ האָט מיר געזאָגט: גיי צום הער מ. און דערצייל אים אַלץ, ווייל ער האָט מיר געגעבן אַן ערן־וואָרט, אַז ער וועט מיר העלפן. אָבער ווי אַזוי האָט ער אים געהאָלפן! היינץ האָט צופיל געגלויבט אין די מענטשן. פרוי ל., ווען איר וואָלט איצט געזען היינצן ליגן אויפן טויטן־בעט, וואָלט איר גערופן גאָט פאַר

אַ שופט, אַזוי האָבן זיי אים פֿאַרפּייניקט. איך קאָן דאָס בילד נישט פֿאַרגעסן, ווי קאָן מען אַזוי פּייניקן אַ הילפֿלאָזן, אומגליקלעכן מענטש! און דאַן די שקרים אין די בלעטער, אַז מ'האָט היינצן דערשאָסן בעת ער האָט געוואָלט אַנטלויפֿן און אַז מ'האָט ביי אים געפֿונען צוויי פֿעקלעך מיט דינאַ־מיט! אַזאַ נידערטרעכטיקייט, און מ'זאָל קיין גערעכטיקייט נישט געפֿינען. זיי האָבן דאָך בלויז געפֿונען מיינע ליבעס־בריוו און אַ פּאָר העפֿטן, און די צייטונגען שרייבן אַזאַ געמיינקייט. אָבער איך רוף גאָט אין הימל אַלס שופֿט פֿאַר אַזאַ מערדערלעכער און נידערטרעכטיקער טאַט...

„אַלע זענען אַזוי אויפֿגערעגט צוליב דעם דאָזיקן טאַט, זיי קענען פּשוט נישט באַגרייפֿן, ווי אַזוי מ'קאָן אַן איינצעל־נעם מענטש אַזוי געמיין און ברוטאַל דערשיסן. די קבורה קומט פֿאָר שבת האַלב־צוויי אַ זייגער בייטאָג. ווי שרעקלעך האָט מיך באַהאַנדלט דער הער מ., ווען איך בין ביי אים געווען! ווען איך האָב געזאָגט, ווי קאָן מען אַ הילפֿלאָזן מענטש אַזוי דערשיסן, האָט ער מיר געענטפֿערט: „אויב איר וועט נאָך אַ סך רעדן, וועל איך אייך לאָזן אַרעסטירן"

„איך וועל דיך דערשיסן". (אַ באַריכט פֿון אַן עדו־ראיה, פֿאָטאָגראַפֿישער דאָקומענט). די פֿאַרהייראַטע אַרבעטע־רין גרעטע מעסינג, אַ מוטער פֿון צוויי קינדער, איז דעם זעקסטן מערץ אַרום זעקס אַזייגער אין אָוונט אַרויס פֿון איר שטוב אין דעם בייערישן שטעטל זעלב און זיך געלאָזט גיין אין שטאָט אַריין עפּעס איינצוקויפֿן. אַ פּערציק טריט פֿון איר וואוינונג האָט זי זיך באַגעגנט מיט דעם נאַציאָ־

גאל־סאציאליסט לאגער, וועלכער האט אויך געהאלטן אויף דערזעלבער גאס. ער האט דער ארבעטערין פארשטעלט דעם וועג און זי פראוואצירט מיט דעם גרוס „היי, היטלער". דערויף האט פרוי מעסינג געענטפערט: „ראטפראנט" און האט ווייטער געוואלט גיין. לאגער האט זי ווייטער נישט געלאזט גיין און בייז געדראט: „איך וועל דיך דערשיסן". זי האט רואיק געענטפערט: „נו, שיס!"

לאגער האט צוגעשטעקט דער ארבעטערין דעם ברוי־נינג צום האלז און א דריק געטון דאס ציגל.

פרוי מעסינג איז שטערבלעך פארוואונדעט געווארן. דער מאן האט זי אריינגענומען אין דער וווינונג. דארט איז זי אפגעגאנגען אין בלוט.

דער מערדער איז אוועק אין ארטיקן נאצי־לאקאל, האט דארטן געמאכט א געזונטן שנאפס און זיך צוגעשטעלט אין דער הילפס־פאליציי. מ'האט אים ארעסטירט. אין צען טעג ארום האט מען אים באפרייט. אויפן וואקזאל איז ער אויפגענומען געווארן דורך אן ערן־דעפוטאציע.

לאגער איז פון די שטורם־אפטיילונגען נישט אויסגע־שלאסן געווארן. דאקעגן זיצן אין „שוץ־ארעסט" דער מאן און דער 19־יעריקער זון פון דער דערמארדעטער.

אין די ארבעטער־וווינונגען פון זעלב פירן די פאליציי און הילפס־פאליציי כסדר דורך רעוויזיעס. זיי זוכן נישט קיין פארברעכער און נישט קיין מערדער — זיי זוכן א פאטאגראפיע, וועלכע האט פאראייביקט די שטערבלעכע וווּנדן פון דער דערמארדעטער. צו האבן די דאזיקע פא־טאגראפיע איז ביי היינטיקן טאג אין דייטשלאנד לעבנס־געפערלעך

## די טויטע קערפּערס אין מאכנאָווער וואַלד.

(אַ באַריכט פון אַן עד ראיה). די גאַנצע פּרעסע האָט דעם 3 מערץ 1933 געמאָלדן, אַז אין מאַכנאָווער וואַלד האָט מען געפונען 3 דערשאָסענע יונגעלייט, וועגן וועלכע ס'איז נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן, ווער זיי זענען. הגם די פּאָליציי האָט יאָ פעסטגעשטעלט ווייערע נעמען, האָט מען דאָס פאַר דער עפנטלעכקייט פאַרשוויגן. נאָך אַן אָנויספאָרשונג האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס האַנדלט זיך וועגן פאָלגנדע פּערזאָנען:

1) פריץ ניטשמאַן. טאַפּעצירער. אַן אומפּאַרטייאישער. 24 יאָר אַלט.

2) האַנס באַלשוקאַט. אַרבעטער. מיטגליד פון דער „רויטער הילף". 20 יאָר אַלט.

3) פּרויס. 23 יאָר אַלט.

וועגן פריץ ניטשמאַן, וועלכער האָט נישט געהערט צו קיין שום אָרגאַניזאַציע, איז פעסטגעשטעלט געוואָרן פאָלגנדעס:

דעם 8-טן מערץ, אַרום צען אַ זייגער אין אָוונט איז פריץ ניטשמאַן אַרויס שפּאַצירן מיט זיין כלה. ווען ביידע זענען צוגעקומען צום עק ערדמאַן-שטראַסע איז אָנגעפאָרן אַ רויטער אויטאָ. פון דעם אויטאָמאָביל זענען אַראָפּגעשפּרונגען צוויי אוניפאָרמירטע שטורמיסטן, זענען צוגעלאָפן צו ניטשמאַנען און זיין כלה און אַ געשריי געטון: „האַלט, שטיין בלייבן, מיטגיין צום אויסלעגיטימירן זיך". די שטורמיסטן האָבן געהאַלטן אין דער האַנט אָנגעלאָדענע רעוואָלווערן. ניטשמאַן האָט רואיק דערקלערט: „איר האָט אַ טעות". דערויף האָבן די שטורמיסטן אַ געשריי געטון: „האַלט דעם פּיסק, איינשטייגן!" ניטשמאַן האָט געפאָלגט דעם באַפעל, פילנדיק זיך פולשטענדיק אין אָרדענונג. די כלה האָט אויך געוואָלט

מיטפאָרן, אָבער זי האָט באַקומען אַ פעסטן שטויס אין דער ברוסט. די שטורמיסטן האָבן איר דערקלערט, אַז ניטשמאַ־נען פירט מען אַוועק בלויז צום אויסלעגיטימירן; און, אַז עס וועט אים קיין שום שלעכטס נישט געשען. די כלה, וועלכע האָט נאָכן שטאַרקן שטויס זיך צעוויינט, האָט נישט באַמערקט דעם נומער פון אויטאָ און נישט די נומערן אויף די קעלנער פון די שטורמיסטן.

באַלד נאָכן אַרעסט איז ניטשמאַנס כלה אַוועק צו זיין מוטער און איר דערציילט די גאַנצע געשיכטע. דער־נאָך איז זי אַוועק אין דער פּאָליציי. דאָרטן האָט מען איר דערקלערט, אַז ס׳וועט אים גאָרנישט געשען, ער וועט אינ־גיכן צוריקקומען אַהיים און מ׳האָט זיי געהייסן קומען צו־מאָרגנס. צומאָרגנס איז די מוטער אַוועק אין דער פּאָליציי און באַקומען דעמזעלבן ענטפער. דערנאָך איז דער פאָטער אַוועק אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט און געמאָלדן, אַז זיין זון איז פאַרלוירן געגאַנגען.

ביז דעם 11 מערץ האָבן ניטשמאַנס עלטערן נישט געהאַט קיין שום ידיעה וועגן זייער זון. אין דעמזעלבן טאָג אַרום ניין אַ זייגער אין אָוונט איז צו די ניטשמאַנס אין דער וווינונג געקומען אַ פּאָליציי־באַאַמטער און געמאָלדן, אַז אין דער „בערלינער מאָרגנפּאָסט״ האָט זיך באַוויזן אַ נאָטיץ, אַז אין מאַכנאָווער וואַלד האָט מען געפונען דריי טויטע קערפּערס. לויט דער שילדערונג האָט דער פאָטער באַלד זיך געכאַפּט, אַז צווישן די דריי טויטע קערפּערס געפינט זיך, אָן שום ספק, זיין זון. ער איז ווידער אַוועק אין דער פּאָליציי, וועלכע האָט אים אָבער נאָך אַלץ קיין שום ידיעה נישט געקאָנט געבן.

צומאָרגנס איז דער פּאָטער אַוועק אין דער קרימינאַל־פּאָליציי און גערעדט מיטן קאָמיסאַר, וועלכער האָט געפירט די אויספאָרשונג. דער דאָזיקער קאָמיסאַר האָט דערקלערט, אַז במשך פון זיין גאַנצער קרימינעלער טעטיקייט איז נאָך אַזאַ אכזריותדיקער, ברוטאַלער מאָרד נישט פאָרגעקומען. ער האָט צוגעזאָגט דעם פאָטער אָנצווענדן אַלע באַמיאונגען, כדי אויפצודעקן די מערדער.

אין פּראָזעקטאָריום האָט דער פאָטער אין דער אָנוועזנקייט פון קאָמיסאַר דערקענט דעם טויטן קערפּער פון זיין זון. אויפן קערפּער זענען געווען צען שאָס ווונדן. מ'האָט נישט דערלויבט דעם טויטן קערפּער צו פאָטאָגראַפירן.

דער צווייטער קרבן איז אויך פאַלגנדן אופן דערמאָרדעט געוואָרן: האַנס באַלשוקאַט איז דעם 8 מערץ אין אָוונט אַרעסטירט געוואָרן דורך דריי שטורמיסטן, וועלכע האָבן אים אַוועקגעפירט אין אַ פאַרמאַכטן אויטאָ.

דעם 10־טן מערץ האָט באַלשוקאַטס פאָטער באַקומען פאָלגנדיק בריוול: „איך האָב היינט געפונען אַ פּאָרטפּעל מיט פאַרשידענע דאָקומענטן. איך בעט אָפּנעמען דעם פּאָרטפּעל שבת, דעם 11 מערץ, צווישן 3 און 6 נאָכמיטאָג. אונטערגעשריבן: האַנס שמידט, באָרנשטעטע ביי פּאָטסדאַם."

ווען דאָס בריוול איז אָנגעקומען, איז די מוטער אַוועק דערמיט אין דער קרימינאַל־פּאָליציי. דאָרט האָט מען איר אָנגעזאָגט, אַז זי זאָל בשום אופן נישט פאָרן קיין באָרנשטעט. גלייכצייטיק האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער פּאָרטפּעל געפינט זיך אין רשות פון דער פּראָקוראַטור. דער געפינער פון פּאָרטפּעל איז אַרעסטירט געוואָרן אונטערן פאַרדאַכט פון אָנטיילנעמען אין מאָרד.

צומאָרגנס איז דער פאָטער אָוועק אין פּראָסעקטאָריום צו דערקענען דעם טויטן קערפּער פון זיין זון. ס'איז אים לכתחילה שווער געווען זיין אייגענעם זון צו דערקענען, אַזוי שרעקלעך צעהרגעט איז ער געווען. די ליפּן זענען געווען שטאַרק אָנגעשוואָלן, די קינבאַק צעהאַקט. אויפן האַלז, נאָקן און דער ברוסט האָט מען געזען בלויע צייכנס, וואָס האָבן וואַרשיינלעך געשטאַמט פון טרעטן מיט די פיס. די הענט און די ברוסט האָבן אויף זיך געהאַט שוואַרצע פּרענגעס, וועלכע האָבן געשטאַמט פון פעסט-צוגעבונדענע שטריק. חוץ דעם האָט דער דערמאָרדעטער געהאַט זיבן שאָס-וואונדן.

ווען דעם דריטן דערמאָרדעטן פּרויס איז שווער עפּעס צו דערגיין, ווייל זיין פאָטער וויל נישט אָנגעבן קיין שום ידיעות. ער איז אַ מאַשיניסט אויף די מלוכה-באַנען, ער האָט זיך אויך נישט שטאַרק געקימערט וועגן ברענגען זיין זון צו קבורה. אין שענעבערג שמועסט מען, אַז פּרויס זאָל האָבן געהאַט אַ סכסוך מיט די נאַציס. דער דערמאָרדעטער זאָל האָבן געשטאַנען נאָנט צו די נאַצי-לייט.

שטאַלערנע ריטער און זאַלץ-זויער. (אַ באַריכט פון אַן עד-ראיה אין בראַונשווייג): דער טעלעגראַפן-טעכני-קער גראָטעהענע האָט נישט געהאַט קיין שום פּאָליטישע פונקציע, ער איז געווען אַ מיטגליד פון די רייכסבאַנער. מאָנטיק, דעם 27 מערץ זענען צו גראָטעהענען אין שטוב געקומען שטורמיסטן און האָבן אים אויפגעפאָדערט צו קו-מען אין דעם נאַצי-לאָקאַל. זיין פרוי האָט געמיינט, אַז

עס האַנדלט זיך וועגן צווינגען איר מאַן אַריינצוטרעטן אין דער נאַצי־פּאַרטיי, זי האָט אים דעריבער געראָטן אין דעם נאַצי־לאָקאַל נישט צו גיין און צו בלייבן אין שטוב.

גראָטעהענע איז אָבער אין דער באַגלייטונג פון די נאַצי־לייט אַוועק אין לאָקאַל פון די שטורמיסטן. ס'זענען פאַרביי עטלעכע שעה, ער איז נישט צוריקגעקומען. די פרוי האָט באַשלאָסן צו גיין נאָך אים. פאַר דעם לאָקאַל פון די שטורמיסטן איז געשטאַנען אַ נאַצי־יונג מיטן נאָמען מייער. די פרוי גראָטעהענע האָט פאַר אים אַנידערגעקניט און גענומען וויינען און בעטן, אַז מ'זאָל איר מאַן באַפרייען. אין דעמזעלבן מאָמענט האָט מען אויף דער גאַס אַרויסגעשליידערט גראָטעהענעס קערפּער. דער דאָזיקער מענטש איז איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צעפלייטשטער, בלוטיקער מאַסע. עטלעכע מענטשן האָבן דעם שווער־פאַרוואונדעטן אַוועקגעטראָגן אַהיים. ער האָט זיך נישט באַקלאָגט בלויז אויף די אויסערלעכע ווייטיקן, נאָר אויך אויף די אינערלעכע. היות, ווי מ'האָט געהאַט אַ חשד, אַז מ'האָט אים פאַרסמט, האָט מען אים געגעבן צו טרינקען מילך. ער האָט עס צוריק אויסגעבראָכן. די פרוי, וועלכע האָט אים אָפּגעווישט די שוים אויפן מויל, האָט באַמערקט, אַז דאָס טאַשנטיכל איז געוואָרן אײנגאַנצן צעלעכערט פון דער זויערקייט, וואָס ער האָט אויסגעבראָכן. גראָטעהענע איז נאָך פון צייט צו צייט געווען אויף אַזויפיל ביים באַוואוסטזיין, אַז ער האָט געקאָנט דערציילן וועגן דעם, ווי אַזוי מ'האָט אים געפּייניקט.

מ׳האָט אים אויסגעטון נאַקעט און דריי שעה נאָכאַנאַנד געשלאָגן מיט שטאָלענע ריטער. דערביי האָט מען אים געצוואונגען אָפּצווישן מיט זיינע קליידער דאָס בלוט פון דער פאָדלאָגע. ווען ער איז אַנידערגעפאַלן אַ באַוואוסטלאָזער מיט פאַרהאַקטע ציין, האָבן די שטורמיסטן זיך באַמיט אים אַריינצוגיסן אין מויל זאַלץ־וואַסער. היות אָבער, ווי דאָס איז זיי תיכף נישט געלונגען, האָט מען אים מיט קראַפט אויפגעריסן דאָס מויל. דערביי האָט מען אים אַוועקגעריסן אַ טייל פון דער ליפּ. גראָטעהענע איז דעם 29־טן אַפּריל געשטאָרבן אין שרעקלעכע יסורים. דער טויטער קערפּער איז געפלמסט געוואָרן. אַלס די סיבה פון טויט איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אַ „געהירן־אַפּאָפּלעקסיע און אינערלעכע אָנצינדונג״. די פּראָקוראַטור האָט זיך פאַרנומען מיט דעם דאָזיקן ענין, אָבער ביז היינטיקן טאָג איז נאָך קיינער פון די שולדיקע נישט צוגעצויגן געוואָרן צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

בוכשטעבליך צעריסן אויף שטיקער. אין אָנהויב מערץ איז פריץ גימבערט פון היידענאַו געכומען געוואָרן אין שוץ אַרעכט. מ׳האָט אים באַשולדיקט, אַז ער האָט „באַגראָבן געוועהר״. מ׳האָט אים געבראַנגט אין האָהענשטייַנער קאָנצענטראַציע־לאַגער. דאָרט האָט מען אים געשמידט אין קייטן און געפּייניקט. די פּייניקונגען זענען געווען אַזוי שרעקלעך, אַז ער איז געשטאָרבן. אַלס די סיבה פון זיין טויט האָט מען דער פרוי אָנגעגעבן: „געשטאָרבן פון אַ מאָגן־ און געדערים־קראַנקייט״.

(סוף קומט)

# אָס ברוינע בוך

## װעגן רײכסטאַג-אונטערצינדונג
## און היטלער-טעראָר

אַרויסגעגעבן דורכן אינטערנאַציאָנאַלן הילפס-קאָמיטעט
פאַר די קרבנות פון דײטשן פאַשיזם.
מיט אַ פאָררעדע פון לאָרד **מאַרלײ**

**אויטאָריזירטע יידישע אויסגאַבע**

(מיט 20 בילדער)

## העפט 7

ארלאַג „גראָשן-ביבליאָטעק"

ארשע 1933

די אַרבעטערשאַפט פון די היידענאַוער פאַבריק האָט דורכגעפירט אַ זאַמלונג און דעם טויטן קערפּער אָראָפּגעבּרענגט קיין היידענאַו. דאָס איז דערלויבט געוואָרן מיטן אויסדריקלעכן תּנאַי, אַז מ׳וועט נישט עפענען דעם אָרון. די אַרבעטער האָבן דעם דאָזיקן באַפעל נישט געפאָלגט. קיינער פון די, וועלכע האָבן געזען דעם טויטן קערפּער, וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם דאָזיקן שוידערלעכן אָנבליק. דאָס פּנים איז געווען פולשטענדיק צעריסן. לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן איז די צונג געווען אַרויסגעריסן. אויף די הענט האָט מען נאָך בּולט אָנגעזען די שוואַרצע צייכנס פון די שווערע קייטן. דער הינטערשטער טייל פון קערפּער איז געווען אַ צעריסענע, דורכגעלעכערטע פלייש־מאַסע. די עפענונג פון דער דאַרם־קישקע איז געווען פאַרשטאָפּט מיט שמאַטעס, כדי אויפצוהאַלטן די בלוטונג. דער חוט־השדרה איז געווען צובראָכן, די געשלעכטס־אָרגאַנען צעריסן. דאָס דיקע פלייש בּיים רעכטן פוס איז געווען אויפגעריסן. דאָס מאָגן־גריבל איז געווען צעטרעטן אַזוי, אַז די געדערים זענען אַרויס אין דרויסן. די שטאַרק צעביסענע ליפּן האָבן עדות געזאָגט וועגן שרעקלעכע שמערצן, וועלכע גומבּערט האָט געמוזט איבערטראָגן.

צוליב דעם, וואָס עס האָבן געשטראָמט מאַסן אַרבעטער, וועלכע זענען געווען שרעקלעך אויפגעבראַכט און דערשיטערט, האָבן די שטורם־אָפּטיילונגען ווידער צוגענומען דעם טויטן קערפּער. דער תּלין קילינגער בּכבודו ועצמו איז געקומען צוגיין מיט אַ שטאַב פּאָליציאַנטן און דאָקטוירים. אַלע אַרבעטער־וואוינונגען זענען דורכגעזוכט געוואָרן, כדי צו קאָנפיסקירן פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן און קלישן. אונטער דער דראָאונג פון דער שווערסטער שטראָף איז די אַלע,

וואָס האָבן געזען דעם טויטן קערפּער, פאַרבאָטן געוואָרן עפּעס צו דערציילן. די דאָזיקע מענטשן האָט מען ספּעציעל אַרויסגערופן און געוואָרנט „צו האַלטן ס׳מויל״.

די קבורה איז פאָרגעקומען פרייטיק, דעם 23 אַפּריל. דריי טויזנט אַרבעטער זענען געקומען, כּדי אָנטיילצונעמען אין דער לויה, אָבער אַלע גאַסן צום בית-עולם זענען געווען אָפּגעשלאָסן דורך שטורמיסטן, וועלכע זענען געווען באַוואָפנט מיט ביקסן. ווען דער לויה צוג איז אָנגעקומען צום טויער פון בית-עולם, איז ער באַפאַלן געוואָרן פון די נאַציס און פונאַנדערגעיאָגט געוואָרן. בלויז די קרובים האָט מען אַריינגעלאָזט אויפן בית-עולם.

ביים קבר האָט גערעדט אַ גייסטלעכער, וועלכער האָט דעמאָנסטראַטיוו געטראָגן אַ האַקנקרייץ.

**צעשלאָגן, צעשטאכן און צעטרעטן.** דעם 28-טן מערץ איז אין קעניגסבערג אַרעסטירט געוואָרן דער קאָמוניסט עדאָם. היות ווי מ׳האָט געוואוסט, אַז ער איז באַפריינדעט מיטן קאָמוניסטישן דעפּוטאַט שוץ, האָט מען עדאָמען צוויי שעה צייט אַזוי מוראדיק און אַכזריותדיק געשלאָגן, אַז ער איז אַ פולשטענדיק הילפלאָזער, צעמישטער און וואַנזיניקער אויסגעפאַלן אויף דר׳ערד און האָט אויסגעגעבן, וואו שוץ געפינט זיך.

צומאָרגנס, האַלב דריי אַזייגער ביי טאָג, האָט מען שוץ געבראַכט אין דערזעלבער שטורמיסטן-קאַזאַרמע און במשך פון גאַנצע צוועלף שעה געשלאָגן, געשטאָכן און געטרעטן מיט די פיס אַזוי, אַז זיין קערפּער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאָרמלאָזער מאַסע נישט צו דערקענען. צו-

מאָרגנס איז שיין געשטאָרבן אין שפּיטאָל. אַלס די סבּה פון זיין טויט איז אָנגעגעבן געוואָרן: „אַ האַרצשלאַג".

דעם 3-טן אַפּריל האָט מען שיצן מקבר געווען, ווי אַ הונט. קיין שום דייטשע צייטונג האָט נישט געשריבן וועגן זיין טויט. די דאָקטוירים און קראַנקן-שוועסטערס האָט מען אונטער דראָאונגען באַפוילן צו מאַכן אַ שווייג.

אין דערזעלבער צייט איז די פרוי פון דערהרגעטן גענומען געוואָרן אין שוץ-אַרעסט. בעת דער קבורה האָט מען דעם צוועלף-יעריקן זון פון דעם צעקאַליעטשעטן מת אַ שטויס געטון צום טויטן צו און אַ נאַצי האָט דערביי דערקלערט: „זעסט, אָט אַזוי וועסטו אויסזען, אויב דו וועסט גיין אין זיינע וועגן."

## ארויסגעוואָרפן דורכן פענסטער! דעם 16-טן אַפּריל

האָט אַ נאַצי דערקענט דעם פירער פון די קוילן-גרובן-אַר-בעטער, אַלבערט פונק, און אים געמסרט פאַר דער פּאָליציי. אַלבערט פונק איז געווען לאַנגיעריקער פירער פון די קוילן-גרובן-אַרבעטער, רייכסטאַג-דעפּוטאַט און פירער פון איינ-הייטס-פאַרבאַנד פון די קוילן-גרובן-אַרבעטער. געאַכטעט און געליבּט פון די רעוואָלוציאָנערע קוילן-גרובן-אַרבעטער, האָט אַלבערט פונק אויך געגאָסן דעם צוטרוי פון אַלע אַרבעטער אין גאַנצן רור-געביט.

אַלבערט פונק איז איינגעזעצט געוואָרן אין דאָרט-מונדער פאָליציי-אַרעסט. אים איז געלונגען אַרויסצושרייבן אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט דערציילט וועגן די שרעק-לעכע פּייניקונגען פון אַנדערע זיבן געפאַנגענע. אין די ער-שטע טעג האָט מען פונקן נישט געשלאָגן.

די צייטונגען האָבן מיט קיין איין וואָרט נישט דער-

מאַנט וועגן פונקס אַרעסט. די דאָזיקע דערשיינונג האָט גע־מוזט אַרויסרופן די גרעסטע באַאומרואיקונג. וואָס האָט מען בדעה צו טון מיט אַלבערט פונק? פאַרוואָס האָט מען פאַר־שוויגן זיין אַרעסט?

דעם 26-טן אַפּריל, 10 טעג נאָך זיין אַרעסט, האָט מען אַלבערט פונקן דערמאָרדעט. זיין פרוי איז געקומען אין דאָרטמונדער פּאָליציי-אַרעסט, כּדי זיך צו זען מיט איר מאַן. די תּפיסה-אַדמיניסטראַציע האָט איר דערקלערט, אַז זי וועט איר מאַן שוין מער נישט קאָנען זען, ווייל ער האָט זיך אין דער קאַמער פאַרסמט.

צומאָרגנס זענען אין אַלע דייטשע צייטונגען פון רור־געביט דערשינען גרויסע מעלדונגען וועגן „סענסאַציאָנעלע אַנטדעקונגען". מ'האָט דערציילט וועגן מכלומרשט-געפונענעם געווער, אַנטדעקטע דינאַמיט-לאַגערן און טעראָר-גרופן ביי די קאָמוניסטן אין רעקלינגהאַוזען. אין שייכות דערמיט איז אויך געוואָרן געמאָלדן, אַז דער אַרעסטירטער קאָמוניסטישער דע־פּוטאַט אַלבערט פונק האָט געפּרוווט אַנטלויפן פון דער רעקלינגהאַוזער תּפיסה. צו דעם צוועק זאָל ער האָבן אַראָפּ־געשפּרונגען פון פענסטער פון דריטן שטאָק און זיך צע־בראָכן די חוט-השדרה, ווי אויך די הענט און די פיס. ווען מ'האָט אים איבערגעפירט אין שפּיטאָל, זאָל ער האָבן גע־ווען ביים פולן באַוואוסטזיין און איז דאָרט געשטאָרבן.

מ'האָט איינגאַנצן פאַרשוויגן דעם פאַקט, אַז פונק האָט זיך שוין קנאַפּע צוויי וואָכן געפונען אין אַרעסט און ס'איז אויך מיט קיין איין וואָרט נישט אויפגעקלערט געוואָרן, אויף וואָס פאַר אַן אופן פונק איז פּלוצלינג פון דאָרטמונד מגולגל געוואָרן קיין רעקלינגהאַוזען.

דער פירער פון די קוילן-גרובן-אַרבעטער אַלבערט

פּונק איז פון די מוראַדיקע פּייניקונגען דערפירט געוואָרן ביז משוגעת און די פּייניקונגס-קנעכט האָבן אים דאַן געצוואונגען אַרויסצושפּרינגען דורכן פענסטער. ווען די געפאַנגענע חברים פון דערמאָרדעטן, וועלכע האָבן זיך דאַן גראָד געפונען אויפן תפיסה-הויף, האָבן גענומען פון אויפרעגונג שרייען, זענען די מערדער צוגעלאָפן צו די פענסטער און צו זיי אָראָפּגעשריגן: „איר, מאָסקווער חזירים, קאָנט דאָס-זעלבע טון!"

## דער געהיימער מארד פון דר. געארג בעל.

דעם 5-טן אַפּריל איז אין עסטרייכישן שטעטל דורכהאַלצען דערמאָרדעט געוואָרן דורך אַ מערדער-אָפּטיילונג פון דער שטורמיסטן-אָנפירונג דער דר. געאָרג בעל.

די שאָסן אין דורכהאַלצען האָבן אַ סוף געמאַכט צו אַן אַוואַנטוריסטיש לעבן. ווער איז געוועזן געאָרג בעל?

ביז אָנהויב 1930 איז ער געוועזן אַן אַגענט און אים האָבן געקענט בלויז זיינע נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישע פריינט. ערשט אין יאַנואַר 1930 איז ער אַרויסגעשוואומען פאַר דער עפנטלעכקייט. ער איז דאַן געזעסן אויף דער באַשולדיקונגס-באַנק אַלס מיטאָנגעקלאָגטער אין פּראָצעס וועגן פעלשן טשערוואָנצעס. פריער נאָך האָט מען אים געהאַט פאַרמשפט פאַר שפּיאָנאַזש. ער זאָל האָבן אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן צו פעלשן סאָוויעטישע באַנקנאָטן, כדי אויף אַזאַ אופן צו פאַר-שאַפן ראַטנפאַרבאַנד גרויסע שוועריקייטן און אָפּצורייסן פון די סאָוויעטן די דרום-קאַנטן. אויפן פּראָצעס האָט בעל אויסערגעוויינלעך געשיקט מאַנעווורירט. תמיד, ווען דאָס גע-ריכט, וואָס האָט זיך גראָד נישט אַזוי שטאַרק באַמיט אַריינ-צודרינגען טיפער אין די אָפּעראַציעס, וואָס זענען געווע-

דעט געווען קעגן דער אַרבעטער- און פּויערן-מלוכה, — תמיד, ווען דאָס געריכט איז געווען געצוואונגען צו באַרירן מאָמענטן, וועלכע זענען פאַר בעלן געווען נישט אָנגענעם, האָט ער געדראָט מיט רעוואָלאַציעס וועגן די דייטשע מלוכה-מענער. אַזוי אַרום האָט ער באַהערשט דאָס געריכט, וואָס האָט זיך געווײַנלעך געלאָזט פון אים באַהערשן און — איז באַפרייט געוואָרן. אָבער אויפן דאַזיקן פּראָצעס איז אויסגעדעקט געוואָרן זייער אַ וויכטיקער פּרט און נעמלעך, אַז דער מענטש, וועלכער איז געשטאַנען הינטער בעלס געלט-פעלשונגען, איז געווען נישט קיין אַנדערער, ווי דער ענגלישער נאַפט-קעניג סער הענרי דעטערדינג, וועלכער האָט אויף אַזאַ אופן געוואָלט באַקעמפן די קאָנקורענץ פון סאָוויעטישן נאַפט און אַרײַנבאַקומען אין זײַנע הענט נײַע נאַפט-קוואַלן.

דעטערדינג איז אויך איינער פון די, וועלכע שטיצן מיט געלט די דייטשע נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטן, וועלכע דינען פאַר אים אַלס אַוואַנגאַרד פאַר זײַנע סאָוויעט-פײַנטלעכע און אַרבעטער-פײַנטלעכע פּלענער. דער פאַרבינדונגס-מענטש צווישן דעטערדינגען און די נאַצי-לײַט איז טאַקע געווען דערזעלבער געאָרג בעל. וועגן דעם איז מען געוואויר געוואָרן בעת אַ צווייטן פּראָצעס, וועלכער איז פאָרגעקומען אין מינכען און האָט שטאַרק אויפגערודערט די עפנטלעכע מיינונג. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַן אָנקלאַגע, וואָס דער געהיים-מערדער שולץ און דער נאַצי-פירער שוואַרץ האָבן אַרײַנגעטראָגן אין געריכט קעגן דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער „מינכענער פּאָסט” פאַר באַליידיקונג.

צוליב וואָס פאַר אַ קאָנקרעטער סבה איז אַנטשטאַנען דער מינכענער פּראָצעס ? אין פעברואַר 1932 האָט די „מינ-

כענער פּאָסט״ פאַרעפנטלעכט אַ פּאַרטרווילעכע ידיעה, פון וועלכער ס׳איז געווען צו זען, אַז אין דער נאַצי־פּאַרטיי עקזיסטירט אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג, וועלכע האָט די אויס־גאַבע אָפּצורוימען פון וועג נישט געוואונטשענע פּערזאָנען. די דאָזיקע אָפּטיילונג טראָגט דעם נאָמען „קעמערל גע״.

אויפן דאָזיקן פּראָצעס איז בעל אַרויסגעטרעטן אַלס עדות און דערביי דערקלערט פאָלגנדעס:

„איינמאָל האָט אים רעהם געזאָגט: „איר האָט שוין געהערט די נייעס? מען וויל אונז אומברענגען, אייך, מולען עקהאַרטן און מיך״. ער, בעל, האָט לכתחילה דערין נישט געוואָלט גלויבן, אָבער רעהם האָט אים דערציילט די פּרטים און דערקלערט, אַז הינטער דעם שטעקט די האַנט פון מאַ־יאָר בוך. באַלד דערנאָך האָט ער אין אַ רעסטאָראַן גע־טראָפן שווייקאַרדן. שווייקאַרד האָט אים געפרעגט, צי ער, בעל, ווייסט שוין, אַז מ׳גרייט זיך אים צו דערהרגענען. דערנאָך האָט שווייקאַרד דערקלערט: „ס׳איז גענוג איין וואָרט מיינס אין דער פּאָליציי־דירעקציע און די גאַנצע חורישע באַנדע זאָל איינגעזעצט ווערן אין תּפיסה.״ (מיט דעם אויס־דרוק „חורישע באַנדע״ איז געמיינט געוואָרן די אָנפירונג פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי). דאַן האָט אים שווייקאַרד געפרעגט: „ווילסט זיך באַקענען מיט דיין מער־דער? ער וועט באַלד אַהערוקמען.״ באַלד דערנאָך איז אין רעסטאָראַן טאַקע אַריינגעקומען דער דר. האָרן פון קאַרלס־רוּע.״

דאָס, וואָס דאָקטאָר בעל האָט צופיל געוואוסט די סודות וועגן דעם פּערזענלעכן לעבן פון די נאַצישע „פּי־רער״ (אַז זיי זענען, למשל, האָמאָסעקסואַליסטן), איז נישט געווען די איינציקע סבה, צוליב וועלכער מען האָט אים

באַזייטיקט. די וויכטיקסטע סבה איז געווען דאָס, וואָס בעל האָט צופיל געוואוסט וועגן דער רייכסטאָג־שׂרפה, געוואוסט, אַז אין דער דאָזיקער שׂרפה האָבן זיך באַטייליקט גערינג, געבעלס, הײַנעס און רעהם. איז דאָך דאָס ווערקצייג וואַן דער ליבע געווען אויך זײַן אַגענט און אויפן סמך פון זיי־נע ידיעות האָט דאָך בעל געקאָנט וויסן וועגן זײַנע פאַר־בינדונגס־מענטשן. אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל איז דאָס שוין קלאָר באַוויזן געוואָרן. אָבער די לייטונג פון די שטורם־אָפּטיילונגען, די גערינגס און רעהמס האָבן דורך זייער ברייט־פאַרצווייגטן שפּיאָנען־אַפּאַראַט געוואוסט, אַז בעל ווייסט אַ סך און ער קאָן נאָך אַמאָל זײַנע ידיעות אויס־טוישן אויף קלינגענדיקע מטבעות.

דעריבער האָט רעהם אַרויסגעגעבן דעם באַפעל בעלן „פאַרטיק צו מאַכן". ווען בעל האָט זיך דע־פון דערוואוסט, איז ער קודם כּל אַרויסגעטרעטן פון דער נאַצי־פאַרטיי. ווען ער האָט געזען, אַז מ'פאַרפאָלגט אים ווייטער, איז ער אַנטלאָפן קיין עסטרייך. זײַן פרוי און זײַן טאָכטער זענען דורך די שטורמיסטן גענומען געוואָרן אַלס ערובניקעס. דורך בעלס פריינט, דעם שטורמיסט קאָנראַד, האָט זיך רעהם דערוואוסט, וואו בעל געפינט זיך. אומזיסט האָט זיך בעל געווענדעט צום אַלמעכטיקן רעהם מיט אַ טעלעגראַפישער בקשה, אַז ער זאָל אים שענקען דאָס לעבן. רעהם האָט פיר מאַן פון זײַן לייב־גוואַרדיע געגעבן אַ באַפעל, צו פאַרשלעפן בעלן קיין דײַטשלאַנד. רעהם האָט צו זיי געזאָגט:

„ברענגט מיר אים אַ לעבעדיקן, אָדער אַ טויטן. ס'וואָלט אַ סך בעסער געווען, ווען איר קאָנט אים ברענגען אַ לעבעדיקן. נישט לאַנג געטראַכט! צו דער זאַך! אַרײַן אין אויטאָ און מאַרש, מאַרש איבער דער גרענעץ!"

רעהמס מערדער-באַנדע איז אַהעקגעפּאָרן אין אַן אויטאָ פון דער נאַצי-פּאַרטיי. חוץ דעם איז דורך דעם מינכענער פּאָליציי-פּרעזידענט צוגעשטעלט געוואָרן אַן אויטאָ מיט שטורמיסטן.

דערווייל האָט זיך בעל טעלעגראַפיש דערוואוסט פון קאָנראַדן, אַז מ'איז אַריבער די גרענעץ, כדי אים פּאַרטיק צו מאַכן. בעל האָט זיך שנעל גענומען פּאַקן, כדי צו אַנטלויפן, אָבער אין זעלבן מאָמענט זענען אָנגעקומען זיינע פאַרפאָלגער. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט מיטצופאָרן מיט זיי אין זייער אויטאָ קיין דייטשלאַנד. זעקס שאָסן זענען געווען דער ענטפער אויף דעם דאָזיקן אָפּזאָג. אַלע שאָסן האָבן געטראָפן: דריי אין קאָפּ, צוויי אין דער ברוסט, און איינער אין בויך. בעל איז באַלד געפאַלן טויט.

## דער מארד פון דעם העלזעער. עריק יאַן האַנוסען

(מיט יאָרן צוריק הערשמאַן-שטיינשניידער) איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1882 אין ווין אַלס זון פון יידישע עלטערן. ער איז געוואָרן אַן אַקטיאָר. בעתן קריג פלעגט ער אין עסטרייכישן מיליטער אַרויסטרעטן מיט פאַרשידענע פאָקוסן און נאָך דער מלחמה איז ער אַרויסגעטרעטן אין אַ וואַריעטע-טעאַטער.

אין טשעכיען איז ער דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעטרעטן אין דער ראָל פון אַ העלזעער. אַ זשאַנדאַרם האָט אים אָבער דעמאַסקירט אַלס שווינדלער. ער איז אָנגעקלאָגט געוואָרן אין געריכט, אָבער אים איז געלונגען נישט צו דערלאָזן, אַז זיין געפערלעכסטער עדות, זיין סעקרעטאַר עריק יוהן, וועלכער האָט אים דורך קונצן דערמעגלעכט די העלזעערישע שטיק, זאָל זיך שטעלן פאַרן געריכט. דאָס געריכט

האָט דערייבער, צוליב מאַנגל אין באַווייזן, האַנוסענען באַ·פרייט.

שטיצנדיק זיך אויף דער דאָזיקער רעקלאַמע, האָט האַנוסען אָנגעהויבן אַרויסטרעטן אַלס העלזעער אין דייטש·לאַנד. ער האָט אָנגעהויבן באַקאַנט צו ווערן, באַזונדערס, זינט ער האָט אָנגעהויבן צו זאָגן נביאות אין ענינים פון פּאָליטיק. ער האָט איינגעאָרדנט סעאַנסן, פלעגט אַרויס·טרעטן מיט רעפעראַטן, געגרינדעט אַ זשורנאַל און געוואָרן אַ גביר. נאָך דעם וואַל-נצחון פון די נאַציאָנאַל·סאָציאַליסטן אין סעפּטעמבער 1930 איז ער געוואָרן אַ מיטגליד אין דער נאַצי·פּאַרטיי. נאָכגייענדיק דער אַלגעמיינער שטימונג, האָט ער אָנגעהויבן צו פּאָפּולאַריזירן היטלערן. האַנוסען האָט געפעלשט זיין פּאַס און צוגעשריבן דאָרט דאָס וואָרט „וואָן": ס'הייסט, אַז ער איז אַן אַריער פון אַריסטאָקראַטישן יחוס. אַזוי אַרום איז ער געוואָרן אַ מיטגליד פון די שטורם·אָפּ·טיילונגען, אַ פריינט פון די העכערע נאַצי·פירער, באַזונ·דערס פון דעם גראַף העלדאָרף. ווען דער „אָנגריף" האָט אים, אין שייכות מיט אַ פּראָצעס פאַר שווינדלערייען, אָנ־גערופן „דער טשעכישער ייד", האָט העלדאָרף אינטערווע·נירט און דער „אָנגריף" האָט אָפּגעדרוקט אַן אַנטשולדי·קונגס·הכחשה. האַנוסען פלעגט זיין געלט און זיינע אויטאָס שטעלן אין רשות פון די שטורמיסטן·פירער: אויך זיין שאָ·פער איז געווען אַ שטורמיסט.

ווען היטלער איז דעם 30·טן יאַנואַר באַשטימט גע·וואָרן אַלס רייכסקאַנצלער, האָט דער געשמדטער ייד האַנו·סען פאַרעפנטלעכט אַן אָפענעם בריוו צו היטלערן, אין וועלכן ער האָט דערקלערט, אַז היטלערס זיג איז זיין זיג נאָך דער „נאַציאָנאַלער אויפלעבונג" האָט האַנוסען

זיך דערפילט אויפן פערדל. אין דעם וואַריעטע־טעאַטער „סקאַלאַ", ווו ער פלעגט אויפטרעטן, האָט זיך האַנוסען פּראָקלאַמירט אַלס „נביא פון דריטן רייך". ער איז אויך אַוועק צו יידישע פירמעס און פאַרלאַנגען און, דערקלערנדיק, אַז ער געפינט זיך אין גוטע באַציאונגען מיט די שטורמיסטן, אויסגעפּרעסט ביי זיי געלט. אַזוי אַרום איז ער אויך געקומען צום פאַרלאַגס־דירעקטאָר פון „בערלינער טאַגעבלאַט" קאַרל פעטטער און דערקלערט. אַז ער קאָן אים, פעטטערן, אָפּהיטן פון אַ סך אומאָנגענעמלעכקייטן מצד די נאַצי־לייט. ער האָט אויך דערקלערט, אַז דער נאַצי־קאָמיסאַר אין רודאָלף מאָסע־פאַרלאַג פאָן אָסט, ווי אויך דער גראַף העלדאָרף און אַנדערע נאַצי־פירער זענען אים שולדיק אַ סך געלט. פעטטער האָט אָבער האַנוסענס פאָרשלאַג נישט אָנגענומען, ער איז אַוועק צו אָסטן און אים געבעטן זיך צו באַפרייען פון האַנוסענס אָפּהענגיקייט. אָסט האָט געענטפערט: „נישט אַזוי ווערן די זאַכן ביי אונז דערליידיקט"! דאָן איז אָסט אַוועק צו גערינגן, העלדאָרפן און הימלערן. דעם 24־טן מערץ אין אָוונט איז האַנוסען אַרעסטירט געוואָרן נאָך פאַרן אַרויסטרעטן אין וואַריעטע־טעאַטער. דעם פובליקום האָט מען דערקלערט, אַז ער האָט באַקומען אַ נערוון־אַטאַק. דער „פעלקישער באַאָבאַכטער" האָט געמאָלדן, אַז האַנוסען איז געוואָרן אַרעסטירט, ווייל ער האָט זיך געוואָלט אַריינגנבענען אין דער נאַצי־פאַרטיי מיט דער הילף פון פאַלשע דאָקומענטן. אין דער אמתן האָט מען האַנוסענען אַוועקגעפירט אין אַן אָרט הינטער בערלין. אין צען טעג אַרום האָט מען זיין טויטן קערפער געפונען טיף אין וואַלד. זיין פנים איז געווען צעלעכערט דורך זעקס שאָסן און קוים צו דערקענען. ווידער איז אָפּגערוימט געוואָרן אַ מענטש,

וועלכער האָט געוווּסט אַלע סודות וועגן די העכערע שטורמיסטן-פירער.

**די באַרטאָלאמעאוס-נאַכט איז קעפּעניק.** אין אַ סך דייטשע שטעט האָבן די שטורמיסטן געניט פאַרווירקלעכט די „נאַכט פון לאַנגן מעסער", וועלכע זיי האָבן אָנגעזאָגט נאָך פאַר היטלערס קומען צו דער מאַכט. אין דער נאַכט פון 21 און 22 יוני האָט זיך אין דער בערלינער פאָרשטאָט קעפּעניק אָנגעהויבן מצד די שטורמיסטן אַן אכזריותדיקע מאָרד-טעטיקייט, וועלכע האָט געבושעוועט אַ סך טעג. ס'זענען געפאַלן אַ סך סאָציאַל-דעמאָקראַטישע, רייכסבאַנערישע און קאָמוניסטישע פונקציאָנערן.

דעם 21 יוני האָבן די שטורמיסטן דורכגעפירט צוויי רעוויזיעס אין דער וואוינונג פון סעקרעטאַר פון פראָפ. פאַריין שמאַוס. זיי האָבן דאָרט מכלומרשט געזוכט געווער. ביינאַכט זענען די שטורמיסטן געקומען אַ דריט מאָל, האָבן אַוועקגעשלעפט מיט זיך שמאַוסנס אַ שוואָגער, אַ קאָמוניסט, און דערנאָך האָבן זיי גענומען באַשיסן דאָס הויז. שמאַוסנס 22-יעריקער זון איז געווען אַ גייסטיק-קראַנקער. ווען ער האָט דערהערט די שיסעריי איז ער אַראָפּגעלאָפן פון בעט, געכאַפּט אין דער האַנט אַ רעוואָלווער און איז אַרויסגעלאָפן צו די שטורמיסטן. זיין מוטער האָט אים אַ דערשראָקענע נאָכגעשריגן: „שיס נישט!". נישט געקוקט דערויף, האָט ער יאָ געשאָסן און שווער פאַרוואונדעט צוויי שטורמיסטן.

דאָ האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די אמתע שחיטה: שמאַוסנס שוואָגער איז תיכף פאַרן הויז דערשאָסן געוואָרן. שמאַוסנס זון איז געוואָרן אַרעסטירט און פאַרפייניקט צום טויט. שמאַוסן אַליין האָבן די שטורמיסטן אויפגעהאָנגען

אין זיין אייגענער וואוינונג. די פרוי שמאוס איז באשול-
דיקט געווארן, אז זי האט צו איר זון געשריגן: „שיס יא!“
מ'האט איר אנגעטון אזעלכע שרעקלעכע עַנוּיִם קָשים, אז
זי איז אין עטלעכע טעג ארום געשטארבן.

אין דער קאלאניע, וואו שמאוס האט געוואוינט, און
אין גאַנץ קעפעניק, האט מען אין דער זעלבער נאכט אנ-
געהויבן ארויסצושלעפן „מארקסיסטן“ פון די בעטן, צווישן
זיי אויך — עטלעכע פירער פון די רייכסבאַנער: יאהאַנעס
שטעלינג, פאול פאן עססען און אסמאן.

וועגן דעם, ווי אזוי מ'האט געפייניקט די ארעסטירטע
אין דער מארד-קאַזארמע, דערציילט א ס. ד.-עדות:

„דער אויטא האט אונז געבראַכט אין קעפעניקער גע-
ריכטס-תפיסה. דער פלאַץ פאַרן געריכט איז פול געווען מיט
שטורמיסטן, וועלכע האבן זיך באַלד געוואַלט אויף אונז
וואַרפן. אבער דער שטורם-פירער האט א ברום געטון:
„האַלט, אויף דער גאַס שלאגט נישט!“ ווי נאר מיר זענען
אַריבערגעטרעטן די שוועל פון דער געביידע, האט זיך עס
אנגעהויבן. אויף די טרעפ ארויף האט מען אונז געטריבן
אין א לאַנגער רייע. אין א גרויסער קאַמער זענען צען
חברים געשטאַנען אויסגעדרייט מיטן פנים צו דער וואַנט.
די פאדלאגע און די ווענט זענען געווען באַשפריצט מיט
בלוט. אַן אלטע פרוי, ביי וועלכער ס'איז געריזלען בלוט פון
דער נאז און פון מויל און אויך די קליידער אירע זענען
געווען באַשפריצט מיט בלוט, האט געמוזט וואשן די פאד-
לאגע. א שטורמיסט האט מיך געפרעגט: „דו קענסט די
דאזיקע זונה?“ איך האב מיך גענויער צוגעקוקט און דער-
קענט מיין פרויס מוטער.

„איצט האט דער שטורמיסט לאזוע באַפוילן דעם חבר

קייזער, אַז ער זאָל מיט דער פּויסט שלאָגן אין פּנים אַריין אַ צווייטן חבר. ווען קייזער האָט זיך געוואַקלט דאָס צו טון, האָט ער פון לאַהוזען באַקומען אַזאַ שטאַרקן זעץ מיט דער פּויסט אין פּנים אַריין, אַז ער איז מיטן קאָפּ צוגעפאַלן צו דער וואַנט. דערנאָך האָט מען די חברים געצוואונגען מיט קלעפּ, אַז זיי זאָלן זיך איינער דעם אַנדערן שלאָגן אַזוי לאַנג, ביז זיי זענען בלוטיק צעשלאָגן געוואָרן. לאַהוס האָט מיך מקבל פּנים געווען מיט אַזעלכע ווערטער: „ענדלעך האָבן מיר דיך געפּאַקט, דו מאַרקסיסטישער חזיר". דאָס זאָגנדיק, האָט ער מיך געשלאָגן אין געזיכט אַריין און די חברותא האָט אים דערין צוגעהאָלפן. ביי אַלעמען האָט מען אָפּגעשוירן די האָר און די בערד, ביי מיר האָט מען אויסגעשניטן אַ האַקנקרייץ.

„ביי אַ קאָמוניסט האָט מען בכיון מיט דער שער איינגעשניטן די נאָז. דערביי האָט דער שטורמיסטן-פירער אַ זאָג געטון: „ס'מאַכט נישט אויס, וואָס מען שניידט מיט דאָס פלייש, מיר האָבן באַנדאַזשן". נאָכדעם האָבן מיר אַ מאָל צען געמוזט לויפן דורך דער בראַנד פון צוויי רייען שטורמיסטן, וועלכע זענען געווען באַוואָפנט מיט שטעקנס און דרענגער. עטלעכע עלטערע מאַן זענען דערביי אַנידערגעפאַלן. דערווייל האָט מען ביי אַ געוואַלדיקער, פריילעכער קוויטשעריי אַרויסגעשלעפּט פון דער ריי דעם 55־יעריקן חבר כּאַול פאָן עססען. ער איז אַ לענגערע צייט געווען אַרבעטסלאָז, איז נאָר וואָס געהאַט אַרויסגעקומען פון שפּיטאָל און געווען בלינד אויף אַן אויג. ער איז געווען אַ פאָטער פון פיר קינדער און האָט אָנטיילגענומען אין דער וועלט-מלחמה. לכתּחילה האָט מען אים געשלאָגן אין געזיכט, דערנאָך האָט מען אים אַראָפּגעריסן די הויזן און מיט ווילדער



„איבונגען“ אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אָראַניענבורג. די געפאַנגענע מוזן שטיין שעהן־
לאַנג מיט אויפגעהויבענע הענט.

רציחה גענומען קלאַפּן מיט שטעקנס און ריטער אויפן הויפן
לייב ביז ער האָט פאַרלוירן דאָס באַוואוסטזיין. דאַן האָט אַ
שטורמיסטן-פירער דערקלערט: „גוט אַזוי, אַ חזיר האָט גע-
פגרט!" פון די שרעקלעכע קלעפּ, וואָס זיינע פייניקער האָבן
אים געגעבן, איז חבר עססען געשטאָרבן.

„די געפאַנגענע, וועלכע האָבן זיך נאָך געקאָנט האַלטן
אויף די פיס, האָבן אויף לאָהוזעס באַפעל געמוזט שעהן-לאַנג
באָקסן זיך איינער מיטן אַנדערן. מיך האָט מען געהייסן זיך
באָקסן מיט אַ מאַן, וועלכן איך האָב נישט געקאָנט דער-
קענען, ווייל זיין געזיכט האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ גע-
שוואָלענע, בלוטיקע מאַסע. נאָכדעם האָט מען אונז יעדן
באַזונדער געשלאָגן אין דער צעלע. אויף דאָרטן האָבן זיך
מיט אַ שעהן-לאַנגער רעגלמעסיקייט איבערגעחזרט די פיי-
ניקונגען. דערנאָך האָט מען מיך פאָרגעשטעלט פאַרן שטור-
מיסטן-פירער געריקע. געפינענדיק זיך אין אַ פאַרלעגנהייט,
האָב איך געלייקנט, אַז איך בין אַ מאַרקסיסט. געריקע האָט
אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז דערווייל זאָל מען מיך נישט
שלאָגן, אָבער טאָמער האָב איך געזאָגט אַ ליגן, וועט מען
מיך דערשיסן.

„אין אַ קורצער צייט דערנאָך האָט זיך געגעבן אַ
פראַל-אויף די טיר פון מיין צעלע און ס'זענען אריינגעפאַלן
דער קעפּעניקער שטורמיסטן-פירער קאָבאָלד מיט עטלעכע
שטורמיסטן. ער האָט מיך גענומען שלאָגן און דערביי גע-
שריגן: „היינט וועט מען דיך פטרן, דו לומפּ איינער!"

„דערנאָך האָט מען מיך מיט געוואַלד צוגעשלעפּט צו
דער צעלע פון מיין פרויס מוטער; צוויי שטורמיסטן האָבן
מיך פעסט צוגעהאַלטן און קאָבאָלד מיט אַנדערע אויסוואורפן
האָבן זי געשלאָגן מיט שטעקנס, ביז זי איז אַנידערגעפאַלן

אויף דר׳ערד. זי איז אַראָפּ פון זינען און געפינט זיך איצט אין אַ הייל־אַנשטאַלט. איך האָב אויך געזען, מיט מ׳האָט מוראדיק געשלאָגן די צוויי ברידער האַשע, וועלכע איך האָב געקענט.

„די דאָזיקע פייניקונגען האָבן געדויערט אַ גאַנצן טאָג. אַרום 4 אַזייגער בייטאָג האָט מען מיך אַרויסגעפירט פון דער צעלע און געהייסן גיין אַהיים. דער שטורמיסטן-פירער קאָבאָלד און דריי נאַצי־יונגען זענען געפאָרן פאָרויס אויף אַ מאָטאָציקל. איינער פון די שטורמיסטן, וועלכער האָט אויף מיר רחמנות געהאַט, האָט מיר איינגערוימט אין אויער, אַז מען גייט מיך דערמאָרדן. איך האָב געדאַרפט דורכגיין דורך אַ וואַלד, דאָרט איז מיר געלונגען צו אַנטרינען פון די רוצחים.״

דער דאָזיקער עדות האָט צווישן די אַרעסטירטע נישט דערקענט שטעלינגן, ווייל די פּנימער פון די געפאַנגענע זענען געווען פולשטענדיק צעקאַליעטשעט. אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען פון פינאָוו-קאַנאַל אַרויסגעשלעפּט שטעלינגס טויטן קערפּער. דער קערפּער איז געווען איינגענייט אין אַ זאַק און באַדעקט מיט אַ סך וואונדן. אין דער זעלבער צייט האָט מען אויך געפונען צוויי אַנדערע טויטע קערפּער. נאָך אַנדערע עלף מאַן זענען אינגאַנצן פאַרפאַלן געוואָרן. דעם 12 יולי האָט מען זיך דערוואוסט, אַז מ׳האָט אויך געפונען אַסמאַנס טויטן קערפּער.

די שטורמיסטן־אָנפירונג האָט די דאָזיקע „נאַכט פון לאַנגן מעסער״ באַוואוסטזיניק אָרגאַניזירט, כדי מיט דער הילף פון דער אומגעצוימטער פרייהייט צו מאָרדן אָפּצולענקען אַזוי אַרום די שטייגנדיקע אומצופרידנקייט פון די שטורמיסטן, וועלכע האָבן אין יענער צייט זיך געריסן צו

„אַ צווייטער רעוואָלוציע“, וואָס האָט געדאַרפט פאַרווירקלעכן די „סאָציאַליסטישע“ פאָדערונגען פון דער נאַצי-פּאַרטיי. און גראָד אין דער צייט, ווען היטלער האָט זיך אָפן געשטעלט אין קאַמף צו פאַרטיידיקן די פאָדערונגען פון די גרויסקאַפּיטאַליסטישע קרייזן, גראָד אין דער צייט איז געשטיגן אין גאַנץ דייטשלאַנד די צאָל פון די מאָרדן!

## רשימה פון די מאָרדן אין „דריטן רייך“

(ביז דעם 29-טן יולי 1933)

„מיין פאָטער איז טויט. מיין מוטער איז אַראָפּ פון זינען. איך אַליין בין אויך נישט גאַנץ ביים זינען.“

(פון אַ בריוו, וועלכן ס׳האָט געשריבן די טאָכטער פון אַ דערמאָרדעטן אין דייטשלאַנד.)

די רשימה פון די היטלעריסטישע מאָרד-קרבנות איז מוראדיק גרויס. מיר וועלן דאָ אויסרעכענען בלויז די שוידערלעכסטע מאָרד-פאַלן. ביזן 29 יולי 1933 זענען באַקאַנט געוואָרן 500 מאָרד-טאַטן פון די היטלעריסטישע רוצחים. און וויפל מאָרדן זענען דערוויילע פאַרהוילן פאַר דער עפנטלעכקייט! צווישן דער לאַנגער רשימה פון די מאָרד-טאַטן ברענגען מיר פאָלגנדיקע פאַקטן און נעמען:

אין קוויקבאָרן איז דערשאָסן געוואָרן דער אַרבעטער וואַרניקע. צו דער פרוי פון דערמאָרדעטן האָבן די נאַציס אָנגעשריבן אַזאַ בריוו: „ס׳מאַכט גאָרנישט אויס, וואָס אייער מאַן איז דערמאָרדעט געוואָרן... ס׳וועט נישט לאַנג דויי

ערן, ווי איר מיט אייער זון וועט אויך ליגן אויפן טויטן־בעט..." דער זון איז אַכט יאָר אַלט.

די זיבעציק־יעריקע פרוי ביקס, וועלכע האָט געהאַלטן אַ קינד אויף דער האַנט, איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך שטורמיסן ביי דער טיר פון איר וואוינונג.

אַלפרעד פעטצלאָף, אַ קאָמוניסטישער אַרבעטער, איז פאַרשלעפּט געוואָרן פון דער וואוינונג, דערנאָך האָט מען אים געפונען אַ פולשטענדיק צעשניטענעם.

פאַול קראַנץ, אַ יוגנטלעכער. די שטורמיסטן האָבן פון אים געפאָדערט, אַז ער זאָל אויסזאָגן, וואו זיין פאָטער געפינט זיך. קראַנץ האָט זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טון. האָט מען אים דאַן גענומען מוראדיק שלאָגן, ביז ער איז אַוועק־געפאַלן אַ באַוואוסטלאָזער. מ'האָט אים ווידער געבראַנגט צום באַוואוסטזיין און אויפסניי גענומען פייניקן. און ווען ער האָט אויך דאַן נישט געוואָלט פאַרראַטן דעם אייגענעם פאָטער, האָט מען אים אַוועקגעשטעלט נעבן דער וואַנט און דערשאָסן. דער מערדער איז געווען דער נאַצי־יונג מאָלץ.

הערבערט פאַנגעריטץ, אַן אַרבעטער, געפייניקט און באַלד נאָכן ברענגען אין שפּיטאָל – געשטאָרבן. די סעקציע פון טויטן קערפּער האָט פעסטגעשטעלט, אַז די אורין־בלאָז איז געפּלאַצט פון טרעטן מיט די פיס און דער שאַרבן איז געווען צעבראָכן אויף שטיקלעך.

עריך פערל, אַ יוגנטלעכער אַרבעטער, 17 יאָר אַלט. מ'האָט אים געפירט צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע געפאַנגענע דורך אַ שפּאַליער פון שטורמיסטן, וועלכע האָבן געשלאָגן מיט גומי־שטעקנס. די לעצטע אין דער ריי האָט מען נאָכ־געשאָסן. עריך פערל האָט באַקומען 5 שאָסן און איז צו־מאָרגנס געשטאָרבן אין שפּיטאָל.

– א ס. ד. אַרבעטער, וועלכער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו האַלטן אַ רעדע אין פֿאַשיסטישן גייסט, איז דורך די שטורמיסטן אָראָפּגעשליידערט געוואָרן פֿון דריטן שטאָק אויף דער גאַס אַרויס.

דעם קעניגסבערגער סוחר, נוימאַן, האָט מען שרעקלעך געפּייניקט, זיינע וואונדן האָט מען באַשאָטן מיט זאַלץ און פּעפּער. נאָכדעם ווי מ'האָט אים באַפרייט, האָבן אים די קרובים איבערגעפירט אין שפּיטאָל, וואו ער איז באַלד געשטאָרבן.

דער דאָקטאָר פּיליפּסטאָל פֿון בערלין איז מוראדיק געפּייניקט געוואָרן אין אַ שטורמיסטן-קאַזאַרמע, נאָכדעם האָט מען אים אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל. עטלעכע שעה פֿאַרן טויט האָט מען אים איבערגעפירט אין פּראָזעקטאָריום (הגם ער האָט נאָך געלעבט), כדי דער פֿאַקט זאָל נישט אַרויסרופן קיין גרויסן אויפזען אין שפּיטאָל.

אַלפרעד עלקער, אַ קריסט. די נאַציס האָבן אים דערהרגעט, מיינענדיק, אַז ער איז אַ ייד. אין די „לייפּציקער נייעסטע נאַכריכטן" איז אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דאָזיקן מאָרד דערשינען דער פֿאָלגנדער כאַראַקטעריסטישער נעקראָלאָג:

אַלפרעד עלקער

יעבוירן דעם 26-טן סעפּטעמבער 1886.
געשטאָרבן דעם 19-טן אַפּריל 19.33

מיין מאַן איז געוואָרן פֿון מיר אַוועקגעריסן צוליב אַ מיספאַרשטענדעניש.

מאַרטאַ לאָטע עלקער

קאַמינסקי פון דאָרטמונד, אַ מיטגליד פון קאַמפּסבונד קעגן פאַשיזם, איז מוראדיק געפּייניקט געוואָרן אין דער שטורמיסטן־קאַזאַרמע. זיינע ווײ־געשרייען האָט מען געהערט ווײַט. ס'איז פאַרבאָטן געוואָרן צו דרוקן אַ נעקראָלאָג וועגן זיין טויט. צו דער קבורה האָט מען צוגעלאָזט בלויז די נאָנטסטע קרובים. אין עטלעכע טעג אַרום איז אין דאָרטמונד דערשינען אַן אומלעגאַלע צייטונג „דער קעמפּער", אין וועלכער די דאָרטמונדער אַרבעטערשאַפט האָט אָנגערופן דעם נאָמען פון קאַמינסקיס מערדער. דאָס איז דער דאָרטמונדער פּאָליציי־שעף.

מענדל האַבער, אַ סוחר. זיין טויטן קערפּער האָט מען אַרויסגעצויגן פון קאַנאַל ביי קאַסטראָפּ־ראָסעל. דער קאָפּ האָט געהאַט אַ סך שאָס־וואונדן.

פראַנץ לערבורגער, 29 יאָר אַלט. פאַרפּייניקט צום טויט אין דאַכאַוער קאָנצענטראַציע־לאַגער. די עלטערן האָבן באַקומען דעם ארון מיטן טויטן קערפּער, אָבער דערביי איז זיי אונטער אַ שטרענגער דראָאונג אָנגעזאָגט געוואָרן, אַז זיי זאָלן נישט וואַגן דעם ארון צו עפענען.

מאַקס מאַרגאָלינער, אַ יידישער סוחר פון ברעסלוי. אים האָט מען געפּייניקט אין ברעסלויער ברוינעם הויז. ווען ער איז שוין געלעגן אָן באַוואוסטזיין, האָבן די בעסטיעס אים אַריינגעדרייט אין הינטערשטן טייל פון קער[illegible] אַ לאַנגע ספּיראַל־פּעדער... אין שפּיטאָל האָט [illegible] אָכן צייט געמוזט ליגן אין וואַסער, ווייל ער האָט נישט געקאָנט נישט זיצן און נישט ליגן. נאָכן אָפּמאַטערן זיך צוויי חדשים צייט איז ער געשטאָרבן אין שרעקלעכע יסורים.

דעם ערשטן אויגוסט זענען אין אַלטאָנאַ געקעפּט געוואָרן די פיר אַרבעטער ליטגענס, טעש, וואָלף און מעללער.

די דאָזיקע מאָרדן הערן נאָך אַלץ נישט אויף. זייער צאָל וואַקסט. די היטלערישע בעסטיע איז נאָך נישט זאַט געוואָרן. די גרעסטע צאָל פון די קרבנות זענען פאַרפּייניקט געוואָרן צום טויט. אין דער דאָזיקער מאָרד־רשימה געפינען מיר די נעמען פון ניינציק פּראָצענט אַרבעטער און אַרבעטער־טוער.

קאַפּיטל XI

## די וועלט לאָזט זיך נישט אָפּנאַרן.

דער אָפּקלאַנג, וואָס די דייטשע געשעענישן האָבן אין אויסלאַנד, באַווייזט, אַז די פּערצוויפּלסטע מאַנעוורן פון דער היטלער־רעגירונג האָבן נישט געקאָנט שטערן דעם אמת דורכצובּרעכן זיך אַ וועג. אין איר איבּערוויגנדער מערהייט האָט די אויסלענדישע פּרעסע באַשולדיקט די נאַצי־לייט אין אונטערצינדן דעם רייכסטאַג. נישט געקוקט אויף די הכחשות פון דער היטלער־רעגירונג, האָבן די צייטונגען כסדר געבּרענגט די ידיעות וועגן דעם בלוטיקן טעראָר און די יידן־רדיפות. און נישט בלויז די אויסלענדישע פּרעסע, נאָר אויך די אַנגעזעענסטע שריפטשטעלער פון דער בירגער־לעכער וועלט, ווי אויך ווירטשאַפטס־לייט, דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן האָבן אויפגעהויבן זייערע שטימען, כדי צו פּראָ־טעסטירן קעגן היטלער־טעראָר. אין אַ סך לענדער באַטייליקן זיי זיך אויך אין דער אַרבעט פון העלפן די קרבנות פון היטלער־פאַשיזם.

צווישן אַנדערע האָבן אויך פּראָטעסטירט די פאָלגנדע באַקאַנטע שרייבער און פּערזענלעכקייטן.

דער דענישער שרייבער מאַרטין אַנדערסען-נעקסע שרייבט:

## דער דייטשער פאַשיזם.

„ווען ס'איז איבערצייגט, אַז די צוקונפט פון מערב-אייראָפּע וועט דעצידירט ווערן אין דייטשלאַנד, דער מוז שמערצלעך אויפנעמען די אַנטוויקלונג פון די דייטשע געשעענישן. אָבער זיי קאָנען נישט זיין פאַר אים אינגאַנצן איבערראַשנד. איז דאָך דאָס אַלץ, וואָס מיר זעען היינט אַזוי בולט, שוין גענוג קלאָר געוועזן נאָך פאַר דער מלחמה. די יידן-רדיפות, דער שרעקלעכער האַס פון די מאַכט-אָרגאַנען צו די ברייטע פאָלקסמאַסן און זייערע פאָדערונגען מכח אַ מענטשלעכער עקזיסטענץ, די גרויזאַמקייט אין די מעטאָדן פון באַקעמפן און פאַרניכטן די דאָזיקע מענטשלעכע פאָדערונגען — אָט דאָס אַלץ איז שוין געוועזן! אויך ערגעץ אַנדערש האָט געהערשט די רעאַקציע אין אַ גרויסער מאָס. אָבער דאָס פּרייסישע יונקער-לאַנד איז געוועזן אַ דירעקטער עיר-מקלט פאַר דער וועלט-רעאַקציע. דאָ, אויף דעם דאָזיקן באָדן פון דריי הונדערט און פופציק טויזנט דורך דער מלוכה פאַרניכטעטע פרייע פויערישע ווירטשאַפטן, זענען געזעסן — און זיצן נאָך ביז היינט-צו-טאָג — די יונקערס, וועלכע זענען געוועזן דער רוקן-ביין פון דער ווילהעלמישער מאָנאַרכיע. אָט פון דעם דאָזיקן איז אַנטשטאַנען דאָס ווילדע געוויקס, זייענדיק צוגעוווינט שוין פון קינדווייז אָן צום טאָגטעגלעכן אָנבליק פון דער אומענטשלעכער באַהאַנדלונג פון די לאַנד אַרבעטער, ווערנדיק נאָך שטאַרקער פאַרוויל..עט דורך דעם סטודענטישן לעבן, דורך דעם מיליטערישן גייסט, דורך שכרות און פאַראַכטונג צו דער ציווילער באַפעלקערונג, האָבן זיי זיך

„אַרויסגעוויזן פאַר טיכטיק" אין פירן דועלן און האָבן צו־געשטעלט דער רעגירונג פון אַ גרויס, פלייסיק און געטריי פאָלק דעם קאָנטינגענט פון אָפיצירן, העכערע באַאַמטע, און שפּעטער — אויך העכערע פּאָליציי-פונקציאָנאַרן, וועלכע האָבן כּוֹן די קוואַליפיצירטסטע זין פון די לאַנד-אַרבעטער אויסמושטרירט דעם „שוצמאַן".

און פונקט ווי יעדעס פאָלק, ווען מען לעבט דערמיט צוזאַמען אַ לענגערע צייט, מוז מען אויך ליב קריגן דאָס דייטשע פאָלק: צוליב זיין אַרבעטסזאַמקייט, צוליב זיין גרייטקייט צו הילף און זיין פּסיכיק; אָבער אין וו להעל־מישן דייטשלאַנד האָט מען זיך קיינמאָל גוט נישט געפילט. שטענדיק האָט יעדן איינעם באַגלייט דאָס נישט זיכערע געפיל פון אומזיכערע, אומהיימלעכע קרעפטן, וועלכע פאַר־פאָלגן אימיצן און פאַר וועמענס ברוטאַליטעט עס עקזיסטירן נישט קיין שום גייסטיקע און מענטשלעכע ווערטן. דייטש־לאַנד האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ מכלומרשט זאָרג־פעלטיק קולטיווירטן באָדן, אויף וועלכן עס קאָנען זיך צו יעדער צייט ווידער אַריינרייסן ווילדע חיות און אַלץ פאַר־ניכטן און צוטרעטן.

די ברייטע מאַסן האָבן לחלוטין נישט פאַרמאָגט די פעיקייט זיך צו באַפרייען פון דעם הערשער-גייסט, וועלכער ברענגט מיט זיך אין רעזולטאַט אַ שקלאַפן-גייסט. אַפילו אין דער דייטשער אַרבעטער-באַוועגונג גופא — די „גרעסטע אויף דער וועלט" און במשך פון אַ לאַנגע צייט די מאַס־געבנדסטע — האָט געהערשט מער מיליטערישער גייסט ווי אייגענע מענטשלעכע באַהויכטונג. דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז נישט געלונגען צו דערוועקן ביים פּראָלעטאַריער זיין זעלבסטבאַוואוסטזיין. אין די פּראָפ. פאַריינען און אין די

פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס מיט זייערע ציווילע אונטעראָפּיצירן און פעלדפעבעלס, מיט זייערע אימפּעריאַליסטיש־געשטימטע פירער, האָט זיך אומבאַדינגט געמוזט אומקערן צוריק די סטרוקטור פון דעם ווילהעלמישן רעזשים. אין דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט געשווינדלט און געגריבלט פון קאַפּיטאַליסטישן ווילד־גראָז, ווי: אימפּעריאַליזם, אַנטיסעמי־טיזם, אינדיווידואַליזם און ביוראָקראַטיע. די מאַסע איז געווען מער דרעסירט און ווייניקער פעיק צום זעלבסטשטענדיקן דענקען. עס האָט זיך אויסגעבילדעט צוליב דעם אין דער מאַסע אַן אָפּהענגיקייט, אַ טיילווייזע פּחדנות און בכלל נענומען האָט געפעלט באַגייסטערונג. יעדער קולטור־קאַמף באַדייט — מענטשלעכע באַפרייאונג אויף וועלכן ס'איז באַשטימטן געגעבן. אין דער הייניקער צייט עקזיסטירט נאָר איין מין קולטור־קאַמף: דאָס איז די באַפרייאונג פון פּראָלעטאַריאַט פון דער ווירטשאַפטלעכער, קאָלאָניאַלער און ראַסן־פאַרמיקער טיראַניע. יעדע אונטערדריקונג גייט האַנט ביי האַנט מיט דער שנאה צו דער מענטשלעכער קולטור, צו דער נשמה און מענטשלעכקייט. פון אונטער דער מאַסקע פון יעדן אונטערדריקער קוקט אַרויס די ב ע ס ט י ע!

דער פאַשיזם איז דער קאַפּיטאַליזם אינם מאָמענט, ווען ער דעמאַסקירט זיך אַלס בעסטיע. אונזער הייניקער קאַמף איז ווי יעדער קולטור־קאַמף, דער קאַמף פ אַ ר דעם מענטש און ק ע ג ן דער בעסטיע. ווער עס צווייפלט נאָך אין דעם, זאָל אַ קוק טון אויפן הייניקן דייטשלאַנד.

אַן אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע שפּילט זיך אין פּאַציפיזם און הומאַניזם און מאַלפּעוועט נאָך די בירגערלעכע באַראַל איז נישט פעיק צו פירן דעם דאָזיקן קאַמף. ווער

עס וויל גיין אין דער מלחמה, מוז קאָנען פולווער שמעקן און זיין נאָך דערצו גענוג פאַרהאַרטעוועט.

מיר האָבן נישט גענוג סיף געאַקערט. אין דער מאַסע שטעקן נאָך די וואָרצלען פון דער פאַרגאַנגענהייט. אַמיינסטן קאָן דאָס געזאָגט ווערן וועגן דייטשלאַנד. מיר מוזן אָנהויבן פונדאָסניי און דעם באָדן נאָכאַמאָל אויפאַקערן. לאָמיר עס מאַכן, ווי אין סאָוויעט-רוסלאַנד, לאָמיר אויפסניי אָנהויבן מיט באַטאַליאָנען פון טראַקטאָרן.

מאַרטין אַנדערסען-נעקסע.

דער פראַנצויזישער שריפטשטעלער אַנרי באַרביס:

## די גרעסטע טראַגיקאָמעדיע פון אונזער צייט.

דאָס דאָזיקע בוך איז אַ דענקמאָל פון פאַקטן און דאָקומענטן. אויב עס איז גלייכצייטיק אַ שרעקלעכער באַשולדיקונגס-אַקט, איז עס דערפאַר, ווייל די פאַקטן אַליין שרייען אַרויס די באַשולדיקונג.

וואו האַלטן מיר היינט?

אונזער צוואַנציקסטער יאָרהונדערט האָט פון די פריערדיקע עפּאָכעס גע‏ירשנט אַ פּראָדוקציע-קראַפט. אַ ציוויליזאַציע און אַ קולטור, וועלכע וואָלט געקאָנט פולשטענדיק באַפרידיקן אַלע מענטשלעכע וווּנס. אויב עס איז פאַראַן אַ מאָמענט אין דער מענטשלעכער געשיכטע, אין וועלכן עס זאָל קאָנען פאַרווירקלעכט ווערן דאָס אַלטע מעשהלע וועגן אַ גאָלדענער צייט, איז עס די היינטיקע צייט, די צייט, אין וועלכער דער מענטשלעכער גייסט האָט נאָך אַ טויזנטיעריקן קאַמף דעראָבערט אַזויפיל כלי-זין צו באַהערשן די נאַטור-קרעפטן, אַזוי פיל פאַרבינדונגס-מיטלען און פאַרשטענדיקונגס-מיטלען. אָבער וואָס זעען מיר אין דער ווירקלעכ-

קייט! אַז די דאָזיקע שטאַרק-גערימטע ציוויליזאַציע מאַכט אַלע אָנשטרענגונגען, כדי צו דערפירן די מענטשהייט צום אונטערגאַנג. אַ גאָלדענע צייט! בשום אופן נישט; אַ צייט פון גאָלד, פון אייזן און פון בלוט. נאָך דער מלחמה האָבן זיך, פונקט ווי בעת דער מלחמה, געוואַלדיק פאַר-שפרייט דער מענטשלעכער עלנד און די מענטשלעכע ליידן. איבעראַל הערשט אומגערעכטיקייט, אונטערדריקונג, גרויזאַמ-קייט; אין די קאָלאָניעס, אויפן ווייטן מזרח, אין צפון-און דרום-אַמעריקאַ, אין איטאַליען, אין אונגאַרן, אויפן באַלקאַן. און איצט האָט זיך דייטשלאַנד אומגעקערט צו די צייטן פון פולשטענדיקן באַרבאַריזם און די אַכזריות שטייגט אי-בער אַלץ, וואָס איז ביז איצט פאָרגעקומען.

פון דעם גאַנצן עלנד און נויט, וועלכע עס ליידן היינט די מענטשן פון אונזער עפּאָכע, פאַרוואונדן אַמ-שטאַרקסטן אונזער האַרץ און נשמה די לעצטע געשעענישן אין דייטשלאַנד. דאָס גרויסע פאָלק, וועלכעס מיר האָבן ליב באַקומען נישט נאָר צוליב זיינע פילאָזאָפישע און קינסטלע-רישע גאונים, צוליב די מייסטערווערק, וועלכע האָבן דער וועלט ליכט געבראַכט, דאָס פאָלק, וועמענס טאַלענט צו סיסטעמאַטיק און אָרגאַניזאַציע מיר פלעגן באַוואונדערן — אָט דאָס דאָזיקע פאָלק איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַרמיי פון שקלאַפן, אין וועלכער יעדער קאָפּ, וואָס וואַגט זיך אויפצוהייבן, ווערט צעשמעטערט. די באַקאַנטע פעיקייט פון די דייטשן איינצושפאַנען דעם יחיד אין דעם כלל, דער טאַלענט צו האַרמאָניזירן די כוחות, דער אינסטינקטיווער סאָציאַלער גייסט, וועלכער איז איינע פון די נאַציאָנאַ-לע טוגענדן פון דעם דאָזיקן פאָלק — דאָס אַלץ איז גע-וואָרן געמיסבריוכט, כדי צו שאַפן אַן אַנטי-סאָציאַל ווערק,

אַ ווערק פון פאַרפאָלגונג און פאַרניכטונג. די היינטיקע באַלעבאַטים פון דעם גרויסן דייטשלאַנד האָבן פאַרכאַפּט די מאַכט נאָר אין זייערע אייגענע אינטערעסן און זיי זענען די גרעסטע שונאים פון זייער אייגן פאָלק.

דאָס גאַנצע פאָלק איז דערין איבערצייגט און דאָסזעלבע האָב איך דאָ נישט לאַנג דערקלערט אין דער דייטשער באָטשאַפט, קומענדיק אַהין בראש פון אַ דעלעגאַציע, וועלכע איז באַשטאַנען פון פאָרשטייער פון פאַרשידענע ריכטונגען – אַז די אָפיציעלע לעגענדע וועגן דער רייכסטאַג-שרפה, דער דאָזיקער פּאָמפּעזער מאַנעוור פון באַרעכטיקן אַלע פאַרברעכנס פון נעכטן, דער דאָזיקער פינצטערער פראָלאָג פון אַלע היינטיקע און מאָרגנדיקע פאַרברעכנס, וועלכע זענען אין דעם דאָזיקן בוך אַזוי מייסטערהאַפט באַוויזן געוואָרן, איז באַוואוסטזיניק און פון פאָרויס געשטיצט געוואָרן אויף אַ ווילדן משוגעת.

אין זיין בוך „מיין קאַמף" האָט היטלער דערקלערט, אַז „פירן די מאַסן קאָן מען נאָר דאַמאָלס, ווען מען נאַרט זיי אָפּ." ס'איז טאַקע ריכטיק: דורך אָפּנאַרן זיי, קאָן מען די מאַסן פאַרפירן, אָבער ווי לאַנג קאָן מען זיי אָפּנאַרן? גראָד איצט, אין דעם מאָמענט, ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות, און ווען דער גרעסטער טייל פון דאָזיקן בוך געפינט זיך שוין אין דרוק, פאַלט מיין בליק אויף זייער אַן אויספירלעכער ידיעה, אויף אַ ניי געשעעניש, וואָס בלויז דאָס אַליין איז שוין אימשטאַנד צו עפענען די אויגן ביי יעדן איינעם, וועלכער איז נאָך נישט בלינד און וויל פון זיין קורצזיכטיקייט נישט מאַכן קיין געברויך, כדי ער זאָל זען די טאַקטיק פון די היטלערס, גערינגס און געבבעלס'.

עס האַנדלט זיך וועגן אַן אָפּערע מיט פליענדיקע

אעראָפּלאַנען, וועגן אַ נאַרישער אָבער דראָענדיקער דערמאָנונג. דעם 23־טן יוני האָט זיך אין די דייטשע צייטונגען באַוויזן אַ ידיעה, אַז איבער בערלין זענען געפלויגן פרעמדע אעראָפּלאַנען, וועלכע האָבן אַראָפּגעוואָרפן פּראָקלאַמאַציעס מיט אַן אַנטי־היטלעריסטישן אינהאַלט.

ווען די אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן האָבן זיך באַלד נאָכדעם געווענדעט מיט אַן אָנפראַגע אין דער אעראָפּלאַנען־סטאַציע בערלין־טעמפּעלהאָף, צי מען ווייסט דאָרט וועגן דער דאָזיקער ידיעה, האָט מען געענטפערט, אַז מען ווייסט נישט פון קיין שום זאַך. אויך די לופט־פּאָליציי האָט פון קיין שום זאַך נישט אָנגעהויבן צו וויסן, הגם אין דער ידיעה איז געווען געשריבן, אַז „די לופט־פּאָליציי האָט נישט נאָכגעיאָגט די געהיימניספולע אעראָפּלאַנען, ווייל זי האָט נישט געהאַט אין איר רשות קיין אַעראָפּלאַנען". קיינער פון די אַלע, וועלכע האָבן צו טון מיטן לופט־פלי־וועזן, האָט נישט אָנגעהויבן צו וויסן פון קיין שום „לופט־אָנגריף".

ס'איז איבעריק צוצוגעבן, אַז קיינער האָט די דאָזיקע אומגעוויינלעכע אַעראָפּלאַנען נישט אָנגעזען פאַר די אויגן. נישט־קוקנדיק אָבער דערויף, האָט די גאַנצע דייטשע פּרעסע פאַרעפנטלעכט די דאָזיקע ידיעה און אומעטום צוגעגעבן פּמעט איין און דעמזעלבן קאָמענטאַר. ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט די איינהייטלעכקייט פון קאָמענטאַר געשטאַמט דערפון, וואָס די צייטונגען האָבן באַקומען אַ באַפעל אָפּצודרוקן די דאָזיקע ידיעה אויף דער ערשטער זייט צוזאַמען מיט אַ בייגעלייגטן „מוסטער־קאָמענטאַר".

דער דאָזיקער קאָמענטאַר האָט אונטערגעשטראָכן דעם פאַקט, וואָס דייטשלאַנד געפינט זיך היינט צו טאָג אין אַ שווערער סיטואַציע, אין שייכות מיטן מאַנגל פון אַ לופט־

פלאָט. און מאַכנדיק דעם ווייטערדיקן אויספיר גיט דער קאָ־מענטאַר צו: „היינט זענען עס בלויז פּראָקלאַמאַציעס, וועל־כע אויסלענדישע אַעראָפּלאַנען וואַרפן אַראָפּ, מאָרגן אָבער קאָנען עס זיין באָמבעס, וועלכע ברענגען טויט און פאַרניכ־טונג. דעריבער איז נויטיק צו פרעגן: וואָס האָט בדעה צו טון דאָס מיניסטעריום פאַר לופט־פלי־וועזן?"

אַזוי אַרום האָט שוין די גאַנצע דייטשע פּרעסע גע־שריגן אין איין קול און געפאָדערט צו באַוואָפענען דאָס לופט־פלי־וועזן.

אין דער אמתן איז די גאַנצע געשיכטע אויסגעזויגן פון פינגער. דער דאָזיקער שווינדל איז געמאַכט געוואָרן צו אַ באַשטימטן צוועק, כדי אַריינצוברענגען דאָס דייטשע פאָלק אין יענעם צושטאַנד פון דענערווירונג, ווי דאָס איז געשען נאָך יענעם לעגענדאַרן פלי איבער נירענבערג, דעם 28 יולי 1914, דער ציל איז די באַוואָפענונג, די מלחמה. מיט דער הילף פון אַזעלכע טריקן לענקט מען די אויפמערקזאַמקייט פון דער עפנטלעכער מיינונג אויף די דאָזיקע זאַכן און מען דערגרייכט די פּאַניק, אין וועלכער מען נויטיקט זיך.

פאַר אַלע געזונט־דענקענדיקע און אָנשטענדיקע מענטשן פון אַלע לענדער איז פאַראַן נאָר איין ענטפער:

דער קאַמף קעגן דער מלחמה־געפאַר און דעם פאַ־שיזם מוז געפירט ווערן מיט אַ גרעסערער פאַרביטערונג און ענערגיע, ווי ווען עס איז. דער דאָזיקער קאַמף דאַרף גע־פירט ווערן צוזאַמען מיט די אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט. דער רוף פון אמת און צאָרן דאַרף הויך קלינגען און מאַניפעסטירט ווערן פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

אָנרי באַרביס.



גרעטאַ מעסינג, אַן אַרבעטער־פרוי, דערשאָסן אויף דער גאַס
דורך אַ שטורמיסט.



היינץ בעסלער, דערשאָסן „בעת אַ פרווו צו אַנטלויפן" (מ'זעט
בולט די שאָסן אויפן פנים)

# קעגן דעם אימפעריאליסטישן נאציאנאליזם אין אייגענעם לאנד.

אָן שום ספק איז זער גוט, ווען מען קאָן ווי־דער צו זיך זאָגן, אַז דאָס היטלערישע דייטשלאַנד איז נישט דאָס גאַנצע דייטשלאַנד, נישט געקוקט אויף די רעזולטאַטן פון די וואַלן. אָן שום ספק איז זער גוט צו קאָנען דערקלערן דעם אונטערגעדריקטן טייל פון דייטש־לאַנד, וועלכער ליגט איצט אַ צושלאָגענער, אַז מיר האָבן באַהאַלטן פאַר אים אונזער סימפּאַטיע. אָבער קודם כל איז נויטיק צו העלפן און אונטערשטיצן די קרבנות.

אַלע געוואַלט־טאַטן, וועלכע קומען היינט פאָר אין דייטשלאַנד, ווערן באַגאַנגען אין נאָמען פון פּרינציפּן און טעאָריעס, וועלכע טראָגן אין זיך דעם שורש פון אָנשטע־קונג. און דעריבער אַנטהאַלטן זיי אין זיך די געפאַר, אַז די שכנותדיקע לענדער זאָלן, צוליב וועלן איבערשטייגן איי־נער דעם אַנדערן, אָדער מורא, נישט אָנהויבן צו באַניין די זעלבע געוואַלט־טאַטן און סוף כל סוף דערפירן צו אַ מלחמה. דעריבער איז נישט גענוג צו פּראָטעסטירן בלויז קעגן דייטשן היטלעריזם, נאָר יעדער איינער דאַרף אין זיין אייגן לאַנד קעמפן קעגן דעם אימפּעריאַליסטישן נאַציאָנאַ־ליזם, וועלכע איז די מאַסקע פון פאַשיזם.

אַנדרע זשיד.

דער אַמעריקאַניש־יידישער שרייבער מייקעל גאָלד שרייבט:

# דאס אמתע דייטשלאַנד לעבט נאך!

„די נאַציס לערנען אונז, אַז ס׳איז אוממעגלעך איינ־צוגיין מיטן קאַפּיטאַליזם אויף וועלכע ס׳איז קאָמפּראָמיסן.

סאָציאַליסטן און ליבעראַלן האָבן צענדליקער יאָרן געפּרע־
דיקט צוזאַמענאַרבעט פון די קלאַסן: אָבער ווער עס געפינט
זיך היינט נישט אין די רייען פון די נאַציס, געפינט זיך
אָדער אין דער תּפיסה, אָדער אויפן בית־הקברות. היינט איז
דער היסטאָרישער מאָמענט, בעת וועלכן די מאַסן הויבן אָן
איינצוזען, אַז דער איינציק־זיכערער וועג פאַרן אַרבעטער־
קלאַס, דער איינציקער וועג אויסצומיידן דעם פאַשיזם, איז
דער וועג פון קאַמף.

דער פאַשיזם רעפּרעזענטירט אומעטום די פּאַרגאַנגענ־
הייט; ער באַמיט זיך אויפצוהאַלטן דאָס, וואָס די געשיכטע
האָט שוין פאַראורטיילט. אַרויסגייענדיק פון זייער שטאַנד־
פונקט, האָבן די נאַציס אַרויסגעוויזן דעם ריכטיקן אינסטינקט,
בעת זיי האָבן פאַרברענט די ביכער פון טאָמאַס מאַן, ראָ־
מען ראָלאַן, זיגמונד פרויד, אַלבערט איינשטיין און אַנדערע
פּליטים. יעדער גרויסער געדאַנק, יעדע וויסנשאַפטלעכע דער־
גרייכונג אין די לעצטע פופציק יאָר, שטייט אין אַ געוואַל־
דיקער אינערלעכער סתירה צום נאַצי גייסט", וועלכער איז
אין תּוך גענומען יענער קליינבירגערלעכער גייסט, יענער
גייסט פון בערזע־מעקלער און קרעמער, וועלכע דאַרפן נישט
האָבן קיין גאונים און אַנטדעקונגען.

אָבער צי קאָן היטלער איינהאַלטן דעם גרויסן שטראָם
פון נייע געדאַנקען? אוממעגלעך! קאָן ער צעשמעטערן דעם
דייטשן אַרבעטער־קלאַס און פאַרניכטן די בעסטע עלעמענטן
פון דייטשן גייסט? אוממעגלעך!

אוממעגלעך! דער דייטשער אַרבעטער און זיינע בעסטע
גייסטער גייען נ י ש ט מיט היטלערן. דער דייטשער אַרבע־
טער פייניקט נישט און פאַרפאָלגט נישט קיין יידן. דער
דייטשער אינטעלעקטועלער לאָזט זיך נישט מיט דראַגונער־

שטיול צוריק אַרײַנטרײַבן אין די פּרײַסישע קאַזאַרמעס. דאָס אמתע דײַטשלאַנד לעבט נאָך און וועט זײַן קראַנקײט איבער־קומען. פון דעם דײַטשלאַנד, ווי עס איז הײַנט, קאָן פריער אָדער שפּעטער אויסוואַקסן נאָר אין דײַטשלאַנד: אַ מלוכה, אין וועלכער עס וועט נישט הערשן קײן האַס, קײן ראַסן־פאַרפאָלגונג און קײן לינטש־גײַסט, אַ לאַנד פון פרײַהײַט, אַ סאָוויעטיש דײַטשלאַנד.

מײַקעל גאָלד.

## פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַל פון גײַסטער און פעלקער.

די „קעלנישע צײַטונג" פון 9־טן מאַי 1933 האָט פאַרעפנטלעכט פּאָלעמיקן אַרטיקל וועגן ראָמען ראָלאַן:

„דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל פירט אין אויס־לאַנד אַ געוואַלדיקע העצע קעגן דער נאַציאָנאַלער רעגי־רונג אין דײַטשלאַנד. מיט אַ גרויסער צאָל פון ליגנס און שרעקלעכע בבא־מעשׂיות באַמיט ער זיך איבערצײַגן די וועלט, אַז דײַטשלאַנד „גײט אָפּ אין אַרבעטער־בלוט" און, אַז ס'איז דער חוב פון פּראָלעטאַריאַט אין אַלע לענדער „זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם פאַשיסטישן טעראָר אין דײַטש־לאַנד." אין פּאַטעטישע ווענדונגען ווערן די אַזוי־גערופענע אינטעלעקטועלע אויפגעפאָדערט אָנצושליסן זיך אָן דעם דאָ־זיקן קאַמף. אַ סך זענען פאַרבלענדט און טוען דאָס. דע־ריבער דאַרף מען זיך נישט וואונדערן בעתן לײענען זײ־ערע נעמען אונטער די אויפרופן פון קאָמוניסטישן אינטער־נאַציאָנאַל. ס'איז בלויז מערקווירדיק דער פאַקט, וואָס אײ־נע פון יענע געמײנע שמאַטע־בלעטלעך, וועלכעס גײט אַרויס אין קאָפּענהאַגן, האָט נעבן אַרטיקל פון אַנרי באַרבוס אויך פאַרעפנטלעכט אַ מאמר פון ראָמען ראָלאַן. בײ דערדאָזיקער

געלעגנהייט איז נויטיק צו דערמאָנען, אַז ביידע שרייבער האָבן אַמאָל געהאַט שאַרפע מיינונגס־פאַרשידנהייטן. ראָמען ראָלאַן האָט אַנטשידן פּאַראורטיילט די גרויזאַמע בלאָנדזשע־נישן פון באָלשעוויזם, דאַקעגן אַנרי באַרביס האָט זיי געוואָלט באַרעכטיקן אַלס דורכגאַנגס־עטאַפּ צו אַ בעסערער צוקונפט פון דער מענטשהייט. איצט האָבן זיי זיך ביידע צוזאַמענגעטראָפן, דער פאַנאַטישער יונגער מאָסקוויט און דער מענטש, וועלכן מ׳האָט אַמאָל גערופן „דאָס געוויסן פון אייראָפּע", ווייל ער איז געווען גענוג דרייסט, צו באַהאַנדלען די זאַכן ערלעך און זיך איינגעשטעלט פאַר דייטשלאַנד בעתן און נאָכן קריג. ער האָט זיך ווייניק געקימערט, וואָס דערמיט האָט ער אַרויסגערופן אַ האַס צו זיך מצד די פראַנצויזישע שאָוויניסטן. אים איז געגאַנגען וועגן אייראָפּע און אירע קולטור-אוצרות, פאַר וועלכע ער האָט אויסגעקעמפט אַ בעסערן של ם. און טאַקע ווייל ער האָט געהאַט די דאָזיקע איבערצייגונג, האָט ער אויך געדאַרפט האָבן פאַרשטענדניש פאַר דער נאַציאָנאַלער רעגירונג אין דייטשלאַנד. ווייל נאָר אַדאַנק די אַנטשלאָסענע שריט פון דער דאָזיקער רעגירונג, איז דייטשלאַנד געראַטעוועט געוואָרן פון באָלשעוויסטישן כאַאָס."

אויף דעם דאָזיקן אַרטיקל האָט ראָמען ראָלאַן געענטפערט אין אַן אָפענעם בריוו, וועלכן מיר פאַרעפנטלעכן דאָ צום ערשטן מאָל. אָט איז ראָלאַנס בריוו צו דער „קעלנישער ציימונג".

פּאַריז, דעם 15-טן מאַי, 1933

הער שעף-רעדאַקטאָר!

מען האָט מיר געוויזן דאָס אַרטיקל פון דער „קעל-

נישער צייטונג" פון 9-טן ה. ח., וועלכעס פאַרנעמט זיך מיט מיין פערזאָן.

יאָ, ס'איז אמת: איך האָב ליב דייטשלאַנד און האָב עס תמיד פאַרטיידיקט קעגן דער אומגערעכטיקייט און נישט-פאַרשטענדנישׂ פון אויסלאַנד.

אָבער דאָס דייטשלאַנד, וועלכעס איך האָב ליב און וואָס האָט באַרייכערט מיין גייסט, איז יענץ דייטשלאַנד פון די גרויסע וועלט-בירגער, וועלכע „האָבן געפילט דאָס גליק און אומגליק פון אַנדערע פעלקער פונקט אַזוי, ווי זייער אייגן גליק און אומגליק", וועלכע האָבן געאַרבעט פאַר דער פאַרברידערונג פון די גייסטער און ראַסן.

דאָס דאָזיקע דייטשלאַנד איז דורך זיין איצטיקער „נאַציאָנאַלער" רעגירונג געוואָרן געטרעטן מיט די פיס, מיט בלוט באַשפריצט און געשענדעט; דאָס דייטשלאַנד פון האַקנקרייץ האָט אָפּגעשטויסן פון זיך די פרייע גייסטער, די גוטע אייראָפּעער, פּאַציפיסטן, יידן, סאָציאַליסטן, קאָמוניסטן, וועלכע האָבן געוואָלט שאַפן אַן אינטערנאַציאָנאַל פון אַרבעט. צי זעט איר דען נישט, אַז דאָס דאָזיקע נאַציאָנאַל-פאַשיסטישע דייטשלאַנד איז דער ערגסטער פיינט פון יענעם אמתן דייטשלאַנד, אַז עס פאַרפאָלגט גאָר דאָס דאָזיקע אמתע דייטשלאַנד?

אַזאַ פּאָליטיק איז נישט בלויז אַ פאַרברעכן קעגן דער הומאַניטעט, נאָר אויך קעגן אייער אייגן פאָלק. איר רויבט צו ביים פאָלק אַ גרויסע טייל פון זיין ענערגיע. איר ברענגט דערצו, אַז די בעסטע פריינט זיינע זאָלן פאַרלירן צו אים זייער אַכטונג. אייערע „פירער" האָבן געשאַפן אין אַלע לענדער אַ בונד קעגן אייך, פון נאַציאָנאַליסטן און אינטערנאַציאָנאַליסטן. דאָס אַלץ ווילט איר

נישט זען. איר רעדט פסדר וועגן א פאַרשווערונג קעגן דייטשלאַנד, אָבער נאָר איר, איר האָט געמאַכט די דאָזיקע פאַרשווערונג קעגן דייטשלאַנד.

איך האָב אָנגעקלאָגט די אומגערעכטיקייט, וועמענס קרבן דייטשלאַנד איז געוואָרן נאָך דעם זיג פון 1918. איך האָב געפאָדערט די רעוויזיע פון אויפגעצוואונגענעם ווער־סאַילער טראַקטאַט. איך האָב געפאָדערט דייטשלאַנדס גלייכ־באַרעכטיקונג מיט אַנדערע מלוכות. אָבער צי גלויבט איר, אַז איך האָב דאָס אַלץ געפאָדערט אין די אינטערעסן פון אַן ערגערער אומגלייכהייט, אין די אינטערעסן פון אַ דייטש־לאַנד, וואָס באַרויבט אַליין די גלייכהייט פון דער מענטש־לעכער ראַסע און אַלע מענטשלעכע רעכט, וועלכע זענען אונז אַזוי הייליק? די פאַרביסנסטע קעגנער פון רעווידירן דעם ווערסאַילער טראַקטאַט האָבן ערגער נישט געקאָנט האַנדלען קעגן דייטשלאַנד, ווי איר האַנדלט, ווי איר, איר אַליין האָט עס געטון.

די צוקונפט וועט אייך — צו שפעט! — אויפווייזן דעם פאַרניכטנדיקן פעלער אייערן, וועלכן מ׳קאָן בלויז מוחל זיין צוליב דער משוגעת און פאַרצווייפלונג, אין וועלכער די בלינדקייט און עקשנות פון די זיגער האָבן אַריינגעשליי־דערט אייער פאָלק, זינט דעם ווערסאַילער טראַקטאַט.

איך וועל זיך ווייטער באַהאַלטן מיין סימפאַטיע פאַר דייטשלאַנד, נישט געקוקט אויף אייערע מעשים און קעגן אייך, מיין סימפאַטיע צו יענעם אמתן דייטשלאַנד, וועלכעס פאַראַכטעט די שענדלעכע מעשים און עוולות פון היטלער־פאַשיזם. און איך וועל ווייטער אַרבעטן במשך פון מיין גאַנץ לעבן נישט לטובת דעם עגאָיזם פון איין איינצלנעם

פאָלק, נאָר פאַר אַלע פאַרבאַ־יִדערונג פעלקער — פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַל פון גייסטער און פעלקער.

ראָמען ראָלאַן.

פ. ס. די אָנקלאַגע פון דער אויסלענדישער פרעסע קעגן דעם היטלער־רעזשים באַצייכנט איר אַלס רכילות.

מיר האָבן אין אונזער רשות אַ גאַנצן אַרכיוו פון דאָ־קומענטן פון אַנטלאָפענע וועגן געוואַלד־מעשים פון די ברוינ־העמדלדיקע, וועלכע די מלוכה־מאַכט האָט נישט באַשטראָפט און נישט באַדויערט. אָבער לאָמיר בעסער נישט רעדן וועגן דעם! פאַר אונז זענען גענוג די אָפיציעלע מעלדונגען. ווער איר דען אָפלייקענען די אייגענע דערקלערונגען פון אייערע מיניסטאָרן געגרינג, געבעלס, די דערקלערונגען, וועלכע זענען פאַרשפרייט געוואָרן דורכן ראַדיאָ? ווער איר לייקענען זייער געשריי אָנצוּווענדן געוואַלט, זייער קרענקען אויף ראַסן־משוגעת. פילט מען דען נישט פון אייך אַלע דעם מיטל־אַלטערלעכן געשטאַנק, וועלכער איז שוין לאַנג פאַרשוואונדן געוואָרן פון אייראָפּע? ווער איר לייקענען די שייטערהויפנס פון דעם פרייען געדאַנק, אָט דאָס פון דער גאַנצער וועלט אויסגעלאַכטע, קינדישע פאַרברענען פון ביכער? ווער איר לייקענען דאָס חוצפּהדיקע אַריינדרינגען פון דער פּאָליטיק אין די אַקאַדעמיעס און אוניווערזיטעטן? צי זעט איר דען נישט, אַז אויף דער וואָגשאָל פון דער וועלט־מיינונג וועגן די גרויסע פּליטים פון דער וויסנשאַפט און קונסט אַ סך מער, ווי דער לעכערלעכער חרם פון זייערע פאַרפאָלגער?

ראָמען ראָלאַן.

## די באַדייטונג פון דייטשו פּאַשיסטישן טעראָר.

ווער ס'איז היינט שטאַרק דערשיטערט צוליב די רדיפות

אויף יידן און קאָמוניסטן אין דייטשלאַנד, דאַרף געדענקען, אַז פיזישער און מאָראַלישער געוואַלט איז בכלל געגומען דער יסוד פון פאַשיזם. דער פאַשיזם איז נישט בלויז קאָנטר־רעוואָלוציאָנער, ער איז אויך „קאָנטר־היסטאָריש". מען מוז אָנווענדן די גאַנצע קראַפט, כּדי צו שווימען קעגן שטראָם, ווי עס טוט עס היטלער און ווי עס האָט עס געטון מוסאָליני. ער נוצט אויס יעדן פאָראורטייל, יעדע אויפקומענדיקע ליידנשאַפט, כּדי איינצוהאַלטן דעם שטראָם פון די נאַטירלעכע עקאָנאָמישע שטרעמונגען, וועלכע דערפירן דעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם צו זיין אונטערגאַנג. דער אַנטיסעמיטיזם איז פאַר היטלערן אַ קראַפט, וועלכע ער מוז אויסנוצן.

בעת יעדער פאַרצווייפלטער סיטואַציע באַנוצט זיך דער פאַשיסטישער פירער מיט אַלע ליידנשאַפטן און אַלע פאָראורטיילן, וועלכע ער באַמיט זיך שטאַרק אויפצובלאָזן. אַזוי אַרום דערפירט היטלערס אָנפירונג צו די גרויסע פּאָגראָמען, וועלכע רעגן אויף קעגן אים די גאַנצע וועלט. אָבער איצט דאַרף פאַר דער וועלט, מער, ווי ווען עס איז, קלאָר ווערן, אַז דער פאַשיזם מוז תמיד גיין אין די דאָזיקע וועגן און וועט מוזן גיין אין זיי. די פאַשיסטן האָבן קעגן זיך די געשיכטע — די געשיכטע און דעם מענטשלעכן שכל.

אויך דער קאָמוניזם אין רוסלאַנד האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַנטיסעמיטיזם, אויף זער אַ שטאַרקן, זער פאַרשפּרייטן אַנטיסעמיטיזם. די צאַרישע פּאָגראָמען זענען אַ באַקאַנטע זאַך. דער קאָמוניזם האָט אַ סוף געמאַכט צו די דאָזיקע פּאָגראָמען. דער אַנטיסעמיטיזם האַלט ביים אָפּשטאַרבן.

איך האָב באַלד פון אָנהויב געטראַכט, אַז נאָכן אָנ־

גריף אויף די יידן, וועט קומען אַן אָנגריף אויף די רעכט, וועלכע ס'האָבן זיך אין אונזער צייט דערוואָרבן פרויען, קינדער, דער אַרבעטער-קלאַס און די נעגער. ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז עס נישט קיין איבערגעטריבענער געדאַנק. אָט האָב איך געלייענט אין די „נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישע מאָנאַטס-העפטן", אַז „אַ נעגער איז אַ ווילדע חיה, וועלכן נישט די שקלאַפעריי און נישט די ציוויליזאַציע וועט קענען צוימען". מען פּראָיעקטירט אויך צו באַרויבן די פרויען פון זייער שטים-רעכט און מען וויל ווידער איינפירן פאַר דער פרוי דעם אַלטן באַקאַנטן מאָנאַרכיסטישן אידעאַל: „קיך, קירכע, קינדער".

דער פאַשיזם איז נישט געבוירן געוואָרן מיט היט-לערס קומען צו דער מאַכט. די היינטיקע, געזעצלעך-סאַנק-ציאָנירטע מעטאָדן זענען שוין אויסגעפּרוווט געוואָרן במשך פון יאָרן.

דער פאַשיזם, אויף וועלכן מיר דאַרפן היינט צו טאָג קאָנצענטרירן אונזער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט, איז אַ פאַזע אין דער פּאָליטיק פון וועלט-קאַפּיטאַל, וועלכער קאָן נישט געפינען קיין אַנדער אויסוועג פון זיינע אייגענע ווידער-שפּרוכן און פאַר זיין קאַמף אויף צו ראַטעווען די איי-גענע הויט.

עס האַנדלט זיך דאָ פיל מער, ווי וועגן אַ בלויזער רשימה פון געשעענישן אינערהאַלב פון אַ נאַציאָנאַל-סאָציאַ-ליסטישער טעראָר־כוואַליע. ס'האַנדלט זיך נישט וועגן דייטש-לאַנד, ס'איז דער קלאָרער און אומצווייַדייטיקער פאַשיזם, וועלכער דריקט-אונטער די יידן און אַנדערע מינדערהייטן.

דער פאַשיזם האָט פאַר אַ ציל — איך חזר עס אי-בער — אונטערצודריקן אַלע ווירטשאַפטלעך-פאָרטגעשריטענע

פעלקער, וועלכע וואָלטן זיך געקאָנט איינפּאַסן אין אַ קאָ־מוניסטישן סיסטעם און אפילו לעבן גליקלעך אונטער דעם דאָזיקן סיסטעם. מיר, אַמעריקאַנער, וואָלטן געקאָנט דעם קאָמוניזם לייכטער דורכפירן, ווי די רוסן. מיר זענען רייפער פאַרן קאָמוניזם, ווי רוסלאַנד. און אויך דאָס זעלבע קאָן געזאָגט ווערן וועגן דייטשלאַנד. די דייטשן וועלן אין קאָ־מוניזם זיך אַזוי שנעל איינלעבן, ווי די יונגע קאַטשקעלעך אין אַ טייך. די דייטשן זענען רייף פאַרן קאָמוניזם. אפילו נאָך היטלערס אונטערדריקונג האָבן זיי געהאַט פינף מיליאָן קאָמוניסטישע שטימען.

לינקאָלן סטעפענס.

## אַן אָפענער בריוו צום הער געבעלס.

ווען דעם 5 מאַי זענען אויפן שייטערהויפן געוואָרפן געוואָרן די ווערק פון דייטשע שריפטשטעלער, פילאָזאָפן און פאָרשער, האָט איר, הער געבעלס, געשטיצט און געגעבן אייער הסכמה צו דעם דאָזיקן באַרבאַרישן אַקט און אין אייער רעדע האָט איר די פאַרברענטע ווערק פון יענע דייטשע מענער, וועלכע רעפּרעזענטירן אַ בעסער דייטשלאַנד ווי איר, אָנגערופן „דאָס גייסטיקע מיסט״.

איר האָט פאַרברענט אונזערע ווערק פון די דייטשע פאַרלאַגן, טעאַטערן, בוכהאַנדלונגען, ביבליאָטעקן, שולן, איר פאַרפאָלגט די מחברים, איר זעצט זיי איין, אָדער יאָגט זיי אַרויס פון לאַנד. פון די דייטשע אוניווערזיטעטן טרייבט איר אַרויס די בעסטע פּראָפעסאָרן, פון די קאָנצערט־זאַלן — די דיריגענטן און קאָמפּאָזיטאָרן, פון די טעאַטערן — די אָנגעזעענסטע שוישפּילער, פון זייערע וואַרשטאַטן און אַקאַ־דעמיעס — די מאָלער, אַרכיטעקטאָרן און סקולפּטאָרן.

ווייניק פאַר אייך, וואָס איר פייניקט די, וועלכע שמאַכטן אין אייערע תפיסות און קאָנצענטראַציע־לאַגערן, רודפט איר נאָך דערצו די עמיגראַנטן דורך די פאַרשידנ־אַרטיקע מיטלען פון אייערע געוואַלטאַטן, איר ווילט, רעדנ־דיק אייער שפּראַך, זיי גייסטיק און פיזיש „ברוטאַל און ריקזיכטלאָז פאַרניכטן".

און וואָס איז די סיבה פון אַזאַ געוואַלדיקער שנאה?

די דאָזיקע מענטשן גלויבן אין אַ וועלט פון פריי־הייט, פון מענטשלעכקייט, פון סאָציאַלער גערעכטיקייט, די דאָזיקע מענטשן זענען אמתע סאָציאַליסטן, קאָמוניסטן, אָדער גלויביקע קריסטן, די דאָזיקע מענטשן האָבן נישט בדעה צו פאַרלייקענען די שטים פון אמת און זיך בויגן פאַר דער מאַכט.

די רדיפות און דער האַס אייערער זענען פאַר אונז, פאַרפאָלגטע, אַ גרויסער כבוד, אַ סך פון אונז וועלן ערשט מוזן באַווייזן, צי זיי האָבן דעם דאָזיקן כבוד פאַרדינט.

איר מאַכט אַן אָנשטעל פון ראַטעווען די דייטשע קולטור, אָבער אין דער אמתן פאַרניכטעט איר די בעסטע ווערק פון דער דייטשער קולטור. איר מאַכט אַן אָנשטעל פון אויפלעבן די דייטשע יוגנט, און אין דער אמתן פאַר־בלענדט איר זייער גייסט, זייערע אויגן, זייער פאַרשטאַנד. איר מאַכט אַן אָנשטעל פון ראַטעווען די דייטשע קינדער און אין דער אמתן פאַרסמט איר זייערע הערצער מיט די שענדלעכע פראַזן פון אַ ברוטאַלן נאַציאָנאַליזם און ראַסן־האַס. איר מאַכט אַן אָנשטעל פון באַפרייען דאָס אַרבעטנ־דיקע פאָלק, אָבער אין דער אמתן שמידט איר דאָס פאָלק אין קייטן פון סאָציאַלער און גייסטיקער פאַרשקלאַפונג. איר מאַכט דעם אָנשטעל פון אויסרייניקן פון דייטשלאַנד די

„שולדיקע", אָבער אין דער אמתן רודפט איר די שוואַכסטע, די יידן. איר מאַכט אַן אָנשטעל, אַז איר און דער דייטשער גייסט זענען איינס און דאָס זעלבע, אָבער אייערע מעשים שענדן די אידעען פון געטע און לעסינג, פון הערדער און שילער, פון ווילאַנד און ראַנקע.

איר טענהט אַזויפיל וועגן העלדנטום, אָבער וואָס האָט איר עס אַרויסגעוויזן? איך מיר וויסן וועגן אַ העלדנטום, וועגן אַ העלדנטום פון אַרבעט, פון כאַראַקטער, פון דעם פרייען מענטש, וועלכער איז געטריי זיין אידעע.

איר טענהט אַזויפיל וועגן דער פחדנות פון אייערע קעגנער. מיר פאַרזיכערן אייך, אַז אייערע רדיפות וועלן אונז נאָך מער פאַרהאַרטעווען, אייער האַס — נאָך רייפער מאַכן און אייער קאַמף קעגן אונז — וועט אונז נאָך מאַכן קעמפערישער.

מיר זענען שולדיק אין אונזער גורל, מיר האָבן אַ סך פעלערן געמאַכט און דער גרעסטער פעלער איז געווען, וואָס מיר האָבן אַזוי לאַנג געדולדעט.

אַ דאַנק דער לעקציע, וואָס איר האָט אונז געגעבן, וועלן מיר מנצח זיין אונזערע פעלערן. און אָט דאָס איז אייער פאַרדינסט.

ערנסט טאָלער

## איינהייטלעכער פראנט קעגן פאַשיזם פאַר יעדן פרייז.

איך האָב געהאַט אַ געשפרעך מיט אַן אַרבעטער־פירער פון רור־געביט. „זיי פאַרברענען ביכער", האָט ער געזאָגט און זיין שטים האָט געקלונגען פאַרשעמט. ביכער קאָן מען נאָכאַמאָל דרוקן. אָבער די וויכטיקע מענער און פרויען, וועלכע די שטורמיסטן האָבן דערהרגעט, קאָן מען שוין קיינמאָל נישט צוריק לעבעדיק מאַכן. די געפאַר פון

פאַשיזם ליגט אין זיין אומבארחמנותדיקן באַקעמפן דאָס אַלץ, וואָס איז געווענדעט אין דער צוקונפט, די געפאַר באַשטייט אין זיין אַנטשלאָסנקייט צו פאַרשקלאַפן אונז צו אַלטע אידעען, ווי: מיליטאַריזם, פאַרשקלאַפונג, אונטערטעניקייט פון די פרויען, צו דער קליין־אינדוסטריע און צו געזעלשאַפטלעכע פאָרמען, וועלכע די מענטשהייט האָט שוין לאַנג אַדורכגעמאַכט.

היטלער און די פאַשיסטן האָבן זאָרגפעלטיק זיך אויסגעקליבן ספּעציעל די פאָרטשריטלעכע פירער. אָבער נישט בלויז שריפטשטעלער, דיכטער, וויסנשאַפטסלייט, נישט נאָר די פירער און פאַרשפרייטער פון פאָרטשריטלעכע פאָליטישע געדאַנקען. די דאָזיקע אַזוי־גערופענע „שטורם־אָפטיילונגען" האָבן ספּעציעל זיך אויסגעקליבן יענע אַרבעטער, אויף וועלכע ס'איז דאָ אַ חשד, אַז זיי קאָנען זיין די גייסטיקע פירער פון זייערע חברים, יענע אַרבעטער, וועלכע פאַרמאָגן שוין אַ קליין ביבליאָטעקל, ביי וועלכע עס געפינען זיך די בילדער פון לודוויק רען, פון קאַרל מאַרקס. עס האָבן געליטן יענע אַרבעטער, וועלכע מ'האָט חושד געווען אינם פאַרברעכן פון טראַכטן ערנסט. אונטער דער פאַשיסטישער הערשאַפט איז דאָס, זעלבסטפאַרשטענדלעך, דאָס גרעסטע פאַרברעכן.

אין ענגלאַנד און אין אַמעריקע הויבט מען שוין אָן צו טענהן, אַז „דאָס ערגסטע איז שוין פאַרביי, דייטשלאַנד וועט זיך שוין איצט באַרואיקן." איך בין גראָד לעצטנס געווען ביי די פליטים אין די גרענעץ־שטעט, אין סאַארבריקען, פאָרבאַך, שטראַסבורג און אין דערנעבנדיקע דערפער. טאָג־טעגלעך קומען אָן נייע פליטים, אַרבעטער, אַדוואָקאַטן. יעדער איינער פון זיי דערציילט וועגן דעם פאַרעקשנטן

טעראָר, וועלכער הערשט נאָך כסדר. איך האָב געלייענט עטלעכע בריוו פון פרויען און מוטערס צו זייערע מענער און זין, וועלכע האָבן געמוזט אַנטלויפן פון זייערע היימערטער. אַ פשוטע פרוי פון דיסבורג שרייבט: „איך וועל פאַר פרייד פאַטשן אין די הענט, ווען איך וועל זען אַעראָפלאַנען, וועלכע זענען געקומען צופליען, כדי צו קעמפן מיט היטלערן. אַפילו ווען מיר אַליין זאָל אויסקומען דערהרגעט צו ווערן, אָבער דערפאַר וועלן דאָך אַנדערע דייטשן זיך ראַטעווען פון דעם דאָזיקן פאַרזעניש." נאָר אַ פרוי, וועלכע קאָן מיט דער גרעסטער מי צונויפשלעפן די לעצטע פיר מאַרק, כדי אַוועקצושיקן איר מאַן אין אַ זיכער אָרט, קאָן אַזוי פאַרביטערט שרייבן.

איצט, ווען זיי זענען די באַלעבאַטים אין לאַנד, קאָנען די נאַציס טון מיט זייערע געפאַנגענע, וואָס זייער האַרץ גלוסט. איך האָב געמאַכט אַ באַזוך אין דער רעדאַקציע פון אַ שטראַסבורגער צייטונג. דער רעדאַקטאָר האָט מיר דערלאַנגט אַ רשימה פון נעמען. „אפשר געפינען זיך דאָ אייערע באַקאַנטע? ס'איז אַ פרישע רשימה פון טויטע אין דאַכאַוער קאָנצענטראַציע-לאַגער." מיין באַגלייטער, אַן אַנטלאָפענער פון דייטשלאַנד, האָט גענומען דאָס פאַפיר אין דער האַנט אַריין און איז בלאַס געוואָרן. „איך קען דעם דאָזיקן", האָט ער געזאָגט אַ צוזאַמענגעבראָכענער. „האָט איר וועלכע ס'איז ידיעה, אויף וואָס פאַר אַן אופן ער איז געשטאָרבן?" „יאָ, שלעכטע צייטן", האָט דער רעדאַקטאָר דערקלערט מיט אַן ערנסטן טאָן. „שטאַרק געפייניקט. אין אַ וואַנזיניקן צושטאַנד דערשאָסן. פאַרשטייט זיך, אַז מען וועט זאָגן „דערשאָסן ביים וועלן אַנטלויפן"."

אַלען ווילקינסאָן.

קאַפּיטל XII:

# דער העראָישער קאַמף פון די דייטשע אַרבעטער

די פּאָליציי-דירעקציע פון ברעמען מעלדעט: „נישט געקוקט דערויף, וואָס מיט עטלעכע טעג צוריק האָט די פּאָליציי פאַרעפנטלעכט אַ וואָר-נונג קעגן פאַרשפּרייטן אומלעגאַלע קאָמוניסטי-שע ליטעראַטור און באַשטימט דערפאַר גרויסע שטראָפן, איז דינסטיק אין אָוונט פאַרשפּרייט געוואָרן די אומלעגאַלע קאָמוניסטישע שריפט „אַרבעטער צייטונג“.

די בערלינער פּאָליציי-שטעלע מעלדעט: „בער אַ רעוויזיע האָט מען געפונען אַ סך מאַטער-יאַלן צו דרוקן קאָמוניסטישע ליטעראַטור, ווי אויך מאַטריצן פון 1 מאַי-פּראָקלאַמאַציעס“.

אין דעם דאָזיקן בוך איז דערציילט געוואָרן וועגן די אמתע אונטערצינדער פון רייכסטאַג און וועגן דעם באַרי-באַרישן היטלער-טעראָר. די דייטשע אַנטיפאַשיסטן, וועלכע האָבן קאָלעקטיוו געשריבן דאָס דאָזיקע בוך, ווילן אָבער אויך אָנזאָגן דער גאַנצער וועלט אַ פרייליכע בשורה: אַז עס איז נאָך פאַראַן אַן אַנדער, אַ לעבעדיק דייטשלאַנד. דאָס איז דאָס דייטשלאַנד פון דעם אונטערערדישן, אומלע-גאַלן קאַמף, וועלכן עס פירן די אַנטיפאַשיסטן. ס'איז דאָס דייטשלאַנד פון אמתן העלדנטום. ס'איז דאָס דייטשלאַנד פון יענע, וועלכע פאַרטיידיקן העראָיש דעם כבוד און די סאָציאַ-ליסטישע צוקונפט פון דעם דייטשן אַרבעטער-פאָלק, ברענ-גענדיק דערביי אַלס קרבן זייער גליק, זייער לעבן.

היטלער וויל פאַרניכטן אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען. ס'איז אָבער פאַראַן אַ פּאַרטיי, וועלכע מען קאָן נישט פאַר־ניכטן; דאָס איז די אומלעגאַל־קעמפנדיקע קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון דייטשלאַנד.

די ידיעות פון דער היטלער־רעגירונג גופא באַשטע־טיקן טאָגטעגלעך דעם פאַקט, אַז די דאָזיקע פּאַרטיי שטעלט מיט זיך פאָר אַן אומדערשיטערלעכע, אַקטיווע קעגן־קראַפט. זי פירט איר אַרבעט ווייטער און פון גאַנץ דייטשלאַנד קומען אָן ידיעות, אַז גאַנצע גרופּעס אַרבעטער פון דער ס. ד., פון רייכסבאַנער, פון דער סאָציאַליסטישער אַרבע־טער־יוגנט און די קריסטלעכע אַרבעטער פירן דעם פּראַק־טישן קאַמף קעגן דער היטלער־דיקטאַטור צוזאַמען מיט די אומלעגאַל־אַרבעטנדיקע קאָמוניסטן אין אַ ברידערלעכן איינ־הייטס פראָנט.

שוין אין די טעג פון דער רייכסטאַג־שרפה האָבן די אַנטיפאַשיסטישע פּראָקלאַמאַציעס פון די קאָמוניסטן געפלאַ־טערט צווישן די אַרבעטער־מאַסן. די אַרבעטער־וואוינונגען, קעלערס און בוידימער זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גע־היימע דרוקערייען. אין דער צייט, ווען הונדערטער אַגיטאַטאָרן זענען געוואָרן אַרעסטירט, זענען זיי פאַרטרעטן געוואָרן דורך נייע טויזנטער געשולטע און איבערצייגטע קעמפער. און ווען די רדיפות און פייניקונגען האָבן זיך גע־שטאַרקט, האָט נאָך העכער און דרייסטער אויפגעשאַלט די שטים פון אַנטיפאַשיסטישן פרייהייטס־קאַמף. יעדע אומלעגאַ־לע צייטונג פון די קאָמוניסטן איז שורה נאָך שורה געשריבן מיט אַרבעטער־בלוט. נאָך יעדן דערשינענעם נומער הויבט זיך אָן אַ גרויזאַמע פאַרפאָלגונגס־אַקציע.

דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער רייכסטאַג־שרפה, גערינג,

האָט אַליין געמוזט אויסשטעלן אַ גלענצנדע צייגניש פאַר דער אַנטיפאַשיסטישער „צעשטערונגס-אַרבעט“ פון די קאָמו־ניסטן. ווען ער האָט אין סוף יוני 1933 אויפגעלעזט דעם „קאַמף-רינג פון די יונגע דייטש-נאַציאָנאַלע“, האָט ער אין דער אָפיציעלער באַגרינדונג דערקלערט, אַז דער „קאַמף-רינג“ איז געווען דורכגעדרונגען מיט קאָמוניסטן. אין די דראָענדע דערקלערונגען פון היטלערן און פריקן קעגן אַ „צווייטע רעוואָלוציע“, האָבן זיי באַשטעטיקט, אַז אויך אין די ברייטסטע קרייזן פון די שטורם-אָפטיילונגען און נאַצישע פּראָפּ. פאַריינען געפינען זיך אַ סך קאָמוניסטן.

די פאָלגנדע ווייניקע שורות קאָנען בלויז געבן אַ קליינעם באַגריף וועגן דעם „אונטערערדישן“ דייטשלאַנד.

די אומלעגאַלע „ראטע פאנע“. איינס פון די וויכטיקסטע אַנטיפאַשיסטישע קאַמפס־אָפּשניטן, איז דאָס אַרויס-געבן און פאַרשפּרייטן די אומלעגאַלע פּרעסע. די „ראָטע פאַנע“, דער צענטראַל־אָרגאַן פון דער ק. פּ. ד., דערשיינט רעגלמעסיק זינט דער רייכסטאַג־שרפה. קיין שום פּאָליציי־אישע אַקציעס, קיין שום אַרעסטן, קיין שום יאַגד פון טויזנ-טער שפּיצלעס, קיין שום נאַכט־רעוויזיעס פון די שטורמיסטן אין די דרוקערייען, קאָנען נישט שטערן דאָס דערשיינען פון דער דאָזיקער צייטונג. און אַלץ כּסדר געפינט דאָס דאָ-זיקע אומלעגאַלע בלאַט פון פיר אָדער זעקס זייטן ווידער זיין וועג אין די אַרבעטער-וואוינונגען פון וועדינג, אין די באַטריבס־אָפּטיילונגען פון דער א. ע. ג., אין סימענס-פאַב-ריק, אין די שטאָטישע באַן־סטאַציעס פון דער בערלינער פאַרקער־געזעלשאַפט. מעג די טעכנישע אויסשטאַטונג פון דער „ראָטע פאַנע“ זיין ערגער, ווי פריער, אָבער קיינמאָל

האָט יעדער איינציקער עקזעמפּליאַר אירער נישט געהאַט אַזוי פיל לעזער, ווי איצט.

און נעבן דער געדרוקטער „ראָטע פאָנע" דערשיינען רעגולמעסיק אין צוואַנציק שטאָט־טיילן פון גרויס־בערלין, וועכנטלעך און טיילמאָל צוויי מאָל וועכנטלעך, העקטאָגראַפירטע צייטונגען. די דאָזיקע צייטונגען טראָגן אַלע דעם טיטל „ראָטע פאָנע". די רעדאַקטאָרן פון די דאָזיקע צייטונגען זענען פּשוטע אַרבעטער.

## רויטע מעגאַפאָנען איז גאַנץ דייטשלאַנד.

די האַמבורגער פּאָליציי האָט אין אָנהויב מאַי געמאָלדן: „נישט געקוקט אויף די שאַרפסטע פּאָליצייאישע שטראָף־מיטלען, ווערן ווידער די האָכפאַרעטערישע פלוגבלעטער פון דער ק. פּ. ד., די פאַרבאָטענע „האַמבורגער־פאָלקסצייטונג" און אַנדערע מאַרקסיסטישע שריפטן פאַרשפּרייט אויף די גאַסן און אין די וואוינונגען."

אין רור־געביט דערשיינט דאָס „רור־עכאָ" אין אַ גרויסער צאָל עקזעמפּליאַרן. דער ערשטער־מאַי־נומער איז אַרויס אין צוויי אויפלאַגעס. אין עסען דערשיינט כּסדר אַ העקטאָגראַפירטע אויסגאַבע פון „רור־עכאָ", נישט געקוקט אויף די רעוויזיעס, וועלכע ווערן דורכגעפירט אין גאַנצע שטאָט־קוואַרטאַלן, נישט געקוקט דערויף, וואָס די העלדישע פאַרטיילער ווערן מוראַדיק געפּייניקט. אין מינכען דערשיינט יעדע וואָך אַ העקטאָגראַפירטע צייטונג אין אַ צאָל פון 3000 עקזעמפּליאַרן. אין שטוטגאַרט און אין פראַנקפורט־אַם־מיין, אין לייפּציק און אין דיסעלדאָרף, אין מאַנהיים און אין ערפורט דערשיינען כּסדר געדרוקטע און העקטאָגראַפירטע אומלעגאַלע צייטונגען און פלוגבלעטער. אין יולי איז אין

ערפורט אַנטדעקט געוואָרן אַ געהיימע דרוקעריי. דריי אַר-בעטער, וועלכע זענען געווען באַשעפטיקט ביים דרוקן די אומלעגאַלע ליטעראַטור, זענען דורך די שטורמיסטן אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן.

## די אַנטיפאַשיסטישע שטים אין די פאַבריקן.

די ק. פּ. ד. איז געווען די איינציקע פּאַרטיי, וועלכע האָט זיך שוין מיט יאָרן צוריק געגרייט צו פירן אַן אומלעגאַלע אַרבעט אין די פאַבריקן. אירע מיטגלידער האָבן נאָך פאַר היטלערס קומען צו דער מאַכט זיך געשולט אין אַרויסגעבן און פאַרשפּרייטן אומלעגאַלע צייטונגען. אַזוי אַרום דערשיי-נען איצט אַ סך אַזעלכע אומלעגאַלע צייטונגען, וועלכע ווערן פאַרשפּרייט מיט אויסערגעוויינלעכער קרבנות-גרייטקייט און העלדנמוט. אין דער בערלינער א. ע. ג. דערשיינען אומלעגאַלע פאַבריקס-צייטונגען. אין האַמבורגער האַפן דער-שיינען דריי אומלעגאַלע צייטונגען.

אַן אַרבעטער פון די א. ע. ג.-פאַבריקן דערציילט אין „אַנטיפאַשיסטישן פראָנט“ פון 2-טן יולי 1933:

„אונזער לעצט פלוג-בלעטל איז דערשינען אויף אַזאַ אופן: מיר האָבן די לאָזונגען אויסגעשניטן אויף לינאָלע-אום. מיט דער הילף פון דעם דאָזיקן דעסען האָבן מיר אָפּגעדרוקט אַ סך עקזעמפּליאַרן. ביינאַכט האָבן מיר מיט די פלוג-בלעטער באַקלעפּט אַלע פאַבריקס-טויערן און די רעשט בלעטלעך צעוואָרפן אויף די גאַסן. די חברים, וועל-כע זענען אויסגעהונגערט נאָך אויפקלערונגס-מאַטעריאַל, האָבן צוזאָרגנס, בעת זיי זענען געגאַנגען צו דער אַרבעט, מיט באַגייסטערונג אויפגענומען די בלעטלעך. יעדעס בלעטל איז אַדורכגעגאַנגען דורך צענדליקער הענט.“

פון אַ האַמבורגער אונטערנעמונג גיט מען איבער, אַז אין דאָרטיקן קלאָזעט האָט מען ביים אָראָפּרייסן די פּאַפּירלעך, וואָס זענען אינעווייניק געהאָנגען, זיך אָנגעטראָפן אָדער אויף אַ פלוג-בלעטל, אָדער אויף אַן אויסשניט פון אַן אומלעגאַלער צייטונג. אין דער בערלין־שפּאַנדויער פאַבריק פון סימענס איז די אַנטיפאַשיסטישע יוגנטלעכע אַרבעטער געלונגען צו פאַרטיילן זייער פאַבריקס־בלעטל ביז צום לעצטן עקזעמפּליאַר. אין בילעפעלד־פאַבריק איז די אומלעגאַלע „ראָטע וואַכט" אַרויסגעגעבן געוואָרן געמיינזאַם דורך די קאָמוניסטישע, סאָציאַל-דעמאָקראַטישע און רייכסבאַנער־אַרבעטער.

„בליץ-אַקציעס". אין די לעצטע חדשים זענען אין הונדערטער ערטער פאָרגעקומען גרעסערע און קלענערע דעמאָנסטראַציעס פון אַנטיפאַשיסטן. די דאָזיקע דעמאָנסטראַציעס פלעגן איינגעאָרדנט ווערן אין דער פאָרם פון אַזוי־גערופענע „בליץ־דעמאָנסטראַציעס". די דאָזיקע דעמאָנסטראַציעס קומען פאָר אויף אַזאַ אופן: לויט אַ באַשטימטן צייכן זאַמלען זיך די אַרבעטער צונויף אויף אַן אָפּגערעדטן פונקט, דעמאָנסטרירן אַ פּאָר מינוט מיט אויסרופן קעגן דער היטלער־דיקטאַטור און מיט געזאַנג פון אַנטיפאַשיסטישע לידער. אַזעלכע דעמאָנסטראַציעס לאָזן זיך אויף נאָך איידער עס קומען אָן פּאָליציי און שטורמיסטן. דער דאָזיקער באַוועגלעכער מעטאָד פון דעמאָנסטרירן דערלאָזט נישט צו קיין גרעסערע צאָל אַרעסטן.

אַ דענישער אַנטיפאַשיסט, וועלכער איז געווען אין דייטשלאַנד, גיט איבער וועגן די מעטאָדן פון דער אַנטיפאַשיסטישער אַגיטאַציע. אויף אַן אַרבעטער־גאַס באַווייזט זיך

פלוצלונג אַ רעדנער־כאָר פון עטלעכע מאַן. עס דערהערט זיך אַן אויסגעשריי: „ווער האָט אונטערגעצונדן דעם רייכס־טאָג? די נאַציס!“ נאָכדעם פאַרשווינדן תיכף די פיר מאַן פון רעדנער־כאָר.

אין אָנהויב מערץ איז איבער דער גאַנצער ברייט פון אַ דאָרטמונדער אַרבעטער־גאַס געהאָנגען אַ פּלאַקאַט מיט פאָלגנדן אינהאַלט: „געראָן האָט אונטערגעצונדן רוים און באַשולדיקט די קריסטן — היטלער האָט אונטערגעצונדן דעם רייכסטאָג און באַשולדיקט די קאָמוניסטן!“

די „פּאָסישע צייטונג“ פון 3־טן מאַי האָט געבראַכט אַ ידיעה, אַז אין דער נאַכט פון ערשטן מאַי האָט מען אין בערנאַו, אויף דער שפּיץ פון דעם מאַריען־קירכע־טורעם, אויפגעהאָנגען אַ רויטע פאָן מיט האַמער־ און סערפּ־עמבלעם. די שטורמיסטן האָבן די פאָן אַראָפּגענומען מיט גרויס מי און שוועריקייט. דערביי זענען אַרעסטירט געוואָרן 40 פאַר־דעכטיקטע און איבערגעשיקט געוואָרן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער.

אין אַ סך עטלעכע ערטער אין בערלין, ווי רעס־טאָראַנען, וואַרענהייזער א. ד. גל. זענען צעוואָרפן געוואָרן קאָמוניסטישע פּראָקלאַמאַציעס. דעם ערשטן מאַי נאָכמיטאָג האָבן אין מזרח־טייל פון בערלין דעמאָנסטרירט 300 אַר־בעטער.

וואָס ווייטער שטייגט אַלץ העכער די נייע כוואַליע פון אַנטיפאַשיסטישער אַקטיוויטעט. דעם 12 מאַי האָבן די בערלינער צייטונגען געמאָלדן וועגן אַ פונאַנדערגעטריבענער קאָמוניסטישער דעמאָנסטראַציע אין שפּאַנדאַו. אפילו די נייע אַרעסטן־כוואַליע פון יוני האָט נישט געקאָנט צוימען די דרייסטע אַקטיוויטעט פון די אַנטיפאַשיסטן. די צייטונגען

פון פ־טן יוני האָבן געמאָלדן, אַז אין מורח־טייל פון בער־לין איז פאָרגעקומען אַ קאָמוניסטישע דעמאָנסטראַציע פון 500 ביז 600 אַרבעטער.

**העלדן פון אַנטיפאַשיסטישן קאַמף.** מיט אַ מורא־דיקער אַכזריות פאַרפאָלגן די נאַצי־פירער די אַנטיפאַשיסטן, וועלכע קעמפן ווייטער אומלעגאַל אין דייטשלאַנד. פאַלן די אַנטיפאַשיסטן אַריין אין די הענט פון די שטורמיסטן, באַ־דראָט עס דאָן פייניקונג אָדער טויט.

אין קאַמף קעגן די אַנטיפאַשיסטן באַנוצט זיך די היטלער־רעגירונג אויך מיט דעם כּלי־זין פון אויסהונ־גערן.

צוליב דעם, וואָס אין קאַסעל זענען פאַרשפּרייט גע־וואָרן אַ סך אומלעגאַלע פלוג־בלעטלעך, האָט דער אָרטיקער בירגערמייסטער אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג אָפּצושטעלן די ווייטערדיקע שטיצע פאַר די אַרבעטסלאָזע „אַזוי לאַנג ביז מען וועט נישט כאַפּן די שולדיקע אין פונאַנדערוואַרפן קאָמוניסטישע בלעטלעך".

פאַר דעם אַזוי־גערופענעם „ספּעציעל־געריכט" שטייען די באַשולדיקטע אַנטיפאַשיסטן אָן אַ פאַרטיידיקער, אָן עדות, אָן דער מינדסטער מעגלעכקייט זיך צו פאַרטיידיקן. דער ריכטער איז תּלין. איידער ער האָט נאָך אַדורכגעלייענט דעם באַשולדיקונגס־אַקט, ווייסט ער שוין, וואָס פאַר אַ דראַקאָ־נישן אורטייל אַרויסצוגעבן. די טויזנטער אָנגעקלאָגטע האַלטן זיך העלדיש לגבי דער פאַשיסטישער געוואַלט. אַזוי, למשל, ווערט איבערגעגעבן, ווי אַזוי עס האָבן זיך געהאַלטן די אַרבעטער אויף אַ פּראָצעס אין אַלטאָנאַ, וועלכער איז פאָר־געקומען דעם 2־טן יוני 1933.

„דער קאָמוניסטישער אַרבעטער ליטגענס, פאַר וועלכן דער פּראָקוראָר האָט געפאָדערט טויט-שטראָף, האָט דערקלערט, אַז די פאָדערונג פון פּראָקוראָר איז פאַר אים, ליטגענסן, אַ כבוד, ווייל פאַר אַ רעוואָלוציאָנער, וועלכער שטייט פאַרן קלאַסן-געריכט, איז טויט-שטראָף די העכסטע אויסצייכענונג, וואָס ער קאָן נאָר באַקומען, און די תפיסה-קליידער זענען פאַר אים אַן ערן-קליידונג. ער האָט אויך דערקלערט, אַז ער האַלט פאַר זיך פאַר אַ חרפה צו זיצן אין תפיסה צוזאַמען מיט דעם שפּיצעל, וועלכער זיצט אויף דער באַשולדיקונגס-באַנק אַלס מיטאָנגעקלאָגטער. צום סוף האָט ליטגענס דערקלערט, אַז ער נעמט אויף זיך די עווענטועלע שטראָף, וואָס דער דאָזיקער פּאָליציייאישער שפּיצעל וועט באַקומען, אַבי נישט צו זיצן צוזאַמען מיט דעם דאָזיקן לומפּ אין תפיסה."

אין מאַי איז די סטענאָטיפּיסטין איר געשטאַנען פאַרן געריכט אַלס באַשולדיקטע אין פאַרשפּרייטן פלוג-בלעטלעך און איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף אָנדערטהאַלבן יאָר תפיסה. דער בערלינער „טאָג" האָט וועגן דעם דאָזיקן פּראָצעס דערציילט פאָלגנדעס: „די באַשולדיקטע האָט דערקלערט פאַרן געריכט, אַז זי סימפּאַטיזירט ווייטער מיט דער קאָמוניסטישער אידעע".

די זעלבע דערשיינונג קומט פאָר טאָגטעגלעך אין די דייטשע ספּעציעל-געריכטן.

אין סוף מאַי איז די וועלט-עפנטלעכקייט אַלאַרמירט געוואָרן וועגן די טויט-אורטיילן אויף די אַנטיפאַשיסטישע אַרבעטער באַרטעל און ווינקלער אין כעמניץ, און די אַרבעטער ליטגענס, טעש, וואָלף און מיללער אין אַלטאָנאַ. פון דאַמאָלס אָן שטייגט די צאָל טראַגישע טויט-אור-

טיילן פון וואָך צו וואָך: אין דעסאַו, אין קעלן, אין האַר־בורג־ווילהעלמסבורג, אין בערלין און אין האַמבורג זענען אַרויסגעטראָגן געוואָרן טויט־אורטיילן אויף אַרבעטער אין שייכות מיט מעשים, וועלכע זענען שוין לאַנג אַמנעסטירט געוואָרן, אָדער וועלכע זענען פאָרגעקומען אין מאָמענט פון נויט־פאַרטיידיקונג אָדער, צו וועלכע די אַרבעטער האָבן בכלל קיין שום שייכות נישט געהאַט.

דער אומפאַנג פון דעם דאָזיקן בוך דערלויבט אונז צו געבן בלויז עטלעכע קליינע פראַגמענטן פון דעם אומלעגאַלן אַנטיפאַשיסטישן קאַמף. מיר האָבן דאָ נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו שילדערן: די אָרגאַניזירונג פון פּאָליטישע אוןווירטשאַפטלעכע שטרייקן דורך די אַנטיפאַשיסטן, די הונדערטער באַוועגונגען אין די פאַבריקן, די בונטן אין די צוואַנגס־אַרבעטס־לאַגערן, מיט וועלכע עס פירן אָן יונגע אַנטיפאַשיסטן. וועגן די דאָזיקע אַקציעס וועלן מיר דערציילן אין דעם צווייטן באַנד פון „ברוינעם בוך”.

דאָס העלדן־ליד פון דעם אומלעגאַלן, אַנטיפאַשיס־טישן פרייהייטס־קאַמף אין דייטשלאַנד מוז נאָך געשריבן ווערן: קעמפער, וועמען די דראָענדיקע דערמאָרדונג קוקט אין די אויגן אַריין, שטעלן זיך אַנטקעגן דעם ברוינעם אָנ־גריף; אַרעסטירטע, וועלכע געפינען זיך אונטער דער טויט־געפאַר, דערקלערן אָפן און שטאָלץ וועגן זייער צוגעהערי־קייט צום סאָציאַליזם; געפייניקטע, וועלכע זינגען דעם „אינ־טערנאַציאָנאַל” אונטער די קלעפּ פון שטאָלערנע ריטער און גומי־שטעקנס; אַזעלכע העלדן, ווי יענער לערער ווילהעלם האַמאַן פון העסען, וועלכער האָט אויפן באַפעל צו טראָגן די האַקנקרייץ־פאָן און אויסצורופן: „זאָל לעבן דער פירער פון דייטשן פאָלק, אַדאָלף היטלער”, די האַקנקרייץ־פאָן

אַוועקגעוואָרפֿן אויף דר'ערד און אונטער די טוראַדיקע קלעפּ
פֿון די שטורמיסטן אויסגערופֿן:

„זאָל לעבן די רעוואָלוציע און דער חבר טעלמאַן!"

צענדליקער טויזנטער נאָמענלאָזע קעמפֿער שטייען אין „דריטן רייך" ביי דער אַרבעט, צו באַפֿרייען דייטשלאַנד און די וועלט פֿון דעם שענדלעכן ברוינעם באַרבאַריזם. עס דראָען זיי תליות און שטאַנד־געריכטן, פּייניקונגען און קאָנצענטראַציע־לאַגערן. אָבער זייער שטאַנדהאַפֿטיקייט, זייער מוט וועט קיינער נישט ברעכן. זיי טראָגן די אחריות פֿאַר דעם קומענדיקן פֿרייען סאָציאַליסטישן דייטשלאַנד. מיט זיי־ער אומדערשראָקענער טעטיקייט בלאָזן זיי ווידער פֿונאַנ־דער די פֿונקען, פֿון וועלכע עס וועט אויפֿפֿלאַקערן דער פֿלאַם פֿון דער סאָציאַליסטישער פֿרייהייט.

(סוף)

# אינהאַלט:

# ביז איצט דערשינענע ביכלעך פון „גראָשן-ביבליאָטעק"

1. ראָבערט סמיט. מאַטאַ-האַרי — טאַנצערין-שפּיאָן.
2. א. קעלמאַן. אַמעריקאַנער מיליאָנערן.
3. מ. האַרטמאַן. צווישן טראָן און ליבע (טראַגעדיע פון דער האַבסבורגער דינאַסטיע).
4. ס. האָפּקינס. געניאַלע סימיליטיקער.
5. פ. וועסטעלי. מאַנאָלעסקו, דער קעניג פון די גנבים.
6. סלאָנימסקי. ג. גאַפּאָן, גלח-פּראָוואָקאַטאָר.
7. מ. גרעגאָרגיוס. לוקרעציאַ באָרדזשיאַ.
8. גראַף פּאָטאָצקי. דער גר-צדק.
9. ראָבערט סמיט. אַלפרעד רעדל, דער עסטרײַכישער אַזעף.
10. פריטאָף לאָרסאָן. אין די נעגל פון ווײַסן טויט. (נאָבילעס עקספּעדיציע צום צפון-פּאָל).
11. ק. מאָשקאָוויטש. דאַנטאָן, דער גאון פון דער פראַנצ. רעוואָלוציע.
12. מ. האַרטמאַן. לעדי האַמילטאָן.
13. ג. גבריאלי. שאול וואהל, דער ייד. קעניג פון פוילן.
14. ש. בערגמאַן. לעוו טראָצקי, די טראַגעדיע פון אַ רעוואָלוציאָנער.
15. ח. פריידבערג. דער טרוימער פון אָקעאַנען (קריסטאָף קאָלומבוס).
16. קאַגאַן. אסתרקע, די פּוילישע אסתר-המלכה.
17. מ. קאַראָלין. דער קייזער פון אַ רעפּובליק (יוליוס צעזאַר).
18. ב. סערלין. די העטערע אויפן טראָן (יעקאַטערינע II).
19. פ. זילבערמאַן. שבתי צבי, דער פאַלשער משיח.
20. אַלעקסאַנדער סיעראָוו. ווי אַזוי האָט מען דערהרגעט אַלעקסאַנדער דעם צווייטן ?
21. סס. מייזנער. דער כשוף-מאַכער פון אונזער צייט (טאָמאַס עדיסאָן).
22. ג. סלאָנימסקי. דער בונט אויף דער פּאַנצער-שיף „פּאָטיאָמקין".
23. ק. מאָשקאָוויטש. דער נביא פון מעקאַ (מאַכמעד).
24. י. קאַגאַן. יעקב פראַנק.
25. מ. האַרטמאַן. פון טראָן אויף דער תליה (מאַריאַ סטיואַרט).
26. מ. קאַנטאָר. סערגיי מיאַסאָיעדאָוו (פאַררעטער צי קרבן ?)
27. ש. בערגמאַן. יעוונאָ אַזעף — דער רעוואָלוציאָנער.
28. ש. בערגמאַן. אַזעף ראַסקין — דער פּראָוואָקאַטאָר.
29. מ. האַרטמאַן. מאַנאָן לעסקאָ.
30. קאַראָלין. נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט.
31. א. סיעראָוו. איוואַן דער גרויזאַמער.
32. י. קאַגאַן. דוד הראובני (דער יידישער [illegible]

33. ק. מאַסקאַוויטש. ווי אַזוי מ'האָט אַרויסגעגנבעט די 10 צרלס. פון פּאַריטש.
34. י. ק. סימכאָוויטש. די טראַגעדיע דרייפוס.
35. י. ק. סימכאָוויטש. דער מאַרטירער פון טייוולס-אינזל.
36. ש. בערגמאַן. אַטענטאַט אויף סטאָליפּינען.
37. ד. קאַפּעלמאַן. אַלבערט אײַנשטיין.
38. א. קעלמאַן. דער אַטענטאַט אין סאַראַיעוואָ.
39. ג. סלאָנימסקי. פּיאָטר קראָפּאָטקין (פּירשט-רעוואָלוציאָנער).
40. ק. מאַסקאַוויטש. לענין (ערשטער טייל).
41. ק. מאַסקאַוויטש. לענין (צווייטער טייל).
42. ק. סימכאָוויטש. דער אָנפאַל בײַ ראַגאַח.
43. מ. האַרטמאַן. סאַראַ בערנאַר.
44. ש. בערגמאַן. ברוך שפּינאָזאַ (דער גענישלטער אַפּיקורס).
45. מ. גרענאָריוס. דזשוזעפּע גאַריבאַלדי.
46. ק. מאַסקאַוויטש. טאָרקוועמאַדאַ.
47. ק. מאַסקאַוויטש. ספּאַרטאַקוס.
48. ג. סאַווינקאָוו. ווי אַזוי מיר האָבן דערהרגעט פּלעהוען!
49. י. ק. סימכאָוויטש. גריגאָרי גערשוני.
50. ד. קאַפּעלמאַן. פראַנציסקאָ פערער.
51. ג. סלאָנימסקי. הירש לעקערט.
52. מ. קאַרעלין. יאָסיף דזשוגאַשווילי (סטאַלין).
53. ק. מאַסקאַוויטש. דער בלוטיקער מיסטאָך.
54. מ. געלערשטיין. אַלפאָנס XIII.
55. א. חיינשטיין. י. מ. קאַפּלינסקי.
56. י. מ. קאַפּלינסקי. דער ווידוי פון אַ פּראָוואָקאַטאָר.
57. ד. קאַפּעלמאַן. קייזער נעראָן.
58. ג. סאַווינקאָוו. די הריגה פון גרויספירשט סערגיי.
59. מ. קאַרעלין. די רעוואָלוציע אין ענגלאַנד.
60. ק. סימכאָוויטש. פערדינאַנד לאַסאַל.
61. ק. מאַסקאַוויטש. מאַראַט (דער פרײַנד פון פאָלק).
62. ד. קאַפּעלמאַן. מאַהאַטמאַ גאַנדי.
63. א. ב. זרײַדקין. הײנריך הײנע (דער גענישלטער ליריקער).
64. ג. סלאָנימסקי. אַטענטאַט אויפן גענעראַל-גובערנאַטאָר סקאַלאָן.
65. ד. קאַפּעלמאַן. מוסאָליני.
66. ד. קאַפּעלמאַן. די טראַגעדיע מאַטעאַטי.
67. י. בערנשטיין. ווי אַזוי מ'האָט אַרויסגעגנבעט פּילסודסקין פון תפיסה-שפּיטאָל.
68. י. ק. סימכאָוויטש. דער קיעווער בלוט-בלבול (בייליס-פּראָצעס) (ערשטער טייל).
69. י. ק. סימכאָוויטש. דער קאַמף פאַר גערעכטיקייט (צווייטער טייל).

